# קיצור
# מסעות בנימין השלישי

דאס הייסט

## דִיא נְסִיעָה אָדֶער אַ רַייזֶע־בֶּעשְׁרַייבוּנג פוּן בִּנְיָמִין דֶעם דְרִיטֶען:

וָואס עֶר אִיז אוֹיף זַיינֶע נְסִיעוֹת פֶּערְגַאנְגֶען הֶעט וַייט אַזְש אוּנְטֶער דִיא הָרֵי חוֹשֶׁךְ, אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּג אָנְגֶעזֶעהֶען אוּנ אָנְגֶעהֶערְט חִידוּשִׁים שֵׁיינֶע זַאכֶען, וָואס זֵייא זַיינֶען אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארִין אִין אַלֶע שִׁבְעִים לְשׁוֹנוֹת אוּנ הַיינְט אוֹיךְ אִין אוּנְזֶער לָשׁוֹן.

ארויס געגעבען בהשתדלות

## מענדעלי מוכר ספרים

ספר ראשון

---


## ווילנא

כרפוס האלמנה והאחים ראם

שנת תרס"ה לפ"ק

---

КИЦУРЪ МАСООТЪ БИНЯМИНЪ ГАШЛИШИ,

т. е. краткое описаніе путешествія Бенямина III.

Книга I.

Сочиненіе С. Абрамовича.

Съ Виленскаго изданія 1878 г.

---

ВИЛЬНА. Типографія „Вдова и братья Роммъ".

Уголъ Духовскаго и Глухого пер. соб. домъ № 1/2.

1904.

קִיצוּר

# מַסָּעוֹת בִּנְיָמִין הַשְּׁלִישִׁי

דָאס הַייסְט

## דִיא נְסִיעָה אָדֶער אַ רַייזֶעבֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן בִּנְיָמִין דֶעם דְרִיטֶען.

וָואס עֶר אִיז אוֹיף זַיינֶע נְסִיעוֹת פַארְגַאנְגֶען הָעט וַוייט אַזְשׁ אוּנְטֶער דִיא הָרֵי הוֹשֶׁךְ אוּנ הָאט זִיךְ גֶענוּג אָנְגֶעזֶעהְן אוּנ אָנְגֶעהֶערְט חִידוּשִׁים שֵׁיינֶע זַאכֶען, וָואס זַייא זֶענִין אַרוֹיס גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען אִין אַלֶע שִׁבְעִים לְשׁוֹנוֹת אוּנ הַיינְט אוֹיךְ אִין אוּנְזֶער לָשׁוֹן.

פוּן

## מֶענְדֶעלִי מוֹכֵר סְפָרִים.

---

## א.

### הַקְדָמַת מֶענְדֶעלִי מוֹכֵר סְפָרִים.

אָמַר מֶענְדֶעלִי מוֹכֵר סְפָרִים, זָאגְט מֶענְדֶעלִי מוֹכֵר סְפָרִים, גֶעלוֹיבְּט אִיז דֶער בּוֹרֵא וָואס בֶּעשְׁטִימְט דֶעם גַאנְג פוּן דִיא גַלְגַלִים אִין דִיא הִימֶעל אוֹיבֶּען אוּנ דֶעם גַאנְג פוּן זַיינֶע אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְטֶען. אֲפִילוּ אַ גְרֶעזֶעלֶע קְרִיכְט נִישְׁט אַרוֹיס פוּן דֶער עֶרְד בִּיז וַואנֶען אַ מַלְאָךְ שְׁלָאגְט עֶם נִישְׁט אוּנ זָאגְט: וַואקְס! קְרִיךְ אַרוֹיס! מִכָּל שֶׁכֵּן אַ מֶענְשׁ, עֶר הָאט אַוַודַאי אַ מַלְאָךְ וָואס שְׁלָאגְט אִיהְם אוּנ זָאגְט: גֶעה, גֶעה, קְרִיךְ אַרוֹיס! אוּנ מִכָּל־שֶׁכֵּן נָאךְ מֶעהְר דִיא פַיינֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ, שֵׁיינֶע יוּדֶעלִיךְ זַייא הָאבֶּען דָאךְ בְּוַודַאי לְכָל־הַפָּחוֹת אַמֵאָה כִּתּוֹת מַלְאָכִים, וָואס שְׁלָאגֶען אִיטְלִיכֶען פוּן זַייא בֶּעזוּנְדֶער אוּנ זָאגֶען אַ שְׁטַייגֶער אַזוֹי: חַיְקָעלֶע, טְהַייעֶרֶע נְשָׁמָה, גֶעה אַנְטְלַייא גֶעלְד וִויפִיל דוּא קֶענְסְט! גֶעה, גֶעה נֶעהְם אָן דָארְט בַּייא דִיא דַייטְשֶׁען סְחוֹרָה וִויפִיל דוּא ווִילְסְט! שְׁפְּרָאץ, וַואקְס, חַיְקָעלֶע, קְרִיךְ אַרוֹיס, שְׁקָאץ אַיינֶער, פוּן דֶער בְּלָאטֶע! גֶעה, גֶעה, גֶעה גַנְבָה שְׁטִילֶערְהֵייט אַרוֹיס דִיא גַאנְצֶע סְחוֹרָה דַיינֶע פוּן דַיין קְלַייט טַאקִי אוּנ עֶנְפֶער דֶערְנָאךְ דֶעם עוֹלָם קוֹמְמִיּוּת!.... גֶעה, גֶעה אִיצִיקִיל כְּלְבוֹנִיק, זַייא זִיךְ מַטְרִיחַ צוּ דַיין פְּרִיצִיל, מַאךְ עֶפִּים אַ מַאנִיפַארְגֶעלֶע

און

אונ רַיים אִיהְם דָארְט אַיין אִין אוֹיעֶר עֶפִּים אַ פִּזְמוֹן אוֹיף דֶעם, אוֹיף יֶענֶעם אונ אוֹיךְ וֶועמֶען דוּא ווִילְכְט ! . . . אָדֶער דִיא מַלְאָכִים זָאגֶען אַזוֹי : וַואקְסְט , שְׁפְּרָאצְט קַבְּצָנִים אִין דֶער שְׁטָאדְט ווִיא גְרָאז , ווִיא קְרָאפֶּעוֶוע ! גֶעהְט , גֶעהְט יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אונ שְׁלֶעפְּט זִיךְ אַרוּם אִיבֶּער דִיא הַייזֶער!... גֶעהְט בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים , אִיהְר זִיצְט דָאךְ אַ בְּלַייז לֵיידִיג אונ הָאט נִישְׁט וָואס צוּא טָאן , גֶעהְט זֶשֶׁע גֶעהְט בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים אִין בָּאד אַרַיין ! . . . נָאר נִישְׁט דָאס אָבֶּער בִּין אִיךְ אוֹיסֶען , אִיךְ בִּין אוֹיכֶען צוּדֶערְצֵיילֶען דָא אַייךְ , רַבּוֹתִים , ווִיא אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער אִיז פַארְגַאנְגֶען הָעט הָעט אִין דִיא וַוייטֶע מְקוֹמוֹת אונ הָאט דֶערְמִיט קוֹנֶה שֵׁם גֶעוֶוען .

אַלֶע עֶנְגְלִישֶׁע אונ דַייטְשֶׁע גַאזֶעטֶען זֶענִין פַאר אַ יָאהְרֶען פוּל גֶעוֶועזֶען מִיט דֶער וואוּנְדֶערְלִיכֶר נְסִיעָה , וָואס בִּנְיָמִין , אַ פּוֹילֶעשׁ יוּדֶעל , הָאט גֶעמַאכְט אִין דִיא אַרְצוֹת הַמִּזְרָח עֶרְגִיץ . „שְׁטַייטְשׁ , שְׁטַייטְשׁ , הָאבֶּען זֵייא זִיךְ גֶעחִידוּשְׁט , אַ יוּד , אַ פּוֹילֶעשֶׁער יוּד , אָהְן כְּלֵי זַיין , אָהְן מַאשִׁינֶעס נָאר מִיט אַ טָארְבֶּע אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס אונ מִיט אַ טַלִית אונ תְּפִילִין זַאק אוּנְטֶערִין אָרֶם זָאל אָנְשְׁפַּארֶען אִין אַזֶעלְכֶע עֶרְטֶער וואוּ גְרוֹישֶׁע בֶּערִימְטֶע עֶנְגְלִישֶׁע רַייזֶענְדֶע הָאבֶּען אַהִין נִישְׁט גֶעקֶענְט צוּ קוּמֶען , נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ אַז דָאס אִיז גֶעשֶׁעהְן נִישְׁט מִיט קַיין מֶענְשְׁלִיכֶען כֹּחַ עֶפִּים נָאר מִיט אַזַא כֹּחַ , וֶועלְכֶען דֶער שֵׂכֶל קֶען כְּלַל נִישְׁט מַשִּׂיג זַיין , דָאס הֵייסְט , דֶער שֵׂכֶל אִיז פּוּנְקְט נִישְׁט אַזוֹי בְּכֹחַ אַזוֹי ווִיא דֶער דָאזִיגֶער כֹּחַ אִיז נִיט בְּשֵׂכֶל . נָאר בְּכָל הָאוֹפַנִים , ווִיא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז שׁוֹין דָארְט גֶעוֶוען , בִּנְיָמִינְ'ן הָאט דִיא וֶועלְט צוּדַאנְקֶען פַאר דִיא חִידוּשִׁים גְרוֹיסֶע זַאכֶען , וָואס זֶענִין דוּרְךְ אִיהְם עֶנְטְפְּלֶעקְט גֶעוָוארֶען אונ פוּן אִיצְט אָן וֶועט דִיא מַפָּה אָדֶער דִיא לַאנְדְקַארְטֶע בֶּעקוּמֶען גָאר אַיין אַנְדֶער פָּנִים . בִּנְיָמִין פַארְדִינְט מִיט רֶעכְט דֶעם מֶעדְיַאל , וָואס דִיא גֶעאָגְרַאפִישֶׁע גֶעזֶעלְשַׁאפְט אִין לָאנְדָאן הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען . . . דִיא יוּדִישֶׁע גַאזֶעטֶען הָאבֶּען דִיא דָאזִיגֶע רֵייד אוֹיפְגֶעחַאפְּט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אונ גֶעהַאט דֶערְמִיט צוּזִינְגֶען אונ צוּזָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען פַאר־אַיָאהְרִידִיגֶען זוּמֶער , אַזוֹי ווִיא אִיטְלִיכֶען , וָואס לֵייעֶנְט דִי דָאזִיגֶע נַאזֶעטֶען , אִיז בֶּעקַאנְט . זֵיי הָאבֶּען אוֹיסְגֶערֶעכֶענְט אַלֶע חֲכָמִים , וָואס זֶענִין בַּייא יוּדֶען גֶעוֶוען פוּן אָדָם הָרִאשׁוֹן אָן בִּיז אַצוּנְד , בִּכְדֵי צוּבֶּעוַוייזֶען , וָואס פַאר אַ קְלוּג פָאלְק יוּדִין זֶענִין . הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אַ צֶעטִיל פוּן דִיא נוֹסְעִים (רַייזֶענְדֶע) אִין אַלֶע צַייטֶען פוּן בִּנְיָמִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען . מִיט אַ זִיבֶּענְהוּנְדֶערְט יָאהְר צוּרִיק , אונ בִּנְיָמִין דֶעם צְווַייטֶען מִיט דֶער נַאנְצֶער חֶבְרָה נוֹסְעִים וָואס וַואנְדֶערֶען הַיינְט בַּייא אוּנְז אַרוּם . אונ בִּכְדֵי מַפְלִיג צוּ זַיין דִיא נְסִיעָה פוּן אוּנְזֶער אִיצְטִיגֶען בִּנְיָמִין הָאבֶּען זֵייא , ווִיא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז פוּן יוּדֶען , דֶערְוַוייל פוּן יֶענֶע בְּלָאטֶע גֶעמַאכְט אונ גֶעזָאגְט , אַז דִיא נַאנְצֶע כְּנוֹפְיָא הַיינְטִיגֶע נוֹסְעִים

זענין

זָענֶען טַאקִי נָאר פְּרָאסְטֶע שְׁלֶעפֶּערְס, וַוייסֶען נִישְׁט פוּן זַייעֶר הֲוָיוֹת, דִיא גַאנְצֶע נְסִיעוֹת זַייעֶרֶע, מִישְׁטֶעהְנֶעס גֶעזָאגְט, בֶּעשְׁטֶעהְט נָאר דְרִינֶען, אַרוּם־צוּשְׁלֶעפֶּען זִיךְ, וְוִיא מְקַבְּלִים. אִיבֶּער דִיא הַייזֶער, זַייא הָאבֶּען אַלֶע אַ פָּנִים וְוִיא מַאלְפֶּעס אַקֶענֶען אִיצְטִיגֶען בִּנְיָמִין, אֶקֶעגֶען בִּנְיָמִין דֶעם דְרִיטֶען, דֶעם עֶכְטֶען אֱמֶת׳ן נוֹסֵעַ. זַייא הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם אוּנ אוֹיף דִיא סְפָרִים, וָואס מֶען הָאט גֶעמַאכְט פוּן זַיין נְסִיעָה. גֶעזָאגְט וְוִיא גֶעוֵויינְטְלִיךְ דֶעם גֶעוִויסֶען פָּסוּק: לֹא בָא כַּבּוֹשֶׂם הַזֶה, דָאס טַייטְשׁ: סְ׳אִיז נָאךְ אַזֶעלְכֶע בְּשָׂמִים, אַזֶעלְכֶע שְׁמֶעקֶענְדִיגֶע גֶעוִוירְץ בַּייא יוּדֶען קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעוֶוען, גֶעבֶּענְשְׁט אוּנ אַיינְגֶעוִויקֶעלְט מִיט דִימֶענְטֶען זָאל וֶוערֶען דֶער דָאזִיגֶער, הָאבֶּען זַייא אַלֶע פֶּה אֶחָד גֶעזָאגְט, וֶועלְכֶער עֶס וֶועט דֶעם טְהַייעֶרֶען אוֹצָר פוּן בִּנְיָמִינְ׳ס נְסִיעָה, וָואס גֶעפִינְט זִיךְ אִין אַלֶע פְרֶעמְדֶע לְשׁוֹנוֹת, אִיבֶּערְטְרַאגֶען אוֹיךְ אִין לְשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ, נִיחַייא לָאזֶען יוּדֶען גֶעבִּיךְ אוֹיךְ פַארְזוּכֶען דִיא פַּאטִיקֶע וָואס רִינְט פוּן יוּדִישֶׁען בִּינְשְׁטָאק אוּנ זָאל זַיי דֶערְפוּן לִיכְטִיג וֶוערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען.

וַאֲנִי מֶענְדֶעלִי, אוּנ אִיךְ מֶענְדֶעלִי, וָואס מַיין כַּוָונָה אִיז תָּמִיד נוּטְצֶען צוּבְּרֵיינְגֶען אוּנְזֶערֶע יוּדֶעלִיךְ כְּפִי מַיין מֶעגְלִיכְקֵייט, הָאבּ אִיךְ מִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען אוּנ גֶעזָאגְט: אַיידֶער דִיא יוּדִישֶׁע מְחַבְּרִים, וָואס זַייעֶר מִינְדְסְטֶער פִינְגֶער אִיז גְרֶעבֶּער פוּן מַיינֶע לֶענְדֶען, אֵיידֶער זַייא וֶועלֶען זִיךְ אוֹיסְשְׁלָאפֶען אַרוֹיסְגֶעבֶּען דִיא סְפָרִים פוּן בִּנְיָמִינְ׳ס נְסִיעָה אִין לְשׁוֹן־קוֹדֶשׁ וֶועל אִיךְ דֶערְוַוייל מִיךְ פְּרִיוֶוען הָאטְשׁ אַ קִיצוּר פוּן זַייא אַרוֹיסְגֶעבֶּען אוֹיף פְּרָאסְט יוּדִישׁ. אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעגוּרְט מַיינֶע לֶענְדֶען וְוִיא אַ גִבּוֹר, אוּנ וְוִיא אַלְט אוּנ שְׁלַאף אִיךְ בִּין, לֹא עֲלֵיכֶם, הָאבּ אִיךְ מִיר פָּארְט שְׁטַארְקֶע מִיה גֶעגֶעבֶּען אַרוֹיסְצוּבֶּעקוּמֶען פוּנֶם גְרוֹיסֶען אוֹצָר אַזֶעלְכֶע עִנְיָנִים, וָואס טוֹיגֶען פַאר דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אוּנ צוּדֶערְצֵיילֶען זַייא פְרַייא כְּפִי מַיין שְׁטֵייגֶער. אִיךְ הָאבּ עֶפִּיס גֶעפִיהְלְט וְוִיא מֶען שְׁלָאגְט מִיךְ פוּן אוֹיבֶּען מִיט דִיא וֶוערְטֶער: הַקִיצָה מֶענְדֶעלִי, חַאפּ זִיךְ אוֹיף מֶענְדֶעלִי אוּנ קְרִיךְ אַרוֹיס פוּן אוּנְטֶער אוֹיוֶוען! גֶעה נֶעהְם אָן פוּלֶע הוֹיפֶענְס גֶעוִוירְץ פוּן בִּנְיָמִינְ׳ס אוֹצָר אוּנ מַאךְ דֶערְפוּן פָּאטְרַאוֶועס צוּ דַיינֶע בְּרִידֶער אַזוֹי וְוִיא זַייא הָאבֶּען לִיבּ. אִיךְ בִּין מִיט גָאטְס הִילְף אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען אוּנ צוּגֶעבְּרַייט דִיא גֶעשְׁמַאקֶע שְׁפַּייז. וָואס אִיךְ שְׁטֶעל אִיצְט דָא פַאר אַייךְ אַנִידֶער. עֶסְט רַבּוֹתַי, לָאז אַייךְ וואוֹיל בֶּעקוּמֶען! וּבִזְכוּת דֶער נְסִיעָה לָאמִיר גִיךְ אִין אַלֶע זַייטֶען זִיךְ וֶוענְדֶען אוּנ קֶעהְרֶען, אִיטְלִיכֶער כְּפִי זַיין גַאנְג אוּנ כְּפִי זַיין בֶּעגֶעהְרֶען, אוּנ וֶוען חָלִילָה אַיינֶער בֶּעגֶעהְט עֶפִּיס אַ פֶּעהְלֶער, לָאז עֶר זִיךְ אוֹיסְדְרֶעהֶען גְלַאט וְוִיא אוֹיף אַ טֶעלֶער אוּנ בְּלַייבֶּען תָּמִיד גוּט אוּנ פְרוּם אִי גְרֶעכְט, אַזוֹי וְוִיא עֶס וִוינְשְׁט אַייךְ אַייעֶר גֶעטְרַייעֶר קְנֶעכְט, הַקָטָן מֶענְדֶעלִי מ״ס.

## ב. ‏

## ווער דער בנימין איז, פון וואנען ער איז אונ וויא דיא נסיעה האט פלוצלים צו איהם זיך גענומען.

"כל ימי", אזוי זאגט בנימין דער דריטער אליין, "כל ימי נתגדלתי בטונעיאדעווקע, מיין גאנץ לעבען, דאס הייסט ביז מיין גרויסער נסיעה, בין איך נתגדל געוואָרען אין טונעיאדעווקע, דארט בין איך געבוירען געוואָרען, דארט בין איך דערצויגען געוואָרען, אונ דארט האב איך למזל חתונה געהאט עם אשתי מיט מיין פלוניתטע הצנועה מרת זעלדע תחיה." טונעיאדעווקע דאס קליינע שטעטיל איז א פארוואָרפען ווינקעל, אנדערזייט פונם פאטשטאָווען טראקט, כמעט אפגעריסען פון דער וועלט אזוי, אז ווען אמאל מאכט זיך, איינער קומט אהין צופאהרען עפענט מען דיא פענסטער, דיא טהירען אונ מען קוקט פערוואונדערט אן דעם פרישען פארשוין, שכנים פרעגען איינער ביים אנדערען, ארויס קוקענדיג פון דיא אפענע פענסטער, א סך מעהר חויא פיער קשיות: הא, ווער זאל עס אזוינס זיין? פון וואנען האט ער פלוצלים פון דער העלער הויט אהער זיך גענומען? וואס קען אזעלכער בעדארפען? האט ער עפים נישט א מיין? עפים אזוי גלאט קען עס ניט זיין, גלאט אזוי דען נעהמט מען אונ מען קומט! מסתמא ליגט דאך דא עפים, וואס מען מוז עס דערגעהן:.. דערביא וויל איטליכער ארויסווייזען זיין חכמה, זיין געניטשאפט, אונ בויך־סברות פאלען וויא מיסט. אלטע לייט דערצעהלען מעשיות אונ בריינגען משלים פון אורחים, וואס זענין אין דעם אונ אין דעם יאהר גיקומען אהער צופאהרען, בעלי המצאות זאגען מכח דעם ווערטליך, אבי סיל עפעס נישט קיין שיינע, מאנסביל האלטען זיך ביא דיא בערדליך אונ שמייכלען, אלטע ווייבער זידלען אפ דיא בעלי המצאות אויף קאטאָוועס, מיט א בייזער אי מיט א לאבען אין איינעם, יונגע ווייבליך דערלאנגען פון דיא אראפגעלאזענע אויגען א געבייגענעם קוק פון אונטען ארויף, האלטען דיא האנד אויפן מויל אונ שטיקען זיך לאכענדיג אין קילאק. דער שמועס מכח דעם דאזיגען ענין קויקעלט זיך פון שטוב צו שטוב וויא אקויל פון שנייא אונ ווערד קויקלענדיג־זיך אלץ גרעסער ביז ער קויקעלט זיך אריין אין בית־המדרש סאמע אונטערן אויווען, אין דעם ארט, וואס אהין פארקויקלען זיך אלע שמועסין פון אלערלייא ענינים, הן סודות פון שטובזאכען, הן פאליטיקע מכח סטאמבול, מכח דעם תוגר ומכח קיהרין, הן געלד געשעפטען, מכח ראטהשילדס פארמעגען אין פארגלייך מיט דיא גרויסע פריצים אונ דיא אנדערע געוויסע נגידים, והן פאטשטען מכח דיא גזרות

וככה

ומכה דיא רוימע יודליך וכדומה אונ וואס דארט ראזביראיעט זייא כסדר א בעזונדער קאמיטעט פון זיינע בעקאנטע יודען, וואס זיצען שטענדיג א גאנצען מאג ביז שפעט אין דער נאכט, זענען מפקיר גוייב אי קינדער אונ גיבען זיך מיט דיא אלע נעשעפטען טאקי אמת געטרייא אפ, טהוען זייער זאך בשלימות גלאט אזוי לשם שמים, נישט צונעהמען פאר זייער מיה, פאר זייער פראצע אפילו א צובראכענעם העלער, פון דעם דאזיגען קאמיטעט נעהן אפט דיא ענינים אוועק אין באד אויף דער אויבערשטער באנק אונ אין אפאלנער סאבראניע פון שטאט בעלי־בתים ווערען זייא דארט אוטווערדעט, והכל שריר וקים, אז דערנאך זאלען אפילו קומען כל מלכי מזרח אונ מערב, זיך שטעלען מיט דעם קאפ אראפ אונ מיט דיא פיס ארויף וועלען זייא גארנישט פועלין. דער תגר איז שיער אין מאל נישט אומגליקליך געווארען אין אזא סאבראניע אויף דער אויבערשטער באנק, וועז עטליכע יוסטע בעלי בתים זאלען נישט געווען האלטען מיט איהם בלאט, ווער ווייסט וואו ער וואלט איצט אנגעשפארט, ראטהשילד נעביך האט שיער ניט פארלירען דארט עפיס א צעהען פופצעהן מיליאן, דערפאר האט אים גאט געהאלפען אין א פאר וואכען ארום, דער עולם איז געווען, וויא מען זאגט, בגילופין, אויף דער אויבערשטער באנק איז גראד געווען אביסיל לעבליך, דיא בעזעמליך האבען זיך געהייבען אונ מען האט איהם מיט א מאל צוגעלאזט ריין פארדינגט אקעגען אקין מיליאן קערבליך! דיא איינוואוינער אליין אין טונעיאדעווקע זענין נעבאך כמעט אלע לא עליכם גרויסע אביונים שטארקע דלפנים, נאר דעם אמת מוז מען זאגען, זייא זענין פריילעכע אביונים, לוסטיגע קבצנים. ווילדע בעלי־בטחון׳ס. אז מען זאל א שטייגער פלוצלים א פרעג געבען א טונעיאדעווקער יודען פון וואנען אונ וויא אזוי ער איז זיך מפרנס? בלייבט ער תחילת שטעהן וויא צומישט, ווייסט נעביך נישט וואס צוענטפערען, נאר שפעטער אביסיל אבער קומט ער צו זיך אונ ענטפערט בתמימות: איך, וויא ארום איך לעב, איך? עט, ס׳איז דא א גאט, זאג איך אייך אט־א, וואס פארלאזט נישט אלע זיינע בעשעפעניש, ער שיקט צו אונ וועט מסתמא ווייטער צושיקען, זאג איך אייך אט־א. — פארט וואס טהוט איהר אזוינס? האט איהר חאטש עפיס וואס מ׳איז פאר א מלאכה אדער א פרנסה אין דער האנד? — געלויבט איז השם־יתברך. איך האב ברוך השם, אזוי וויא איהר קוקט מיך אן אט־א, א מתנה פון זיין ליבען נאטען, א כלי, א קול נגינה אונ דאווען מוספים ימים נוראים אין דער סביבה, איך בין א מוהל אונ א מצה־רעדלער איינער אין דער וועלט, איך פיהר אמאל אויס א שידוך, פיהר איך אויס; איך האב א שטאט, אזוי וויא איהר קוקט מיך אן אט א,

אין

אִין דָער שׁוּל. הַיינְט הַאלְט אִיךְ אוֹיךְ, צְוִוישִׁין אוּנְז זָאלֶעס בְּלַייבָּען, אַ שֵׁיינֶקעל, וָואס מֶעלְקְט זִיךְ צוּ בִּיסְלַאךְ, אִיךְ הָאבּ אַצִינְג וָואס מֶעלְקְט זִיךְ אָן עַיִן־הָרַע זָעהְר גוּט אוּנ הָאבּ נִישְׁט וַוייט פוּן דַאנֶען אַ רַייכֶען קָרוֹב אָט־אָ, וָואס לָאזְט זִיךְ אוּנְטֶער אַ שְׁלֶעכְטֶער צַייט אוֹיךְ אַבִּיסִיל מֶעלְקֶען. הַיינְט חוּץ דִיא אַלֶע זַאכֶען, זָאג אִיךְ אַייךְ אָט־אָ, אִיז גָאט אַ טַאטֶע אוּנ דִיא יִשְׂרָאֵל זֶענִין רַחֲמָנִים בְּנֵי רַחֲמָנִים, זָאג אִיךְ אַייךְ אָט אָ, נִישְׁט צוּפַארְזִינְדִיגֶען!.... אוֹיךְ מוּז מֶען דִיא טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶער אַיינְוואוֹינֶער דֶעם שְׁבַח נָאכְזָאגֶען, אַז זֵייא זֶענִין צוּפְרִידֶען מִיט וָואס גָאט גִיט אוּנ קְלוֹיבֶּען חָלִילָה אִין דָער הַלְבָּשָׁה אוּנ אִין דָעם עֶסֶען שְׁטַארְק נִישְׁט אִיבֶּער. אַז דִיא שַׁבָּתְדִיגֶע קַאפָּאטֶע אַ שְׁטֵייגֶער אִיז צוּהַאקְט צוּפַאלֶען, צוּרִיסֶען אַבִּיסִיל פַארְשְׁלוּמְפֶּערְט אוּנ עֶפִּים נִישְׁט אַזוֹי רֵיין, מַאכְט אוֹיךְ נִיט אוֹיס, אַבִּי זִיא אִיז פָּארְט פוּן אַטְלֶעס אוּנ גְלַאנְצְט, אַי עֶרְטֶערְוַוייס קוּקְט וִויא פוּן אַ רֶעשֶׁעטֶע אַרוֹיס דָאס הוֹילֶע לַייבּ, מֵיילָא וָואס אַרְט עֶס וָועמֶען, וָוער וָועט זִיךְ דָא אַזוֹי שְׁטֶעלֶען צוּקוּקֶען? לְמַאי פְּיַאטֶעס, מִיט וָואס אִיז דָאס עֶרְגֶער פוּן אוֹיסְגֶערִיסֶענֶע פְּיַאטָעס? פְּיַאטָעס אִיז דֶען נִישְׁט קֵיין לַייבּ, קֵיין מֶענְשֶׁענְפְלֵייש?.... אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט מִיט אַקָאלִישׁ, אַבִּי סְ'אִיז נָאר דָא אִיז זֶעהְר אַ גוּטֶער מִיטָאג. וָוער שְׁמִיעֶסְט אַ בּוּלְקֶע מִיט אַרָאסָעלְפְלֵייש פְּרַייטָאג, וֶוער עֶס הָאט נָאר, דָאס אִיז טַאקִי אַמַאֲכָל מְלָכִים, קֵיין בֶּעסֶערְס דֶערְפוּן אִיז שׁוֹין, דַאכְט זִיךְ, אוֹיף דֶער וֶועלְט נִישְׁטָא. לָאז מֶען זַייא דֶער צֵיילִין אַ שְׁטֵייגֶער פוּן אַנְדֶערֶע מִינֵי פָּאטְרַאוֶועס חוּץ פִּישׁ יוֹךְ, גֶעבְּרָאטֶענְס אוּנ אַ מֶעהְרֶען אָדֶער אַ פָּאסְטֶערְנַאק צִימֶעס קוּמְט זַייא דָאס אוֹיס עֶפִּים מְשׁוּנֶה וִוילְד אוּנ זָאגֶען דַארוֹיף אָפּ פַארְשִׁידֶענֶע וָוערְטְלִיךְ מִיט דֶעם נְרֶעסְטֶען גֶעלֶעכְטֶער גְלַייךְ וִויא דֶער וָואס זָאגְט עֶס אִיז נַארֶעשׁ, מְשׁוּגֶע, אוּנ וַויל זַייא אוֹיךְ מַאכֶען מְשׁוּגֶע, אַיינְרֵיידֶען זַייא אַקִינְד אִין בּוֹיךְ, אַ קוּה אִיז גֶעפְלוֹינֶען אִיבֶּערִין דַאךְ אוּנ גֶעלֵייגְט אַיין אֵיי, אַ שְׁטִיקֶעל בָּאקְסָאר אִין חֲמִשָּׁה־עָשָׂר דָאס אִיז אַזַא פְּרִי וָואס מְחַיֶה נְפָשׁוֹת, קוּקֶענְדִיג דַארוֹיף דֶערְמָאהְנְט מֶען זִיךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, נִישְׁט אֵיין מָאל פַארְגְלָאצְט מֶען דֶערְבַּייא דִיא אוֹיגֶען מִיט אַקְרֶעכְץ: אַךְ, וְתוֹלִיכֵנוּ קוֹמְמִיוּת, זָאלְסְט אוּנְז הַארְצֶעדִיגֶער פָאטֶער פִיהְרֶען קוֹמְמִיוּת, טַאקִי וָואס קוֹמְמִיוּת הֵייסְט, לְאַרְצֵנוּ צוּ אוּנְזֶער לַאנְד, וָואס צִיגֶען עֶסֶען דָארְט בָּאקְסָארֶען!.... עַל פִּי מִקְרֶה הָאט אַיינֶער אַ מָאל אִין דֶעם שְׁטֶעדְטִיל גְרָאד גֶעבְּרַאכְט אַ טֵייטָעל, הָאט אִיהְר בֶּעדַארְפְט זֶעהְן וִויא אַזוֹי מֶען אִיז דָאס גֶעלוֹיפֶען אָנְקוּקֶען אוֹיף חִידוּשִׁים, מֶען הָאט אוֹיפְגֶעמִישְׁט אַ חוּמָשׁ אוּנ גֶעוִויזֶען אַז תָּמָר, דֶער טֵייטָעל שְׁטֶעהְט אִין חוּמָשׁ! סְטַייטְשׁ דֶער טֵייטָעל, אָט דֶער טֵייטָעל וַואקְסְט דָאךְ פוּן אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל!....

קוקענדיג

קוֹקֶענְדִיג אוֹיפֶן טִייטֶעל הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעדַאכְט , אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אִיז פַאר דִיא אוֹיגֶען , אָט גֶעהְט מֶען אִיבֶּער דֶעם יַרְדֵן , אָט אִיז דִיא מְעָרַת הַמַכְפֵּלָה , דֶער מוּטֶער רָחֵל'ס קֶבֶר , דָאס כּוֹתֶל מַעֲרָבִי , אָט בָּאדְט מֶען זִיךְ אִין הַמֵי טְבֵרְיָא , מֶען קְרִיכְט אַרוֹיף אוֹיפֶן הַר הַזֵיתִים , מֶען עֶסְט זִיךְ אָן מִיט בָּאקְכָּארֶען , מִיט טֵייטְלֶען אוּנ מֶען לֵייגְט אָן פוּלֶע קֶעשֶׁענְיֶעס מִיט אֶרֶץ־יִשְׂרָאֵל עֶרְד . אַךְ , הָאט מֶען גֶעקְרֶעכְצֶעט , אוּנ אִין דִיא אוֹיגֶען הָאבֶּען אִיטְלִיכֶען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט טְרֶעהְרִין , "יֶענֶע צֵייט , אַזוֹ זָאגְט בִּנְיָמִן , אִיז גַאנְץ טוּנֶעיַאדֶעווֶקֶע , וִויא גְרוֹיס זִיא אִיז , גֶעוֶוען אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל . מֶען הָאט גֶעשְׁמַאק גֶערֶעדְט פוּן מְשִׁיחַ'ן , אָט אָט אִיז שׁוֹין גָאטְס פְרַייטָאג נָאךְ הַאלְבֶּען טָאג . דֶער נַייֶער פְּרִיקַטַאוו , וָואס אִיז נִישְׁט לַאנְג אָנְגֶעקוּמֶען הָאט גְרָאד בְּיָד רָמָה דֶענְסְמָאל וְגֶעפִיהְרְט דָאס שְׁטֶעטִיל , בַּייא אַפָּאר יוּדֶען הָאט עֶר אַרָאפְּגֶערִיסֶען דִיא יַארְמָעלְקֶעס , אֵיינֶעם אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען אַ פֵּאָה , עֶטְלִיכֶע גֶעבִּיךְ גֶעהַאפְּט שְׁפֶּעט בַּייא דֶער נַאכְט אִין אַ גֶעסִיל אָהְן פַּאסְפָּארְטֶען , בַּייא נָאךְ אֵיינֶעם פַארְנוּמֶען אַ צִיג , וָואס הָאט אוֹיפְגֶעגֶעסֶען אַ נַייֶעם שְׁטְרוֹיעֶנֶעם דַאךְ אוּנ עֶר אִיז דֶערְמִיט אוֹיךְ גֶעוֶוען דִיא סִבָּה דֶערְפוּן , וָואס דֶער קָאמִיטֶעט אוּנְטֶערֶן אוֹיוֶוען הָאט זִיךְ שְׁטַארְק גֶעדוּרֶעט מִיט דֶעם תּוֹגַר , עַד מָתַי וֶועט דֶער שַׂר שֶׁל יִשְׁמָעֵאל אַזוֹי שׁוֹלֵט זַיין ? מֶען הָאט אוֹיפְגֶעמִישְׁט דֶעם גֶעוֵוייגְטְלִיכֶען שְׁמִיעֶס מִכֹּחַ דִיא עֲשֶׂרֶת הַשְׁבָטִים וִויא גְלִיקְלִיךְ זַייא לֶעבֶּען דָארְט אִין יֶענֶע וַוייטֶע מְקוֹמוֹת , אִין גְדוּלָה עוֹשֶׁר אוּנ כָּבוֹד . , מֶען הָאט אַפִּיר גֶענוּמֶען דִיא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ , דִיא בְּנֵי מֹשֶׁה מִיט גוּזְמָאוֹת מַעֲשִׂיוֹת פוּן זֵייעֶרֶע גְבוּרוֹת וּכְדוֹמֶה , אֶלְדָד הַדָנִי , עֶס פֶערְשְׁטֶעהְט זִיךְ , הָאט אוֹיךְ גֶעטַאנְצְט אִין דֶערְמִיט . יֶענֶער צֵייט צוּם מֵייסְטֶען , הָאבּ אִיךְ צוּפַארְדַאנְקֶען דִיא נְסִיעָה מַיינֶע וָואס אִיךְ הָאבּ דֶערְנָאךְ גֶעמַאכְט .

פְרִיהֶער , אִיז בִּנְיָמִין גֶעוֶוען וִויא אַ הִינְדֶעלֶע , וָואס לִיגְט אִין אַיי , אָדֶער וִויא אַ וָוארֶעם וָואס לִיגְט אִין חְרֵיין , עֶר הָאט גֶעמֵיינְט אַז אוֹיף יֶענֶער זַייט טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע עֶקְט זִיךְ דִיא וֶועלְט , קֵיין זִיסֶער , קֵיין בֶּעסֶער לֶעבֶּען וִויא דָא אִיז גָאר נִישְׁטָא . אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט , זָאגְט בִּנְיָמִין עֶרְגִיץ אִין אֵיין אָרְט , אַז רַייכֶער פוּן אוּנְזֶער אַרֶענְדַאר בֶּעדַארְף מֶען שׁוֹין נִישְׁט זַיין , אַ קְלֵיינִיקֵייט עֶפִּיס אַזָא שְׁטוּבּ מִיט בַּעֲלֵהַבַּתִּישְׁקֵייט , פִיעֶר פָאר מֶעשֶׁענֶע לַייכְטֶער , אַ זֶעקְס־רֶעהְרֶענְדִיגֶער הֵיינְגְלַייכְטֶער אוֹיבֶען מִיט אַיין אָדְלֶער , צְוַוייא קוּפֶּערְנֶע פַּארֶעוֶוע טֶעפּ מִיט אַ פִינְף קוּפֶּערְנֶע פֶענְדְלִיךְ , אַפָּאלֶעצֶע צִינֶערְנֶע טֶעלֶער אוּנ אַוַודַאי , אֶקֶעגֶען אַ טוּץ טֶעמְבֶּעקְאוֶוע לֶעפֶל , צְוַוייא זִילְבֶּערְנֶע בֶּעכֶערְלִיךְ , אַהָדְסִיל , אַ חֲנוּכָּה לַעמְפִּיל , אַצִיבֶּעלֶע־זֵייגֶער אִין צְוַוייא קוּפֶּערְטֶעס מִיט אַ גְרָאבּ קֵייטֶעל פוּן זַאמְדְפַּאטְשֶׁערְקֶעס , צְוַוייא קִיה מִיט אַמָאל אוּנ אַ טֶעלֶעצֶע אוֹיף

דער

דָער צַייט, צְוַויא שַׁבָּתְדִיגֶע קַאפָּאטֶעס וּבְרוּמָה נָאךְ אוּנ נָאךְ אַזַא גוּטְץ, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אַ חָכָם אִיז טַאקִי נָאר אֵיין רֶבּ אַייזִיק דָוִד רֶבּ אַהֲרֹן יוֹסֵילִ׳ס שָׂרָה׳ זְלַאטֶעס, אַקַאטָאוָועס, מֶען זָאגְט, אַז עֶר הָאט אַ מָאל אִין דֶער יוּגֶענְד גֶעהַאט אַ יְדִיעָה אִין תִּשְׁבֹּרֶת. עֶר הָאט גֶעטֶעגְט זַיין סִינִיקְטָער וֶוען דָאס שְׁטִיקֶעלֶע מַזָל זָאל אִיהְם נָאר דִינֶען. וֶוער הָאט נָאךְ, הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, אַזַא הַדְרַת פָּנִים, אַזַא בְּנְעִימוּתְדִיג שְׁמֶיעכִיל וִויא אוּנְזֶער חַיְקִיל, זַאִיקֶע, אָדֶער וֶוער אִיז אַזַא מוּמְחֶה אַזַא דָאקְטָאר, וָואס מַאכְט פוּן טוֹיט לֶעבֶּעדִיג וִויא אוּנְזֶער רוֹפֵא, וָואס עֶר הָאט כְּפִי הַשְּׁמוּעָה דִיא חָכְמַת הַדָאקְטָארֶיע גֶעלֶערֶענְט בַּייא אַ צִיגַיינֶער פוּן דִיא חַרְטוּמֵי מִצְרַיִם. הַכְּלַל דָאס לֶעבֶּען אִין זַיין שְׁטֶעטִיל הָאט בְּנְיָמִינֶ׳ן זִיךְ אוֹיסְגֶעווִיזֶען זֶעהְר שֵׁיין, זֶעהְר גוּט, עֶר הָאט אֲפִילוּ גֶעלֶעבְּט אִין דְחָקוֹת, עֶר מִיט זַיין ווַייבּ אוּנ קִינְדֶער זֶענִין גֶעגַאנְגֶען קְרִיעָה־בְּלִיאָה, נָאר הָאט דֶען אָדָם הָרִאשׁוֹן אוּנ זַיין ווַייבּ בְּשַׁעַת זַייא זַיינֶען גֶעוֶוען אִין גַן עֵדֶן פַארְשְׁטַאנֶען זִיךְ צוּשֶׁעמֶען, וָואס זַייא זֶענִין נַאקֶעט אוּנ בָּארְפוּס? דִיא וואוּנְדֶערְלִיכֶע מַעֲשִׂיוֹת אָבֶער פוּן דִיא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ אוּנ דִיא עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים זֶענִין אִיהְם אַרַיין טִיף אִין הַארְץ אוּנטֶן, יֶענֶער צַייט אָן אִיז אִיהְם עֶפִּיס וִויא אֵיינְג גֶעווָארֶען אִין זַיין שְׁטֶעטִיל, עֶס הָאט אִיהְם עֶפִּיס גֶעצוֹיגֶען אַלְץ אַהִין, אַהִין דָארְט אִין דִיא ווַייטֶע מְקוֹמוֹת אַרַיין, דָאס הַארְץ הָאט אִין אִיהְם זִיךְ גֶעצוֹיגֶען אַזוֹי וִויא קְלֵיינֶע קִינְדֶער צִיהֶען זִיךְ מִיט דִיא הֶענְטְלִיךְ אַקֶעגֶען דֶער לְבָנָה. דַאכְט זִיךְ אִין פְּלוּק וָואס אִיז אַזוֹינְס אַטֵייטֶעל, אַ פְּרִיסְטַאוו, אַ יַארְמֶעלְקֶע, אַ פֵּאָה, אַיוּד נֶעבִּיךְ וָואס וֶוערְד נִלְכַּד אִין אַ גֶעסִיל שְׁפֶּעט בַּייא דֶער נַאכְט, אַ צִיג אוּנ אַ שְׁטְרוֹיעֶנֶער דַאךְ? נָאר דָאס אַלְץדִינְג הָאט אָנְגֶעמַאכְט אִין אִיהְם אַ גְרוֹיסֶע פַארֶענְדֶערוּנְג, עֶס הָאט גֶעפִיהְרְט דֶערְצוּ, אַז עֶר זָאל בֶּעגְלִיקֶען דִיא וֶועלְט מִיט זַיין בֶּערִיהְמְטֶער נְסִיעָה. אִין דֶער וֶועלְט זֶעהְט מֶען נִישְׁט אֵיינְמָאל וִויא פוּן קְלֵיינֶע סִיבּוֹת קוּמֶען אַרוֹיס גְרוֹיסֶע, זֶעהְר גְרוֹיסֶע זַאכֶען, דֶערְפוּן וָואס דֶער מוּזְשִׁיק הָאט גֶעזַייעֶט ווַייץ אוּנ קָארְן, וָואס דֶער מִיהְלְנֶער הָאט עֶס גֶעמָאהְלֶען, וָואס דֶערְפוּן אִיז אַ טְהַייל אַרַיין אִין דֶער גַארַאלְנֶע אוּנ גֶעווָארֶען בְּרַאנְפְּין אוּנ אַבִּיסִיל פוּנֶם מֶעהְל אִיז אַרַיין אִין גִיטֶעל דֶער שֵׁיינְקֶערֶענְס הֶענְט, וָואס זִיא הָאט עֶס גֶעראשְׁטְשִׁינֶעט, גֶעקְנָאטֶען, גֶעקַאטְשֶׁעט אוּנ גֶעמַאכְט קְנִישֶׁעס, מְצוֹרָף לָזֶה, וָואס דִיא פֶּענִיצִיר הָאבֶּען מִיט טוֹיזֶענְטֶער יָאהְר צוּרִיק עֶנְטְדֶעקְט דִיא הַמְצָאָה וִויא מֶען מַאכְט גְלָאז אוּנ דוּרְכְדֶעם אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען כּוֹסוֹת אִין קֶעלִישְׁקֶעס, אָט פוּן דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע קְלֵיינֶע סִיבּוֹת זֶענִין בַּייא אוּנְז אִין אַ סַאךְ שְׁטֶעדְט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען יֶענֶע ווִילְדֶע קָהָלְס לַייט, יֶענֶע מְשׁוּנָה בֶּערִיהְמְטֶע פַיינֶע בְּרִיוֹת... מֶעגְלִיךְ אִיז, אִין בְּנְיָמִינֶ׳ן אִיז גֶעלֶעגֶען

א ניצוץ פון א נוסע , נאר דער ניצוץ וואלט פארלאשען געווארען , ווען די סבות און די מעשיות פון יענער צייט וואלטען איהם נישט אויפגעבלאזען , און ווען אפילו דער ניצוץ וואלט נישט פארלאשען געווארען אין גאנצען , וואלט ער , ווען נישט די דאזיגע סבות אין יענער צייט , געהאט אזא קליינעם כח , אז פון בנימינ׳ן וואלט מיט דער צייט אויסגעוואקסען א וואסערפיהרער אדער ווען פיל א בעל העגלה . איך האב אין מיין לעבען בעגעגענט זעהר פיל בעלי העגלות און שמייסערס , וואס זייא זענען מסוגל געווען צוזיין אזעלכע נוסעים גלייך הלעבין וויא יענע . וואס וואנדרעווען היינט ארום צווישען יודען . . . . נישט דאס אבער בין איך אויסען :

פון יענער צייט אן פלעגט בנימין מיט גרויס חשק זיך פארטיפען אין רבה בר בר חנה׳ס נסיעות אויפן ים און אין דער מדבר . ער האט אויך דערטאפט שפעטער דעם ספר „אלדד הדני“ דעם ספר „מסעות בנימין“ וואס ער האט מיט א זיבען הונדערט יאהר צוריק גערייזט ביז עק וועלט , דעם ספר „שבחי ירושלים“ מיט הוספות און דעם ספר „צל עולם“ וואס אין זיבען קליינע בלעטליך איז ער כולל אלע שבע חכמות און דערציילט חדושים ונפלאות פון דער גאנצער וועלט און פון איהרע משונה ווילדע בעשעפעניש . די דאזיגע ספרים האבען איהם געעפענט די אויגען און איהם איבערגעקעהרט פשוט גאר פאר איין אנדער מענשען .

„פון די וואונדער שיינע מעשיות דארט , דריקט זיך אז בנימין אויס אין זיין ספר , פלעג איך שטארק נתפעל ווערען . אי , אי ! פלעג איך נישט איין מאל פאר גרויס התפעלות א געשרייא טאן , וויא העלפט מיר גאט האטש א הונדערטיל דערפון צוזעהן מיט מיינע אויגען ! דער קאפ מיינער האט געטראגען ווייט , ווייט . . . „פון דענסטמאל אן איז איהם טונעיאדעווקע שוין טאקי געווארען צו איינג , ער האט ביי זיך נומר געווען ארויסצוחאפען זיך פון דארט מיט אלע כחות , גלייך וויא אהינדעלע , וואס הייבט זיך אן אויסצופיקען און ארויסקריכען פונם איי אויף דער ליכטיגער וועלט .

---

ג.

וויא בנימין ווערד א קדוש און זעלדע איין ענונה .

בטבע איז אונזער בנימין דער נוסע געווען א ווילדער בעל פחדן , היינו ביי דער נאכט פלעגט ער מורא האבען צוגעהן אויף דער גאס , שלאפען איינער אליין אין א שטוב וואלט ער נישט געוואלט מען זאל איהם אפגילטען . ארויסצוגעהן אביסיל ווייט פון דער שטאדט האט ביא איהם

געהייסען

נֶעהַייסֶען פָּשׁוּט זִיךְ אַיינְשְׁטֶעלֶען דָאס לֶעבֶּען, מַאלֶע וָואס קֶען חָלִילָה גֶעשֶׁעהֶען. פַאר אַ לַיאד הִינְטֶעל הָאט עֶר גֶעצִיטֶערְט אֵימוֹת מָוֶת. „אֵיין מָאל, אַזוֹי דֶערְצֶעהְלְט בִּנְיָמִין, אֵיין מָאל, אִיךְ גֶעדֵיינְק עֶס וִויא הַיינְט, דָאס אִיז גֶעוֶוען תַּמוּז אִין אַ שְׁרֶעקְלִיךְ הֵייסֶען טָאג, אִיז אוּנְזֶער רָב מִיט אֵיינֶעם פוּן זַיינֶע לַייט גֶעגַאנְגֶען זִיךְ אָפְּטוּבְלֶען אִין דֶעם טַייבֶעל, וָואס אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאט. אִיךְ מִיט אַ פָּאר יוּנְגְלִיךְ, מַיינֶע חֲבֵרִים, זֶענִין מִיט גְרוֹיס דֶרֶךְ אֶרֶץ נָאכְגֶעגַאנְגֶען פוּן הִינְטֶען אוּנ גֶעוֶוען בַּייא זִיךְ זֶעהְר זִיכֶער, אַז מִיר וֶועלֶען נִישְׁט הָאבֶּען קֵיין שׁוּם שְׁלֶעכְטֶע בֶּעגֶעגֶענִישׁ אוּנ אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם קוּמֶען צוּרִיק בְּשָׁלוֹם אַ הֵיים גֶעדוּפֶּעט אוֹיף דֶעם רָב. עֶפִּיס אַ קַאטָאוָועס אַ רָב, וָואס פַאר אִיהְם הָאט דֶרֶךְ אֶרֶץ אַ וֶועלְט, וָואס קֵיין עֶלְטֶערְס פַאר אִיהְם אִיז שׁוֹין גָאר נִישְׁטָא! וָואס דֶער טִיטֶעל זַיינֶער פַאר נֶעהְמְט אַ כְּלֶעטִיל פַּאפִּיר... דֶער רָב, אוּנְזֶער בֶּעשִׁיטְצֶער אִיז מִיט בְּרֵייטְקַייט גֶעגַאנְגֶען הִיבּ״שׁ פְרִיהֶער פַאר אוּנְז אוּנ אַז עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען אִין אוֹיסְטָאן זִיךְ אִיז אִין׳ מִיטֶען דְרִינֶען אָנְגֶעקוּמֶען עֶפִּיס אַשֵׁיינֶעץ אוּנ אוֹיף אִיהְם אָנְגֶערֵייצְט זַיין הוּנְד. אוּנְזֶער בֶּעשִׁיטְצֶער אִיז נִישְׁט טוֹיט לֶעבֶּעדִיג אַנְטְלוֹיפֶען צוּגֶעהַאלְטֶען מְחִילָה דִיא אָפְּגֶעשְׁפִּילֶעטֶע תַּחְתּוֹנִים מִיט אֵיין הַאנְד אוּנ מִיט דֶער אַנְדֶערֶער דָאס קַאלֶעכְדִיגֶע גֶעסְטֶעפְּטֶע פֶּעלְפֶּענֶע הִיטֶעל. מִיר יוּנְגְלִיךְ זֶענִין אַוַדְאַי מְבוּלְבָּל גֶעוָוארֶען, דֶען אַז דֶער לְוְיָתָן וֶועט אוֹיף דֶער וֶוענְטְקֶע גֶעהַאפְּט וָואס זָשֶׁע נֶעבִּיךְ זָאלֶען שׁוֹין טָאן דִיא פְלָאטְקֶעס אִין דֶער בְּלָאטֶע? מִיר הָאבֶּען אָנְגֶעגוּרְט אוּנְזֶערֶע לֶענְדְ׳ען אוּנ גֶעשְׁוִוינְד וִויא דִיא הִירְשֶׁען גֶעלָאפֶען פָארְאוֹיס מִיט אַ גְוַואלְד מִיט אַ בִּיטֶער גֶעשְׁרֵייא בִּיז מִיר זֶענִין אַזוֹי הֶענְדוּם פֶּענְדוּם אָהְן אַ נְשָׁמָה אִין אֵיינֶעם מִיט אוּנְזֶער גִבּוֹר אַרַיינְגֶעלָאפֶען אִין דֶער שְׁטָאט ס׳אִיז גֶעוָוארֶען אַ מְהוּמָה, אַ צוּנוֹיפְלוֹיפֶענֶעשׁ אַ לַיארֶעם: עֶס בְּרֶענְט! מֶען הַרְגֶעט, מֶען שְׁלָאגְט! אֵיינֶער פוּנֶם אַנְדֶערֶען הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט״.

אַז בִּנְיָמִין הָאט פִירְגֶענוּמֶען דִיא נְסִיעָה אִין דִיא וַוייטֶע מְקוֹמוֹת אִיז בַּייא אִיהְם גֶעבְּלִיבֶּען קוֹדֶם־כָּל זִיךְ צוּשְׁטַארְקֶען אַוֶועקְצוּוַארְפֶען דֶעם פַּחַד עֶר הָאט זִיךְ גֶעצְוואוּנְגֶען, דַוְקָא גֶעהְן אַלֵיין שְׁפֶּעט בַּייא דֶער נַאכְט, דַוְקָא שְׁלָאפֶען אֵיינֶער אַלֵיין אִין אַ חֶדֶר אוּנ דַוְקָא אַרוֹיסְגֶעהְן אָפְּט אוּנְטֶער דֶער שְׁטָאט, חָאטְשֶׁע דָאס הָאט אִים גֶעקָאסְט גֶעזוּנְט אוּנ אִיז פַאר שְׁרֶעק נֶעבִּיךְ פוּנֶם פְּנִים אַרָאפּ, דִיא נַייעֶ הַנְהָגָה זַיינֶע אִין דֶער הֵיים אוּנ אִין בֵּית־הַמֶדְרָשׁ, זַיין פַארְטְרַאכְט־בְּלַייךְ פְּנִימִיל. אוּנ זַיין פַארְפַאלֶען־וָוערֶען אָפְּט אוֹיף עֶטְלִיכֶע שָׁעָה פוּן דֶער שְׁטָאדְט, אִיז אִיטְלִיכֶען נֶעוָוארֶען עֶפִּיס אַ פְּלִיאָה. מֶען הָאט אִיהְם גֶענוּמֶען אִין מוֹיל אַרַיין אוּנ פוּן אִיהְם גֶעשְׁמַאק גֶערֶעדְט. אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזָאגְט. נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ עֶר אִיז מְשׁוּגָע, הֶסֵר דֵעָה. אֵיין מָאל, אַזוֹי הָאבֶּען זֵייא גֶעדְרוּנְגֶען, אִיז בִּנְיָמִין טַאקִי גֶעוֶוען תָּמִיד אַבִּיסִיל שׁוֹטֶהְוַואטֶע, עֶס הָאט

אִיהְם גֶעפֶּעהְלְט אִין קָאפּ אַ קְלֶעפְּקֶע, צְוַויְיטֶענְס אִיז שׁוֹין טַאקִי אִין טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע לֶערֶךְ עֶטְלִיכֶע יָאהְר גִּישְׁט גֶעוֶועןֿ קֵיין מְשׁוּגָּעֶנֶער אוּנ וִויא שִׁיקְט זִיךְ עֶס עֶפִּיס? מִיר הָאבֶּען דָאךְ אַ קֵימָא־לָן, הַא ווִיא זָאגְט מֶען עֶפִּיס, עִיר וְעִיר וַחֲכָמֶיהָ עִיר וְעִיר וּמְשׁוּגָעֶיהָ, אִיטְלִיכֶע שְׁטָאדְט מִיט אִיהְר חָכָם אִי מִיט אִיהְר מְשׁוּגָּעֶנֶעם. בִּפְרַט נָאךְ הַיינְט אִין אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע הִיטְצֶען. פָּשׁוּט אִיז פָּשׁוּט בִּנְיָמִין אִיז מְשׁוּגָּע, ווִידָער אַ טְהֵייל, אוּנ בְּרֹאשׁ פוּן זַייא רֶב אַייזִיק דָוִד רֶב אַהֲרֹן יוֹסִילִיס שָׂרָה זְלַאטֶעס, הָאבֶּען גֶעמַאכְט: עֶט, עֶט! . . . סַאקִי נָאךְ אַמָאל עֶט! אֶמֶת טַאקִי בִּנְיָמִין אִיז שׁוֹטָהווַאטֶע, טַאקִי שְׁטַארְק שׁוֹטָהווַאטֶע, נָאר דֶערְפוּן אִיז נָאךְ כְּלַל נִישְׁט גֶעדְרוּנְגֶען, אַז עֶר מוּז וֶוערֶען אִי מְשׁוּגָּע, ווָארִים זֶעלְט־עֶס אַנְדֶערְשׁ זַיין אַזוֹי, אִיז דָאךְ דִיא קֻשְׁיָא פַאר וָואס גְרָאד אַצִינְד אוּנ נִישְׁט פְרִיהֶער? אַדְרַבָּה וְאַדְרַבָּה, דָערְצוּ הָאט עֶר גֶעהַאט צַייט אִי פַאר צְווַייא יָאהְרֶען אִי פַאר אַ יָאהְרֶען זוּמֶער. וָואס דִיא הִיטְצֶען זֶענִין דֶענְסְמָאל גֶעוֶוען אַ נוּזְמָא גְרֶעסֶער. אַי וָואס אִיהְר זָאגְט, טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע אִיז וָועדְלִיג דֶעם קֵימָא־לָן נִישְׁט עֶרְגֶער פוּן אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט, סִילָא בְּלַייבְּט דָאךְ טַאקִי אַלְץ דִיא קֻשְׁיָא, פַאר וָואס אִיז עֶטְלִיכֶע יָאהְר לֶערֶךְ נִישְׁט גֶעוֶוען דָא קֵיין מְשׁוּגָּעֶנֶער? אַי וָואס טְהוּט מֶען ווִידֶער צוּרִיק מִיט דֶעם קֵימָא־לָן? דֶער תֵּירוּץ אִיז אָבֶּער אוּנְזֶער טַייךְ. דֶער טַייךְ אוּנְזֶערֶער, הָאבֶּען מִיר דָאךְ אַ קֵימָא־לָן, נֶעהְמְט זִיכֶער צוּ פוּן אַייבִּיג אָן אַמֶענְשֶׁען אַלֶע יָאהְר, אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר שׁוֹין אַ פָּאר יָאהְר קֵיינֶעם נִישְׁט צוּגֶענוּמֶען! פַארְקֶעהְרְט, עֶר אַלֵיין אִיז אִין דִיא פָּאר יָאהְר אָפְּגֶעפַאלֶען, אַז עֶרְטֶערְוַויס קֶען מֶען מַמָשׁ אִיהְם אִיבֶּערְגֶיין טְרוּקֶען־פוּס . . . אַי בִּנְיָמִין? וָואס טְהוּט מֶען מִיט בִּנְיָמִינ׳ן? תֵּיקוּ, בְּלַייבְּט אַ קֻשְׁיָא. דֶער גְרֶעסְטֶער טְהֵייל אָבֶּער, אוּנ צְווִישֶׁען זַייא דִיא ווַייבֶּער, הָאבֶּען גֶעזָאגְט: עֶר מוּז הָאבֶּען צוּ טָאן מִיט זַייא .... עֶר פָּארְעט זִיךְ אַוַדַאי מִיט אִיהְם .... מִיט דֶעם בַּעַל דָבָר . . . . וָואס דֶען זְשֶׁע בְּרָאדְזֶעט עֶר אַלֵיין בַּייא נַאכְט אִין דֶער פִינְסְטֶער? וָואס דֶען זְשֶׁע וָועְרְד עֶר אַ מָאל פַארְפַאלֶען אוֹיף עֶטְלִיכֶע שָׁעָה? וָואס דֶען זְשֶׁע שְׁלָאפְט עֶר אֵיינֶער אַלֵיין אִין סְפִּיזְשַׁארְנֶע? זֶעלְדֶע זַיין אַייגֶען ווַייבּ דֶערְצֵיילְט אוֹיךְ, אַז זִיא הָארְכְט בַּייא דֶער נַאכְט ווִיא מֶען קְלַאפְּט בַּייא אִיהְם אִין סְפִּיזְשַׁארְנֶע, זִיא הָארְכְט אַ קְלַאפֶּערַייא ווִיא מֶען גֶעהְט דָארְט מִיט פִּיס . . . . דֶער דָאזִיגֶער שְׁמִיעָס מְכֹּחַ דֶעם עִנְיָן הָאט, ווִיא גֶעווֶעהְנְטְלִיךְ, זִיךְ אַוֶועק גֶעקוֹיקֶעלְט אַהִין אוּנְטֶערֶען אוֹיוֶוען, פוּן דָארְט אִין דֶער סַאבְּרַאנְיֶע אוֹיף דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער בַּאנְק. מֶען אִיז אִיבֶּער בִּנְיָמִינ׳ן דָארְט צְווִישִׁין זִיךְ נָאךְ נִישְׁט פַארְטִיג גֶעוָוארֶען. נָאר דֶערְוַויל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מוּסְכָּם בַּייא אַלֶע, מֶען זָאל צוּנוֹיפְשְׁטֶעלֶען אַ קוֹמְפַּאנְיֶע פוּן אַ פָּאר שַׁיינֶע יוּדֶען מִיט דֶעם סוֹפֵר, וָואס זַייא אִין

אֵיינֶעם

אַיינָעם זָאלֶען אַרוּמְגֶעהְן אִין אַלֶע הַייזָער כְּסֵדֶר נָאכִין צֶעטִיל אוּנ אוּמֶטוּם בּוֹדֵק זַיין, רֶעוִוידִירֶען דִיא מְזוּזוֹת. אוּנ וַויל דִיא סַאבְּרַאנִיֶע הָאט אוֹיף דֶעם עֶנְין גֶעקוּקְט וִויא אוֹיף אַ קְהָלְשֶׁער זַאךְ, אַפָּאלָזֶע פַּאר דֶער שְׁטָאדְט, לְבַן אִיז גֶעבְּלִיבִּין, אַז בִּכְדֵי אוֹיסְצוּשְׁמוֹעהְן דִיא הוֹצָאוֹת, וָואס אַזַא קוֹמְפַּאנְיֶע בֶּעדַארְף קָאסְטֶען זָאל מֶען אַרוֹיפְצִיהֶען דֶעם מַקַח פוּן פְלֵייש . . . . אִין טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע אִיז דָא אַ וָוערְטִיל: פוּן וָואס מֶען זָאל נִיט שְׁמִיעָסֶען מוּז אַרוֹיסְקוּמֶען אוֹיפֶן טוֹיט אוּנ פוּן וָואס מֶען זָאל נִישְׁט רֵיידֶען אוֹיף אַיין אֲסִיפָה מוּז מֶען אוֹיסְלָאזֶען מִיט דֶער טַאקְסֶע פוּן פְלֵייש. אוּנ בֶּאֱמֶת אִיז עֶס טַאקִי עַל פִּי דֶרֶךְ הַטֶבַע, אַנְדֶערְשׁ קֶען עֶס טַאקִי גָאר נִישְׁט זַיין דֶער שֵׂכֶל אִיז אוֹיךְ אַזוֹי מְתְחַייֵב, וָוארִים סוֹף כָּל אָדָם לָמוּת וְסוֹף יְהוּדִי לְטַאקְסֶע, דָאס טַייטְשׁ: דֶער סוֹף פוּן אַ מֶענְשֶׁען אִיז צוּא שְׁטַארְבֶּען אוּנ דֶער סוֹף פוּן אַ יוּדֶען צוּצָאהְלֶען טַאקְסֶע! דֶער טוֹיט אוּנ דִיא טַאקְסֶע דָאס זֶענִין בְּטֶבַע אַזֶעלְכֶע צְוַוייא זַאכֶען, וָואס מֶען קֶען פוּן זֵייא בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט פָּטוּר וֶוערֶען. אַזוֹי הָאט דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער בֶּעשַׁאפֶען דִיא וֶועלְט אוּנ וִויא עֶר הָאט זֵיא בֶּעשַׁאפֶען, אַזוֹי אִיז גוּט, אַזוֹי גֶעהְר עֶס זִיכֶער צוּ זַיין. קֻשְׁיוֹת פְרֶעגֶען נָאר אַפִּיקוֹרְסִים . . .

שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסִיל הָאט מִיט בִּנְיָמִינְ'ן זִיךְ פַּארְלוֹיפֶען אַ מַעֲשֶׂה, וָואס עֶר הָאט מִיט אִיהְר קוֹנֶה שֵׁם גֶעוֶוען. אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג אַיינְמָאל פוּן דֶער שְׁטָאדְט, תַּמוּז אִין אַ הַייסֶען טָאג צְוֶועלִף אַ זֵייגֶער אִין דֶער פְרִיא. סַאמֶע וֶוען דִיא זוּהְן הָאט גֶעבְּרָאטֶען, אִיז עֶר פַּארְנַאנְגֶען טִיפְלִיךְ אִין אַ וַואלְד, אַקֶעגֶען אַ דְרַייא תְּחוּם־שַׁבָּתִין פוּן דֶער שְׁטָאדְט. מִיט זִיךְ אִין דֶער קֶעשֶׁענֶע הָאט עֶר גֶעהַאט זַיינֶע סְפָרִים, וָואס אָהְן זֵייא פְלֶעגְט עֶר נִישְׁט גֶעהְן קֵיין טְרִיט. עֶר אִיז גִיזֶעסֶען אִין וַואלְד אוּנְטֶערְגֶעלֶעהֶענְט אוּנְטֶער אַ בּוֹים אוּנ הָאט גֶעשְׁמַאק גֶעטְרַאכְט. צוּטְרַאכְטֶען הָאט עֶר גֶעהַאט זֶעהְר פִיל. בַּאלְד אִיז אִיהְם דֶער קָאפּ פַּארְפְלוֹיגֶען וַוייט אַהִין אִין יֶענֶע לֶענְדֶער אַיין עֶק וֶועלְט עֶר אִיז גֶענַאנְגֶען אִיבֶּער בֶּערְג אִיבֶּער טְהָאלֶען, אִיבֶּער מִדְבָּרִיוֹת אוּנ אַלֶע עֶרְטֶער, וָואס שְׁטֶעהְט אִין זַיינֶע סְפָרִים, עֶר הָאט גִיוַואנְדֶרֶעוֶועט פוּס טְרִיט נָאךְ אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן, נָאךְ אֶלְדָד הַדָּנִי וּכְדוֹמֶה, עֶר הָאט גֶעזֶעהְן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען פִּיפֶּערְנָאטֶער, דֶעם לִינְדֶענְוָוארֶעם, שְׁלַאנְגֶען, עֶקְדִישֶׁען אוּנ אַלֶע מִינֵי שְׁלֶעק אִי מִשְׁלַחְתִּין. עֶר הָאט זִיךְ צוּגֶעשְׁלָאגֶען צוּ דִיא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ אוּנ גֶערֶעדְט מִיט דִיא בְּנֵי מֹשֶׁה. דֶערְנָאךְ אִיז עֶר בְּשָׁלוֹם צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּ זִיךְ אוּנ הָאט גֶעטְרַאכְט, וִויא אַזוֹי אוּנ וֶוען וְשֶׁע זָאל עֶר שׁוֹין טַאקִי מַאכֶען דִיא נְסִיעָה. אִין מַחְשָׁבוֹתְ'ן אִיז דֶערְוַוייל צוּגֶעפַאלֶען דִיא נַאכְט עֶר אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיסְגֶעגְלַייכְט דִיא בֵּיינֶער אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעהְן אַ הַיים, עֶר גֶעהְט, אוּנ גֶעהְט, נָאךְ אַלֶץ נִישְׁט פוּנֶם וַואלְד אַרוֹיס. עֶר גֶעהְט

אשעה

אַ שָׁעָה, צְוַוייא, דְרַייא, פִּיער שָׁעָה, סְ'אִיז קֵיין סוֹף קֵיין עֶק, עֶר הָאט נָאךְ טִיפֶער אִין וַואלְד זִיךְ פַארְשְׁלָאגֶען אוּנ דָא אִיז פִּינְצְטֶער חָאטְשׁ אַיין אוֹיג אַרוֹיסְצוּנֶעהְמֶען, פְּלוּצְלִים אִיז נָאךְ גֶעוָוא־ען אַ שְׁטוּרְמְוִינְד מִיט אַ שְׁלַאקְרֶעגֶען, עֶס הָאט גֶעבְּלִיצְט גֶעדוּנֶערְט אוּנ דִיא בֵּיימֶער הָאבֶּען גֶערוֹישְׁט אַ שְׁרֶעק! בִּנְיָמִין אִיז גֶעבְּלִיבִּין שְׁטֶעהְן, דֶער רֶעגֶען הָאט אִיהְם גֶעוַואשֶׁען, אַ צָאהְן אָן אַ צָאהְן הָאט אִיהְם גֶעקְלַאפְּט פַאר קֶעלְט, פַאר נֶעטְץ אוּנ פַאר גְרוֹים פַּחַד. עֶס הָאט אִיהְם זִיךְ גֶעדַאכְט אָט פַאלְט אוֹיף אִיהְם אָן אַ בֶּער, אָט פַארְצוּקְט אִיהְם אַ לֵייבּ, אַ לֶעמְפֶּערְט, אָט נֶעהְמְט דֶער מַאטוּ"ל, וָואס כִּבְיָכוֹל עֶס שְׁטֶעהְט אִין "צֵל עוֹלָם" אִיז עֶר אַ גְרוֹיסֶער אַ לַאנְגֶער מִין בְּעשֶׁעפֶענִישׁ מִיט צְוַוייא לַאנְגֶע הֶענְד מִיט וָועלְכֶע עֶר וַוארְפְט אַנִידֶער אַ הֶעלְפַאנְד, אַנְגֶעסְטֶען הָאבֶּען אִיהְם בֶּעשְׁלָאגֶען נֶעבִּיךְ אוּנ דָא אִיז עֶר נָאךְ טוֹיט הוּנְגֶערִיג, חוּץ אַ רֶעטְשֶׁען קִיכֶעל אִיז דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִין זַיין מוֹיל נִישְׁט גֶעקוּמֶען. עֶר הָאט פַאר אַלֶע צָרוֹת זִיךְ גֶענוּמֶען דַאוְונֶען מַעֲרִיב אוּנ גֶעדַאוָוענְט מִיט הִתְלַהֲבוּת פוּנֶם גַאנְצֶען הַארְץ, גָאט הָאט גֶעהָאלְפֶען סְ'אִיז טָאג גֶעוָוארֶען, אוּנְזֶער בִּנְיָמִין נֶעהְמְט זִיךְ וַוייטֶער צוּם גֶעהְן אוֹיף גָאטְס בֶּערַאכְטָה, עֶר גֶעהְט, עֶר גֶעהְט, בִּיז עֶר שְׁלָאגְט זִיךְ צוּם סוֹף אַרוֹיס אוֹיף עֶפִּיס אַ שְׁמָאלֶע וֶועג. מִיט דֶעם וֶועג אִיז עֶר גֶעגַאנְגֶען אַקֶעגֶען אַ שָׁעָה צְוַוייא אוּנ פְּלוּצְלִים דֶער הֶערְט עֶר פוּן דֶער וַוייטֶענְס אַ קוֹיל פוּן אַ מֶענְשֶׁען. אַנְשְׁטָאט עֶר זָאל מִיט דֶעם קוֹל זִיךְ דֶער פְרֵייעֶן אִיז עֶר, שׂוֹנֵא צִיּוֹן, פַארְצַאפֶּעלְט גֶעוָוארֶען. אִיהְם הָאט זִיךְ נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ גֶעדַאכְט אַז דָאס אִיז אַוַודַאי אַ גַזְלָן. מֵחֲמַת שְׁרֶעק הָאט עֶר זִיךְ גֶעלָאזְט לוֹיפֶען צוּרִיק אָהְן אָטְהֶעם אַקוּרַאט וִויא עֶר אִיז אַ מָאל, גִישְׁט פַאר אוּנְז גֶעדַאכְט גֶעלָאפֶען פַארָן רָב. בַּאלְד אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ בֶּעטְרַאכְט: פֶע בִּנְיָמִין! דוּא ווִילְסְט וַואנְדֶערֶען אַזוֹי וַוייט אִיבֶּער יַמִים אוּנ מִדְבָּרִיוֹת, וָואס דָארְט שְׁוִויבֶּעלְט אוּנ גְרִיבֶּעלְט פוּן עֶקְדֶעשֶׁען, פוּן חַיּוֹת רָעוֹת אוּנ ווִילְדֶע אוּמוֹת, אוּנ דָא הָאסְט דוּא מוֹרָא פַארָן גֶעדַאנְק, טָאמִיר בֶּעגֶעגֶענְסְט־דוּא אַ גַזְלָן. אִי, פֶע, מֶענְסְט, הֶלֶעבִּין, זִיךְ שֶׁעהְמֶען בִּנְיָמִין. אִיז דֶען אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן אוֹיךְ אַנְטְלוֹיפֶען אַזוֹי וִויא דוּא? הָאט דֶען אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן אוֹיךְ אַזוֹי וִויא דוּא זִיךְ מְיַאֵשׁ גֶעוֶועזֶען, בְּשַׁעַת עֶר אִיז גֶעפְלוֹיגֶען רַייטֶענְדִיג אוֹיף זַיין אָדְלֶער אוּנ סְ'אִיז אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען דָאס פְלֵיישׁ פוּנֶם שְׁפִּיטְץ שְׁפִּיז, וָואס דֶער אָדְלֶער פְלֶעגְט עֶס פִּיקֶען אוּנ פְלִיהֶען דוּרְכְדֶעם אַלְץ הֶעכֶער? נֵיין, אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן אִיז נִישְׁט אַנְטְלוֹיפֶען, אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן הָאט בַּייא זִיךְ אַלֵיין אוֹיסְגֶעשְׁנִיטֶען אַ שְׁטִיק פְלֵיישׁ אוּנ אַרוֹיפְגֶעשְׁטָאכֶען אוֹיפֶן שְׁפִּיז! אַדְרַבָּה שְׁטַארְק זִיךְ בִּנְיָמִין, דָאס וִויל גָאט דֶערְמִיט דִיךְ נָאר אוֹיסְפְּרִיוֶוען. הַאלְטְסְט־דוּא אוֹיס דִיא פְּרָאבֶע אַז וואוֹיל אוּנ גוּט אִיז דִיר דֶענְסְמָאל! דֶענְסְמָאל בִּנְיָמִין בִּיסְט־דוּא אַ מֶענְשׁ

און

אונ װָעסְט טַאקִי װֶערְט זַיין צוּהָאבֶּען דִיא זְכִיָה פוּן הַשי״ת צוּדֶערְגְרַייכֶען דַיין װאוּנְשׁ װֶעגֶען דִיא בְּנֵי משֶׁה אונ מִיט זַייא אִיבֶּערְשְׁמִיעֶסִין מִכּחַ דֶעם כְּלַל יִשְׂרָאֵל אִין אוּנְזֶער װִינְקֶעל , דֶערְצֵיילֶען זַייא גַאנְץ פָּאדְרָאבְּנָע דִיא הַנְהָגוֹת פוּן אוּנְזֶערֶע יוּדֶעלִיךְ דָא , װָאס זַייא טְהוּעֶן אונ װָאס זַייא מַאכֶען . װֶעסְט־דוּא אִיצְט אוֹיסְשְׁטֶעהְן נָאךְ אִי דִיא דָאזִיגֶע פְּרָאבֶּע . אונ גֶעהְן צוּרִיק אַקֶעגֶען דֶעם קוֹל , דֶענְסְמָאל בִּיסְט־דוּא מְנַצֵחַ אַלֶע פְּחָדִים אונ שְׁרֶעקֶענִישֶׁען . װֶעסְט װֶערֶען אַ כְּלִי־שְׁלֵמָה , אַ בְּרָכָה , אַ בֶּענְטְשׁוּנְג צְװִישִׁין דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל אונ אָנְטָאן כָּבוֹד גַאנְץ טוּנֶעיַאדֶעװְקֶע . טוּנֶעיַאדֶעװְקֶע אונ מזְקְדָן דָאס װֶעלֶען זַיין צְװַייא עֶרְטֶער גְלַייךְ בֶּעקַאנְט אִין דֶער גַאנְצֶער װֶעלְט דוּרְךְ אַלֶכְּסַנְדֶר טוּנֶעיַאדֶעװְקֶער אונ בִּנְיָמִין מזְקְדָן ! . . . אוּנְזֶער בִּנְיָמִין הָאט זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט טַאקִי צוּרִיק אונ אִיז גֶעגַאנְגֶען בֶּעהַארְצְט װִיא אַ גִבּוֹר מִיט גְרוֹיס בִּטָחוֹן בִּיז עֶר הָאט פַאר זִיךְ דֶערְזֶעהְן דֶעם נַזְלָן . דָאס אִיז גֶעװֶען אַ מוּזְשִׁיק , װָאס אִיז גֶעפָאהְרֶען אוֹיף אַ פָּאר אָקְסֶען מִים אָנְגֶעלָאדֶענֶע זֶעק אִין װָאגֶען .

— דָאבְּרִי־דְיֶען ! הָאט בִּנְיָמִין צוּגֶעהֶענְדִיג אַ זָאג גֶעטָאן רַאפְּטָאם אוֹיף אַ מְשׁוּנָה קוֹל , װָאס עֶר הָאט אִין זִיךְ גֶעהַאט אַלֶע טַעֲמִים : אִי גְעשְׁרַייא , אִי גֶעבֶּעט , אִי װִיא אַיינֶער זָאגְט : נַא , נַא טְהוּא מִיט מִיר װָאס דוּא װִילְסְט ! אִי עֶפִּים װִיא אַ בַּקָשָׁה : גְװַאלְד , הָאב רַחֲמָנוּת אוֹיף מִיר , אוֹיף מַיין װַייבּ אונ קִינְדֶער נֶעבִּיךְ ! . . .

אָפְּזָאגֶענְדִיג , אָדֶער אָפּ שְׁרַייֶענְדִיג אִי אָפְּװַיינֶענְדִיג דֶעם ״דָאבְּרִי־דְיֶען״ אִיז בִּנְיָמִין גֶעבְּלִיבֶּען אָהְן לָשׁוֹן װִיא דֶערְװָארְגֶען . דֶער קָאפּ הָאט אִיהְם זִיךְ פַארְדְרֶעהְט , אִין דִיא אוֹיגֶען אִיז אִיהְם גֶעװָארֶען פִינְצְטֶער , דִיא פִּים הָאבֶּען אִיהְם אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּדִינֶען אונ עֶר אִיז טוֹיט אַנִידֶער גֶעפַאלֶען אוֹיפְן אָרְט .

אַז עֶר הָאט אוֹיפְגֶעעֶפְנְט דִיא אוֹיגֶען אונ צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר זִיךְ גֶעפוּנֶען לִיגֶענְדִיג אִין װָאגֶען אוֹיף אַ גְרוֹיסֶען זַאק קַארְטָאפְּלֶעס , אִיבֶּער גֶעדֶעקְט מִיט אַ גְרָאבֶּער סְװִיטֶע . צוּקָאפֶּענְס אִיז אִיהְם גֶעלֶעגֶען אַ גֶעבּוּנְדֶענֶער הָאהְן , װָאס הָאט אוֹיף אִיהְם גֶעקוּקְט אִין דֶער זַייט מִיט אַיין אַייגֶעל אונ אִיהְם גֶעגְרַאבֶּעלְט מִיט דִיא נֶעגֶעל , צוּפִּיסֶען אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אָנְגֶעשְׁטֶעלְט קַארְאבְּקֶעלִיךְ מִיט יוּנְגֶען קְנָאבֶּעל אִי צִיבֶּעלֶעס אונ שְׁאָר יְרָקוֹת . אַייעֶר אַ פָּנִים אִיז דָארְט אוֹיךְ גֶעלֶעגֶען , װָארִים פָּאלָאװֶע װֶענִין גֶעפְלוֹיגֶען אונ אִיהְם פַארְשָׁאטֶען דִיא אוֹיגֶען . דֶער מוּזְשִׁיק אִיז גֶעזֶעסֶען , גֶערַייבֶּערְט גַאנְץ רוּהִיג דָאס לְיוּלְקֶעלֶע אונ אִיטְלִיכֶע רֶגַע אוֹיף דִיא אָקְסֶען אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיגֶען : סְאפּ , הַייטַא , סָאפּ ! דִיא אָקְסֶען קוּים װָאס זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶערִיהְרְט , אונ דִיא רֶעדְלִיךְ פוּנֶם װָאגֶען הָאבֶּען מְשׁוּנָה גֶעסְקְרִיפֶּעט אִיטְלִיכֶעס אוֹיף אַיין אַנְדֶער קוֹל , אִין אַיינֶעם אִיז

אויסגעקומען

אויסגעקומען עפּיס אַ סקריפּענדיגער קאָנצערט , וואס האָט געגרילצט אין דיא אויערען . דעס האָהן אַ־פּנים , ווּיא עס האָט אויסגעזעהן , איז אַזאַ סקריפּערייא אויך נישט געוועען לרצון , וואָרים איטליכס מאָל בשעת דיא רעדליך פלעגען אין גאַנצען זיך אומדרעהן אונ אויסלאָזען אויף אַ סווישטש מיט אַ שלשלת , פלעגט ער בנימין'ן אַ שטאַרקען גראַבּעל טאָן מיט דיא נעגעל אונ אַ קרעה געבען קוקורִיקוּא מיט כעס , מיט אימפּעט . אַז עטליכע רגע דערנאָך פלעגט בייא איהם חאָרחלען פאַר דוּמפּען אינעווייניג אין האַלז . בנימין האָט אין זיך נישט געפיהלט קיין גאַנץ אבער אונ איז געלעגען אַ היבשע צייט שטאַרק פאַרדולט : אַ שפּאַס וואס ער איז אויסגעשטאַנען : שרעק , הונגער , נעטץ אונ קעלט ! עס האָט איהם זיך געדאַכט , אַז אַ טערק האָט איהם געפאַנגען אין דער מדבר אונ פיהרט אים פאַרקויפען ערגיץ פאַר אַ קנעכט . ניחייא , האָט ער געטראַכט , ניחייא זאָל ער מיך חאָטש פאַרקויפען צו אַ יודען וואָלט איך נאָך געקענט פּאַרט עפּיס אויפגעריכט ווערען , אונ באם אָבער , ער וועט מיך פאַרקויפען צו אַ פרינץ אָדער חלילה גאָר צו אַ פּרינצעסין פון דיא אומות העולם בין איך דאָך פאַרלוירען , פאַרלוירען אויף אייביג . דערצו נאָך האָט ער זיך גראַד דערמאָהנט דיא מעשה פון יוסף הצדיק מיט זליכה'ן אונ האָט מחמת יסורים אַ שטאַרקען קרעכץ געטאָן . דער מוזשיק האָט זיך אומגעקוקט אַז ער האָט דערהערט בנימינ'ס קרעכץ , זיך צוגעריקט נעהענטער אונ איהם אַ פרעג געטאָן :

— נוּא זשידקא , אַ שטשאַ , טראַשקע ליפּשע ?

דער קאָפּ איז בנימינען באמת געוואָרען אַביסיל פרייער אונ ער האָט זיך דערמאָהנט אין גאַנצען וואס מיט איהם איז פאָרגעקומען . ער האָט אָבער זיך געפיהלט אין זעהר אַ שלעכטער לאַגע : גויעש קען ער כמעט נישט קיין וואָרט , הייסט וואס־זשע טהוט מען דאָ ? וויא ענטפערט מען דעם ערל אוּ: וויא טענהט מען מיט אים זיך דאָ אויס צו וויסען אַקוראַט וואהין ער פירט מיך ? בנימין האָט געפּרוּוט זיך אויפזעטצען , נאָר אומזיסט . דיא פיס האָבען איהם שטאַרק געבראָכען .

— טראַשקע טעבּע ליפּשע ? האָט איהם דער מוזשיק ווייטער אַ מאָל געפרעגט אונ טאַקי בנשימה אחת אַ מאַך געטאָן סאָפּ , הייטאַ , סאָפּ !

— ליפּשע . בק ריבּי מאָי אַי , אַי , אַי ! האָט בנימין געענטפערט וויא ער האָט נעבּיך געקענט אונ איהם געוויזען אויף דיא פיס .

— איזוויידקי טי זשידקא ?

— איזוויידקי טי זשיטקע ? ! האָט בנימין געמאַכט מיט אַניגון וויא אַמהפך־פּשטא , יאַ ניאמקא , בניאמקא אוב טונעיאַדעווקוא !

— טי איז טונעיאַדעווקי ? קאַזשי־זשע שטשאַ טי וויטאַראַשטשיל יאַ מעני אטשי

אָטְשִׁי אִי גְלִיַאנִיש יַאק שִׁילָאנִי. אַלְיֶע מָאזְשֶׁע טִי טַאקִי אִי שִׁילָאנִי. טְרַאסְצָא טְוָואִי מַאטֶערִי. סָאפּ, הַייטַא, סָאפּ!

—יַא, סְטַייטְשׁ, יַא טֶעבִּי לְכַתְּחִלָה קַאזַאטֶע, יַא נְיָאמְקֶע כַּאם אוּב טוּנֶעיַאדֶעוְוקוּא! הָאט בִּנְיָמִין גֶעעֶנְטְפֶערְט, גֶעמַאכְט דֶערְבַּייא אַ רַחֲמָנוּת פָּנִים, אַווייז גֶעטָאן מִיט דֶער הַאנְד אוּן גֶעבֶּעטֶען רַחֲמִים: גְוַואלְד אוּב טוּנֶעיַאדֶעוְוקִי זְשִׁינְקָא טֶעבִּי דַאם טְשַׁארְקֶע שְׁלִישׁ אִי שַׁאבַּאשְׁקָאוֶוע בּוּלְקֶע, אִי דָאבְּרֶע דַאנְקוּיֶעט טֶעבִּי.

דֶער מוּזְשִׁיק אַפָּנִים הָאט זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוּיסֶען וָואס בִּנְיָמִין מַיינְט, דָאבְּרִי זְשִׁידְקָא! הָאט עֶר גֶעזָאגְט, זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף זַיין אָרְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דִיא אָקְסֶען אוּן גֶעמַאכְט סָאפּ, הַייטַא!

אַקֶעגֶען אַפָּאר שָׁעָה אַרוּם אִיז דֶער וָואגֶען אַרוֹיפְגֶעפָאהְרֶען גְלַייךְ אוֹיפְן מַארְק אִין טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע, וַוייבֶּער אוּן מַאנְסְבִּיל הָאבֶּען זִיךְ אַשָּׁאט גֶעגֶעבֶּען אַקֶעגֶען מִיט פַארְשִׁידֶענֶע שַׁאֲלוֹת: דֶער שְׁרַייעֶט: טְשׁוּיֶעשׁ סְקִילְקֶע חָאטְשֶׁעס זַא פִּיוָועןְ? זַא צִיבּוּלִי? יֶענֶער פְרֶעגְט: מָאזְשֶׁע מַאיֶעשׁ קַארְטָאפְלִי, יַאיְצִי? בְּתוֹךְ הַבָּאִים קוּמְט אֵיינֶער מִיט אַשַׁאֲלָה: טְשׁוּיֶעשׁ מָאזְשֶׁע טִי בַּאטְשִׁיל נַא דָארָאגִי זְשִׁידְקָא? אוּ נַאם יֶעדִין זְשִׁידְקָא, בִּנְיָאמְקַא, ווְטְשָׁארַא פְּרַאפַּאל יַאק אוּב וָואדִי, אוּן אֵיידֶער דֶער מוּזְשִׁיק הָאט אוּסְפֵּייעֶט אִיטְלִיכֶען צוּ עֶנְטְפֶערֶען זַיינֶען דִיא אַלֶע וַוייבֶּער וְויא דִיא הַיישֶׁערֶעקֶען אִיבֶּערְגֶעפַאלֶען דֶעם וָואגֶען, הָאבֶּען אוֹיפְגֶעדֶעקְט דִיא סְווִיטְקֶע אוּן אִין אַיין קוֹל אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ גֶעשְׁרֵייא: בִּנְיָמִין!.... עֶר אִיז דָא! צִיפֶּע קְרוֹינֶע! בַּת־שֶׁבַע בְּרַיינְדִיל, לוֹיפְט גִיכֶער צוּ זָעלְדֶען מִיט דֶער גוּטֶער בְּשׂוֹרָה, אַז אִיהְר שָׁאדֶען הָאט זִיךְ אָפְּגֶעזוּכְט! זִיא וֶועט שׁוֹין נִישְׁט זַיין קַיין ווִיסְטֶע עֲגוּנָה.

סְאִיז גֶעוָוארֶען אַ רַעשׁ, אַ צוּנוֹיפְלוֹיפֶענִישׁ. גַאנְץ טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע הָאט זִיךְ גֶעווִיגְט, קִינְד אוּן קַייט זֶענִין גֶעלוֹיפֶען אָנְקוּקֶען בִּנְיָמִינ'ן. מֶען הָאט אִיהְם פַארְוָוארְפֶען מִיט רֵייד, מִיט שַׁאֲלוֹת מִיט וֶוערְטְלִיךְ, מֶען הָאט דֶערְצֵיילְט, אַז דֶעם גַאנְצֶען נֶעכְטִיגֶען טָאג מִיט דֶער נַאכְט הָאט מֶען אִיהְם גֶעזוּכְט, גֶעאֶקֶערְט, מֶען הָאט אִים שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ קָדוֹשׁ אוּן זַיין וַוייבּ פַאר אַ ווִיסְטֶע עֲגוּנָה, פְּלוּצְלִים אִין מִיטֶען גֶעטִימֶעל אִיז דָאס וַוייבּ זַיינֶס צוּגֶעלוֹיפֶען מִיט אַ גֶעוֵויין, זִיא הָאט גֶעבְּרָאכֶען דִיא הֶענְד אָנְקוּקֶענְדִיג אִיהְר בֶּעשֶׁעהְרְטֶען ווִיא עֶר לִיגְט בְּלַייךְ אוּן טוֹיט אוּן קֶען קַיין רִיהְר זִיךְ נִישְׁט טָאן, זִיא הָאט גֶעבִּיךְ אַלַיין נִישְׁט גֶעווְאוּסְט וָואס צוּ טָאן, צִי זָאל זִיא אִיהְם שֶׁעלְטֶען אוֹיסְלָאזֶען צוּ אִיהְם אִיהְר שְׁוֶוער בִּיטֶער גֶעמִיטְה, צִי זָאל זִיא אַרוֹיסְוַוייזֶען אִיהְר פְרֵייד, אִיהְר שִׂמְחָה, וָואס גָאט הָאט זִיא, ווִיסְטֶע עֲגוּנָה, אוֹיפְגֶערִיכְט.

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם הָאט מֶען בִּנְיָמִינ'ן אַזוֹי טַאקִי ווִיא עֶר אִיז

גֶעלֶעגֶען אוֹיפֶן זַאק קַארְטָאפְלֶעס , גֶעפִיהְרְט צוּ זִיךְ אַ הַיים אִיבֶּער דֶעם מַארְק מִיט אַגְרוֹיסֶער פַּארַאדֶע , דֶער גַאנְצֶער טוּנֶעיַאדְרֶעוְקֶער עוֹלָם פוּן קְלַיין בִּיז גְרוֹיס הָאט אִיהְם אָפְּגֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד , קֵיינֶער הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט בֶּעטֶען , אוּנ אִים בֶּעלַייט מִיט אַ רַעשׁ , מִיט אַ גֶעשְׁרַייא : קָדוֹשׁ ! קָדוֹשׁ ! קָדוֹשׁ .

דֶער נָאמֶען קָדוֹשׁ אִיז בִּנְיָמִינְ'ן פוּן דֶענְסְטְמָאל אָן טַאקִי אוֹיף תָּמִיד גֶעבְּלִיבֶּען , עֶר הָאט גֶעהַייסֶען בִּנְיָמִין דֶער קָדוֹשׁ אוּנ זַיין וַוייבּ זֶעלְדֶע דִיא עֲנוּנָה .

דֶער טוּנֶעיַאדְרֶעוְקֶער סוּמְחָה אִיז נָאךְ דֶעם טָאג טַאקִי צוּ בִּנְיָמִינְ'ן גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט אִיהְם גֶעגֶעבֶּען רַאטוּנִיק מִיט אַלֶע תַּחְבּוּלוֹת , וָואס אִיז נָאר מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען . עֶר הָאט אִיהְם גֶעשְׁטֶעלְט בַּאנְקֶעס אִי פִּיַאוְקֶעס , אוֹיךְ אִין גַאנְצֶען אִים אָפְּגֶעגָאלְט אוּנ גֶעזָאגְט פַארְן אַוֶעקְגַאנְג , אַז נָאךְ דִיא אַלֶע מִיטֶעל וֶועט עֶר אִם־יִרְצֶה־הַשֵּׁם גֶעזוּנְד וֶוערֶען אוּנ וֶועט נָאךְ מָארְגֶען קֶענֶען , אוֹיבּ עֶר וֶועט כֹּחַ הָאבֶּען , גֶעהְן גוֹמֵל־בֶּענְטְשֶׁען אִין בֵּית מִדְרָשׁ אַרַיין .



## ווִיא בִּנְיָמִין סְקָאמְפָּאנִייֶעט זִיךְ מִיט סֶענְדֶערִיל דֶער יוּדֶענֶע .

דִיא דָאזִיגֶע מַעֲשֶׂה , וָואס מִיט בִּנְיָמִינְ'ן הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען , וָואס הָאט אָנְגֶעמַאכְט אַזוֹי פִיל יְכוּרִים זַיין וַוייבּ , אַזוֹי פִיל לַייטֶעשֶׁע רֵייד אִי אִין דֶער שְׁטָאדְט אִי דָארְט אוּנְטֶערֶען אוֹיוֶוען אִי אוֹיף דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער בַּאנְק הָאט אִין פְלוּגְק , דַאכְט זִיךְ , בֶּעדַארְפְט אוֹיף אֵייבִּיג פוּן אִיהְם אַרוֹיסְשְׁלָאגֶען דֶעם גֶעדַאנְק פוּן זַיין נְסִיעָה אִין דִיא וַוייטֶע מְקוֹמוֹת , נָאר אָבֶּער אַ טָעוֹת . פַארְקֶעהְרְט עֶס הָאט נָאךְ אִין אִיהְם דֶעם דָאזִיגֶען גֶעדַאנְק עֶרְשְׁט בֶּעסֶער אַרַיינְגֶעשְׁלָאגֶען . עֶר הָאט פוּן דֶענְסְמָאל אָן אוֹיף זִיךְ גֶעקוּקְט מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ ווִיא אוֹיף אַמֶענְשֶׁען , אַגֶענִיטֶען , וָואס אִיז גֶענוּג אִין זַיין לֶעבִּין אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען , עֶר אִיז בַּייא זִיךְ גֶעוֶועזֶען צֶעהֶן מָאל טְהַייֶערֶער פַאר זַיין בֶּעהַארְצְקַייט , פַאר זַיין שְׁטַארְקַייט , מִיט וֶועלְכֶער עֶר אִיז אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען אַזוֹ פִיל שְׁוֶוערֶע פְּרָאבֶּעס אוּנ נוֹבֵר גֶעוֶועזֶען אִין גַאנְצֶען דִיא טֶבַע זַיינֶע . עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ צוּהַאלְטֶען פַאר אַ גִבּוֹר , פַאר אַ חַקְרָן , וָואס הָאט אַ יְדִיעָה אִין אַלֶע שֶׁבַע חָכְמוֹת , וֶועלְכֶע עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ נָאר אִין דֶעם „צֵל עוֹלָם“ וָואס הָאט זִיךְ אָנְגֶעלַייעֶנְט ווִיא אַפּוּיק אִין אַזֶעלְכֶע מִינֵי סְפָרִים אוּנ וַוייסְט וָואס אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט טְהוּט זִיךְ , עֶר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַלַיין אוֹיף זִיךְ אַ מֵבִין צוּ וֶוערֶען אוּנ זִיךְ אַלַיין צוּבֶּעדוֹיעֶרִין וָואס עֶר , אַזַא מֶענְשׁ ווִיא

עֶר, גֶעפִינְט זִיךְ נֶעבִּיךְ כְּשׁוֹשַׁנָה בֵּין הַחוֹחִים, וְויא אַ רוֹיז צְווִישִׁין דֶערְנֶער, וואו? אִין טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע, אִין אַזַא הֶעק, צְווִישִׁין פְּרָאסְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס פַארְשְׁטֶעהֶן נִישְׁט אוּנ וַוייסֶען נִישְׁט פוּן זַייעֶר לֶעבֶּען צוּזָאגֶען! דִיא לַייטֶעשֶׁע רַייד אוּנ דִיא וָוערְטְלִיךְ, וָואס זֶענִין אִיבֶּער אִיהְם גֶעפַאלֶען, זַייא הָאבִּין אַדְרַבָּא אִיהְם עֶרְשְׁט גֶעטְרִיבֶּען אִין וֶועג אַרַיין. עֶס הָאט אִיהְם זִיךְ גֶעגְלוּסְט וְויא צוּם גִיכְּסְטֶען אַוֶועק פוּן טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע. וְויא דֶערְלֶעבּ אִיךְ שׁוֹין, פְלֶעגְט עֶר אַלְץ טְרַאכְטֶען, זִיךְ אַוֶועקְצוּלָאזֶען אַהִין וַוייט, אוּנ קוּמֶען בְּשָׁלוֹם צוּרִיק מִיט יְשׁוּעוֹת אוּנ נֶחָמוֹת אוֹיף יוֹדֶען, מִיט כָּבוֹד אוּנ מִיט אַ גוּטֶען נָאמֶען אִין דֶער וֶועלְט, אוּנ דֶענְסְטְמָאל וֶועט גַאנְץ טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע וִויסֶען, פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, וָואס אִיךְ בִּנְיָמִין בִּין, וָואס אִיךְ בִּנְיָמִין בֶּעטַייט...

בִּנְיָמִינְ'ן הָאט לְעֵת־עַתָּה אָפְּגֶעהַאלְטֶען פוּן דֶער נְסִיעָה נָאר דִיא רָאזִינֶע קְלֵיינֶע מְנִיעוֹת: עֶרְשְׁטֶענְס וואו נֶעמְט מֶען אוֹיף הוֹצָאוֹת? בַּייא אִיהְם אַלֵיין הָאט קַיינְמָאל זִיךְ נִישְׁט גֶעפוּנֶען קֵיין גְרָאשֶׁען אִין קֶעשֶׁענִיע. עֶר פְלֶעגְט תָּמִיד זִיצֶען לֵיידִיג אִין בֵּית־הַמִדְרָשׁ אוּנ זַיין פְּלוֹנִיתְטֶע אִיז גֶעוֶוען דִיא אֵשֶׁת חַיִל, דִיא פַּרְנָסָה גֶעבֶּערֶען פוּן אַ נַאס אַפְּטַייקֶעל, וָואס זִיא הָאט זִיךְ גֶעמַאכְט בַּאלְד נָאכְן קֶעסְט אַרָאפְּגֶעהֶענְדִיג, אוּנ מִישְׁטֶעהֶענְס גֶעזָאגְט, וָואס דָאס גַאנְצֶע קְלַייטֶעל הָאט אָנְגֶעטְרָאפֶּען: וֶוען זִיא זָאל דֶערְבַּייא נִישְׁט גֶעוֶוען אַרְבַּייטֶען זָאקֶען, נִישְׁט פְּלִיקֶען וִוינְטֶער בִּיז שְׁפֶּעט אִין דֶער נַאכְט פֶעדֶערֶען, נִישְׁט פְרֶעגְלִין אוֹיף־צוּפַארְקוֹיפִין פֵּסַחְדִיג שְׁמַאלְץ, נִישְׁט אַיינְהַאנְדְלֶען אַמָאל אִין אַמַארְקְ־טָאג בַּייא אִיהְרֶע בֶּעקַאנְטֶע מוּזְשִׁיקֶעס קֵיין מְצִיאוֹת, וָואלְט נִישְׁט גֶעוֶוען מִיט וָואס דִיא נְשָׁמָה צוּדֶערְהַאלְטֶען. פַארְקוֹיפֶען עֶפִּיס פוּן שְׁטוּבּ־זַאכֶען? נָאר וָואס אָבֶּער הָאט דָארְט זִיךְ גֶעפוּנֶען? אַ פָּאר מֶעשֶׁענֶע לַייכְטֶער, וָואס זַיינֶען זֶעלְדֶען גֶעבְּלִיבֶּען יְרוּשָׁה פוּן אִיהְרֶע עֶלְטֶערֶען, אִין וֶועלְכֶע זִיא בֶּענְטְשְׁט לִיכְט, שַׁייעֶרְט עֶס תָּמִיד אוּנ זִיךְ דֶערְמִיט שְׁטַארְק מְהַנֶה. קֵיין צִיהְרוּנְג הָאט זִיא נִישְׁט חוּץ אַ זִילְבֶּערֶען רַייפֶעלֶע מִיט אַפֶּערִיל פוּן אִיהְר מַאמֶעס שְׁטֶערֶענְטִיכֶעל, וָואס דָאס לִיגְט בַּייא אִיהְר פַארְשְׁלָאסֶען אוּנ טְהוּט עֶס אָן נָאר אַ מָאל בְּשַׁעַת אַגְרוֹיסֶע שִׂמְחָה אָדֶער בְּשַׁעַת אַ מַזָל־טוֹב אָפְּגֶעבֶּען. פַארְקוֹיפֶען זְשֶׁע עֶפִּיס פוּן זַיינֶע חֲפֵצִים? נָאר אִין גַאנְצֶען הָאט עֶר גֶעהַאט אַשַׁבָּתְדִיגֶע אַטְלֶעסֶענֶע קַאפָּאטֶע נָאךְ פוּן דֶער חֲתוּנָה אָן, צוּהַאקְט צוּפַאלֶען פָארֶענְט אִי הִינְטֶען אוּנ דֶער גֶעלֶער אוּנְטֶערְשְׁלַאק הָאט אַרוֹיס־גֶעקוּקְט. עֶר הָאט גֶעהַאט פְּרַאוְודֶע אִי אַ טוּלֶעפִּיל, נָאר אוּנְטֶען אִיז עֶר גֶעוֶוען אִין גַאנְצֶען אָפְּגֶעבַּארֶעט, דֶער קָאלְנֶער מִיט גָארְנִישְׁט בֶּעלַייגְט. בְּשַׁעַת זַיין חֲתוּנָה הָאט דֶער טַאטֶע זַיינֶער, אִיהְם צוּ לַאנְגֶע יָאהְר, גֶעהַייסֶען נִישְׁט זְשַׁאלֶעוֶוען, אַדְרַבָּה מַאכֶען

אלאנגע

א לאנגען קאלנער פון דער פולער האנד און אפשטעפען איהם לעת־עתה פון אויבען מיט א שטיק אונטערשלאק, וואס איז געבליבען יתור פון זיין קאפאטע און האט דערביא זיך מתחייב געווען צו בעלייגען דעם קאלנער מיט פייא איה״ש שפעטער ביים סילוק׳ן דעם מותר פונם נדן. דעם נדן אבער האט ער נישט געסיליקט און דער קאלנער איז געבליבען אזוי וויא ער איז געווען ביז דעם היינטיגען טאג... צווייטענס, האט בנימין נישט געוואוקסט וויא מען רייסט זיך ארויס פון דער היים. איבערשמיעסין מכח דער נסיעה מיט זיין פלוניתטע און ארויסזאגען איהר דיא גאנצע זאך בפירוש? חלילה וחס! עס וואלט געווארען א ליארעם, א געפילדער, זיא וואלט איהם אפגעוויינט מיט טרערין אום איהם געהאלטען זיכער פאר ריין משוגע, ווארים וויא האט איודענע שכל אזעלכע ענינים משיג צוזיין? א יודענע, אז זיא איז שוין אפילו גאר דיא אשת חיל, איז זיא דאך פארט נישט מעהר וויא איודענע. וואס דער מינדסטער מאנסביל האט אין נאגעל, האט עס נישט, און קען עס גאר ניט האבען, דיא פיינסטע און דיא קליגסטע יודענע אפילו אין איהר קאפ... אוועקגעהן זשע בשתיקה און דעם זייא־געזונט פארגעסען? איז עפים אויך פריקרע, דאס איז אביסיל מעשה ליטוואק, ווידער זשע בלייבען זיטצען אין דער היים און אפזאגען זיך פון דער גאנצער נסיעה? דאס איז ריין אונמעגליך. עס הייסט אזוי פיל וויא אפזאגען זיך צולעבען, דיא נסיעה איז בנימינ׳ן געווארען דיא צווייטע נאטור, וויא א יוד מוז דרייא מאל אין טאג דאווענען אזוי האט ער געמוזט איטליכע רגע אין דער נסיעה טראכטען. אפילו אין שלאף איז זיא איהם פון זינען נישט ארויס און האט איהם זיך שטענדיג געהלוסט, זיא האט טיף זיך איינגעווארצעלט איהם אין הארץ און זיך בעשעפטיגט געמאכט מיט זיינע אויגען און אויערען אזוי, אז ער האט אויפגעהערט צוזעהען אי צוהערען דאס אלסדינג, וואס פאר איהם, ער האט נאר געזעהן אי געהערט דאס וואס טוהט זיך דארט, דארט העט וייט אין יענע מקומות, נישט איינמאל פלעגט ער אין א שמיעס מיט עמעצין פלוצלים אריינמישען: הינדי״א, סמבטיון, אנטיקו״דא, פיפערנאטער, לינדענווארעם, אייזעל, מולאייזעל, באקסאר, כצפיחית, טערק, טאטער, גזלן וכדומה נאך אזעלכע ווערטער. דיא נסיעה האט געמוזט געמאכט ווערען, נאר וואס טהוט מען מיט דיא מניעות, דאס האט ער זיך קיין עצה נישט געקענט געבען. ער האט געפיהלט אז ער בעדארף האבען איינעם, מיט וועמען ער זאל קענען מכח דעם זיך מישב זיין.

איש אחד היה בטונעיאדעווקע, איין מענש איז געווען אין טונעיאדעווקע ושמו סענדעריל און ער האט געהייסין סענדעריל, נאך

זיין

זיין עלטערזיידען רב סענדעריל , זה הסענדעריל דער סענדעריל היה
איש פשוט איז געוועזען אפשוט מענשעל , דאס הייסט א פראסטער אהן
חכמות , אין בית המדרש האט ער געהאט א שטאט אונטער דעם
בעלמעסר , אונ דאס אליין איז שוין דער בעסטער סימן , אז ער איז ניט
געוועזען פון דיא טונעיאדעווקער פיינע בריות , פונם דארטיגען ציממעס אונ
דער גילדענער פאן . דיא שמועסין אין בית המדרש אדער ערגיץ
אנדערש פלעגט ער דאס רוב צוהערען שטיל , וויא א זייטיגער פרשוין
אדער א וואלגיע סלושאטעל . נאר פלעגט ער א מאל זיך אנרופען
א ווארט האט עס אנגעמאכט אגרויס געלעכטער , גישט מחמת דרינען
איז געלעגען עפיס אווילדע חכמה אדער א גרויסע המצאה , ניין , נאר
גלאט זיינס א ווארט האט עפיס געמאכט לאכענדיג , חאטשע ער האט
עס נעביך געזאגט גאנץ פשוט בתמימות אונ האט כלל גאר נישט געמיינט
יענעם דערמיט לאכענדיג צומאכען , אדרבא , אז מען פלעגט לאכען .
פלעגט ער אויסשטעלען א פאר אויגען אונ אנקוקען פאר וואס מען לאכט ,
פאראיבעל האבען דערפאר פלעגט ער קיינמאל נישט , ווארים ער איז
בטבע געוועזען א גוטער , א פאקארנער , וויא עס ניט זיך א מאל אויס
א פאקארנע קיה , ער האט גאר נישט געוואוסט אז מען בעדארף
פאראיבעל האבען . יענער לאכט , נוא מילא לאז ער זיך לאכען , מסתמא
האט ער דאך הנאה , דאך מוז מען מודה זיין , אז אין סענדערלים
א ווארט איז א מאל געלעגען טאקי איין אמת גלייכער איינפאל חאטש
ער אליין האט עס גאר אזוי ווייט נישט געמיינט אונ דאס געזאגט גלאט
בתמימות , מיט איהם פלעגט מען ליב האבען קאטאוועס צוטרייבען .
דער גרעסטער טהייל בערליך אין תשעה באב זענין אין זיינע פאות
איינגעפלאנטעט געוועזען . דער בעסטער חלק קישעליך , וועלכע מען
ווארפט הושענא רבה ביא דער נאכט ביים אויפזיין , איז איהם
אנגעקומען , אקעגען זשע דער קלענסטער חלק רעטשען קיכעל אונ בראנפין
פון תיקון אדער גלאט אזוי בראנפין איז ווידער טאקי אין איהם
אנגעקומען . הכלל סענדעריל איז תמיד אונ אומטום געוועזען דאס כפרה
הינדעל , אונ מחמת דעם האט ער טאקי בעקומען א צונעמעניש :
סענדעריל דאס כפרה הינדעל , סענדעריל איז בטבע נישט געוועזען , וויא
אנדערע , קיין עקשן , האט איינער געזאגט אזוי איז פון זיינטוועגען רעכט
געוועזען אזוי . סענדעריל האט געטאן יענעמס רצון , נישט מחמת מבטל
צו זיין זיין רצון כדי יענער זאל דערפאר מבטל זיין זיין רצון פאר זיין רצון ,
נאר גלאט פראסטע איז מאסטע ער האט געטאן יענעמס רצון . וואס ארט
עס מיך ? איז זיין שטייגער געוועזען צוזאגען , וואס פאר א נפקא מינה
דו ווילסט דווקא אזוי נוא זאל זיין אזוי . צווישין יונגליך איז סענדעריל געוועזען

איונגעל

איינגעל, ער פלעגט עפטערס געהן, שפאצירען, זיך שפילען מיט זייא אין אייגעם אונ האבען דערפון תענוג צווישען זייא. איז סענדעריל באמת געוועזן וויא א פאקארגע בהמה וואס לאזט צו זיך צו קינדער, זייא זאלען אויף איהר רייטען אונ איהר קראטצען דיא מארדע, קונדסים פלעגען איהם קריכען אויפן קאפ אונ צופען איהם ביים בערדיל, אנדערע פלעגט עס א מאל ארען אונ פלעגען אנשרייען: תרבית שקצים פאר אין עלטערין פאר א יודען מיט א באָרד! וואס צופט איהר איהם דאס בערדיל?! גישקשה, גישקשה, פלעגט סענדעריל זיך אנרופען, וואס ארט עס מיך? וואס פאר א דאגה איך האב? זאלען זייא מיך אביסיל קראטצען. ביי זיך אין דער היים האט סענדעריל געביך קיין האניג נישט געלעקט. זיין ווייב איז געגאנגען אין ספאדיק אונ ער האט בייא איהר געהאט א ווייסטע, ביטערע דליע, זיא פלעגט איהם האלטען אין דער מורא, א מאל דערלאנגען א זעטץ אונ ער נעביך האט עס געמוזט מקבל באהבה זיין. אונטער א יום טוב פלעגט זיא איהם אנידערשטעלען אויסוואשען דיא שטוב אונ אונטערבינדען איהם דאס בערדיל מיט א טיכעל, ער פלעגט איהר שיילען קארטאפלעס, קאטשעס אונ בראקען לאקשען, אנפילען פיש, אנטראגען אי ארייגלייגען אין אויווען האלץ אונ אונטערהייצען. אקוראט וויא אַיוּרענע, דעריבער האט מען איהם טאקי אויך גערופען סענדעריל דיא יודענע.

אט דעם סענדעריל דיא יודענע האט אונזער בנימין אויסגעקליבען איהם צו עפענען דאס הארץ אונ מיט איהם זיך שואל בעצה זיין וואס ער זאל טאן. דער טעם דערפון, פאר וואס גראד סענדעריל? איז דער: ווייל בנימין האט תמיד געפיהלט צו איהם עפיס א שטיקעל ליבשאפט. סענדעריל איז אין פיל זאכען איהם זעהר געפעהלען, ער האט אין א סך ענינים זיך מיט איהם אויסגעגלייכט אונ פלעגט אמאל אין א שמיעס מיט איהם זיך פשוט מחיה זיין. מעגליך אפשר נאך אי צוליב דעם אויך וואס בנימין האט גערעכענט דארויף וואס סענדעריל איז קיין עקשן נישט. ער סענדעריל, וועט זיין פלאן אננעהמען אונ איהם נאכגעבען אלסדינג, וואס ער וועט איהם זאגען. אונ אויב סענדעריל וועט אפשר אין עטליכע פונקטען זיך איינשפארען, וועט ער איהם מיט נאטש הילף אונ מיט זיין חלקת הלשון גובר זיין. ..

ויהי כבוא בנימין לסענדעריל אונ אז בנימין איז געקומען צוא סענדערלין האט ער איהם געטראפען כשהוא יושב על ספסל החלב וקולף קארטאפלעס, וויא ער זיטצט אויף דעם מילכעדיגער באנק אונ שיילט קארטאפלעס. איין באק האט איהם שטארק געפלאמט אונ אונטערין אויג איז איהם געוועזן בלויא מיט א גראבעל, עפיס וויא מען דערלאנגט

אַ קְרָעל מִיט אַ נָאגָעל . עֶר אִיז גֶעוָועסֶען וִויא אַ גֶעכְטִיגָער , בֶּעטְרִיבְּט אוּנ פַארְאוּמָערְט וִויא אַ יוּגֶענְד, וָואס דֶער מַאן אִיהְרָער הָאט זִיא אַוֶועקְגֶעוָוארְפֶען אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען לִמְדִינַת הַיָם , אָדֶער וִויא אַיין אִשָׁה, וָואס דֶער מַאן הָאט אִיהְר דֶערְלַאנְגְט אַ פַּאטְשׁ .... סֶענְדֶערִילְ'ס וַוייבּ אִיז נִיט גֶעוֶועזֶען אִין דֶער הַיים .

— גוּט מָארְגֶען סֶענְדֶערִיל ! וָואס בִּיסְט דוּא שֶׁערְדְצֶע אַזוֹי בֶּעטְרִיבְּט ? הָאט בִּנְיָמִין גֶעזָאגְט אַרַיינְקוּמֶענְדִיג אוּנ גֶעוִויזֶען סֶענְדֶערְלִין מִיט אַ פִינְגֶער אוֹיף דֶער בַּאק . הַא , וַוייטֶער זִיא ? וואוּ אִיז זִיא, דִיא בְּהוּרְטֶע ?

— אִין מַארְק .

— גַאנְץ גוּט ! הָאט בִּנְיָמִין כִּמְעַט אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטָאן פַאר גְרוֹיס שִׂמְחָה . לֵייג אַוֶועק , נְשָׁמָה מַיינֶע , דַיינֶע קַארְטָאפְלֶעס אוּנ קוּם מִיט מִיר אִין אַלְקִיר אַרַיין . דָארְט אִיז קֵיינֶער נִישְׁטָא ? קֵיין שׁוֹמֵר מִיט דִיר בֶּעדַארְף אִיךְ אִיצְט נִישְׁט הָאבֶּען , אִיךְ וִויל דִיר עֶנְטְפְּלֶעקִין מַיין הַארְץ . אִיךְ קֶען מִיר שׁוֹין גִישְׁט אַיינְהַאלְטֶען , עֶס קָאכֶען אִין מִיר דִיא גֶעבְּלִיטֶען , אַךְ גִיכֶער סֶערְדְצֶע גִיכֶער , זִיא קֶען נָאךְ אָנְקוּמֶען אוּנ אוּנְז שְׁטֶערֶען אֵיידֶער מִיר וֶועלֶען פַארְטִיג וֶוערֶען .

— וָואס אַרְט עֶס מִיךְ ? דוּא וִוילְסְט טַאקִי גִיךְ זָאל זַיין גִיךְ , וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ ? הָאט סֶענְדֶערִיל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אוּנ אִיז אַרַיין אִין אַלְקִיר .

— סֶענְדֶערִיל ! הָאט בִּנְיָמִין אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט אַזַא שְׁמִיעֶס , זָאג מִיר , דוּא וַוייסְט וָואס אוֹיף יֶענֶער זַייט טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע אִיז ?

— אִיךְ וַוייס . דָארְט אִיז דִיא פְּרִיטְשֶׁעפֶּע וואוּ מֶען בֶּעקוּמְט אַ מָאל אַ גוּט בִּיסֶעל בְּרַאנְפְּין .

— דוּא בִּיסְט אַ נַאר , אִיךְ מַיין וַוייטֶער , אַ סַךְ וַוייטֶער .

— נָאךְ וַוייטֶער פוּן דֶר פְּרִיטְשֶׁעפֶּע ?! הָאט סֶענְדֶערִיל פַארְוואוּנְדֶערְט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען , נַיין , וַוייטֶער דֶער פוּן וַוייס אִיךְ נִיט . אוּנ דוּא בִּנְיָמִין וַוייסְט ?

— אוֹיבּ אִיךְ וַוייס ? אַ שְׁאֵלָה אַבִּיסִיל אוֹיבּ אִיךְ וַוייס ? דָא אִיז עֶרְשְׁט דָא אַ וֶועלְט ? הָאט בִּנְיָמִין אַ זָאג גֶעטָאן מִיט הִתְלַהֲבוּת גְלַייךְ וִויא קָאלָאמְבּוּס בְּשַׁעַת עֶר הָאט עֶנְדֶעקְט אַמֶערִיקָא .

— וָואס זְשֶׁע אִיז אַזוֹינְס דָארְטֶען ?

— דָארְטֶען, דָארְטֶען . הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ צוּפְלַאקֶערְט . פִּיפֶּערְנָאטֶער ! לִינְדֶענְווָארֶעם ! . . . .

— דֶער לִינְדֶענְווָארֶעם , מִיט וֶועלְכֶען שְׁלֹמֹה הַמֶלֶךְ הָאט גֶעשְׁנִיטֶען דִיא שְׁטֵיינֶער צוּם בֵּית הַמִקְדָשׁ ? הָאט סֶענְדֶערִיל אַרַיינְגֶערוּקְט ז׳״ ווָארְט בִּתְמִימוּת .

-- יָא, נְשָׁמָה מַיינֶע, יָא. דָארְט אִיז אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, דָארְט אִיז יֶענֶע מְקוֹמוֹת . . . . הַא, דוּא וָואלְסְט גֶעוָואלְט זַיין דָארְט ?

— אוּנ דוּא וָואלְסְט גֶעוָואלְט ?

— אַ שְׁאֵלָה אַבִּיסִיל ! בּאִיךְ וִויל סֶענְדֶערִיל, אִיךְ וִויל אוּנ וֶועל מַאכִי דָארְט בּאלְד זַיין.

— אִיךְ בִּין דִיר מְקַנֵא בִּנְיָמִין. דוּא וֶועסְט עֶס דָארְט זִיךְ אָן עֶסְעֶן אַבִּיסִיל מִיט בָּאקְסָארֶען אוּנ מִיט טֵייטְלֶען. הָא הָא !

-- דוּא סֶענְדֶערִיל קֶענְסְט עֶס אוֹיךְ עֶסְעֶן וִויא אִיךְ. דוּא הָאסְט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַזַא חֵלֶק וִויא אִיךְ.

— חֵלֶק הָאבּ אִיךְ מַאכִי. נָאר וִויא קוּמְט מֶען אָבֶּער אַהִין ? דָארְט אִיז דָאךְ דֶער תּוֹגַר.

— דֶערְצוּ סֶענְדֶערִיל אִיז דָא אַ תְּרוּפָה, זָאג מִיר, סֶערְצֶע, דוּא ווייסְט עֶפִּיס פוּן דִיא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ ?

— אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט גֶענוּג מַעֲשִׂיוֹת אִיבֶּער זֵייא אוּנְטֶערֶען אוֹיוֶוען, נָאר וִויסֶען אַקוּרַאט וואוּ זֵייא זִיצֶען אוּנ וִויא מֶען קוּמְט צוּ זֵייא, דָאס ווייס אִיךְ נִישְׁט. אִיךְ זָאל וִויסֶען מִסְתָּמָא וָואלְט אִיךְ דִיר מוֹדִיעַ גֶעוֶוען. פַאר וָואס נִיט ? וָואס אַרְט עֶס מִיךְ ?

— הֶעהֶע ! זֶעהְסְט-דוּא אוּנ אִיךְ ווייס, הָאט בִּנְיָמִין גֶעזָאגְט מִיט גַדְלוּת אוּנ אַרוֹיסְדֶערְטַאפְּט פוּן קֶעשֶׁענְיֶע דָעם «שִׁבְחֵי יְרוּשָׁלַיִם». זֶעהְסְטוּ אָט וָואס דָא שְׁטֶעהְט. אִיךְ וֶועל דִיר עֶס לֵייעֶנֶען.

«אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען קַיין בְּרוּט״י, אַזוֹי שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען, הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען פִיער יוּדֶען פוּן בָּבֶל. הָאבּ אִיךְ גֶערֶעדְט מִיט אֵיינֶעם פוּן זֵייא וָואס הָאט פַארְשְׁטַאנֶען לָשׁוֹן קוֹדֶשׁ אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען ר׳ מֹשֶׁה, הָאט עֶר מִיר דֶערְצֵיילְט גַאנְץ אֱמֶתֶע זַאכֶען פוּנֶם טֵייךְ סַמְבַּטְיוֹן אַז עֶר הָאט גֶעהָארְכְט פוּן יִשְׁמְעֵאלִים וואס הָאבֶּען אִיהְם גֶעזָעהְן אוּנ אַז דָארְט זֶענִין דָא דִיא בְּנֵי מֹשֶׁה. «אוֹיךְ זָאגְט עֶר וַוייטֶער : «אַז דֶער נָגִיד הָאט מִיר דֶערְצֵיילְט, אַז אַ יָאהְר דְרַייסִיג אִין דֶעם אִיז בַּייא אִיהְם אֵיינְגֶעשְׁטַאנֶען אֵיינֶער וָואס עֶר אִיז גֶעוֶוען פוּן שֵׁבֶט שִׁמְעוֹן, אוּנ עֶר הָאט גֶעזָאגְט אַז אִין זַיין מָקוֹם זֶענִין דָא פִיעֶר שְׁבָטִים, אֵיינֶער פוּן זֵייא אִיז דֶער שֵׁבֶט יִשָּׂשְׂכָר, וָואס אִיז זִיךְ עוֹסֵק אִין תּוֹרָה אוּנ פוּן דֶעם שֵׁבֶט אִיז דָא אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער זֵייא». חוּץ דֶעם שְׁטֶעהְט נָאךְ בְּפֵירוּשׁ.אִי אִין דֶעם-דָאזִיגֶען סֵפֶר «מַסְּעוֹת בִּנְיָמִין» אָט דִיא וֶוערְטֶער : פוּן דָארְט אִיז אַ מַהֲלָךְ פוּן צְוַואנְצִיג טֶעג צוּ דִיא בֶּערְג גִיסְבּוֹן, וָואס אוֹיף ־ער טַייךְ ג ו ז ן. אִין דִיא בֶּערְג גִיסְבּוֹן זֶענִין דָא פִיער שְׁבָטִים : דֶער שֵׁבֶט דָן, דֶער שֵׁבֶט זְבוּלוּן, דֶער שֵׁבֶט אָשֵׁר אוּנ דֶער שֵׁבֶט נַפְתָּלִי, זֵייא הָאבֶּען מְדִינוֹת אוּנ כְּרַכִּים אוּנ דִיא בֶּערְג. פוּן אֵיין זַייט נֶעהְמְט זֵייא אַרוּם דֶער טַייךְ גוֹזָן, זֵייא הָאבֶּען נִיט

אוֹיף

אוֹיף זִיךְ קֵיין יָאךְ פוּן דִיא אוּמוֹת, נָאר אֵיין מֶלֶךְ אִיז דָא אִיבֶּער זַייא אוּנ עֶר הֵייסְט ר׳ יוֹסֵף אַמַרְכְּלָא הַלֵּוִי. אוּנ זַייא הָאבֶּען אַ בְּרִית, אַ בּוּנְד מִיט דֶעם כּוֹפֶר אַל־תּוֹרֶ׳ךְ. אַ חוּץ דֶעם שְׁטֶעהְט נָאךְ אוּנ נָאךְ זַאכֶען וֶועגֶען דִיא בְּנֵי רֵכָב אִין דֶעם לַאנְד תֵּימָא, וָואס זַייא הָאבֶּען אִיבֶּער זִיךְ אַ יוּדִישֶׁען מֶלֶךְ אוּנ פַאסְטֶען אוּנ בֶּעטֶען נָאט תָּמִיד אוֹיפֶן גָלוּת יִשְׂרָאֵל, נוּא, וָואס דֵיינְקְסְט דוּא, סֶערְדְצֶע, אַז זַייא וָואלְטֶען אַ שְׁטַייגֶער פְּלוּצְלִים דֶערְזֶעהְן מִיךְ, מִיךְ זַייעֶר בְּרוּדֶער בִּנְיָמִין פוּן טוּנֶעיַאדֶעוְוקֶע קוּמְט צוּ זַייא צוּ גַאסְט? הַא, וָואס דֵיינְקְסְט דוּא סֶענְדֶערִיל? אַדְרַבָּה זָאג, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, וָואס זָאגְסְט־דוּא דֶערְצוּ?

— זֵיי וֶועלֶען פְּשׁוּט זִיךְ מְחַיֶה זַיין, זָאג אִיךְ דִיר בִּנְיָמִין, אַ קַאטְאוֶועס אַזַא גַאסְט, אַזַא טְהַייעֶרֶער גַאסְט! אִיטְלִיכֶער וֶועט דִיךְ פַארְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ אוֹיף אַ מָאהְלְצַייט. דֶער מֶלֶךְ אַמַרְכְּלָא מִסְתָּמָא אוֹיךְ. לָאז זַייא דָארְט חָאטְשׁ פוּן מִיר גָאר פְרַיינְטְלִיךְ גְרִיסֶען. אִיךְ זָאל קָענֶען וָואלְט אִיךְ חָלֶעבִּין אוֹיךְ מִיט דִיר אַהִין גֶעגַאנְגֶען.

— הַא! הָאט בִּנְיָמִין אַ מַאךְ גֶעטָאן פַארְפְלַאמְט פוּן אַ נַייעֶם גֶעדַאנְק, וָואס אִיז אִיהְם אַיינְגֶעפַאלֶען. הַא! טָאמִיר בֶּאֱמֶת טַאקִי סֶענְדֶערִיל. סֶערְדְצֶע, וָואלְסְט־דוּא מִיט מִיר אִין אֵיינֶעם גֶעמַאכְט דִיא נְסִיעָה. נַארֶעלֶע. אַצִינְד חָלֶעבִּין הָאסְט־דוּא זֶעהְר אַ גוּטֶע גֶעלֶעגֶענְהֵייט. אִיךְ גֶעה אַבְּלֵייז אַהִין וֶועל אִיךְ דִיר מִיטְנֶעהְמֶען. נַארֶעלֶע אֵיינֶער, אִין צְוֵוייעֶן אִיז הֵיימְלִיכֶער. טָאמִיר וֶועל אִיךְ דָארְט, אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה, וֶוערֶען מֶלֶךְ וֶועל אִיךְ דִיךְ מַאכֶען, חָלֶעבִּין, פַר אַ מִשְׁנֶה לְמֶלֶךְ. נַא דִיר מַיין הַאנְד תְּקִיעַת־כַּף! וָואס וֶועסְט דוּא, נַארֶעלֶע, דָא זִיטְצֶען אוּנ לֵיידֶען גָלוּת נֶעבִּיךְ פוּן דַיין פְּלוֹנִיתְטֶע, דִיא רָשָׁע׳טֶע. קוּק אָן וָואס פַאר אַ בַּאק נֶעבִּיךְ דוּא הָאסְט. דוּא הָאסְט דָאךְ בַּייא אִיהְר אַ וִויסְטֶע, פִינְצְטֶערֶע דָאלְיֶע. חָלֶעבִּין סֶענְדֶערִיל קוּם. וֶועסְט נִישְׁקְשָׁה קֵיין חֲרָטָה נִישְׁט הָאבֶּען.

— טָא. הָאט גֶעזָאגְט סֶענְדֶערִיל, אוֹיבּ דוּא וִוילְסְט דַוְקָא אַזוֹי, זָאל זַיין אַזוֹי. אַי זִיא? וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ? אַ נַאר וָואלְט אִיךְ בֶּעדַארְפְט זַיין אִיר זָאגִין וָואהִין אִיךְ לָאז מִיךְ אַוֶועק.

— נְשָׁמָה מַיינֶע, לָאמִיךְ דִיךְ אַ קִישׁ טָאן! הָאט בִּנְיָמִין אַרוֹיסְגֶעלָאזְט מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה אוּנ פַאר לִיבְּשַׁאפְט אַרוּמְגֶענוּמֶען סֶענְדֶערִיל דִיא יוּדֶענֶע. דוּא הָאסְט מִיר סֶערְדְצֶע מִיט אֵיין וָוארְט פַארֶענְטְפֶערְט אַ קַשְׁיָא, אַ קְלָאצִין־קַשְׁיָא. אִיךְ זָאג אִיצְט אוֹיךְ אַזוֹי וִויא דוּא: אַי זִיא? מַיינֶע, מַיין אִיךְ, וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ? ס׳אִיז אָבֶּער דָא נָאךְ אַ קַשְׁיָא וואו נֶעהְמְט מֶען אוֹיף הוֹצָאוֹת.

— אוֹיף הוֹצָאוֹת? דוּא וִוילְסְט דֶען זִיךְ אוֹיסְקְלֵיידֶען, בִּנְיָמִין, אָדֶער אִיבֶּערְנִיטְצֶעוֶוען דַיין קַאפָּאטֶע. הֶערְסְט־דוּא, אוּנ אִיךְ וָואלְט

נעזאגט

גְעזָאגְט , מ״ן בֶּעדַארְף חְלֶעבִּין גִישְׁט . אִין װֶעג אִיז אַדְרַבָּה גְלַייכֶער אַלְטֶע קְלַייחֶער . דָארְט װֶעלֶען מִיר מִסְתָּמָא בֶּעקוּמֶען נַייֶע שֵׁיינֶע־קַאפָּאטֶעס .

— יָא טַאקִי אֶמֶת , דָארְט הָאבּ אִיךְ שׁוֹין קַיין דַאֲגָה נִישְׁט . מֶען בֶּעדַארְף דָאךְ אָבֶּער לְעֵת־עַתָּה בִּיז דָארְט הָאבֶּען עֶפִּיס גֶעלְד פְּרָאסְט אוֹיף צוּעֶסֶען ?

— װָאס הֵייסְט , בִּנְיָמִין , אוֹיף־צוּעֶסֶען ? דוּא הָאסְט דֶען זִכְרָעה מִיטְפִּיהְרֶען מִיט זִיךְ אַ קֶעךְ ? צוּ װָאס ? נִישְׁטָא דֶען אוֹיפֶן װֶעג קַיין קְרֶעטְשְׁמֶעס , קַיין הַייזֶער ?

— אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ , סֶענְדֶערִיל , נִישְׁט װָאס דוּא מֵיינְסְט , הָאט בִּנְיָמִין פַארְװאוּנְדֶערְט זִיךְ אָפְּגֶערוּפֶען .

— אִיךְ מֵיין , הָאט סֶענְדֶערִיל גִיעֶנְטְפֶערְט בִּתְמִימוּת , אַבִּי ס׳אִיז דָא נָאר הַייזֶער , קֶען מֶען אִין אַיין װֶעג טַאקִי גֶעהְן אִיבֶּער דִיא הַייזֶער . װָאס טְהוּעֶן דֶען אַלֶע אַנְדֶערֶע יוּדֶען ? הַיינְט גֶעהְן אַ טְהֵייל צוּ יֶענֶע אִין דִי הַייזֶער דֶערְנָאךְ גֶעהְן יֶענֶע פוּן זַייעֶר זַייט צוּ אַנְדֶערֶע אִין דִיא הַייזֶער . ס׳אִיז דָאךְ אַ יוּדִישֶׁע זַאךְ , נָאר אֵ גְמִילוּת חֶסֶד . . . .

— דוּא בִּיסְט חְלֶעבִּין גֶערֶעכְט ! הָאט בִּנְיָמִין אַ זָאג גֶעטָאן בְּשִׂמְחָה . אַצוּנְד אִיז מִיר לִיכְטִיג גֶעװָארֶען אִין דִיא אוֹיגֶען . אוֹיבּ אַזוֹי , בִּין אִיךְ בָּרוּךְ הַשֵּׁם אִין גַאנְצֶען פַארְטִיג אוּנ פַארְזָארְגְט מִיט אַלְצְדִינְג . נָאךְ מָארְגֶען טַאקִי , גַאנְץ פְרִיה אַז דֶער עוֹלָם װֶעט נָאךְ שְׁלָאפֶען קֶענֶען מִיר אַװֶעקְגֶעהְן . פַארְלִיהְרֶען צַייט אִיז חְלֶעבִּין אַיין עֲבֵרָה . דוּא בִּיסְט מוּסְכָּם ?

—דוּא װִילְסְט מָארְגֶען , זָאל זַיין מָארְגֶען , װָאס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ ?

— מָארְגֶען גַאנְץ פְּרִיה , הֶערְסְטוּ סֶענְדֶערִיל ? , װֶעל אִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן דֶער הַיים . לֶעבִּין דֶער פוּסְטֶער װִינְטְמִיהְל דָארְט װֶעל אִיךְ אוֹיף דִיר װַארְטֶען . גֶעדֵיינְק זְשֶׁע סֶענְדֶערִיל , מָארְגֶען גַאנְץ פְּרִיה זָאלְסְט דוּא אַהִין אַרוֹיסְקוּמֶען . גֶעדֵיינְק זְשֶׁע , הָאט בִּנְיָמִין נָאךְ אַ מָאל אִיבֶּערְגֶעחַאזֶערְט אוּנ שׁוֹין גֶעװָאלְט אַװֶעקְגֶעהְן .

— װַארְט נָאר בִּנְיָמִין , װַארְט אַבִּיסִיל ! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעזָאגְט , זִיךְ גֶעבָּאבְּרֶעט אִיבֶּער דֶער בּוּזֶעם־קֶעשֶׁענִיֶע פוּנֶם לַייבִּיל אוּנ אַרוֹיסְדֶערְטַאפְּט פוּן דָארְט עֶפִּיס אַיין אַלְט פַארְשְׁװִיצְט שְׁטִיקֶעל יֶערְכֶע , אַרוּמְגֶעװִיקֶעלְט מִיט בֶּענְדְלִיךְ עֶטְלִיכֶע מָאל הִין אוּנ צוּרִיק אוּנ פַארְקְנִיפְּט אַוַודַאי מִיט אַ צְװַאנְצִיג קְנִיפְּלִיךְ . זֶעהְסְט־דוּא בִּנְיָמִין , אָט דָאס קְנִיפֶּעל הָאבּ אִיךְ אוּסְפֵּייעֶט אָנְזַאמְלֶען אוּנְטֶער מֵיין װַייבּ פַאר דֶער גַאנְצֶער צַייט , װָאס אִיךְ הָאבּ פַאר אִיהְר חֲתוּנָה גֶעהַאט . עֶס װֶעט אוּנְז אִין דֶער הַתְחָלָה צוּנִיטְץ קוּמֶען , הַא ?

— אַצוּנְד , קֶערְדְנֶע , בִּיסְט דוּא װֶערְט מֶען זָאל דִיר אוֹיסְקִישֶׁען

איטליכס אבער, איטליכס גליד בעזונדער, האָט בנימין געזאָגט הויך, לעבעדיג און אַרומגעכאַפּט סענדעריל דיא יודענע.

— אַ פאַרכאַפּט זאָלסט־דוא ווערען! קוקט נאָר אָן, איך בעט אייך, דאָס גרויסע ליבשאַפט וויא מען געהמט זיך אַזוי אַרום, און דאָ אין שטוב שטעהט אַ ציג און עסט דיא־קאַרטאָפלעס! האָט זיך פּלוצלים געהערט אַ געשריי:

— דאָס געשריי איז געוועזען פון סענדערילס פּלוניתטע, זיא איז געשטאַנען אָנגעצונדען אין אַ פייער, מיט איין האַנד געוויזען אויף דער ציג און מיט דער אַנדערער גערופען צו זיך סענדערלין, סענדעריל האָט מיט איין אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ זיך געלאָזט פּאַמעליך פּאַמעליך אַריינגעהן אין שטוב גלייך וויא אַ פאַרזינדיגט קינד וואָס מען וויל איהם מקיים פּסק זיין.

— שטאַרק זיך, נשמה מיינע, דאָס איז איהר שוין דאָס לעצטע מאָל, געדיינק זשע מאָרגען... האָט בנימין שטילערהייט איינגערייםט סענדערלין אין אויער און וויא אַ קעטצעלע זיך אַרויסגערוקט פונם שטוב.

---

## ה.

## וויא בנימין מיט סענדערלין פאַרלאָזען טונעיאַדעווקע.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה איידער דער פּאַסטוך האָט נאָך פאַרטריבען דיא בהמות אין דער טשערעדע אַריין איז אונזער בנימין שוין געשטאַנען גרייט לעבין דער ווינטמיהל מיט אַ פּעקיל אונטערן אָרם. איינעווייניג אין דעם פּעקיל איז געלעגען אַלע זאַכען, וואָס זענין נייטיג געוועזען צו דער נסיעה היינו: טלית און תפילין, אַ סידור דרך החיים, אַ חוקיל, אַ תהלים און יענע אַלע ספרים, אָהן וועלכע ער האָט זיך נישט געקענט ריהרען אַזוי וויא אַ בעל מלאכה אָהן זיין געציינג. דיא שבתדיגע קאַפּאָטע זיינע איז אויך דאָרט געלעגען מען מוז דאָך פאַר דער וועלט אַ פּנים האָבען און יוצא זיין פאַר לייט. אין קעשענע האָט ער נעהאַט אַ פוספּעהנ־טהאַלבען גראָשען, וואָס ער האָט פאַרן אַוועקגאַנג אַרויסבעקומען ביי זיין פּלוניתטע אונטער דער קישען. הכלל ער איז געוועזען ברוך השם פאַרזאָרגט מיט אַלעדינג און שוין געקענט זיך לאָזען אין וועג אַריין.

דיא זון איז דערווייל אויפגעגאַנגען זעהר שיין און האָט אַראָפּגעקוקט מיט איהר ליכטיגען פּנים אויף דער וועלט. איין קוק איהרער האָט צוא געגעבען אַ שטיק געזונט, מחיה געוועזען איטליכע זאַך בעזונדער. ביימער און גראָז האָבען עפּיס וויא זיס געשמייכעלט איידער דיא גרויסע טרעהרין וויא פון ביי־נאַכט זענין זייא נאָך נישט אויסגעטריקענט, אַקוראַט וויא

קְלַיינֶע קִינְדֶער צוּלַאכֶען זִיךְ פְּלוּצְלִים פְרֶעהְלִיךְ אִין מִיטֶען גֶעוַויין פוּן אַ בְּלִישְׁטְשֶׁעדִיג טְשַׁאטְשְׁקֶעלֶע, בְּשַׁעַת טְרֶעהְרֶען וְוִיא דִיא בָּאבֶען שְׁטֶעהֶן זַייא נָאךְ אִין דִיא אוֹיגֶען. דִיא פֶעלְדְפַייגֶעלִיךְ הָאבֶּען גֶעשְׁווִינְד זִיךְ גֶעטְרָאגֶען אִין דֶער לוּפְט, גֶעשְׁפִּילְט אוּנ גֶעזוּנְגֶען אַרוּם בִּנְיָמִינ׳ן. גְלַייךְ וְוִיא זַייא וָואלְטֶען גֶעזָאגְט: קוּמְט, לָאמִיר זִינְגֶען אִי שַׁאלֶען אוּנ דֶערְפְרַייעֶן דֶעם פַיינֶעם פַּארְשׁוֹין לֶעבִּין דֶער ווִינְטְמִיהְל! דָאס אִיז בִּנְיָמִין אַלַיין, דָאס אִיז בִּנְיָמִין דֶער טוּנֶעיַאדֶעווְקֶער, דֶער אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן פוּן זַיין צַייט, וָואס עֶר פַּארְלָאזְט זַיין פָּאטֶער לַאנְד, וַוארְפְט אַוֶועק וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער אוּנ גֶעהְט אִין גָאטְס שְׁלִיחוּת וָואהִין דִיא אוֹיגֶען טְרָאגֶען! אָט שְׁטֶעהְט דֶער גְרוֹיסֶער בִּנְיָמִין, וָואס עֶר אִיז וְוִיא דִיא זוּן אַרוּים פוּן זַיין גֶעצֶעלְט אוּנ פְרַייט זִיךְ וְוִיא אַ גִבּוֹר צוּלוֹיפֶען אִין וֶועג מִיט זַיין פֶּעקִיל אִין דֶער הַאנְד! עֶר אִיז שְׁטַארְק וְוִיא אַ לֶעמְפֶּערְט אוּנ גְרִינְג וְוִיא אַיין אָדְלֶער צוּטָאן דֶעם רָצוֹן פוּן אוּנְזֶער פָּאטֶער אִין הִימֶעל! זִינְגְט שְׁפִּילְט: טְרִילִילִילִי, טְרִרִיל, טְרִיל! שַׁאלְט זִינְגְט אוּנ דֶערְפְרַייעַט זַיין הָאָרֶץ!.. בִּנְיָמִינ׳ן אִיז טַאקִי בֶּאֱמֶת פְרֵיילִיךְ גֶעוֶועזֶען אוֹיפֶן הַאַרְץ, עֶר הָאט בַּייא זִיךְ גֶעטְרַאכְט: „אִיךְ בִּין דָאךְ דֶער גְלִיקְלִיכְסְטֶער מֶענְשׁ אוֹיף דֶער וֶועלְט, וָואס פֶעהְלְט מִיר אָהְן עַיִן־הָרָע? וָואס גֶעהְט מִיר אָפּ? מַיין וַוייבּ הָאבּ אִיךְ, גֶעלוֹיבְּט אִיז הַשֵּׁי״ת, פַּארְזָארְגְט. זִיא הָאט אַ שְׁטִיקֶעל פַּרְנָסָה. אִיךְ אַלַיין בִּין אַ פְרַייעֶר פוֹיגֶעל, גְלַייךְ וְוִיא דִיא אַלֶע פֶעלְדְפַייגֶעלִיךְ דָא. דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט אִיז פַאר מִיר אָפֶען. מִיט מַיין גֶענִיטְשַׁאפְט, מִיט מַיין בֶּעהַארְצְקַייט אוּנ מִיט מַיין שְׁטִיקֶעל יְדִיעָה אִין דִי שֶׁבַע חָכְמוֹת וֶועל אִיךְ נִישְׁקְשָׁה עֶרְגִיץ נִישְׁט פַּארְפַאלֶען וֶוערֶען. הַיינְט דֶערְבַּייא בִּין אִיךְ דָאךְ עֶפִּיס אַ יוּד, אַ שְׁטִיקֶעל בַּעַל בִּטָחוֹן, אַוֶועקְגֶעלֵייגְט שׁוֹין אַלֶע מַעֲלוֹת אִין דֶער זַייט לֶעבֶּען דָאךְ יוּדֶען אָפּ אַ וֶועלְט מִיט בִּטָחוֹן אַלַיין אוּנ גָאט פִיהְרְט זַייא אוֹיס.

בִּנְיָמִין אִיז עֶפִּיס זֶעהְר גוּט גֶעוֶועזֶען אוֹיפֶן הַאַרְץ אַזוֹי, אַז דִיא לֶעפְּצֶען זַיינֶע הָאבֶּען זִיךְ גִיעֶפֶענְט אוּנ עֶר הָאט בִּנְעִימוּתְדִיג אוֹיפֶן בַּייא־קוֹל אוּנְטֶערְגֶעזוּנְגֶען אַ מַארְשׁ פוּנֶם מֶלֶךְ עֶלְיוֹן. זַיין מַארְשׁ הָאט זִיךְ פַּארְמִישְׁט מִיט דֶעם גֶעזַאנְג פוּן דִיא פֵייגֶעלִיךְ, מִיט דֶעם זוּשֶׁען פוּן דִיא פְלִיגְלֶען. מִיט דֶעם שְׁמוּטְצֶערֶען פוּן דִיא גְרִילֶען אוּנ הָאבֶּען אִין אַ קָאנְצֶערְט זִיךְ דֶערְהַייבֶּען בִּיז צוּם כִּסֵּא הַכָּבוֹד פוּן זַיין לִיבֶּען נָאמֶען הוֹיךְ אוֹיף דֶעם אוֹיבֶּערְשְׁטֶען הִימֶעל!

דֶערְוַוייל אִיז אַ וֶועק אַ הִיבְּשֶׁע צַייט אוּנ סֶענְדֶערִיל אִיז נָאךְ נִישְׁטָא דָאס הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בִּנְיָמִינ׳ן אַבִּיסִיל צוּאַרֶען אוּנ צוּשְׁטֶערְט זַיין שִׂמְחָה עֶר הָאט גֶעקוּקְט אִין אַלֶע זַייטֶען, זִיךְ אַרוּיסְגֶענוּמֶען דִיא אוֹיגֶען קוּקֶענְדִיג, נָאר אוּמְזִיסְט דִיא מִיה מֶען הֶערְט נִישְׁט מֶען זֶעהְט נִישְׁט, נִיטָא

סֶענְדֶערִיל! הָאט אִיהְם אֶפְשַׁר דֶען דִיא רְשָׁעטֶע זַיינֶע מְכַבֵּד גֶעוֶועֶן מִיט עֶפִּים אַ מְלָאכָה? נָאר דֶערְצוּ אִיז נָאךְ אָבֶּער אִיצְט נִישְׁט דִיא צַייט, גַאנְץ טוּנֶעיַאדֶעוּוֶקֶע שְׁלָאפְט נָאךְ אַצוּנְד גֶעשְׁמַאק. קַארְטָאפְלֶעס הֵייבְּט מֶען אָן צוּ שַׁיילֶען הֶעט שְׁפֶּעטֶער, יוּדֶענְס נֶעהְמֶען זִיךְ צוּם וַוארֶעמְס עֶרְשְׁט נָאכְן אָפְּקְרִיגֶען אוּנ אָפְּשֶׁעלְטֶען זִיךְ מִיט דִיא מַאנֶען, עֶרְשְׁט דֶערְנָאךְ וֶוען מֶען שְׁמַייסְט שׁוֹין אָפּ קִינְדֶער אוּנ מֶען הֵיינְגְט אַרוֹיס טְרִיקֶענֶען דִיא בֶּעבִּיכֶעס... אוּנְזֶער בִּנְיָמִין הָאט נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּטָאן אוּנ אִיהְם אִיז גֶעוָוארֶען נִישְׁט פְרֵיילִיךְ שְׁטַארְק נִיט פְרֵיילִיךְ. אוּמְקֶעהְרֶען זִיךְ אַ הֵיים? פֶע, דָאס אִיז מִיאוּס! אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן הָאט צוּבְּרָאכֶען דִיא בְּרִיק אִיבֶּער וֶועלְכֶער עֶר אִיז אַרִיבֶּער קַיין הִינְדְיָא, כְּדֵי עֶר זָאל נִישְׁט קֶענֶען צוּרִיק גֶעהְן. לָאזֶען־זְשֶׁע זִיךְ אַלֵיין אָהְן סֶענְדֶערְלִין? נֵיין, דָאס אִיז פְּרִיקְרֶע זֶעהְר פְּרִיקְרֶע! סֶענְדֶערִיל אִיז אִיהְם גֶעוֶוען שְׁטַארְק נֵייטִיג, זִינְט עֶר הָאט מִיט אִיהְם זִיךְ סְקָאמְפֶּענַייעֶט אִיז אִיהְם עֶפִּים לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען אִין דִיא אוֹיגֶען. אָהְן סֶענְדֶערְלִין זִיךְ אַוֶועקְצוּלָאזֶען וָואלְט אוֹיסְגֶעקוּמֶען עֶפִּים מְשׁוּנֶה ווִילְד, עֶס וָואלְט נָאר אַ פָּנִים גֶעהַאט וִויא אַ שִׁיף אָן אַ רוּדֶער, אָדֶער וִויא אַ מְלוּכָה אָהְן אַ מִינִיסְטֶער. פְּלוּצְלִים הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט זֶעהְן פוּן דֶער וַוייטֶענְס עֶפִּים וִויא אַ מֶענְשֶׁענְגֶעשְׁטַאלְט, דַאכְט זִיךְ סֶענְדֶערִיל אוּנ פָּארְט נִישְׁט סֶענְדֶערִיל, דַאכְט זִיךְ גָאר אֵיינֶע אִין אַ צִיצֶען קְלֵיידֶעל אוּנ מִיט אַ טִיכֶעל אוֹיפְן קָאפּ. בִּנְיָמִינֶ'ן הָאט אַ טְיָאכְקֶע גֶעגֶעבֶּען דָאס הַארְץ אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען טוֹיט, בְּלֵייךְ וִויא דִיא וַואנְד. אִיהְם הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אַז דָאס גֶעהְט זַיין וַוייבּ. נֵיין זִיא גֶעהְט נִישְׁט, זִיא לוֹיפְט, זִיא יָאגְט, אָט קוּמְט זִיא צוּלוֹיפֶען, חַאפְּט זִיךְ אוֹיף אִיהְם אַרוֹיף מִיט גְרוֹיס כַּעַס, לָאזְט צוּ אִיהְם אוֹיס אִיהְר שְׁוֶוער בִּיטֶער הַארְץ אוּנ שְׁלֶעפְּט אִיהְם אַ הַיים מִיט אַ יָאמֶער, אַ קְלָאג. „אֵיין גָאט נָאר וַוייסְט“ אַזוֹי דֶערְצֶעהְלְט בִּנְיָמִין אַלֵיין „וִויא אִיךְ בִּין דֶענְסְטְמָאל גֶעשְׁטַאנֶען אִין אֵיינֶע צָרוֹת, אִין גֶעהַאקְטֶע וואוּנְדֶען, הוּנְדֶערְט פִּיפֶּערְנָאטֶערֶען וָואלְט מִיר דֶענְסְמָאל לִיבֶּער גֶעוֶוען צוּבֶּעגֶעגֶענֶען וִויא מַיין וַוייבּ; וָוארִים אַ פִּיפֶּערְנָאטֶער בַּייסְט נָאר דָאס לַייבּ, דֶעם גוּף, אוּנ אַ וַוייבּ בְּשַׁעַת כַּעַס גְרִיזֶעט אוּנ בַּייסְט דִיא נְשָׁמָה. הַשֵּׁי״ת אָבֶּער הָאט מִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אִיךְ בִּין בַּאלְד טַאקִי בֶּעהַארְצְט אַנְטְלוֹיפֶען זִיךְ פַארְבָּארְגֶען הִינְטֶער דֶער ווִינְטְמִיהְל אוּנ גֶעלוּגְט דָארְט וִויא אַ לַייבּ לִיגְט אוֹיף זַיין פַארְצוּקוּנְג“. — אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז בִּנְיָמִין אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין פַארְבָּארְגֶענִישׁ מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען שְׁפְּרוּנְג אוּנ מִיט אַ גֶעשְׁרַייא וִויא אַ רֵיינֶער מְשׁוּגָענֶער:

הַא סֶענְדֶערִיל!

סֶענְדֶערִיל אִיז גֶעגַאנְגֶען אָנְגֶעטָאן אִין אַ צִיצֶען חַאלַאטִיל. אוּנְטֶערְגֶעבּוּנְדֶען בֵּיידֶע בָּאקֶען מִיט אַ פַארְשְׁמָאלְצֶענֶע טִיכֶעל, אוּנְטֶער

ביידע

בַּיידֶע אוֹיגֶען בְּלוֹיא, צוּגְרַאבָּעלְט, אַ שְׁטֶעקֶען אִין דֶער הַאנְד אוּנ אוֹיף דִיא פְּלַייצֶעס אַ הִיפְּשׁ פֶּעקִיל. עֶר הָאט אִין בִּנְיָמִינְס אוֹיגֶען גֶעהַאט דֶענְסְמָאל דֶעם זִיבֶּעטֶען חֵן וִויא אַ שֵׁיינֶע אוֹיסְגֶעפּוּצְטֶע כַּלָה אִין דִיא אוֹיגֶען פוּנֶם חָתָן. בִּנְיָמִין שִׁילְדֶערְט זַיין שִׂמְחָה דֶענְסְטְמָאל מִיט דִיא ווֶערְטֶער: „וִויא אַ אִינְד וָואס גִילוּסְט אוֹיף קְוַואלֶען וַואסֶער, וִויא אַ דָארְשְׁטִיגֶער אִין דֶער מִדְבָּר, ווָאס גֶעפִינְט לֶעבֶּעדִיגֶע, קְוֶועלֶענְדִיגֶע וַואסֶער, ווָאס רִינְט אַרָאפּ פוּן אַ שְׁפִּיץ סְקַאלֶע אַזוֹ הָאט מַיין גְלוּסְטִינֶע לַייבּ זִיךְ גִיטָאן טָאן דֶערְפְרֵייעֶן אוֹיף סֶענְדֶערְלִין מַיין בֶּעשֶׁעהְרְטֶען מַיין גֶעטְרַייעֶן גֶעזֶעלֶען״.

— ווָאס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה סֶענְדֶערִיל? ווָאס הָאסְט־דוּא גֶעלָאזְט אוֹיף זִיךְ אַזוֹי לַאנְג וַוארְטֶען?

— שְׁטַייטְס אִיךְ בִּין דָאךְ גֶעגַאנְגֶען צוּ דִיר אַ הַיים, הָאט סֶענְדֶערִיל בִּתְמִימוּת גֶעעֶנְטְפֶערְט, בִּיז וַואנֶען אִיךְ בִּין דֶערְגַאנְגֶען אוּנ בִּיז וַואנֶען אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעוֶועקְט דַיין זֶעלְדֶען אִיז דֶערְוַוייל אַוֶועק אַ הִיבְּשֶׁע צַייט.

— אוֹיפְגֶעוֶועקְט זֶעלְדֶען! הָאט בִּנְיָמִין אַ גֶעשְׁרֵייא גֶעגֶעבֶּען מְשׁוּנָה ווִילְד נִישְׁט מִיט זַיין קוֹל. סֶענְדֶערִיל. לְמַאי מְשׁוּגֶענֶער, הָאסְט דוּא אַזוֹינְס גֶעטָאן?

— ווָאס סְטַייטְשׁ לְמַאי?! הָאט סֶענְדֶערִיל פַארְווָאוּנְדֶערְט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען. לְמַאי, אַז אִיךְ הָאבּ דִיר פְרִיהֶער אָנְגֶעקְלַאפְּט אִין דֶער סְפִּיזְשַׁארְנֶע אוּנ דוּא הָאסְט זִיךְ נִישְׁט אָנְגֶערוּפֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶענוּמֶען קְלַאפֶּען אִין דֶער שְׁטוּבּ טְהִיר סְטוּק, סְטוּק, סְטוּק נוּא אִיז זֶעלְדֶע, נִישְׁט טוּיט נִישְׁט לֶעבֶּעדִיג, אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ אִיךְ הָאבּ זִיא גִיפְרֶעגְט מַכָּה דִיר.

— סֶענְדֶערִיל, מִיר זֶענִין פֶערְבַּייא! דוּא הָאסְט פַארְקָאכְט אַ גוּטֶע קַאשֶׁע סְטַייטְשׁ זֶעלְדֶע וֶועט נָאךְ לוֹיפֶען, זֶעלְדֶע אוּנ וֶועט...

— אִי, שְׁרֶעק זִיךְ נִישְׁט בִּנְיָמִין! זִיא הָאט מִיךְ אָפְּגֶעשִׁיקְט צוּ אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְר מִיט אַזַא כַּעס גְלַייךְ וִויא אִיךְ ווָאלְט אִיהְר גֶעקוֹילֶעט דִיא קַאפָּאטֶע. „גֶעה מִיט מַיינֶעם אִין אַיינֶעם, אִין דֶער עֶרְד אַרַיין בֵּיידֶע!״ הָאט זִיא גֶעזָאגְט אוּנ צוּגֶעמַאכְט דִיא טְהִיר. אִיךְ בִּין אַ הִיבְּשֶׁע צַייט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן אִין דְרוֹיסֶען וִויא צוּמִישְׁט. דֶערְנָאךְ עֶרְסְט הָאבּ אִיךְ מִיךְ דֶערְמָאנְט אָן דֶער וִוינְטְמִיל אוּנ זִיךְ גֶעשְׁטוּיסֶען, דוּא מוּזְט שׁוֹין אַ פָּנִים זַיין דָא, אוּנ דֶערִיבֶּער טַאקִי הָאט אַ פָּנִים דַיינֶע גֶעזָאגְט: „גֶעה מִיט מַיינֶעם אִין אַיינֶעם, אִין דֶער עֶרְד אַרַיין בֵּיידֶע!״ זִיא הָאט אַ פָּנִים, מוּז גֶעדְרוּנְגֶען זַיין, גֶעזֶעהֶען וִויא דוּא בִּיסְט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

— ווָאס, ווָאס סֶענְדֶערִיל! זִיא הָאט גֶעזֶעהֶען? אֶפְשָׁר גֶעהְט זִיא, גֶעהְט זִיא אֶפְשָׁר?

— חָלִילָה, בִּנְיָמִין! זִיא הָאט נָאר פַארְקִייטָעלְט דִיא טְהִיר. אַז אִיךְ הָאבּ פַארְן אַוֶעקְגֶעהְן וִוידֶער אָנְגֶעקְלַאפְּט אוּנ נֶעפְרֶעגְט: זֶעלְדֶע זֶעלְדֶע, וָואס זָאגְסְט־דוּא עֶפִּיס אָן צוּ דַיין מַאן זֶעלְדֶע? אָדֶער הָאסְט דוּא אֶפְשֶׁר, אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה, וָואס אִיהְם מִיט צוּגֶעבֶּן, זֶעלְדֶע? הָאט זִיא נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט קֵיין גוּט וָוארְט. אַ פָּנִים זִיא הָאט זֶעהְר אַ הַארְטֶען שְׁלָאף, אוּנ שְׁלָאפְט גֶעשְׁמַאק אָהְן עַיִן־הָרַע. נוּא הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט: זֶעלְדֶע דוּא שְׁלָאפְסְט, שְׁלָאף זִשֶׁע שְׁלָאף גֶעזוּנְטֶערְהֵייט! זַייא מִיר גֶעזוּנְט זֶעלְדֶע! הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ בִּין מִיר אַוֶעקְגֶענַאנְגֶען.

סֶענְדֶערִילְס לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער הָאבֶּען אַזוֹי וִויא טְרָאפֶּענְס אֶפְּגֶעמִינְטֶערְט בִּנְיָמִינֶען. עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען פְרֵייא צוּאָטְהֶמֶען אוּנ גֶעסָאפֶּעט, גְלֵייךְ וִויא אַ שְׁטֵיין אִיז אִיהְם פוּנָם הַארְץ אַרָאבּ. דָאס פָּנִים הָאט אִיהְם גֶעשַׁיינְט אוּנ זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבִּן גֶעפְלַאקֶערְט פַאר גְרוֹיס פְרֵייד.

— אַצִינְד סֶענְדֶערִיל! הָאט עֶר עֶפִּיס וִוילְד אַ קְוִויטְשׁ גֶעגֶעבֶּען, אַצִינְד מִיט דֶער רֶעכְטֶער פוּס!

אִין דֶער צֵייט הָאט פוּן אַלוּזְשֶׁע אִין דֶער זַייט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַ קוֹל פוּן זְשַׁאבֶּעס, גְלֵייךְ וִויא זַייא הָאבִּין זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען אוּנ זַייא צוּגֶעקְוָואקֶעט אַ מַארְשׁ, טוּנֶעיַאדֶעווְקֶער זְשַׁאבֶּעס שְׁרַייעֶן מְשׁוּנֶה שְׁטַארְק אִין זַייעֶרֶע פַארְשִׁימֶעלְטֶע בְּלָאטֶעס, זַייא זֶענִין בֶּערִיהְמְט אִין דֶער וֶועלְט גְלֵייךְ מִיט דְנִיעֶפְּרָאוִויצֶער וַואנְצֶען אוּנ טַארַאקַאנֶעס...

---

# ו.

## וָואס מִיט אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען פַּאסִירְט זִיךְ בַּאלְד בַּיים עֶרְשְׁטִין אַרוֹיסְפָאהְר:

אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ אַלָאז גֶעטָאן רַאפְּטָאם אוּנ גֶענַאנְגֶען גֶעשְׁמַאק גִיךְ, גְלֵייךְ וִויא זַייא וָואלְטֶען זִיךְ אֶפְּגֶערִיסֶען פוּן אַ קֵייט אָדֶער גְלֵייךְ וִויא אֵיינֶער וָואלְט זַייא פוּן הִינְטֶען גֶעטְרִיבֶּען מִיט אַ בַּייטְשׁ. מִיט זַייעֶרֶע בְּרֵייטֶע פָּאלֶעס, וָואס הָאבֶּען גֶעשְׁוֶועבְּט אוֹיפֶן ווִינְד הָאבֶּען זַייא זִיךְ גֶעמֶעגְט גְלַייכֶען צוּ אַ שִׁיף, וָואס גֶעהְט גֶעשְׁווִינְד אוֹיף אִיהְרֶע אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייטֶע זֶעגְלֶען. דִיא קָאנְדוּקְטָארֶעס פוּן גֶעווִיסֶע דִילֶעזְשַׁאנְסָען אִין אוּנְזֶער ווִינְקֶעל וָואלְטֶען זִיךְ חָלֶעבִּין גֶעמֶעגְט ווִינְשֶׁען: הַלְוַאי דֶער גַאנְג פוּן אוּנְזֶערֶע וַואגְדֶערֶער אוֹיף זַייעֶרֶע פֶערְד גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען! סַארָאקֶעס אוּנ וַוארָאנֶעס וָואס הָאבֶּען אַרוּמְגֶעשְׁפַּאצִירְט אוֹיף דֶער עֶרְד הָאבֶּען מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ אֶפְּגֶעטְרֶעטֶען דֶעם וֶועג אוּנ זֶענִין שְׁרֵייעֶנְדִיג זִיךְ צוּפְלֵייגֶען אִין אַלֶע זֵייטֶען מֵחֲמַת גְרוֹיס

פַּחַד פַאר דִיא צְווייא־פִּיסִיגֶע מִינֵי גֶעשֶׁעפֶּענִישׁ, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעיָאגְט מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק אוּנ הִתְלַהֲבוּת. קֵיין פֶּען אִיז נִישְׁט בִּיכוֹלֶת צוּבֶּעשְׁרַייבֶּען וְויא גְלִיקְלִיךְ, אִיבֶּער גְלִיקְלִיךְ זַייא זֶענֶען דֶעמְמָאל גֶעוֶוען, עֶס הָאט זַייא עֶפֶּיס מְשׁוּנֶה הֲנָאָה גֶעטָאן אוּנ זֶענֶען גֶעוֶוען שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען — צוּפְרִידֶען פוּן זִיךְ אַלֵיין, צוּפְרִידֶען אֵיינֶער פוּנֶם אַנְדֶערֶען אוּנ צוּפְרִידֶען פוּן דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט. סֶענְדֶערִיל, וְויא עֶס הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן, אִיז זֵיהֶר פְרֵיילִיךְ גֶעוֶוען, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעחַאפְּט פוּן זַיין ווייבְּס הֶענְט אוּנ אִיז פָּטוּר גֶעוָוארֶען אַזַא שְׁוֶוערֶען, בִּיטֶערֶען וְגָלוּת, נֶעכְטִיגֶער טָאג בְּעזָאנְדֶערֶענְס אִיז פַאר אִיהְם גֶעוֶוען זֵיהֶר אַ שְׁוֶוערֶער, אַ בִּיטֶערֶער, אַ טָאג פוּן צָרוֹת אוּנ יִסוּרִים, וָואס הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזְט אַ קְלֶיעד פוּן סִינְיַאקֶעס אוֹיף זַיין לֵייבּ, וָואס הָאט מִיט שְׁטוּרֶעם אוֹיסְגֶעוָוארְצֶעלְט אַ סַךְ הָאר פוּן זַיין בֶּערְדִיל אוּנ וָואס הָאט גַאנְץ פְרֵייא פַאר דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט זִיךְ גֶעחַתְמֶעט מִיט בְּרוֹין־בְּלוֹיֶע צֵייכֶענְס אוּנְטֶער זַיינֶע בֵּיידֶע אוֹיגֶען. נִישְׁט פַאר אַייךְ פַּאנְטָאפֶּעלְמֶענֶער גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען אַזַא וְויסְטֶען פִינְצְטֶערֶען פֶּעטְשַׁאטַאק, וֶועלְכֶען סֶענְדֶערִיל נֶעבִּיךְ הָאט נֶעכְטִין פְּרִיה גֶעחַאפְּט פוּן זַיין בְּהוּרְטֶע!

אַ הִיבְּשֶׁע צַייט זֶענֶען אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען גֶעלוֹיפֶען כִּמְעַט אָהְן אַ נְשָׁמָה שַׁא שְׁטִיל, נִישְׁט צוּ רֵיידֶען אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען אַ וָוארְט. זַייא הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְוַוארֶעמְט אוּנ גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּען שְׁווייס הָאבֶּען זַייא אַרוֹיסְגֶעטְרֶעטֶען אוֹיפִין פָּנִים. סֶענְדֶערִיל הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בִּיסְלִיכְווייס זִיךְ אָפְּצוּשְׁטֶעלֶען אוּנ גֶעסָאפֶּעט וְויא אַגַאנְז. גִיכֶער, גִיכֶער סֶענְדֶערִיל! הָאט בִּנְיָמִין אִיהְם אַלֶץ אוּנְטֶערְגֶעגֶעבֶּען קוּרַאזְשׁ אוּנ אִיז גֶעלוֹיפֶען מִיט אִימְפֶּעט פָארוֹיס, וְויא אַ־גִבּוֹר וָואס גוֹרְט אָן זַיינֶע לֶענְדֶען אוּנ לוֹיפְט מִיט פַייל־אוּנ־בּוֹיגֶען אִין דֶער מִלְחָמָה.

— גְוַואלְד, בִּנְיָמִין, הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף מַיין נְשָׁמָה! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעבֶּעטֶען רַחֲמִים, אִיךְ הָאבּ מֶעהְר קֵיין כֹּחַ נִישְׁט דִיר נָאךְ־צוּלוֹיפֶען. דוּא לוֹיפְסְט אָהְן עַיִן־הָרַע וְויא אַ הִירְשׁ אוֹיף דִיא בֶּערְג אוּנ וְויא אַ צַאפּ פַאר דֶער טְשֶׁערֶעדֶע.

— גִיכֶער, גִיכֶער סֶענְדֶערִיל! הָאט בִּנְיָמִין אִיהְם אַלֶץ גֶעשְׁרִיגֶען אוּנ גֶעלוֹיפֶען פָארוֹיס מִיט גַדְלוּת אוֹיף זַיין בְּרִיְהשַׁקֵייט. זֶעהְסְט דוּא סֶענְדֶערִיל, אִיךְ וָואלְט אַזוֹ גֶעלוֹיפֶען, גֶעלוֹיפֶען בִּיז עֶק וֶועלְט!

— נָאר צוּ וָואס בִּנְיָמִין, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, לוֹיפְסְט דוּא אַזוֹי? הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעפְרֶעגְט. מִיר וֶועלֶען הָלֶעבִּין גָארְנִישְׁט פַארְזַאמֶען. אַז מִיר וֶועלֶען אָנְקוּמֶען אַהִין שְׁפֶּעטֶער מִיט אַטָאג אָדֶער אֲפִילוּ מִיט עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז אוֹיךְ הָלֶעבִּין קֵיין סַכָּנָה נִישְׁט. דִיא וֶועלְט וֶועט נָאךְ אַזוֹי גִיךְ

נִישְׁט

נִישְׁט אוּנְטֶערְגֶעהֶן, זִיא הָאט נָאךְ צוּשְׁטָעהָן, כְּפִי אִיךְ הָאבּ גֶעהָארְכְט, בִּיז דֶעם אֶלֶף הַשְּׁבִיעִי, שְׁטַארְקֶע גֶטְלִיכָע הוּנְדֶערְט יָאהְר.

— גִיכָער סֶענְדֶערִיל, גִיכֶער, אַיין עֲבֵרָה דִיא צַייט! וָואס גִיכָער אַרוֹיסְרַייסֶען זִיךְ פוּן דַאנֶען אִיז אַלֶין בֶּעסֶער. הָארֶעוָוע סֶענְדֶערִיל, קָנֶעל אַבִּיסִיל צוּ, נִישְׁקָשָׁה! דֶערְפַאר קוּמֶענְדִיג אַהִין וֶועסְט דוּא אוֹיסְנַלַייכֶען דִיר דִיא בַּיינֶער, וֶועסְט עֶטְהֶמֶען אוּנ לֶעבֶּען וִויא אַשְׁרָה.

— דוּא בִּיסְט, בִּנְיָמִין, זֶעהְר גֶערֶעכְט. דוּא ווִילְסְט גִיכֶער, וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ זָאל זַיין גִיכֶער, בַּייא מִיר הָאסְט־דוּא גֶעפוּיֶעלְט, נָאר וָואס טְהוּט מֶען מִיט דִיא פִּיס, מִיט מַיינֶע פִּיס?

אַין בְּרֵירָה בִּנְיָמִין הָאט גֶעמוּזְט צוּלִיבּ טָאן סֶענְדֶערְלִין אוּנ אַיינְהַאלְטֶען אַבִּיסִיל דֶעם גַאנְג, אַז דִיא זוּן אִיז אַרוֹיס פוּן אִיהְר פוּטֶערְפַאס אוּנ הָאט גֶעשְׁמַאק גֶעוַוארֶעמְט, גֶעבְּרָאטֶען מִיט אִיהְרֶע לִיכְטִיגֶע שְׁטְרַאהְלֶען זֶענִין אוּנְזֶערֶע וַואנְדֶערֶער אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען לֶעבִּין אַ וֶועלְדֶערְלֶע בַּייא דֶער זַייט פוּנֶם וֶועג. זַייא זֶענִין גֶעלֶעגֶען אִין אַיין שְׁוַייס אוּנ הָאבֶּען שְׁטַארְק גֶעסָאפֶּעט, גֶעמַאכְט מִיט דִיא זַייטֶען, דִיא פְרִישֶׁע סִינַאקֶעס הָאבֶּען בַּייא סֶענְדֶערְלִין זִיךְ צוּפְרִיעֶט אוּנ עֶר הָאט גֶעפִיהְלְט אַ וֶועהְטִיג וִויא מֶען שְׁטֶעכְט מִיט שְׁפִּילְקֶעס. נָאכְדֶעם אַז זַייא הָאבֶּען אַבִּיסִיל אָפְּגֶערוּהְט אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע זַאךְ זַייעֶרֶע גֶעוֶוען אַרוֹיסְצוּנֶעהְמֶען טַלִית אוּנ תְּפִילִין אוּנ דַאוְוֶענֶען, בִּנְיָמִין הָאט זִיךְ צוּשְׁאקֶעלְט, גֶעדַאוֶוענְט לֶעבֶּעדִיג. מִיט אַ בְּרֶען, עֶר אִיז וֶוערְטְה גֶעוֶוען דֶערְנָאךְ אַבִּיסִיל בְּרַאנְפִּין, נָאר וִויא הָאט עֶר עֶס אָבֶּער גֶעקֶענְט דָא אוֹיסְפִיהְרֶען? עֶר וָואלְט גֶערֶען גֶעוֶועזֶען עֶר זָאל הָאבֶּען חָאטְשׁ אַ שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט. דָאס הַארְץ הָאט אִיהְם גֶעחַאלֶעשְׁט, דֶער אַפֶּעטִיט זַיינֶער אִיז גֶעוֶוען זֶעהְר גְרוֹיס נָאךְ אַזַא גֶעשְׁמַאקֶען גַאנְג, עֶר וָואלְט גֶעקֶענְט אוֹיפֶעסֶען אַוֶועלְט אוּנ דָא הָאט בַּייא אִיהְם, מַעֲשֶׂה שָׂטָן, זִיךְ נִישְׁט גֶעפוּנֶען אֲפִילוּ אַ בְּרֶעקִיל בְּרוֹיט וִויא אַכַּזַיִת. עֶר הָאט גֶעוָוארְפִין מִיט דִיא אוֹיגֶען אַהִין אוּנ אַהֶער, אוֹיסְגֶעקְנַאקְט דִיא פִינְגֶער, גֶעגֶענֶעצְט, זִיךְ גֶעקְרַאצְט פַאסְמַאקֶעוֶועט, גֶעמַאכְט אַלֶין טַא, טַא, גֶעגְלֶעט גֶעצוֹיגֶען דִיא פֵּאוֹת דָאס בֶּערְדִיל, נָאךְ אַ מָאל אַ קְרַאטְץ אוּנ נָאךְ אַ מָאל טַא, בִּיז עֶר הָאט זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶוען אוּנ אַרוֹיסְגֶערְטַאפְּט פוּנֶם קְלוּמִיקִיל עֶפִּיס אַ פֶּערְטֶעלְדִינִין סֵפֶר וִויא אַ מַחְזוֹרִיל, אִין וֶועלְכֶען עֶר הָאט אַרַיינְגֶעקוּקְט אוּנ אוּנְטֶער־גֶעבְּרוּמְט מִיט אַיין אַקְדָמוּת־נִיגוּנְדִיל.

— סֶענְדֶערִיל! הָאט בִּנְיָמִין אִין דֶערְמִיט מַפְסִיק גֶעוֶוען, דוּא וַוייסְט וָואס אִיךְ זָאג דָא אִיצְט אַזוֹינְס? דוּא וַוייסְט פַאר וָואס אִיךְ זָאג עֶס אִיצְט מִיט דֶעם נִיגוּנְדִיל?

דוּא

— דוּא מוּזְט אַװדְאַי הוּנְגֶערִיג זַיין , הָאט סֶענְדֶערִיל גִיעֶנְטְפֶּערְט בִּתְמִימוּת . !

— גְרַאם שְׁטְרַאם , הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען , אוּנ אַז אִיךְ בִּין הוּנְגֶערִיג מֵילָא ? !

— מֵילָא , מֵילָא , דֶערִיבֶּער זִינְגְסְט דוּא , הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעעֶנְטְפֶערְט , ס׳אִיז דָאךְ דָא אַ בְּפֵירוּשׁ וֶוערְטִיל : קָאלִי זְשִׁיד סְפִּיוַואיֶע , קָאלִי וִוין גָאלָאדְנִי . דוּא , בִּנְיָמִין , מֶעגְסְט דִיר זִינְגֶען , זִינְג דִיר , זִינְג , אוּנ אִיךְ וֶועל מִיר דֶער וַוייל עֶפִּים אַנְדֶערְשׁ טָאן .

אִינְדֶעם וִויא סֶענְדֶערִיל הָאט גֶערֶעדְט הָאט עֶר טַאקִי אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט דִי הַאנְד זַיינֶע צוּזִיךְ אִין פֶּעקִיל אוּנ אַרוֹיסְבֶּעקוּמֶען פוּן דָארְט אַ טָארְבֶּע .

— עֶט , דוּא וַוייסְט נִישְׁט , דוּא פַארְשְׁטֶעהְסְט נִישְׁט אַקֶעגֶען וָואס אִיךְ טְהוּא עֶס . הָאט בִּנְיָמִין גֶעזָאגְט . סֶענְדֶערִיל , נַארֶעלֶע , אִיךְ וֶועל דִיר מְפוֹרָשׁ זַיין דֶעם טַעַם דֶערְפוּן .

נָאר סֶענְדֶערִיל אָבֶּער הָאט דֶער וַוייל זִיךְ זַיינְס גֶעטָאן אוּנ פַאמֶעלִיךְ פַאמֶעלִיךְ אוֹיפְגֶעבּוּנְדֶען דִיא טָארְבֶּע . אַז בִּנְיָמִין הָאט אַ קוּק גֶעטָאן אִיז אִים לִיכְטִיג גְוָוארֶען אִין אַלֶע רמ״ח אֵבָרִים . אִין טָארְבֶּע אִיז גֶעלֶעגֶען פוּן כָּל טוּב , בְּרוֹיט שְׁטִיקְלִיךְ קוֹילֶעטְשׁ , וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען פוּן שַׁבָּת , אוּגֶערְקֶעס , רֶעטֶעכְלִיךְ , צִיבֶּעלֶעס אוּנ קְנָאבֶּעל ! סֶענְדֶערִיל הָאט אִין זִינֶען גֶעהַאט אַלְסְדִינְג , אָנְצוּגְרֵייטֶען וִויא אַ גוּטֶע בַּעַל הַבַּיִתְטֶע אוּנ עֶר אִיז בַּייא בִּנְיָמִין דֶערְפַאר גֶעהוֹיכְט גֶעקְרוֹינְט גֶעוָוארֶען נָאךְ אַ סַךְ מֶעהְר וִויא פְרִיהֶער . בִּנְיָמִין הָאט אִין הַארְץ זִיךְ שְׁטַארְק גֶעפְרַייעֶט וָואס השי״ת הָאט אִיהְם בֶּעשֶׁערְט אַזַא טְהַייעֶרֶען חָבֵר אוֹיף דֶער נְסִיעָה , סֶענְדֶערְלִין הָאט מִיר גָאט צוּגֶעשִׁיקְט , אַזוֹי הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט , וִויא דִיא קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל מַן אִין דֶער מִדְבָּר .

נָאכְדֶעם אַז זַייא הָאבֶּען אוּנְטֶערְגֶעלֶעהְנְט זַייעֶר הַארְץ הָאט סֶענְדֶערִיל אַיינְגֶעווִיקֶעלְט דָאס בִּיסִיל שְׁפַּייז וָואס אִיז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען צוּרִיק אִין טָארְבֶּעלֶע מִיט דִיא וֶוערְטֶער :

— דָאס בִּיסִיל שְׁפַּייז וֶועט אוּנְז צוּנִיטְץ קוּמֶען נָאךְ אוֹיף אַ מָאל אוּנ דָאס טֶארְבֶּעלֶע אוֹיף טוֹיזֶענְד מָאל , אוֹיף אוּנְזֶער גַאנְצֶען לֶעבֶּען . דֶערְמִיט וֶועלֶען מִיר איה״ש אִיבֶּער דִיא הַייזֶער אַרוּמְגֶעהְן . נִישְׁקְשָׁה , גָאט בָּרוּךְ־הוּא וֶועט אוּנְז הֶעלְפֶען !

דָאס וואוּנְדֶערְלִיכֶע טִישְׁטִיכֶעל , אִין דִיא מַעֲשֶׂה־בִּיכְלִיךְ , וָואס מֶען זָאגְט : טִישְׁטִיכֶעל , טִישְׁטִיכֶעל , גִיבּ מִיר עֶסֶען ! גִיבּ מִיר דָאס , גִיבּ מִיר יֶענְץ ! אוּנ דָאס טִישְׁטִיכֶעל גִיט . אֶט דָאס דָאזִיגֶע הִידוּשִׁים וואוּנְדֶערְלִיכֶע טִישְׁטִיכֶעל אִיז בַּייא אוּנְז יוּדֶען דִיא טָארְבֶּע . פִּיל נְפָשׁוֹת , זֶעהְר פִּיל , שְׁפַּייזֶען זִיךְ הִידוּשְׁלִיךְ־גְרִינְג זַייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען נָאר פוּן דֶער

טָארְבֶּע אוּנ לָאזֶען זִיא אִיבֶּער בִּירוּשָׁה קִינְדֶס־קִינְדֶס קִינְדֶער. דִיא טָארְבֶּע אִיז אִין תּוֹךְ אַרַיין אַלְץ אֵיינֶע, נָאר בַּייא פַארְשִׁידֶענֶע קְלַאסֶען מֶענְשֶׁען בֶּעקוּמְט זִיא אַיין אַנְדֶער מִין פָארְמֶע אוּנ אַיין אַנְדֶער מִין נָאמֶען. בַּיים פְּרָאסְטֶען עוֹלָם אִיז זִיא פָּשׁוּט אַ טָארְבֶּע, אַ פְּרָאסְטֶע לַיינְוָוענְטֶע טָארְבֶּע, בַּיים גֶעהַייבֶּענֶעם עוֹלָם אָבֶּער גֶעהֶמְט זִיא אָן אַלֶערְלַייא מִינֵי גֶעשְׁטַאלְטֶען וִויא אַ שְׁטַיינֶער: אַ קֶעסְטֶעלֶע, אַ קַארָאבְקֶעלֶע, אַ כְּלֵי־קוֹדֶשׁיל, אַ חֶבְרָהְלֶע, אַ פִּישְׁקֶעלֶע, אַ קָהָלְשׁ בַּייטֶעלֶע, אַ גְמִילוּת חֶסֶד בַּאנְקֶעלֶע, אַ מְחַבֵּרִישֶׁער פְּלוּידֶערְזֶעקֶעלֶע וּכְדוֹמֶה, דִיא אַלֶע זֶענִין בֶּאֱמֶת טַאקִי נָאר טָארְבֶּעס, טָארְבֶּעס, עֶכְטֶע יוּדִישֶׁע טָארְבֶּעס!...

— סֶענְדֶערִיל! הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, גֶעשְׁטַארְקְט פוּן סֶענְדֶערִילְס וֶוערְטֶער, מִיר בֵּיידֶע זֶענִין אַ זִיווּג מִן הַשָּׁמַיִם, מִיר בֵּיידֶע זֶענִין וִויא אַ גוּף מִיט דֶער נְשָׁמָה. וֶוען דוּא זָארְגְסְט אִין גַשְׁמִיוּת מִכֹּחַ עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אוֹיף אוּנְזֶער נְסִיעָה אַקֶעגֶען זְשֶׁע זָארְג אִיךְ אִין רוּחְנִיוּת זַאכֶען. נָאךְ אַ מָאל פְרֶעג אִיךְ דִיךְ סֶענְדֶערִיל, דוּא וַוייסְט פַאר וָואס אִיךְ זָאג אַקְדָמוּת? אִיךְ הָאבּ דֶערְמִיט אַ גְרוֹיסֶען כִּיוּון. אִיךְ זָארְג מִיךְ אִיצְט, אַז הַשֵּׁי״ת וֶועט אוּנְז בְּשָׁלוֹם בְּרֵיינְגֶען אַהִין, צוּא דִיא בְּנֵי מֹשֶׁה זָאהְלֶען מִיר קֶענֶען אַ מוֹיל עֶפֶענֶען אוּנ מִיט זֵייא זִיךְ אוֹיסְטַעֲנֶהן. זֵייא רֵיידֶען עֶפִּים הַאלְבּ תַּרְגוּם, צוּם מֵייסְטֶען רֵיידֶען זֵייא דָארְט אַקְדָמוּת־לָשׁוֹן. אֶלְדָד הַדָּנִי, וָואס אִיז פוּנֶם יֶענֶעם וִוינְקֶעל צוּ אוּנְז גֶעקוּמֶען עֶר הָאט דָאךְ דָאס דֶעם אַקְדָמוּת גֶעמַאכְט, וְשָׁרָיוּת שׁוּתָא סֶענְדֶערִיל, אִיז דֶער טַייטְשׁ, אִיךְ הֵייבּ אָן צוּשְׁפְּרֶעכֶען גֶעדֵיינְק זְשֶׁע סֶענְדֶערִיל! דָא אִין חוּץ לָאָרֶץ קֶען מֶען זִיךְ בֶּעגֶעהֶען מִיט אוּנְזֶער לָשׁוֹן, מִיט דֵייטְשׁ, אָבֶּער דָארְט, דָארְט מוּזֶען זֵייא קֵיין דַייטְשׁ אַוַודַאי נִישְׁט קֶענֶען.

— אִיךְ פַארְלָאז מִיךְ אִין דִיא זַאכֶען אִין גַאנְצֶען אוֹיף דִיר, הָאט סֶענְדֶערִיל גֶענֶאנְט בְּהַכְנָעָה. דוּא בִּיסְט אַ גֶעלֶערֶענְטֶער מֶענְשׁ אוּנ קוּקְסְט אַרַיין אִין דַיינֶע סְפָרִים, מִסְתָּמָא וַוייסְט דוּא וָואס דוּא טְהוּסְט, וָואהִין דוּא גֶעהְסְט, אַ סִימָן אִיךְ הָאבּ דִיךְ אֲפִילוּ נִישְׁט אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט צוּ גֶעהְן מִיר מִיט דֶעם גְלַייכֶען וֶועג. דוּא גֶעהְסְט, וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ, גֶעה, אִיךְ גֶעה דִיר נָאךְ וִויא אַ קִיהְ נָאךְ אַ קֶעלְבִּיל.

בִּנְיָמִינְ׳ן הָאט מְשׁוּנֶה הַנָּאָה גֶעטָאן סֶענְדֶערִילְס גְרוֹיסֶער בִּטָּחוֹן אוֹיף זַיין חָכְמָה. עֶר הָאט בַּייא זִיךְ אִין דִיא אוֹיגֶען אוֹיסְגֶעזֶעהְן וִויא אַ שִׁיפְּכַקַאפִּיטַאן וָואס עֶר אַלַיין פִיהְרְט דִיא שִׁיף אוֹיפֶן יַם. דָאס פוּן דֶערְסְטְוֶוענֶען, הָאט אִיהְם נִישְׁט אָפְּגֶעהַאלְטֶען זִיךְ בַּאלְד טַאקִי צוּבֶּעטְרַאכְטֶען, אַז עֶר וַוייסְט בֶּאֱמֶת נִישְׁט וואוּ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ, מֶעגְלִיךְ אֶפְשַׁר בְּלָאנְדְזֶעט עֶר אוּנ אִיז גָאר אַרָאפּ פוּנֶם וֶועג. דֶערְוַוייל וִויא עֶר

האט

הָאט גֶעטְרַאכְט הָאט גָאט אָנְגֶעטְרָאגֶען אַ מוּזְשִׁיק, וָואס עֶר אִיז גֶעפָּאהְרֶען פַּארְבַּייא אוֹיף אַ פוּלְען, אָנְגֶעטַאכֶעוֶועטֶען וָואגֶען מִיט הֵייא.

— סֶענְדֶערִיל, הָאט בִּנְיָמִין גֶעזָאגְט, עֶס שָׁאדְט כְּלָל נִישְׁט אַ פְרָעג צוּגֶעבְּן דֶעם עָרֵל מְלַּחַ דֶעם וֶועג. גֶעה אוֹיף צִיקָאוֶועשְׁטְשׁ גִיבּ אַ פְּרֶעג. דָא אִין חוּץ לָאָרֶץ וֶועסְט דוּא בֶּעסֶער פוּן מִיר זִיךְ קֶענֶען אוֹיסְסְעֶנְהֶן מִיט דִיא מוּזְשִׁיקֶעס אוֹיף זֵייעֶר גְרָאבֶּען לָשׁוֹן. דַיין פְּלוֹנִיתְטֶע פְּלֶעגְט דָאךְ עֶפְּטֶערְס דִיךְ מִיטְנֶעהְמֶען מִיט זִיךְ אוֹיפֶן מַארְק.

סֶענְדֶערִיל הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען פוּן זַיין אָרְט צוּגֶעגַאנְגֶען מִיט גְרוֹיס דָרֶךְ אֶרֶץ צוּם מוּזְשִׁיק אוּנ גֶעזָאגְט כְּהַאי לִישְׁנָא:

— דָאבְּרִי דְיֶען! קָאזְשִׁי גָא מְשֶׁעלָאוִיטְשֶׁע קוֹדִי דַארָאגִי אוֹיף אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל!

— שְׁטְשָׁא?! הָאט דֶער מוּזְשִׁיק פַארְוואוּנְדֶערְט גֶעמַאכְט אוּנ אוֹיס־גֶעשְׁטֶעלְט אַ פָּאר אוֹיגֶען. יַאקִי סְרוּל? נִיא בַּאטְשִׁיל-יַא סְרוּלְיַא?

— נִיא, נִיא! הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט אַיינְהַאלְטֶען אוּנ זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט פוּן דֶערְוַייטֶען. עֶטָא וִויא סְרוּל, אַ וִוין לְהַבְדִיל אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל קַאזַאטְשֶע וִוין, סֶענְדֶערִיל. זָאג אִיהְם נָאךְ אַ מָאל בְּפֵירוּשׁ אַרוֹיס. עֶר הָאט אַ פּוּיֶערְשׁ קֶעפֶּעלֶע. שַׁארְפֶער שַׁארְפֶער סֶענְדֶערִיל!

— אוֹיף אֶרְהֶרֶץ-אִישְׂרָאֵל קוֹדִי דַארָאגִי? הָאט סֶענְדֶערִיל נָאךְ אַמָאל שַׁארְף אִיבֶּער גֶעחָזֶרְט.

— אַ פַּיְעס וַואס זְשִׁידְקִי זְנַאיֶעט, שְׁטְשָׁא וִויא מַארָאךְ שְׁעטֶע סֶענִי גַאלָאוִוי, עֶטָא דָארָאגִי דָא פְּיָעווְקִי אַ וִוינִי עֶלֶעכְּלָאֵל! עֶלֶעכְּלָאֵל! הָאט דֶער מוּזְשִׁיק זִיךְ נָאכְגֶעקְרִימְט, אַ שְׁפַּייא גֶעטָאן אוּנ אַוֶועק גֶעפָּאהְרֶען וַוייטֶער.

אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ גֶעלָאזְט וַוייטֶער אִין וֶועג. בִּנְיָמִין הָאט גֶעפִּיהְלְט אַ וֶועהְטִיג אִין דִיא לִיטְקֶעס, דִיא פִּ"ס זֶענִין אִיהְם גֶעוֶוען. לֹא עֲלֵיכֶם, וִויא אָפְּגֶעשְׁנִיטֶען. דָאךְ הָאט עֶר גֶעבִּיךְ זִיךְ נִישְׁט וִוירְכֶּענְדִיג גֶעמַאכְט, זִיךְ גֶעמַאכְט הָארְץ, אַלִץ אוּנְטֶערְגֶענֶעבֶּען קוּרַאזְשׁ. אוּנ סְתָמַת אִיהְם אִיז, נִישְׁט פַּאר קַיין יוֹדְעֶן גֶעדַאכְט, זֶעהְר שְׁוֶוער גֶעוֶוען צוּגֶעהְן גְלַייךְ אוּנ גֶעשְׁוִוינְד, הָאט עֶר גֶעמוּזְט אַלִץ אוּנְטֶערְשְׁפְּרִינְגֶען. אַוַודַאי אִיז דָאס נִישְׁט-גֶעוֶוען אַזַא גַאנְג וִויא פְרִיהֶער. עֶס אִיז גֶעוֶוען גֶעמוּטְשֶׁעט נָאר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר גֶעטָאן זַיינְס אוּנ אִיז גֶעגַאנְגֶען, וָוארִים דִיא קַשְׁיָא אִיז דָאךְ, וָואס הָאט עֶר דֶען גֶעקֶענְט מַאכֶען? אַנִידֶערְלֵייגֶען זִיךְ, שׂוֹנֵא צִיוֹן, אוֹיפֶן וֶועג? מֵילָא, וָואס וָואלְט דֶערְפוּן דֶער תַּכְלִית גֶעוֶוען? הַיינְט וִויא לֵיינְט עֶס זִיךְ אַ יוֹד אִין מִיטֶען וֶועג גְלַאט אַנִידֶער? עֶר וָואלְט נָאר מְצַעֵר גֶעוֶוען סֶענְדֶערְלִין, אוּנ דִיא נְסִיעָה וָואלְט חָלִילָה אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען גֶעוָוארֶען. הַכְּלָל זַייא זֶענִין גֶעגַאנְגֶען, גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי

אַ גַאנְצֶען טָאג בִּיז נָאכְט הָאט זַייא בְּשָׁלוֹם גֶעבְּרַאכְט קַיין פְּיֶעווְקִי. אוֹיף נַאכְטְלֶעגֶער.

אַרַיינְקוּמֶענְדִיג אִין פְּיֶעווְקֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז בִּנְיָמִינְס עֶרְשְׁטֶע זַאךְ גֶעוֶועזֶען, זִיךְ אַ וָוארְף צוּטָאן וִויא גְרוֹיס עֶר אִיז אִין אַ וִוינְקֶעלֶע אוֹיסְצוּרוּהֶען דִיא פִּיס אוּנ חַאפֶּען דֶעם אָטְהֶעם. סֶענְדֶערִיל אִיז וִויא אַיין אַלְטֶע בַּעַל־הַבַּיִתְטֶע גֶענַאנְגֶען צוּבֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ אִין דֶעם בַּעַל־הַבַּאטִישְׁקַייט אוּנ שְׁמִיעֶסִין מִכֹּחַ וֶועטְשֶׁערֶע. דֶער אַרֶענְדַאר הָאט אָנְגֶעקוּקְט סֶענְדֶערְלִין פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִּיס אוּנ הָאט פוּן זַיין גַאנְצֶען הִילוּךְ אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן, אַז דָאס אִיז עֶפִּיס נִישְׁט גְלַאט אַזַא פַּארְשׁוֹין וִויא אַנְדֶערֶע, וָואס פָאהְרֶען גֶעוֵויינְטְלִיךְ דוּרְךְ. עֶר הָאט אִיהְם אָפְּגֶעשְׁטֶעקְט אַ שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, אוּנ אוֹיף דֶער שַׁאֲלָה: מַה שְּׁמֵכֶם? פוּן וַואנֶען אִיז אַ יוּד? הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעעֶנְטְפֶערְט בִּתְמִימוּת, עֶר הַייסְט סֶענְדֶערִיל, עֶר אִיז אַ שְׁטִיקֶעל אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל יוּד, עֶר אִיז אַ מְשַׁמֵּשׁ בֵּייא רָב בִּנְיָמִין, וָואס לִיגְט אִיצְט מִיט זַיין כָּבוֹד דָא אִין אַ וִוינְקֶעל. דֶער אַרֶענְדַאר הָאט גֶעמַאכְט אַ פְּרוּם־פָּנִימִיל, זִיךְ אַבִּיסִיל פַארְטְרַאכְט אוּנ גֶעבֶּעטֶען סֶענְדֶערְלִין זִיצְצֶען.

לָאמִיר לָאזֶען דִיא בַּת מַלְכָּה, דָאס הַייסְט סֶענְדֶערְלִין, שְׁמִיעֶסִין מִיט דֶעם אַרֶענְדַאר אוּנ זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען צוּם בֶּן מֶלֶךְ, צוּ בִּנְיָמִינ'ן זֶעהְן וָואס עֶר מַאכְט אוּנ וָואס עֶר טְהוּט.

אוּנְזֶער בִּנְיָמִין אַז עֶר הָאט זִיךְ אַ וָוארְף גֶעטָאן אִין וִוינְקֶעל אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לִיגֶען וִויא אַ שְׁטֵיין אוּנ נִישְׁט גֶעוואוּסְט אוֹיף וֶועלְכֶען עוֹלָם עֶר אִיז. דִיא אָדֶערֶען פוּן דִיא פִּיס זֶענִין גֶעוֶועזֶען שְׁטַארְק אָנְגֶעקְוָואלֶען דָאס בְּלוּט הָאט אִין זַייא זִיךְ צוּשְׁפִּילְט, גֶעזֶעטְצְט אוּנ גֶעטְשִׁיפֶּעט, גְלַייךְ וִויא מוּרֶעשְׁקֶעס וָואלְטֶען דָארְט הוֹיפֶענְס וַוייס אַרוּמְגֶעלוֹיפֶען אוּנ גֶעבִּיסֶען. גֶעשְׁטָאכֶען. דִיא שְׁלֵייפֶען הָאבֶּען גֶעהַאקְט, גֶעקְלַאפְּט וִויא הַאמֶערְס. אִין דִיא אוֹיעֶרֶען הָאט פַארְדוּסְפֶּען גֶערוֹישְׁט אוּנ דָאס רוֹישֶׁען פְלֶעגְט זִיךְ אַלְץ אוֹיסְלָאזֶען צוּם סוֹף מִיט אַ הִילְכֶעדִיגֶען לַאנְגֶען קְלוּנְג וִויא אַ תְּקִיעָה גְדוֹלָה, אָדֶער מִיט אַ שַׁארְפֶען שׁוּם, וִויא בְּשַׁעַת מֶען לָאזְט רַאקֶעטֶען. בַּייא אִיטְלִיכֶען אַרוֹיסְפְלִיהֶענְדִיגֶען רַאקֶעט פוּנֶם קָאפּ הָאט מִיט אַ מָאל אִיהְם אַ בְּלִישְׁטְשֶׁע גֶעגֶעבֶּען אִין דִיא אוֹיגֶען טוֹיזֶענְטֶערְלַייא פַייעֶרְוֶוערְק: גֶעלֶע, גְרִינֶע, בְּלוֹיֶע, הֶעלֶע, רוֹיטֶע, פַּאמְסֶענֶע, נָאךְ אִי נָאךְ קָאלִירִין אָהְן אַיין עֶק אָהְן אַ סוֹף. אִין אַ מִינוּט אַרוּם וֶוערֶען דִיא פַייעֶרְוֶוערְק אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען, הוֹשֶׁךְ פִינְצְטֶער וֶוערְד אִיהְם אִין דִיא אוֹיגֶען אוּנ אִין דִיא אוֹיעֶרֶען רוֹישְׁט וִוידֶער וִויא אִין אַ מִיהְל, לִיגֶענְדִיג פַארְטְרַאגֶען אַזוֹי אַ הִיבְּשֶׁע צַייט הֶערְט בִּנְיָמִין אַ קוֹל פוּן גְלֶעקְלִיךְ קְלִינְגֶען אִין דְרוֹיסֶען פוּן דֶערְוַוייטֶען, מִיט אִיטְלִיכֶער מִינוּט קוּמְט דֶער קוֹל צוּ אַלְץ נֶעהֶענְטֶער,

נעהענטער

נעהענטער ווערד אלץ העלער אי שטארקער און פלוצלים גיט א סקריפ וויא אוואגען האט זיך אפגעשטעלט לעבין טויער. פונם וואגען לאזען זיך הערען, אלערלייא מיני קולות: ביאקעלכליך, פיסטליך, געמבעס, הייזעריגע, הארהלענדיגע אי צוגעלענערטע שטימעס, גלייך וויא א גאנצע שטעדטיל האט דארט זיך פארקליבען אויף א וויכטיגער, וואזשנער אסיפה, אלע ריידען שרייען מיט א מאל און מען הערט נישט איין ווארט. פון קעטץ, וואס פארזאמלען זיך, צייטענווייס אויף דיא דעכער, הערט מען האטש א מיוקען, דאס הייסט, ווען אפילו קאטצען־לשון איז נישט צום פאר־שטעהן, דאך אויסהערענדיג א סאפראניע קעטץ קען מען וויינגסטענס זאגען גאנץ בעשטימט: יא דיא קעטץ מיוקען. נאר דא אבער איז ריין אונמעגליך צובעשטימען אי דאס אויך, וואס פאר א מין איז דאס געשרייא פון דיא פארשוינען, ווייל דרינען איז אויסגעמישט אי גלעכטער אי א געקרעכצעריי, געזיפצעריי, אי א שושקעריי אי א קוויטשעריי, אי א טאן פון א שייגעץ אי דאס זיסע חניפה־קולכל, אי א הוסטעריי אי א נאזשזנייצעריי, א געקלאפעריי און א געפאטשעריי. הייגט געה פארשטעהע וואס דאס אלסדינג אין איינעם איז. וואס דאס בעטייט? באלד דארויף עפענט זיך דיא טהיר און א האפטע מענשען שיטען זיך ארין אין שטוב מיט איספעס. בנימין ריקט זיך ווייטער ווייטער אין ווינקעל און נורעט זיך שטארק איין. דערווייל ווערד אין שטוב זעהר ליכטיג פון א סך ליכט, וואס ברענען אין שבתדיגע מעשענע לייכטער, א טהייל זענין פארשטאפט מיט שנויצען און דיא ליכט שטעהן אויף זייא צוגעשמאלצען, נאר אויף מטעקלות, א טהייל זענין מיט צוגרויסע ברייטע נישט קיין טיפע לעכער און דיא ליכט שטעהן אין זייא קרום אין דער זייט פארשטעקט פון אונטען מיט א קויל. ביים עק פון א לאנגען דעמבענעם טיש זיצט א חברה קלעזמער און סטראיען שטעלען אן זייערע כלים, דער פידלער פארעט זיך מיט דער פידיל, קיצעלט זיא מיט פינגער און איטליכע סטרונע רופט זיך אפ זים, זים, זים אויף איהר קול, גלייך וויא זייא ריידען: נישקשה מענסט אונז קיטצלען, פון אונזערט וועגען זענין מיר פארטיג, אבי פון דיין סמיטשיק זאל נאר קיין מניעה נישט זיין, ער האפט זיך צום סמיטשיק, גלעט איהם און האלט איהם ווייט צום שפיל, דער פלייטע־ שמיעסט איבער שטיל מיט דער פלייט, זיא פייפט איהם שטילערהייט אן, און דער צימבלער לויפט זיך דורך איבער דעם צימבעל און קלאפט זיא פאמעליך מיט דיא העמערליך, נאר דער בלינדער פויקער זיטצט אנגערוקט מיט דער קוטשמע איבער דיא אויגען און האפט א דרעמיל. לעבין דיא קלעזמער שטעהט אויף א בייגקעל עפיס א בין פארשוין, וואס קוים רעדט ער אויס א ווארט שטיקט מען

זיך

זִיךְ פַּאר גְלֶעכְטֶער אֲפִילוּ קִינְדֶער וָואס שְׁטֶעהְן אָנְגֶעשְׁטוּפְּט אוּנ קוּקְעןָ אַרַיין פוּן דִיא פֶּענְסְטֶער לַאכֶען מְשׁוּנֶה אוּנ קְרִימֶען זִיךְ נָאךְ. דֶער בַּארְשׁוּן גִיט דֶערְנָאךְ אַ גֶעשְׁרַייא: הַרְרֵי! לִכְבוֹד דִיא מְחוּתָּנִים וְלִכְבוֹד דֶעם בַּעַל הַבַּיִת וְלִכְבוֹד כָּל הַמְסוּבִּים בְּכַאן שְׁפִּילְט אָפּ אַ לֶעבֶּעדִיגֶעס אַ פְרֵיילֶעכְס! אוּנ דִיא קְלֶעזְמֶער צוּלָאזֶען זִיךְ בַּא'ד אוֹיף דִיא כֵּלִים, פְרֵיילִיךְ לֶעבֶּעדִיג, וַוייבֶּער מִיט מַאנְזְבִּילִין נֶעמֶען זִיךְ צוּנוֹיף אוּנ טַאנְצֶען אַ רָאד הָאץ הָאץ, אַלְכְדִינְג הָאט זִיךְ בֶּעוֶועגְט אַפִילוּ וַואנְצֶען אִי טַארַאקַאנֶעס זֶענִין אַרוֹיס פוּן דִיא שְׁפַּאלְטֶען: אוּנ זִיךְ צוּקְרָאכֶען אִיבֶּער דִיא וֶוענְד. טַאנְצֶענְדִיג פַאלְט אַיינֶער אַרוֹיף אוֹיף בִּנְיָמִינְ'ן אִין ווִינְקֶעל. דֶער טֶענְצֶער קוּקְט אִיהְם אִין פָּנִים אַרַיין אוּנ לָאזְט אַרוֹיס אַ גֶעשְׁרַייא: אַ בִּנְיָמִין! אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶערְטַאפְּט חָלֶעבִּין, דִיא כְּשֵׁרָה מְצִיאָה, עֶר אִיז דָא, עֶר אִיז דָא! אוֹיף דֶעם גֶעשְׁרַייא לוֹיפֶען צוּ גָאךְ מֶענְשֶׁען. בִּנְיָמִין דֶערְקֶענְט צְווִישֶׁין זַיי טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע פַּיינֶע בְּרִיּוֹת אוּנ דֶעם דַארְטִיגֶען רַבִּיל. אַיין קוֹל אַיין גֶעשְׁרַייא: בִּנְיָמִין קוּם טַאנְצֶען! בִּנְיָמִין קוּם טַאנְצֶען! אִיךְ קֶען אָסוּר נִיט, בֶּעט זִיךְ בִּנְיָמִין רַחֲמִים, אִיךְ קֶען זִיךְ נִישְׁט רִיהְרֶען פוּנֶם אָרְט. — נִישְׁקְשָׁה, נִישְׁקְשָׁה! עֶנְטְפֶערְט מֶען אִיהְם קוּם, זָאגְט מֶען דִיר דוּא וֶועסְט קֶענֶען, וָואס הָאט מֶען דָא צוּקֶענֶען? אָדָם אַמֶענְשׁ, קַאטְשְׁקֶע רִיק זִיךְ! רִיהְר זִיךְ בְּהֵמָה, מִיר וֶועלֶען נִישְׁקְשָׁה דֶערְצֵיילֶען. — זֶעלְדֶען! גִיט בִּנְיָמִין אַ גֶעשְׁרַייא אִין אֵיין אָטְהֶעם, אִיךְ בֶּעט אַייךְ דֶערְצֶעהְלְט נִישְׁט זֶעלְדֶען! — רִיהְר זִיךְ זְשֶׁע בְּהֵמָה! שְׁרַייעֶט מֶען אִיהְם, רִיהְר זִיךְ בְּהֵמָה, שְׁטֶעל זִיךְ שׁוֹין אוֹיף דִיא פִּיס! — דֶערְבַּארֶעמְט זִיךְ יוּדִישֶׁע קִינְדֶער! בֶּעט זִיךְ בִּנְיָמִין, אִיךְ קֶען חָלֶעבִּין זִיךְ אִיצְט נִישְׁט רִיהְרֶען, אִיךְ הָאבּ אַ טַעַם פַּאר וָואס אִיךְ קֶען נִישְׁט, סְ'אִיז אַ סוֹד, וָואס אִיךְ וֶועל אִיהְם מְגַלֶה זַיין דֶעם רַב. אוּנ ווִיא עֶר חַאפְּט אַרוּם דֶעם רַב פֶּעסְט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אַיינְצוּרַיימֶען אִיהְם אִין אוֹיעֶר אַ סוֹד פִּיהְלְט עֶר פְּלוּצְלִים אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען זֶעטְץ אִין דֶער זַייט אַזְשׁ סְ'אִיז אִיהְם פַארְגַאנְגֶען אִין דֶער נָאז ווִיא פוּן חְרֵיין, עֶר גִיט זִיךְ פַאר וֶועטְהִיג אַ וָוארְף, רַייבְּט דִיא אוֹיגֶען אוּנ זֶעהְט, אִין שְׁטוּבּ אִיז נָאר טוּנְקֶעל, דִיא לְבָנָה שַׁיינְט אַרַיין פוּן דִיא פֶענְסְטֶער עֶר לִיגְט לֶעבִּין אַ קֶעלְבִּיל אוּנ הַאלְט זִיא אַרוּמְגֶענוּמֶען שְׁטַייף מִיט בֵּיידֶע הֶענְד.

וָואס טְהוּט זִיךְ דָא אַזוֹינְס?! פוּן וַואנֶען נֶעהְמְט זִיךְ דָא פְּלוּצְלִים אַ קֶעלְבִּיל? הָאט זִיךְ דֶען בִּנְיָמִין גֶעקֶעלְבְּט? נָאר ווִיא שִׁיקְט זִיךְ עֶס? אָנְגֶענוּמֶען דִיא סְבָרָא בִּנְיָמִין אִיז אַ בְּהֵמָה, צֶעהְן מָאל הוּנְדֶערְט מָאל אַ בְּהֵמָה. נָאר עֶר אִיז דָאךְ אָבֶּער אַ צְווַייא־פִיסִיגֶע בְּהֵמָה אוּנ וואוּ אִיז דָאס גֶעהֶערְט אִי גֶעזֶעהְן גֶעווָארֶען אַז אַ צְווַייא־פִיסִיגֶע בְּהֵמָה זָאל הָאבֶּען אַ קֶעלְבֶּעל?! אֶמֶת בַּייא אוּנְז אִיז דָא אַסַךְ קֶעלְבְּלִיךְ אוּנ דָאס רוֹב

דווקא

דווקא אין לייטישע הייזער, אָבער דאס זענין דאך פאָהרט נישט מעהר וויא קעלבליך אין א מענשענס געשטאלט. זייא זענין נאך דאס רוב גראד זעהר שיין מיט א שיין פּניביל אונ מיט חן גריבּעליך, אָבער דאס קעלבעל, וועלכער בּנימין האלט דא אונ נעהמט זיא שטארק ארום איז דאך טאקי פּשוט איין אמת קעלבעל. היינט פון וואנען, איז דיא קשיא האט זיא זיך אהער גענומען? א חידוש נפלא. נישט אנדערש זיא איז פונם הימעל אראפּגעפאלען! . . .

ניין רבותי! גלויבּט נישט אין הימעלשע קעלבליך, צווישין אלע אונזערע קעלבּער איז אפילו נישט אי איין קעלביל פונם הימעל אראפּגעשיקט געווארען, עס איז גאר נישט אזא חידוש נפלא וויא איהר מיינט, איהר האט זיך אויף דעם קעלביל גאר נישט אזוי צו וואונדערין אונ פון איהם אזא פּירוש צוזאגען. פּראסטע איז מאסטעיגאר אהן קונצען, דיא מעשה דערפון איז אזוי געשעהן.

אז בּנימין איז נישט טויט ניט לעבעדיג אנידערגעפאלען אין ווינקעל האט ער פאר גרויס מידיגקייט נישט בּעמערקט אז דארט ליגט א קעלביל. בּשעת איהם האבען זיך צושפּילט דיא געבליטען איז ער אנשלאפען געווארען אונ איהם האט זיך פארגעשטעלט אין חלום דיא גאנצע חתונה מיט דיא מחותנים אונ מיט דיא קלעזמער. ער איז געוועזן שרעקליך אומרוהיג, זיך אלץ גערוקט געריקט אין ווינקעל, אונ בּשעת ער האט אין חלום ארומגענומען דעם טונעיאדעוועקער רביל האט ער גאר ארומגעהאפּט פעסט דעם פּיקעווער ארענדארס קעלבעל, אונ איהם איינגערייכט אין איער דעם סוד פון זיין נסיעה. דאס קעלביל אָבער האט עס נישט גורם געוועזן, נישט געוואלט ליידען מען זאל איהם אזוי האלזען אי שטיקען. עס האט אויסגעשטרעקט דאס פּיסעל אנגעריהרט בּנימין אין דער דיך אונ בּנימין האט זיך אויפגעהאפּט.

אז בּנימין האט זיך אויפגעהאפּט האט ער נאך אלץ געהאלטען ארומגענומען דאס קעלביל מיט בּיידע הענד זעהר פארדולט אונ צומישט. ערשט אין א רגע שפּעטער האט ער פון זיך א שטופּ געטאן דאס קעלביל, זיך אויפגעהויבען דערשראקען אונ זיך געלאזט געהן געשווינד. דאס קעלבעל פון זיין זייט וויא באלד עס איז לייז געווארען פון פרעמדע הענד איז אויך אויפגעשפּאנען געשווינד אונ זיך געלאזט מאכען א פּליטה איז לויפענדיג ארויף דאפּטאם אויף בּנימינ'ן אונ בּיידע זענין געפאלען איבּער א גרויסען צעבּער וואסער, טראך מיט א שרעקליכען קלאפּ!

שטארק דערשראקען פון אזא טראך איז סענדעריל אונ דר ארענדאר מיט א ליכטיל אין האנד ארויסגעלויפען פונם אנדערען חדר אין שטוב אריין. זייא גיבען א בּליק. א־ווא, א שרעק! בּנימין מיט דעם קעלביל

ליגען

לִינָען בֵּיידָע אוֹיבְּגָעצוֹיגָען אוֹיף דֶער עֶרד אוּנ שְׁווִימֶען פָּשׁוּט אִין אַ לוּזְשָׁע וַואסֶער, עֶפִּים נִישְׁט אַזוֹי פְּרִישׁ שְׁמֶעקֶענְדִיג! וָוען אַ לִידָעל־מַאכֶער זָאל גָעוָוען דָענְסְמָאל זַייא בֵּיידֶען אָנְקוּקֶען ווָאלְט עֶר אַזוֹי גֶעמַאכְט: "לִיבֶּעהאַרְצֶעדִיגָע אוּנ זִיסֶע, אִי אִין וִוינְקֶעל אִי אִין דֶער לוּזְשָׁע זֶענֶען זַייא נִיט צוֹשֵׁיידְט גֶעוָוארֶען!" נָאר דֶער אַרֶענְדַאר אוּנ סֶענְדֶערִיל זֶענִין גֶעוֶוען פְּרָאסְטֶע בָּשָׂר וָדָם, נִישְׁט־קֵיין לִידֶעלְמַאכֶער אוּנ הָאבֶּען דִי לִיבְּהַארְצֶעדִיקֶע אִי זִיסֶע בַּאלְד צוֹשֵׁיידְט. דָאס קֶעלְבִּיל הָאט מֶען אָפְּגֶעשִׁיקְט צוּ דֶער מוּטֶער מִיט שְׁטֶעכְוָוערְטְלִיךְ פַאר אִיהְר שְׁלֶעכְטָר אוֹיפְפִיהְרוּנג, אוּנ בִּנְיָמִינ'ן הָאט מֶען פוּן דֶער טְבִילָה אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין אַ בֶּעזוּנְדֶערֶען אַלְקִיר אוּנ בֶּעלֵייגְט אוֹיף עֶטְלִיכֶע קוּלִיקְלִיךְ שְׁטְרוֹיא מִיט אַ קִישֶׁען צוּקָאפֶּען.

---

# ז.

## ווִיא אוּנְזֶערֶע פֶּארְשׁוֹינֶען פַארְשְׁלֶעפֶּען זִיךְ־קֵיין טֶעטֶעריְווקֶע אוּנ בִּנְיָמִין חַאפְּט אַ פַּאטְשׁ.

בִּנְיָמִינְס אֵבָרִים זֶענִין אַבִּיסִיל אָפְּגֶעגַאנְגֶען אִין דֶער לֵיל טְבִילָה נָאךְ דֶעם אָפְּשְׁווֵיינְקֶען זִיךְ מִיט אַ גַאנְצֶען צֶעבֶּער קַאלְטֶע וַואסֶער, אוּנ אוֹיפְשְׁטֶעהֶנְדִיג אִין דֶער פְרִיה הָאט עֶר זִיךְ גֶעפִיהְלְט פְּרִישֶׁער אִי גֶעזִינְטֶער. עֶר הָאט בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶן אַ פִינְגֶער פוּן וואוּנְדֶער אִין גֶעכְטִיגֶער מַעֲשֶׂה מִיט דֶעם קֶעלְבִּיל, וָואס דוּרךְ אִיהְם גְרָאד אִיז גֶעקוּמֶען דִיא רְפוּאָה צוּ זַיינֶע וֶועטִיהְגֶען, עֶר הָאט בֶּעוִויזֶען סֶענְדֶערְלִין דֶערְמִיט, וִויא אוּמְגֶערֶעכְט דֶער זִינְדֶער מֶענְשׁ אִיז, וָואס בֶּעקְלַאגְט זִיךְ בִּשְׁעַת עֶפִּים אַיין אוּמְגְלִיק אוּנ פַּארְשְׁטֶעהְט נִישְׁט אַז דָאס אוּמְגְלִיק קֶען זַיין, פִּיהְרְט נָאר צוּם גְלִיק אוּנ פוּן דֶער רָעָה קוּמְט אַרוֹיס אַ טוֹבָה; וִויא דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער מַאכְט פַּאר אַ שָׁלִיחַ אַלֶע זַיינֶע בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ, אֲפִילוּ אַ בְּהֵמָה; וִויא אַ דָאקְטָאר קֶען אַ מָאל נָאר זַיין אַ קֶעלְבִּיל; וִויא אַ מִיק אֲפִילוּ קֶען אַ כָּאל פִּיקֶן אִין קָאפּ, שְׁטַארְק דַאקוּטְשֶׁען אוּנ שְׁטֶעהְן אִין דֶער גַרְגֶרֶת, פַאר אַ רַאָיָה דָערְצוּ דִינְט דִיא מִיק מִיט מִיטוּם הָרְשָׁע אִין דִיא אַלְטֶע, אַלְטֶע צַייטֶען. דָאס נֶעכְטִיגֶע בֶּעגֶעגְנִישׁ אִיז אִיהְם אִיצְט גֶעוֶוען אַ גוּטֶער סִימָן, אַז דִיא נְסִיעָה זַיינֶע אִיז אִין אַ גוּטֶער מַזְלְדִיגֶער שָׁעָה אוּנ עֶר וֶועט אִיה״ש מַצְלִיחַ זַיין צוּדֶערְגְרֵייכֶען וָואס עֶר ווִינְשְׁט. — "וַואסֶערְבְּרֶענֶער וָואס נֶעהְט אִיבֶּער מִיט פוּלֶען אִיז פוּן אֵייבִּיג אָן אַ גוּטֶער סִימָן, אַ פְּשִׁיטָא שׁוֹין אַ גְרוֹיסֶער אַ פוּלֶער צֶעבֶּער!" הָאט סֶענְדֶערִיל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶּען אוּנ צוּגֶעבַּאסֶעוֶועט מִיט דִיא רֵייד.

נָאר מִתְּחִלַּת דֶעם וֶועהְטִיג, וָואס בִּנְיָמִין הָאט נָאךְ גֶעפִיהְלְט אִין דִיא פִּיס אוּנ כִּתְפוֹת דִיא קוּלִיקְלִיךְ שְׁטְרוֹיא, וָואס דַארוֹיף אִיז אִיהְם וַוייךְ

גֶעוֶוען

גֶעוֶועֶן צוּלִיגֶע איז בִּנְיָמִין פַארְבְּלִיבֶּען דֶעם גַאנְצֶען טָאג אִין פְּיֶעווְקֶע. עֶר אִיז גֶעגְלִיכֶען גֶעוֶועֶן צוּ אַ שִׁיף אִין יָם, וָואס הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיף אַ זַאמְד אוּנ קַיין גוּטֶער וִוינְד אִיז נִישְׁטָא אַרָאפְּצוּטְרַייבֶּען פוּן דָארְט. אוֹיף מָארְגֶען גַאנְץ פְרִיה הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען פוּן זַיין גֶעלֶעגֶער אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט וַוייטֶער אִין וֶועג אַרַיין.

אַ הִיבְּשֶׁע צַייט אִיז בִּנְיָמִין גֶעגַאנְגֶען עֶפִּים וִויא מָרָה־שְׁחוֹרָהְדִיג, שְׁטִיל פַארְטְרַאכְט, נִישְׁט צוּרֵיידֶען קֵיין וָוארְט דֶער נָאךְ הָאט עֶר אַ פַּאטְשׁ גֶעגֶעבֶּען זִיךְ אִין שְׁטֶערֶען אוּנ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן שְׁטַארְק בֶּעטְרִיבְט. עֶרְשְׁט אִין אַפָּאר מִינוּט שְׁפֶּעטֶער הָאט עֶר גֶעעֶפֶענְט אַ מוֹיל אוּנ אַרוֹיסְגֶעלָאזְט מִיט אַ קְרֶעכְץ דִיא וֶוערְטֶער:

— אַךְ, סֶענְדֶערִיל, אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעסֶען!

— וואו פַארְגֶעסֶען? וָואס פַארְגֶעסֶען הָאט סֶענְדֶערִיל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אוּנ זִיךְ אַ חַאפּ גֶעטְהאן צוּ דֶער טָארְבֶּע.

— אִין דֶער הֵיים, סֶענְדֶערִיל, אִין דֶער הֵיים הָאבּ אִיךְ פַארְגֶעסֶען!

— אִי, בִּנְיָמִין, וָואס פֶעהְלְט דִיר אַיין? הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעמַאכְט. מִיר הָאבֶּען, דַאכְט זִיךְ, מִיטְגֶענוּמֶען אַלְסְדִינְג, וָואס נֵייטִיג אִיז מֶענְשֶׁען אִין וֶועג אַרַיין: אַ טָארְבֶּע, נִישְׁט צוּפַארְזִינְדִיגֶען, אִיז דָא, טַלִּית אוּנ תְּפִילִּין מִיט סִידוּרִים אִיז אוֹיךְ דָא, שַׁבָּתְדִיגֶע קַאפָּאטֶעס אוֹיךְ דָא, דַאכְט זִיךְ אַלְסְדִינְג בָּרוּךְ הַשֵּׁם אִיז דָא, אַלְסְדִינְג הָאבֶּען מִיר פַארְנוּמֶען. וָואס גֶעהְט אוּנְז דֶען אָפּ? אוּנ וָואס הָאבֶּען מִיר אַזוֹינְס גֶעקֶענְט פַארְגֶעסֶען?

— דִיא זַאךְ וָואס אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעסֶען, סֶענְדֶערִיל, אִיז זֶעהְר וִוִיכְטִיג, נֵייטִיג אִין לֶעבֶּען אַרַיין, הַלְוַאי אַלְסְדִינְג זָאל אָפְּלוֹיפֶען בְּשָׁלוֹם נָאר בְּאֹם הָלַיְלָה, לֹא יֵעָלֶה וְלֹא יָבוֹא, גָאט זָאל שׁוֹמֵר וּמַצִּיל זַיין, אוֹיפְן וֶועג וֶועט עֶפִּים מַעֲשֶׂה שָׂטָן גֶעשֶׁעהְן, דֶענְסְמָאל וֶועלֶען מִיר עֶרְשְׁט דֶערְפִיהְלֶען דֶעם גְרוֹיסֶען וֶוערְטְה פוּן דֶער טְהַייעֶרֶער זַאךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעסֶען, אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג פוּן דֶער הַיים הָאבּ אִיךְ אִין אַיילֶענִישׁ פַארְגֶעסֶען צוּזָאגֶען אַ שְׁפְּרוּךְ, וָואס שְׁטֶעהְט גֶעשְׁרִיבֶּען אִין אַ כַּפָּר, אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן אַ גַאנְץ אַלְטֶען כְּתַב יַד, דֶער שְׁפְּרוּךְ מוּז גֶזָאגְט וֶוערֶען פַאר אַ נְסִיעָה אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג פוּן דֶער הַיים, בַּייא דֶער רַאגַאדְקֶע, אוּנ מֶען אִיז עָרֵב, אַז עֶר אִיז אַ זִיכֶערֶע שְׁמִירָה אִין וֶועג פַאר כָּל אַ מִינֵי סַכָּנוֹת אוּנ שְׁלֶעכְטֶע בֶּעגֶעגֶענִים, אָט וָואס אִיךְ הָאבּ פַארְגֶעסֶען!

— אֶפְשַׁר אִיז דַיין גוּטֶער וִוילֶען זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַ הַיים? הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעזָאגְט בִּתְמִימוּת.

— דוּא בִּיסְט מְשׁוּגָע צִי חָסֵר דֵעָה! הָאט בִּנְיָמִין אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטָאן אוּנ דָאס גַאנְצֶע בְּלוּט אִיז אִיהְם אִין פָּנִים אַרַיין סְטַייטְשׁ, וָואס הַייסְט, זִיךְ אוּמְקֶעהְרֶען אַ הֵיים? נָאךְ אַזוֹי פִיל מִיה אוּנ אָנְגֶעהֶען זִיךְ אַזַא וֶועג

פרוצלים

פְלוּצְלִים אוּמְקֶהְרָען זִיךְ ׃ סְטַייטְשׁ אוּנ דִיא וָועלְט ? וָואס וֶועט זָאגֶען דִיא וָועלְט ?

— וָואס הָערָען מִיר, בִּנְיָמִין, דִיא וָועלְט ? הָאט סֶענְדֶערִיל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, דִיא וָועלְט הָאט דָען דִיךְ גֶעבֶּעטֶען מַאכֶען אַזַא נְסִיעָה ? הָאט זִיא דָען מִיט דִיר אַ קָאנְטְרַאקְט גֶעמַאכְט אוּנ דִיר אוֹיף הוֹצָאוֹת גֶעגֶעבֶּען דוּא זָאלְסְט גֶעהְן, וַואנְדְרָעוֶוען ?

— נַאנְץ שַׂכְלְדִיג ! הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ נָאכְגֶעקְרִימְט, אוּנ אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן אִיהְם הָאט דָען דִיא וָועלְט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל גֶעהְן קֵיין הִינְדְיָא אוּנ מִלְחָמָה הַאלְטִין דָארְט ? אוּנ דִיא אַלֶע וַואנְדֶערֶער בַּייא אוּנְז יוּדֶען הָאט דָען דִיא וָועלְט גֶעבֶּעטֶען אַרוּם צוּוַואנְדְרֶעוֶוען פוּן שְׁטָאדְט צוּ שְׁטָאדְט ?

— וַויים אִיךְ ׃ הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעמַאכְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע, פוּן מֵיינֶעטְוֶועגֶען הָאבֶּען זַייא אַלֶע גֶעמֶעגְט חָלֶעבִּין זִיטְצֶען אִין דֶער הַיים, עֶס וָואלְט, דַאכְט זִיךְ, בֶּעסֶר אוּנ גְלַייכֶער גֶעוֶוען פַאר אִיטְלִיכֶען. אַךְ נַארֶעלֶע, נַארֶעלֶע דוּא אַלֶכְּסַנְדֶרִיל מוּקְדוֹן. דוּא הָאסְט אִין דֶער הַיים פוּן כָּל טוּב, זִיטְץ, לֶעבּ דִיר צוּ פְרִידֶען אוּנ גְלֶעט דִיר דָאס בַּייכִיל, צוּ וָואס טוֹיג דִיר נָאךְ נַארֶעלֶע הִינְדְיֶען ? סִידִי דָאמַא דַא נִי רִיפַּאִיסַא. אִיז דָא אַ עוֹלָמְ׳ס וָוערְטִיל, אוּנ דֶער עוֹלָם זָאגְט ׃ אַ עוֹלָמְ׳ס וָוערְטִיל אִיז לְהַבְדִיל אַ גְמָרָא, סֶעהְר חִידוּשׁ אִיז אוֹיף אוּנְזֶערֶע יוּדֶעלִיךְ זַייא הָאבֶּען דָאךְ טַאקֶע יַא גֶעטְרָאגְט הַאלְטֶען פוּן דֶער גְמָרָא, זִיטְצֶען אוֹיף זַייעֶר אָרְט אוּנ בֶּעשֶׁעפְטִיגֶען זִיךְ אִיטְלִיכֶער מִיט זַיין זַאךְ, צוּ וָואס טוֹיג דָאס אַרוּמְוַואנְדְרֶעוֶוען, דָאס אַרוּמְבְּלַאנְקֶען זִיךְ וִויא אַ דוּלֶער הוּא־הַא־הַא נִישְׁט צוּ וִויסִין אַלֵיין פוּנֶם גֶעזִינְד פוּנֶם לֶעבֶּען אוּנ נָאר אוּמְזִיסְט אוּמְנִישְׁט רַייסֶען שְׁטִיוֶועל ? וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד, בִּנְיָמִין ! אִיךְ זָאל אַזַא פַּארְשׁוֹין בֶּעגֶעגֶענֶען וָואלְט אִיךְ אִיהְם גְלַייךְ אוֹיפְן אָרְט אָפּ גְזָאגְט דָעם עוֹלָמְ׳ס וָוערְטִיל, לְהַבְדִיל דִיא גְמָרָא מַיין אִיךְ

אַ הִיבְּשֶׁע צַייט הָאבִּין אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען זִיךְ אַוֶועקְגֶעהַאמְפֶּערְט. סֶענְדֶערִיל הָאט גֶעפְרֶעגְט קַשְׁיוֹת אוּנ בִּנְיָמִין הָאט אִים אַלְץ אוֹיס גֶעוִויזֶען אַז עֶר אִיז אַ נַאר אוּנ הָאט קֵיין פִּיטְצֶעל יְדִיעָה נִישְׁט אִין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען. סֶענְדֶערִיל אִיז דֶענְסְמָאל גֶעגְלִיכֶען גִיוֶוען צוּ אַ פֶערְדִיל, וָואס תָּמִיד דִינְט עֶס זַיין הַאר גֶעטְרַייא אוּנ פָאלְגְט אִיהְם אִין פַייעֶר אִין וַואסֶער אַרַיין, פְּלוּצְלִים מַאכְט זִיךְ אַמָאל פַאלְט אוֹיף אִיהְם אָן פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט עֶפִּיס אַ מַאנְקָאלְיֶע, עֶס שְׁפַּארְט זִיךְ אַיין, שְׁטֶעלְט זִיךְ דִיבָּאם אוּנ וִויל זִיךְ נִישְׁט רִיהְרֶען פוּנֶם אָרְט, חָאטְשׁ מְהוּא זִיךְ דָא, שׁוֹנֵא צִיוֹן, אַ מַעֲשֶׂה אָן, אוּנ וֶוען בִּנְיָמִין הָאט דֶענְסְמָאל נִיט גֶעשְׁמִיסֶען דֶעם אַיינְגֶעשְׁפַּארְטֶען סֶענְדֶערְלִין מִיט אַ בַּייטְשׁ, דֶערְפַאר הָאט עֶר אִיהְם דוּרְכְגֶעבּוֹיקֶערְט מִיט

זיין

זַיין זִיס צִינְגֶעל אוּנ אִיהְם אָפְּגֶעשְׁאטָען מִיט רַייד, בִּיז סֶענְדֶערִיל אִיז גֶעוואָרֶען וַוייךְ וִויא אַ טַייג, אַ גוּט פֶערְדִיל וִויא פְרִיהֶער עֶר הָאט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא אוֹיעֶרְן הֶערֶענְדִיג בִּנְיָמִינְ׳ס רַייד, וָואס הָאבֶּען גֶעבְּרָאכֶען דֶעם מוֹחַ, אוּנ לְסוֹף הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, וִויא נַיין שְׁטַייגֶער אִיז גֶעוֶועהְנְטְלִיךְ, מִיט דִיא וֶוערְטֶער:

— אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט דַוְקָא אַזוֹ, זָאל זַיין אַזוֹ. וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ?

אַז בִּנְיָמִין אִיז גֶעפַארְטִיג גֶעוואָרֶען מִיט סֶענְדֶערְלִין הָאבִּין זַייא זִיךְ וַוייטֶער גֶעלָאזְט אִין וֶועג אַרַיין אוּנ נָאכְדֶעם אַז זַייא זֶענִין זִיךְ אָנְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף וֶועגֶען אוּנ זַייטֶענְוֶועגֶעלִיךְ זֶענִין זַייא גִישְׁט טוֹיט נִישְׁט לֶעבֶּערִיג אָנְגֶעקוּמֶען קַיין טֶעטֶערִיוָוקֶע.

טֶעטֶערִיוְוקֶע אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט, וָואס אוּנְזֶערֶע וַואנְדֶערֶער הָאבֶּען גֶעזֶעהֶען אִין זַייעֶר לֶעבִּין, דְרִיבֶּער אִיז קַיין וואוּנְדֶער נִישְׁט וָואס זַייא הָאבֶּען גֶעקוּקְט אוֹיף דִיא גְלַייכֶע אוֹיסְגֶעבְּרוּקִירְטֶע גַאסֶען אִי אוֹיף דִיא גְרוֹיסֶע הוֹיכֶע מוֹיעֶרִין אוּנ נִישְׁט גֶעקֶאנְט זִיךְ זַאט אָנְקוּקֶען. כִּמְעַט אוֹיף דִיא שְׁפִּיצֶען פִינְגֶער זֶענִין זַייא גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דִיא טְרֶעטוּאַרֶען אוּנ גֶעהוֹיבֶּען דִיא פִּיס עֶפִּיס מְשׁוּנֶה, גְלַייךְ וִויא זַייא וָואלְטִין זִיךְ גֶעהִיט צוּשְׁטַארְק נִישְׁט צוּבֶּערִיהְרֶען דִיא גְלַאטֶע שְׁטַיינֶער אוּנ נִישְׁט אָנְמַאכֶען חָלִילָה קַיין שָׁאדֶען, פִּיס, וָואס הָאבֶּען נִישְׁט עֶפִּיס אַזָא גוּטֶע דָאלְיֶע בַּייא זַייעֶרֶע בַּעֲלֵי־הַבַּתִּים אִין דִיא קְלֵיינֶע שְׁטֶעדְטְלִיךְ אוּנ וָואס מֶען מַאכְט דָארְט פַאר זַייא נִישְׁט עֶפִּיס גְרוֹיסֶע צֶערֶעמָאנִיֶעס! קְלֵיינְשְׁטֶעטִילְדִיגֶע פִּיס, וָואס וַוייסֶען גֶעבִּיךְ נִישְׁט פוּן קַיין פַאדְלָאגֶע צוּזָאגֶען אֲפִילוּ אִין שְׁטוּבּ, וָואס קְרִיכֶען גֶעבִּיךְ וִויא דִיא חֲזִירִים אִין בְּלָאטֶע, וָואס זַייעֶרֶע בַּעֲלֵי־הַבַּתִּים שְׁטֶעקֶען זַייא גֶעהֶענְדִיג מִיף אַהִינְצוּ אַרַיין אוּנ דְרַאלֶען מִיט זַייא פַארְסְטֶע־מָאסְטֶע גָאר אָהְן שׁוּם מְלָאכוֹת, אַזֶעלְכֶע פִּיס מוּזֶען בֶּאֱמֶת מְבוּלְבָּל וֶוערֶען וִויא דִיא שִׁיכּוֹרֶע אַז זַייא דֶערְפִיהְלֶען פְּלוּצְלִים אוּנְטֶער זִיךְ אַ בְּרִיק פוּן שְׁטֵיינֶער אוּנ מוּזֶען פַאר גְרוֹיס כָּבוֹד טַאקִי אַבִּיסִיל אוֹנְטֶערְשְׁפְּרִינְגֶען אוּנ נִישְׁט וִויסֶען אַ צַייט זִיךְ וָואהִין צוּטָאן, פְרִישֶׁע עֶרְשְׁט אָנְגֶעקוּמֶענֶע קְלֵיינְשְׁטֶעטִילְדִיגֶע פִּיס וֶועט אִיהְר בַּאלְד דֶערְקֶענֶען אוֹיף דִיא אוֹיסְגֶעבְּרוּקִירְטֶע גַאסֶען אִין דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט, אוּנְזֶערֶע טוּנֶעיַאדֶעווְקֶער פַארְשׁוֹינֶען זֶענֶען גֶעגַאנְגֶען וִויא מִיט אַ פַארְקְלֶעהְמְט הַארְץ אוּנ בְּהַכְנָעָה אָפּ גֶעטְרֶעטֶען פַאר אִיטְלִיכֶען דֶעם וֶועג, סֶענְדֶערִיל פְלֶעגְט אִין אַזָא פַאל אָנְגֶעהְמֶען בִּנְיָמִין בַּייא דֶער פָאלֶע אוּנ אִיהְם אַ שְׁלֶעפּ טָאן אִין דֶער זַייט, אַ מָאל אִיז דוּרְכְדֶעם סֶענְדֶערְלִין אוֹיס גֶעקוּמֶען צוּחַאפֶּען אַ שְׁטִיל טֶענְצִיל מִיט עֶמִיצִין וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אַקֶעגֶען, יֶענֶער אִיז זִיךְ גֶעגַאנְגֶען גְלַייךְ זַיין וֶועג אוּנ הָאט זִיךְ אָנְגֶעשְׁלָאגֶען מִיט סֶענְדֶערְלִין, וָואס מֵחֲמַת דֶעם

אפטרעטען

אָפְּטְרֶעטֶען הָאט עֶר אִיהְם פּוּנְקְט גָאר פַארְשְׁטֶעלְט דֶעם וֶועג, יֶענֶער הַאפְּט זִיךְ רֶעכְטְס, אָבָּער אוּנְזֶער סֶענְדֶערִיל הָאט אִים מַקְדִים גֶעוֶוען אוּנ שְׁטֶעהְט שׁוֹין גְרֵייט, בֵּיידֶע וַוארְפֶען זִיךְ לִינְקְס אוּנ וַוייטֶער רֶעכְטְס בִּיז יֶענֶעם נֶערְאוט לְסוֹף אוֹיסְצוּמַיידֶען זִיךְ. אֵיינֶער, וָואס אִיז גְרַאד נִישְׁט אוֹיפְגֶעלֵייגְט גֶעוֶוען צוּטַאנְצֶען מִיט סֶענְדֶערְלִין, הָאט אִיהְם פְּרָאסְט אָנְגֶענוּמֶען אוּנ אַ וָוארְף גֶעטָאן אִין דֶער זַייט אַז דִיא צֵיין זַיינִין אִיהְם שִׁיער נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעפַאלֶען. אַלְסְדִינְג זַיינִין פַאר אוּנְזֶערֶע פַארְשְׁוִוינֶען גֶעוֶוען נַייא, אַלְסְדִינְג, הָאט זִיךְ זַייא אוֹיסְגֶעוִויזֶען, טַייטְ אוֹיף זַייא מִיט דִיא פִינְגֶער, דִיא דְרָאזְשְׁקֶעס שְׁרַייעֶן, דִיא פַּאעֶטָאנֶען פִילְדֶערֶען, דִיא מוֹיעֶרֶען שְׁטֶעהֶען הָאפֶערְדִיג, קוּקֶען שְׁטָאלְץ מִיט זַייעֶרֶע גְרוֹיסֶע גְלֶעזֶערְנֶע טַאפְלֶעס אוּנ דִיא מֶענְשֶׁען קְרִימֶען זִיךְ, אַלְכְּדִינְג שְׁרַייעֶט זַייא נָאךְ: תַּרְבִּית קַבְּצָנִימְלִיךְ! תַּרְבִּית קְלֵיינְשְׁטֶעטִילְדִינֶע יוּדֶעלִיךְ! תַּרְבִּית תַּרְבִּית!...

— הֶערְסְט־דוּא, בִּנְיָמִין! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעזָאגְט, נָאכְדֶעם אַז עֶר הָאט פַארְרִיסֶען דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעקוּקְט אוֹיף דִיא מוֹיעֶרֶען מִיט דֶרֶךְ אֶרֶץ, אִיךְ מַיין בִּנְיָמִין, דָאס אִיז סְטַאמְבּוּל!

—גֶעה שׁוֹין, נֶעה נַארֶעלֶע, וִויא קוּמְט עֶס צוּ כְּטַאמְבּוּל? הָאט בִּנְיָמִין גֶעמַאכְט מִיט אַזַא מִינֶע גְלֵייךְ וִויא עֶר אִיז אַ סְטַאמְבּוּלֶער אַ גֶעבִּירְדִיגֶער, סְטַאמְבּוּל נַארֶעלֶע, הָאט ת"ק מָאל ת"ק גַאסֶען, אִיטְלִיכֶע גַאס הָאט ת"ק מָאל ת"ק פוּפְצֶעהֶן־צְוַואנְצִיג־אָדֶער אֶפְשַׁר דְרַייסִיגְגָארֶענְדִיגֶע הַייזֶער אוּנ אִין אִיטְלִיכְם הוֹיז וואוֹינֶען ת"ק מָאל ת"ק מֶענְשֶׁען! דוּא מַיינְסְט אַז דוּא בִּיסְט שׁוֹין פַארְטִיג? נַיין, וַוארְט נָאר נַארֶעלֶע אֵיינֶער, הַיינְט אִיז נָאךְ דָא קְלֵיינֶע גַאסֶען, יוּרְדְקֶעס, קַאטְשֶׁענִיוְקֶעס, מָאטְשֶׁענִיוְקֶעס, פִּיסְקֶעס יַארֶען אוּנ פָאדוֹילֶען כְּחוֹל הַיָם!

אַי, אַי, אַי! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעמַאכְט פַאר גְרוֹיס וואוּנְדֶער, ס'אִיז דָאךְ עֶפִּיס גָאר אַ שְׁרֶעק חָלֶעבִּין אַזַא גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט! נָאר אִיךְ בֶּעט דִיךְ, בִּנְיָמִין, פוּן וַואנֶען קוּמְט עֶס אֶט דִיא אַלֶע גְרוֹיסֶע שְׁטֶעדְט? מֶענְשֶׁען זָאלֶען זִיךְ צוּנוֹיפְשְׁטִיקֶען אִין אֵיין אָרְט אוּנ לִיגֶען אֵיינֶער אִיבֶּער דֶעם אַנְדֶערֶען, גְלַייךְ וִויא דִיא וֶועלְט אִיז וַוייניג אוּנ נִישְׁטָא מֶעהְר קֵיין עֶרְד! עֶס מוּז דָאךְ אַוַודַאי דְרִינֶען עֶפִּיס זַיין וָואס מֶענְשֶׁען דֶערְוַוייטֶערֶען זִיךְ פוּן דֶער עֶרְד אוּנ ווילֶען אַלְץ פְלִיהֶען אִין הִימֶעל, אִין דִיא הוֹיכֶע פֶענְסְטֶער. זָאל עֶס אֶפְשַׁר זַיין דֶערִיבֶּער, וָואס דֶעם מֶענְשֶׁענְס נְשָׁמָה וַואקְסְט פוּן הִימֶעל אוּנ מַחֲמַת דֶעם צִיהְט עֶס אִיהְם נֶעבִּיךְ אַלְץ אַרוֹיף אַרוֹיף, אוּנ עֶר הָאט זֶעהְר שְׁטַארְק חֵשֶׁק אוֹיסְצוּשְׁפְּרֵייטֶען דִיא פְלִיגֶעלִיךְ אוּנ זַיין אַלְץ פוּן אוֹיבֶען? וָואס זָאגֶען דֶערְצוּ עֶפִּיס דַיינֶע חַקְרָנִים, בִּנְיָמִין? הָאסְט דוּא נִישְׁט בֶּעגֶעגֶענְט מִכֹּחַ דֶעם עֶפִּיס אַ שְׁמִיעֶס עֶרְגִיץ אִין דַיינֶע הַקִירָה־סְפָרִים?

על

— עַל פִּי הַחֲקִירָה, הָאט בִּנְיָמִין גֶעמַאכְט מִיט אַ קְנֵייטְשִׁיל, אִיז וֶוענֶען דֶעם עִנְיָן דָא אַ גַאנְץ וַוייטֶער שְׁמֻעֶס, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דֶערְפוּן אֲפִילוּ גֶעהַאט אַ מָאל צוּטָאן בַּייא אוּנְז אִין בֵּית־הַמִּדְרָשׁ אוּנְטֶערְן אוֹיוֶון אוּנ דוּרְכְדֶעם אִיז פַארֶענְטְפֶערְט גֶעוָוארֶען דִיא גְמָרָא פוּן דִיא צֶעהֶן טֶעפּ אֶרֶעמְקַייט, וָואס זֶענִין אַרָאפְּגֶעשִׁיקְט גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט, וִויא אוֹיךְ דֶער פָּסוּק, כִּי מָלְאָה הָאָרֶץ חָמָס, דִי וֶועלְט אִיז פוּל גֶעוָוארֶען מִיט רוֹיבּ. נָאר אִיךְ וֶועל עֶס דִיר אַבִּיסִיל מַסְבִּיר זַיין עַל פִּי אוּנְזֶער תּוֹרָה. חוּמָשׁ הָאסְט־דוּא דָאךְ גֶעלֶערֶענְט, כֶּענְדֶערִיל! לוֹיט וִויא עֶס שְׁטֶעהְט אִין חוּמָשׁ הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען נָאר תְּחִלַּת, אִין דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע דוֹרוֹת, גֶעוואוֹינְט אִין גֶעצֶעלְטֶען, נָאר בְּשַׁעַת דֶעם דוֹר הַפְּלָגָה הָאבֶּען אַלֶע מֶענְשֶׁען זִיךְ פַארְקְלִיבֶּען אִין אֵיין אָרְט, זִיךְ גֶענוּמֶען מַאכֶען צִיגֶעל אוּנ אוֹיסְבּוֹיעֶן אַ שְׁטָאדְט מִיט הוֹיכֶע מוֹיעֶרֶען אִין הִימֶעל, אִין דֶערְמִיט אַרְבַּייט טַאקִי אִיז שׁוֹין אוֹיף זַייא אָנְגֶעפַאלֶען אַ בַּייזֶע מְהוּמָה אַ גֶעטִימֶעל, אֵיינֶער הָאט נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם אַנְדֶערֶען אוּנ דִיא גַאנְצֶע פִיהְרוּנְג דָארְט אִיז עֶפִּיס אוֹיסְגֶעקוּמֶען קַאפּוֹיר, אַ נֵס וָואס נָאט הָאט זַייא בַּאלְד צוּטְרִיבֶּען הָאבֶּען מֶענְשֶׁען וִוידֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּלֶעבֶּען, עֶטְהֶעמֶען פְרַייעֶר אוּנ דִיא וֶועלְט אִיז וַוייטֶער אוֹיפְגֶערִיכְט גֶעוָוארֶען, נָאר דֶער חֵטְא פוּנֶם דוֹר־הַפְּלָגָה הָאט נָאךְ אִין גַאנְצֶען נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט. פוּן יֶענֶער צַייט אָן צִיהְט זִיךְ נָאךְ אַלְץ, בַּעֲוֹנוֹתֵינוּ הָרַבִּים, דִיא תַּאֲוָה בַּייא מֶענְשֶׁען צוּשְׁטִיקֶען אוּנ צוּנוֹיפְשְׁטִיקֶען זִיךְ, אוֹיסְצוּמוֹיעֶרֶען זִיךְ הוֹיךְ, צוּמַאכֶען זִיךְ אַ שֵׁם אוּנ פְלִיהֶען אִין הִימֶעל, וָואס הָאסְט דוּא אִין מִיר זִיךְ אָנְגֶעטְשֶׁעפֶּעט וִויא אַזְלוּדְנִיעֶ? זָאגְט אַבְרָהָם צוּ לוֹטִין, לָמָּאי זָאלֶען דַיינֶע מֶענְשֶׁען זִיךְ קְרִיגֶען מִיט מַיינֶע אִיבֶּער אַ שְׁפַּאן עֶרְד, דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט שְׁטֶעהְט דָאךְ פַאר דִיר פְרַייא, גֶעה דִיר וָואהִין דוּא ווִילְסְט אוּנ לָאז מִיךְ גֶעמַאךְ!

נָאר אֵיידֶער נָאךְ בִּנְיָמִין הָאט גֶעעֶנְדִיגְט דֶעם שְׁמֻעֶס הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אַ שְׁטַארְקֶער גֶעשְׁרֵייא פוּן אַ פַארְטְשִׁיק, וָואס אִיז אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען אָנְגֶעפָאהְרֶען פוּן הִינְטֶען אוּנ הָאט זַייא שִׁיעֶר נִיט מַזִּיק גֶעוֶוען מִיט דֶעם דִישֶׁעל, אוּתְנַיאקֶעס! הָאט דֶער פַארְטְשִׁיק גֶעשְׁרִיגֶען אִין אֵיין אָטְהֶעם אוּנ גֶעמַאכְט אוֹיף זַייא מִיט דֶער בַּייטְשׁ, וָואס קְרִיכְט אִיהְר, צוּא אַלֶדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְר, וִויא דִיא רַאקֶעס אוּנ פַארְשְׁטֶעלְט דֶעם וֶועג! הַייא, הַייא יָאלֶדֶען! הַייא, הַייא פְלַאכְטֶען!

אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען נֶעבִּיךְ הָאבֶּען גֶעהֵייבֶּען פִיס אוּנ גֶעלָאפֶען פַאר שְׁרֶעק וִויא דִיא פַארְסַאמְטֶע מַייז, יֶדֶער אַהִין אוּנ דֶער אַהֶער, לוֹיפֶענְדִיג הָאט סֶענְדֶערִיל זִיךְ אַ זֶעטְץ גֶעטָאן אִין אַ שְׁטוּפּ אוּנ זִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען נֶעבִּיךְ, וִויא גְרוֹיס עֶר אִיז, אוֹיף דֶער עֶרְד, בִּנְיָמִין הָאט אִין אֵיילֶענִיס זִיךְ אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אִין אַ קוֹישׁ מִיט אֵייעֶר, וָואס אַ קוּרֶעלַאפְּנִיטְשְׁקֶע הָאט גֶעטְרָאגֶען.

גֶעטְרָאגָען, דִיא אַייעֶר הָאבִּין זִיךְ צוּבְּרָאכָען אוּנ אוֹיךְ אִיהְם הָאט זִיךְ גֶעעֶפִּנְט אַ גֵיהִנֹם, אַ פִּסְק, אַ פַייעֶר, אַ גֶעשְׁרֵייא, יֶענֶע פוּן דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע אֵייעֶר גֶעבִּיךְ הָאט אִיהְם אָפְּגֶעשְׁאטָען מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת, זִיא הָאט אִיהְם גֶעוָואלְט אָפְּשְׁטֶעקָען אָדֶער זִיא הָאט אִיהְם שׁוֹין טַאקִי אָפְּגֶעשְׁטֶעקְט אַ פַּאטְשׁ אוּנ שְׁטַארְק הֵשֵׁק גֶעהַאט אַייְנְצוּפְלַאנְטָען זִיךְ אִין זַיינֶע הָאר, קוֹרְץ, בִּנְיָמִין הָאט גֶענוּג גֶעלַייזְט בִּיז עֶר אִיז קוֹים מִיט צָרוֹת לֶעבֶּעדִיג אַרוֹיס פוּן אִיהְרֶע הֶענְדוֹאוּנ גֶעמַאכְט אַ פְּלֵיטָה אִין אַ הִינְטֶערְגֶעסִיל, וָואס אַ הִינְצוּ אִיז אוֹיךְ סֶענְדֶערִיל בַּאלְד צוּגֶעקוּמֶען.

— אַט הָאסְט־דוּא דִיר אַ גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעזָאגְט אוּנ אָפְּגֶעווִישְׁט מִיט דֶער פָּאלֶע דֶעם שְׁוֵייס פוּן זַיין פָּנִים. דָא נֶעה נִישְׁט, דָא שְׁטֶעה נִישְׁט, דָא רוּה נִישְׁט. ווַייסְט זַייא אַלֶע דֶער שְׁוַוארְץ־יָאהְר!

— דָאס צִיהְט זִיךְ נָאךְ אַלְץ פוּנֶם דוֹר הַפְּלָגָה, הָאט גֶעעֶנְטְפֶערְט בִּנְיָמִין, וָואס הָאט גֶעשְׁאפֶּעט ווִיא אַ גַאנְז, דָאס אַלְסְדִינְג וָואס דוּא זֶעהְסְט דָא, אִיז אַלְץ דוֹר הַפְּלָגָה, מִיט זַיין בַּייזֶער מְהוּמָה. מִיט זַיין גֶעטִימֶעל, גְנֵבָה, גְזֵלָה אוּנ רְצִיחָה!

— אַ, אִין דֶער עֶרְד אַרֵיין מִיטָן קָאפּ! הָאט סֶענְדֶערִיל אַ מַאךְ גֶעטָאן, קוּם בִּנְיָמִין, לָאמִיר זִיךְ אוֹיסְרוּהָען! דוּא זֶעהְסְט עֶפִּים שְׁרֶעקְלִיךְ אוֹיס, עֶס פַייעֶרְט דִיר עֶפִּים אַ בַּאק, אַ רוּחַ אִין דֶער הֲצוּפָה׳ס טַאטֶען אַרֵיין! ווִישׁ נָאר אָפּ, זַייא מוֹחֵל, דֶעם פָּנִים, דִיא חֲצוּפָה הָאט אַ פָּנִים בְּשָׁעַת מַעֲשֶׂה דִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט מִיט גֶעלְבָּען פוּן אַייעֶר!

## ח.

## ווִיא צוּלִ׳ב בִּנְיָמִינֶען ווֶערְד אַיין אִיבֶּערְקֶעהְרֶענִישׁ אִין הֶער פָּאלִיטִיקֶע.

אִין אֵיינֶעם פוּן דִיא טֶעטֶערִיווְקֶער קְלַייזְלִיךְ הָאט שְׁטַארְק גֶעקָאכְט פוּן דֶער דֶענְסְמָאלִיגֶער קְרִימֶער מִלְחָמָה, דֶער אוּנְטֶערְאזִיוֶען אִיז צוּפַאלֶען אוֹיף פַארְשִׁידֶענֶע כִּתּוֹת, אִיטְלִיכֶע כִּתָּה מִיט אִיהְר פְרֶעזִידֶענְט אוּנ מִיט אִיהְר גַאנְג אִין דֶער פָּאלִיטִיקֶע, הַייקִיל בַּעַל־מוֹחַ אוּנ זַיין קוּמְפַּאנְיֶע אִיז זֶעהְר בֶּעשֶׁעפְטִיגְט גֶעווֶען מִיט דֶער סוּהְמֶע ווִיטֶען, פְלֶעגְט זִיא צוּלֵיינֶען אוֹיף טֶעלֶערְלִיךְ אוּנ בֶּעווַייזֶען דִיא הַסְבָּרוֹת אִי דִיא שְׁפִּיטְצְלִיךְ ווָאס אִין אִיהְר שְׁטֶעקְט, הַייקִיל אִיז גֶעווֶען אַ מָאל אַ שְׁטִיקֶעל זַיינֶערְמַאכֶער, עֶר הָאט גֶעהַאט אַ גְרִינְגֶע הַאנְד צוּ מַצָּה רֶעדְלֶען, קֵיינֶער הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט אַזוֹי ווִיא עֶר אַ סוּכָּה מַאכֶען, דָאס לָאקְשֶׁענְבְּרֶעט, דִיא לָאפֶּעטֶע, דִיא מִילְכֶעדִיגֶע בַּאנְק, דָאס טְשָׁאלֶענְטְבְּרֶעטִיל אוּנ דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע שְׁטַייג

פון עופות זענין אין קיינעמס סוכה נישט געוועהן אזוי גוט צוגעפאסט וויא אין זיינער, דעריבער ווען עס פלעגט נאר אויסקומען עפיס א רייד אין מאשינען זאכען פלעגט דער עולם האבען פאר איהם אפשייא אונ זאגען: דאס געהער זיך אן מיט חייקלין, חייקיל ווייסט, חייקעל פלעגט אלץ דערצעהלען וואונדערליכע זאכען פון משונה ווילדע ענגעלשע מאשינעס, אזש דיא האר פלעגען זיך שטעלען פשוט קאפויר הערענדיג, אונ אז איינער האט איהם א מאל מפסיק געוועהן דיא רייד מיט עפיס א קשיא אונ איהם געפרעגט דעם שכל דער פון, פלעגט חייקעל דערקלעהרען דאס אין גאנצען קורץ אונ פראסט מיט עפיס אזא מין שפרינגזשינקעלע אונ דערביי מאכען אזא מינע מיט א זים שמייכעלע גלייך וויא ער וואלט פארענטפערט א קלאטץ קשיא אונ יענעם געפענט דיא אויגען, הכלל מיט א שפרינגזשינע האט חייקיל דערקלעהרט אלסדינג, אי דעם זייגער, אי דעם טעלעגראף אי א שפילפושקעלע אונ אלע אנדערע מיני המצאות אויף דער וועלט. איציק פשטן אבער איז קיינמאל נישט צופרידען געוועהן מיט חייקילס שפרינגזשינקעס ער פלעגט קיקען דארויף עפיס וויא אויף אפיקרסות אונ מאכען מיט א געשפעט: באלד וועט שוין חייקיל זאגען אז א גולם וכדומה אזעלכע מופתים זענען אויך דורך א שפרינגזשינקעלע!... פע, פע חלעבין! זיינע אלע זאכענישען זיינין פשוט איז פשוט, איך בעט אייך איבער, נארנישט. טאקע אמתע נארעשקייטען, אונ ווייל חייקיל בעל מוח איז געוועהן פארקאכעט אין וויטען, דריבער האט איציק פשטן, חייקילס בעשטענדיגער מתנגד אין אלע זאכען, זיך אנגעטשעפעט אין דער מוהמע ראסיע אונ זיך ארויסגעשטעלט פאר איהר מיט אלע קרעפטען, איטליכער פון ביידע צדדים האט שטארק געארבייט צובייגען אויף זיין זייט דיא איבעריגע קומפאניעס, איז חייקיל שוין געשטאנען אויף א שטיקעל שטייגער מיט שמואליק באקסאר, דער פרעזידענט פונם פעטער ישמעאלס כנופיא, אונ האט שוין כמעט וויא האלב זיך אויסגעגלייכט מיט בעריל פראנצויז, נאפאלעאנס א הייסער חסיד, האט איציק אנגעמאכט א הארמידער אונ צוגעצויגען צוא זיך טוביה מאק, קירהם מענש, פאטשטען זענין געפלויגען פון אלע זייטען. איטליכער האט געלאזט זיינע ראציעס, דיא וועלט האט זיך געקעהרט אונ דאס קליזעל האט זיך פשוט געוויגט! אט אין דער דאזיגער צייט בשעת דער גרויסער מהומה זענין אונזערע פארשוינען אנגעקומען קיין טעטעריווקע אונ זיך אפגעשטעלט אין דעם דאזיגען קלייזעל אויף סטאנציע.

סענדעריל מיט זיין כאראקטער איטליכען נאכצוגעבען האט אין די עניני הפאליטיקע אויך זיך נישט איינגעשפארט אונ איטליכען צוליב געטאן אזו וויא ער וויל, דוא ווילסט אזו, פלעגט ער זאגען, וואס פאר

א דאגה איך האב זאל זיין אזוי, און דריבער טאקי האט ער שטארק נושא חן געווען און איז באלד איטליכען געפעלען, ביים ערשטען שלום-עליכם איז ביי דעם עולם געבליבען, אז סענדריל איז אהן א גאל, א יוד אהן חכמות, וואס האט אין זיך נישט די מדה פון עקשנות. און ווען סענדעריל איז געווען אויפגעטראגען מיט אלע גלייך גאר אהן א שום הלוק, אקעגען־זשע איז בנימין געווען איין איבערקלייבער און גאר צום ערשטען איז איהם מעהר פון אלע עפים געפעלען שמואליק באקסאר, צו וועלכען ער האט ביסליכווייס זיך צוגעלאזט ביז ער איז מיט איהם געווארען שטארק חבר, בנימין האט איהם מגלה געווען דעם גאנצען פלאן פון זיין נסיעה און שמואליקין איז די זאך זעהר שטארק געפעלען, ער האט מכח דעם איבערגעשמיעסט מיט חייקלין, חייקיל האט דאס גענומען אויף זיין מוח, און הגם די זאך איז איהם אויסגעקומען אביסיל שווערליך, דאך איז דאס איהם געגאנגען אין קאפ, ער האט באלד טאקי אין א סעסיע מיט בעריל פראנצויז און טוביה מאק אפירגענומען דעם דאזיגען ענין און זייא האבען זיך דארויף שטארק פארחידושט. בנימין, האבען זייא געזאגט, זעהט טאקי עפים ניט אויס וויא א געוויינטליכער מענש, ער איז עפים וויא צוטראגען נישט אויף דעם עולם, אז ער רעדט איז שווער צופארשטעהן וואס ער מיינט, ער פארטראכט זיך א מאל, שטעלט אויס א פאר גלעזערנע אויגען און שמייכעלט, זיין הילוך און זיינע אלע פאסטעמקעס זענען עפים משונה, דאס אלסדינג בעווייזט, אז ער איז העט העט גאר פון איין אנדערער מדרגה, נישט גלאט א מענש, אין איהם מוז בוודאי עפים שטעקען, גלאט פשוט קען עס לגמרי נישט זיין, וועד ווייסט, אפשר איז דער בנימין גאר נישט קיין בנימין, א קשיא אויף א מעשה!...

אז בנימין און סענדעריל זענען פארשאפעט אריינגעקומען אין קלייזעל נאך דער מעשה מיט דער יודינע פון די אייער איז דארט געווען א שרעקליכער געפילדער, די סעסיע פון אונזערע פאליטיקער האט שטארק זיך מפלפל געווען מיט איציק פשטן, וואס ער האט זיך געריסען אויפן נארגעל און איטליכען אריבערגעשריגען.

— נאט זעהט, וואס שטעהט אין יוסיפון, האט איציק געשריגען אין איין אטהעם און געטייט מיטן פינגער אין א ספריל, אין יוסיפון שטעהט. אז אלכסנדר מוקדון האט געוואלט געהן צו די קינדער יונדב בן רכב איז ער דערגאנגען ביז צו די הרי חושך און ער מיט זיינע גבורים האבען דארט נישט געקענט לחלוטין געהן, זייערע פיס זענען געזונקען אין בלאטע ביז איבער די קניע, מחמת די זון שיינט דארט נישט איז די ערד אין יענעם ארט שטארק זומפיג, הײנט פארשטעהט

איהר

אִיהְר שׁוֹין, אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן, דָער גְרוֹיסֶער אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן, וָואס אִיז גֶעפְלוֹיגֶען אוֹיף אַיין אָדְלֶער אוּנ וָואס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען בַּייא דִיא טִיהְרֶען פוּנֶם גַן־עֵדֶן, עֶר הָאט גִישְׁט גֶעקֶענְט אַרִיבֶּער דִיא הָרֵי חוֹשֶׁךְ, מִכָּל־שֶׁכֵּן אַייעֶר פַאַרְשׁוֹין, אַזַא נֶפֶשׁ וִויא עֶר! עֶס וֶועט אִיהְם גִישְׁט הֶעלְפֶען דֶערְצוּ אֲפִילוּ הַייקִיל מִיט אַלֶע זַיינֶע שְׁפְּרִינְגְשִׁינְקֶעס.

— דוּא גְרָאבֶּע קָאפּ אֵיינֶער! הָאט חַייקִיל זִיךְ צוּלָאזְט אוֹיף אַ קוֹל אוּנ גֶעטִיטְשֶׁעט אִיצִיקִין מִיטְן גְרָאבֶּען פִינְגֶער, וואוּ זַיינֶען דַיינֶע אוֹיגֶען? אַדְרַבָּה זֶעהֶע טַאקִי וָואס דָא שְׁטֶעט וַוייטֶער, עֶר זָאגְט: אַז אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן הָאט דָארְט גֶעהֶערְט עוֹפוֹת, פֵייגְלִיךְ, רֵיידֶען יְוָנִית, אַיין פוֹיגֶעל הָאט אִיהְם גֶעזָאגְט בְּזֶה הַלָּשׁוֹן דַיין מִיה אִיז אוּמְזִיסְט, וַוייל דוּא וִוילְסְט קוּמֶען אִין גָאטְס הוֹיז אוּנ אִין דֶעם הוֹיז פוּן זַיינֶע קְנֶעכְט, דִיא בְּנֵי אַבְרָהָם יִצְחָק וְיַעֲקֹב, הַיינְט פַארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא שׁוֹין, גְרָאבֶּע קָאפּ אֵיינֶער, פַאר וָואס אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן הָאט אַהִינְצוּ נִישְׁט גֶעקֶענְט גֶעהְן?

— מֵילָא וָואס וֶועסְט־דוּא אָבֶער טָאן, מַיין גְרוֹיסֶער בַּעַל מוֹחַ, אוֹיב עֶס קוּמְט גָאר אוֹיס וִויא דִיא יֵשׁ אוֹמְרִים דָארְט, אַז דִיא עֲשֶׂרֶת הַשְׁבָטִים מִיט דִיא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ אָדֶער דִי בְּנֵי מֹשֶׁה וואוֹינֶען גָאר דָארְט עֶרְגִיץ לֶעבִּין דֶעם לַאנְד פוּנֶם פְּרִיסְטֶר יָאן? נוּא, הַיינְט לָאז דַיין נֶפֶשׁ מוֹחֵל זַיין גֶעפִינֶען עֶרְגִיץ דָאס לַאנְד פוּנֶם פְּרִיסְטֶער יָאן! מָארְגֶען גָאבֶּען קַאלְטֶען קוּגֶעל!

— עֶט נַארֶעשְׁקַייטֶען, אִיצִיק! חָלֶעבִּין נַארֶעשְׁקַייטֶען.

— וַוארְט נָאר, וַוארְט מַיין בַּעַל מוֹחַ! עֶס אִיז עֶפִּיס נָאךְ דָא אַ סַמְבַּטְיוֹן אוֹיךְ! וָואס וֶועט עֶר טָאן מִיט דֶעם סַמְבַּטְיוֹן, וָואס עֶר שְׁלַיידֶערְט אַ גַאנְצֶע וָואךְ שְׁטֵיינֶער? לָאמִיר שׁוֹין אָנְנֶעהְמֶען אִין דֶער כְּבָרָא, אַז עֶר אִיז שׁוֹין אַרִיבֶּער דִיא הָרֵי חוֹשֶׁךְ, עֶר הָאט שׁוֹין גֶעפוּנֶען דָאס לַאנְד פוּנֶם פְּרִיסְטֶער יָאן. נוּא קוּמְט עֶר צוּ צוּם סַמְבַּטְיוֹן, טְפְּרוּא! עֶס רֶעגֶענְט מִיט שְׁטֵיינֶער אוּמְמֶעגְלִיךְ צוּשְׁטֶעלֶען וָואפּוּם דָאס דָא וֶועט דָאךְ אִיהְם נִישְׁט הֶעלְפֶען אֲפִילוּ דַיין וִויטֶע, זִיא זָאל זִיךְ אֲפִילוּ שְׁטֶעלֶען מִיטְן קָאפּ אַרָאפּ אוּנ מִיט דִיא פִיס אַרוֹיף.

— הֶע, הֶע, דוּא טְשֶׁעפֶּעשְׁט שׁוֹין זִיךְ אִין וִויטֶען! אָט וָואהִין דוּא בִּיסְט פַארְקְרָאכֶען.

— וָואס אִיז דָאס אִין אֱמֶת'ן פַאר אַ גַאנְג, אִיצִיק, אוּמְזִיסְט אוּמְנִישְׁט שְׁפֶּעטֶען פוּן דִיא מַלְכִיוֹת, הָאט בֶּערִיל פְּרַאנְצוֹיז זִיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט מִיט פַארְדְרָאס, מִיר רֶעדֶען דָאךְ אִיצְט פוּן בִּנְיָמִינִין, זֵידִיל דִיר בִּנְיָמִינִין אוּנ מִישׁ נִיט אַרַיין דִיא מַלְכִיוֹת, אִיךְ בֶּעט דִיךְ!

— פַאר וָואס זֵידְלֶען בִּנְיָמִינִין? הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען טוֹבִיָה מָאס,

בִּנְיָמִין גֶעהְט דַאכְט זִיךְ אוֹיף אַ דֶרֶךְ, דוּרְךְ אִיהְם קֶען נִצְמַח וֶוערֶען יוּדֶען אַ יְשׁוּעָה.

— אַי מַאק, מַאק! הָאט אִיצִיק גֶעמַאכְט מִיט תַּרְעָמוֹת אוּנ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיטְן קָאפּ, אוֹיף דִיר מָאקוֹנְיוּא הָאבּ אִיךְ מִיךְ חָלֶעבִּין נִישְׁט גֶערִיכְט, אַז דוּא זָאלְסְט הַאלְטֶען מִיט זַייא אוּנ מַאכֶען אַזַא פֵּירוּשׁ פוּן בִּנְיָמִינִין, וָואס הָאסְט־דוּא אִין אִיהְם אַזוֹנְס דֶערְזָעהֶן?

הֶערְט נָאר, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, אַ גַאנְג פוּן אַ מֶענְשֶׁען: וָואס הָאסְט־דוּא אִין אִיהְם אַזוֹינְס דֶערְזָעהֶן?! הָאט שְׁמוּאֵלִיק בָּאקְסָאר זִיךְ נָאכְגֶעקְרִימְט מִיט אַ גֶעשְׁפֶּעט, מְשׁוּגָע בִּיסְט־דוּא הַיינְט, אִיצִיק, צִי וָואס? זַיין אָפְּגֶעלָאזֶענְקַייט, זַיין צוּטְרָאגֶענְקַייט, זַיין קוּקֶען, זַיין רֵיידֶען מִיט זַיין גַאנְץ בֶּענֶעהְמֶען בֶּעווַייזֶען דַאכְט זִיךְ זֶעהְר גוּט וָוער עֶר אִיז אַזוֹינְס, דָאס פָּנִים אִיז דֶער בֶּעסְטֶער שְׁפִּיגֶעל אוֹיבּ דָאס אַלְסְדִינְג אִיז בַּייא דִיר קַיין בֶּעווַייז נִישְׁט, וַויים אִיךְ שׁוֹין נִיט וָואס הֵייסְט בַּייא דִיר אַזוֹינְס אַ מֶענְשׁ, אַדְרַבֶּה אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אָט אִיז עֶר אִיצְט אַליין אָנְגֶעקוּמֶען, קוּק אִיהְם זַייא מוֹחֵל אָן אוּנ זָאג אוֹיבּ דוּא בִּיסְט נִישְׁט מְשׁוּגָע טַאקִי רֵיין חֲסַר דֵעָה... אִיהְר זָעהְט, עֶפִּיס פְּלַאמְט אִיהְם דָארְט אַ בַּאק אוּנ דְרַייא גֶעלֶע פַּאסְקֶעלִיךְ צִיהֶען זִיךְ אִיהְם וִויא אַ שׁין אוֹיפְן פָּנִים! נוּא אִיצִיק וָואס פַאר אַ פָּנִים הָאסְט־דוּא אִיצְט?

אִיצִיק אִיז צוּגֶענַאנְגֶען נֶעהֶענְטֶער צוּ בִּנְיָמִינֶען, הָאט אִיהְם אָנְגֶעקוּקְט פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִיס, אִיהְם אַ שְׁפַּייא גֶעטָאן כִּמְעַט אִין פָּנִים אַרַיין אוּנ אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַיין כַּעַס, פוּן דֶעם דָאזִיגֶען שְׁמִיעֶס אָן וֶוענֶען בִּנְיָמִינִין הָאט בֶּעקוּמֶען דִיא פָּאלִיטִיקֶע אַיין אַנְדֶער פָּנִים, שְׁמוּאֵלִיק בָּאקְסָאר מִיט בֶּערִיל פְרַאנְצוֹיז הָאבֶּען גֶעשְׁלָאסֶען בְּלַאט מִיט חַייקְלִין, וִויטֶע הָאט אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט אִין יַם טוֹיזֶענְט גְרוֹיסֶע אָקְרֶענְטֶען מִיט שְׁרֶעקְלִיךְ ווִילְדֶע מַאשִׁינֶעס, דֶער פֶּעטֶער יִשְׁמָעֵאל אִיז אַרִיבֶּער דֶעם פְּרוּט אוּנ נַאפָּאלֶעאָן הָאט גֶעשָׁאסֶען מִיט בָּאמְבֶּעס אוֹיף סֶעוַואסְטָאפֶּעל, טוֹבִיָה כַּאק אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף מִשְׁקוֹלֶת נִישְׁט אַהִין נִישְׁט אַהֶער, גֶעדְרֶעהְט מִיט דֶער צוּנְג נִישְׁט צוּ־וִויסֶען מִישְׁטֶעהְנֶעס גֶעזָאגְט אוֹיף וֶועלְכֶער וָועלְט עֶר אִיז אוּנ אִיצִיק פַּשְׁטָן אִיז גֶעבְּלִיבֶּען אֵיינֶער אַלֵיין וִויא אוֹיפְן וַואסֶער, עֶר הָאט נָעבִיךְ גֶעאַרְבַּייט אוֹיף אַלֶע כֵּלִים אוּנ שִׁיעֶר נִישְׁט גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אַרוֹיס פוּן דֶער הוֹיט, אַ קַאטָאוֶועס אֵיינֶער אַקֶעגֶען אַזַא חֶבְרָה! דֶערְפַאר הָאט עֶר זִיךְ פַארְעסֶען אוֹיף בִּנְיָמִינִין, עֶר הָאט פוּן יֶענֶער צַייט אָן זִיךְ אַלֵיין צוּ אִיהְם גֶעזוּכְט אוּנ אִיהְם גֶעטָאן אִין דֶער גַאל אַרַיין, „גָאט אִיז מַיין עֵדוּת, דֶערְצָעהְלְט בִּנְיָמִין אִין אַיין אָרְט, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ נִישְׁט גֶעמִישְׁט אִין דֶער פָּאלִיטִיקֶע, וָוארוּם אֵיינְמָאל צוּ וָואס טוֹיג עֶס? צְווַייטֶענְס וָואס גֶעהְר זִיךְ עֶס מִיט אַ יוּדֶען אָן? פוּן מַיינֶעטְוֶועגֶען הָאט גֶעמֶעגְט זַיין

אזוי אדער אזו, אלץ גלייך, סענדעריל מיינער האט אין אזעלכע זאבענישען זיך אויך אסור נישט געמישט אונ פון דעסטוועגען האט מיך איציק נישט געלאזט רוהען, איך האב פון איהם נישט געהאט קיין טאג אונ קיין נאכט. א מאל פלעגט ער מיך ארומשטעקען הינטען מיט פעדערין, אדער ווארפען אויף מיר שטילערהייט א קישעלע, אדער פארשליידערען ערגיץ מיינס א שוך, אז איך האב מיר דעם קאפ פארדרעהט זוכענדיג, בין איך ביי דער נאכט אנשלאפען געווארען אויף מיין געלעגער פלעגט ער מיט א שטרייעלע מיר קיטצלען דיא פיאטעם אז איך פלעג אזש אונטערשפרינגען, אדער ער פלעגט מיר לאזען א פאמפע אונטער דער נאז. איך פלעג זיך אויפכאפען נישט טויט נישט לעבעדיג אונ קייכען הוסטען מחמת דעם רויך אפשר א שעה כסדר, גלייך וויא איך בין שולדיג געוועזען אין דעם וואס דיא דרייא קומפאניעס האבען געמאכט יד אחת.

דעם גרעסטען טהייל טאג זענין אונזערע פארשוינען טרוד געוועזען מיט דער פרנסה, זייא האבען געמאכט וויזיטען אין דיא טעטעריוועקער הייזער אונ האבען אין א קורצער צייט קונה שם געוועזען אזוי אז מען פלעגט אויף זייא נאכטייטען מיט דיא פינגער אונ בעגעגנען זייא דער מיט א גלייך ווערטיל, דער מיט א שמייכעלע. איין אנדערער אויף זייערער ארט וואלט זיך שטארק איבערגענומען פון אזא כבוד אונ צופויקט אומעטום פון זייז גרויסקייט, אהן עין הרע, אין דער וועלט, וויא מען האט זיך געשמאלצען פשוט אנקוקענדיג איהם, וויא מען האט זיך געלאכט מיט איטליך זיינס א ווארט אונ מיט וואס פאר א שמייכעלע מען פלעגט איהם אויפנעהמען אונ ארויסבעלייטען פון דער טהיר, נאר אונזערע פארשוינען אבער זענין ביי זיך געוועזען פראסטע מענשליך אונ האבען פון אזא כבוד זיך גאר נישט געמאכט, בנימין איז געוועזען פארטראגען אין זיינע זאכען אונ סענדערלין איז געלעגען אין זינען דיא טארבע זאל זיין פול אונ אין דער קעשעניע זאל זיין עטליכע גראשען אויף הוצאות, צי גיסט־דוא מיט א שמייכעלע צי מיט א קרים וואס מאכט עס א יודען אויס, אבי גיב.

היינט איז פורים מארגען איז אויס
גיב מיר א גראשען אונ טרייב מיך ארויס!

אט דאס איז דאס באקאנטע יודישע לידעל, וואס שילדערט זעהר גוט זייער פראסטקייט, זייער עניוות אונ וואס סענדעריל פלעגט עס געהענדיג אויפן וועג זעהר אפט שטילערהייט אונטערזינגען.

א־גוט מארגען, גאט העלף! פלעגט סענדעריל זאגען ביים אריינקומען ערגיץ אין א שטוב נאכשלעפענדיג הינטער זיך בנימינין פאר דער פאלע, דער נאך פלעגט ער איהם דערלאנגען א שטופ פאראויס, איהם איינרייסען

אין

אין אויער ער זאל זיך ניט שעהמען אונ אליין אנידערשטעלען זיך אין דער זייט מיט גרויס דרך ארץ.

ארומגעהענדיג אויף אזא שטייגער זענין אונזערע פארשוינען איינמאל אריין אין א שטוב, אין וועלכער זייא האבען געטראפען עפים א יונגען מאן טענהנדיג מיט דעם בעל־הבית, עס האט אויסגעזעהן פון דיא רייד וויא דער יונגער מאן גיט דעם בעל הבית צופארשטעהן דיא וויכטיגקייט פון עפים איין ענין, וואס דורכדעם קלינגט מיט איהם איצט דיא וועלט, וויא ער לויבט זיך פאר איהם אפ, ווייזט פאפירען אונ פארלאנגט פון איהם עפים א זאך, נאר דער בעל־הבית קרימט זיך אבער, טענהט וויא ער קען אונ צאפעלט פשוט זיך אויסצודרעהן פונם יונגען־מאנס הענד. דער בעל הבית האט זיך אנגעהאפט אין אונזערע פארשוינען אזוי וויא א דערטרונקענער אין א שטרויא. ער האט געשווינד זיך צוגעלאזט צו זייא אין דער האפנונג אפשר האבען זייא צו איהם א נייטיג געשעפט אונ וועלען איהם דערוויל בעפרייען פון דער נויט. נאר קוים אבער האט ער דערהערט ווער זייא זענין אונ וואס זייא ווילען איז ער געבליבען שטעהן צומישט, שטארק פארוואונדערט, וויא איינער בשעת דאס אנשיקעניש טרעט איהם פלוצלים צו פון אלע זייטען.

— אט האט איהר נאך נוסעים! האט דער בעל־הבית זיך אנגערופען נאכדעם אז ער איז צו זיך געקומען אונ זיך געווענדעט צו דעם יונגען מאן. די דאזיגע יודען, זעהט איהר, זענין אויך נוסעים! נאט אייך נייס, נוסעים אויף אונזער קאפ!

דער יונגער מאן מיט אונזערע פארשוינען האבען איינער דעם אנדערען זיך אנגעקוקט.

— הערסט־דוא, האט סענדעריל א ציה געטאן בנימינין פאר דער פאלע אונ איהם איינגערוימט אין אויער, מעגליך אז דער דאזיגער יונגער מאן וואנדרעוועט אויך אהינצו... ער קען נאך חלילה פארלויפען פריהער אונ אונז אפטאן אויף טערקיש.

— אפשר זענט איהר טאקי אלע איין קומפאניע? האט דער בעל־הבית זיך ווייטער אנגערופען.

— חלילה, חלילה! האט בנימין מיט סענדערלין ביידע אין איינקול געשריגען, מיר געהען בעזונדער, געהן מיר!

— געהט אייך געזונטערהייט בעזונדער, בייא מיר אבער הייכט איהר איין קאמפאניע. האט דער בעל הבית געזאגט אונ ארויסגענומען א מטבע פון דער קעשעניע.

— גיט, זייט מוחל, אונז, אונז גיט, האט סענדעריל געבעטען אונ אויסגעשטרעקט די האנד, מיר וועלען שוין דעם יונגען מאן ארויסגעבען זיין

הלק

חֵלֶק, קוּמְט יוּנְגֶער־מַאן, מִיר וֶועלֶען אַייךְ אַרוֹיס גֶעבֶּען, אִיךְ הָאבּ מִינְץ.

אִין מִיטֶען דְרִינֶען הָאט זִיךְ נֶעעֶפֶּענְט דִיא טִיהְר פוּן דֶער קִיךְ אוּנ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער קוֹל הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט פוּן דָארְט הֶערֶען מְשׁוּנֶה וִוילְד:

דָאס אִיז עֶר, עֶר! אָט דֶער, וָואס שְׁטֶעהְט לֶעבִּין דֶעם קְלַיינֶעם דַארֶען יוּדֶעל, זַייא הָאבֶּען דֶענְסְמָאל אוֹיךְ בֵּיידֶע זִיךְ אַרוּמְגֶעשְׁלֶעפְּט. אִיךְ הָאבּ אִיהְם דֶערְקֶענְט, דֶעם שֵׁיינֶעם נֶפֶשׁ, אִין זַיין פֶּענִימִיל, אִין זַיין גֶעל בֶּערְדִיל, אוֹיסְגֶעצוּפְּט זָאל עֶס אִיהְם וֶוערֶען! אִין זַיין צוּהְרַאשְׁטָעטֶע הֶערְצֶעלֶע. אַ פַארְחַאפְּט רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם לָאז עֶר וֶוערֶען, לָאז עֶס מִיט אִיהְם קְוִיקְלֶען, מָארְדֶעוֶוען אוּנ אוֹיסְרִינֶען דָאס מַארְךְ פוּן זַיינֶע טְרֵפָהְנֶע בֵּיינֶער אוֹיסְרִינֶען!

קוּם בִּנְיָמִין אַוֶועק! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעזָאגְט שְׁלֶעפֶּענְדִיג בִּנְיָמִינְ'ן פַאר דֶער פָּאלֶע, אַ רוּחַ אִין דֶער חֲצוּפָּה'ס טַאטֶען אַרַיין, זִיא הָאט נָאךְ אַלֶץ צוּטָאן מִיט דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע אַייעֶר!

---

# ט.

## וִויא זְכוּת אָבוֹת הָאבֶּען פַאר אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען זִיךְ גֶעלַייגְט.

זִיפְצֶען אוּנ קְרֶעכְצֶען מוּז מֶען אַז מֶען לַייעֶנְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶען פוּן דִי גְרוֹיסֶע בֶּערִיהְמְטֶע קָאפּ־מֶענְשֶׁען וִויא זַייא הָאבֶּען גֶעבִּיךְ גֶעלִיטֶען שְׁטַארְק זַייעֶר גַאנְץ לֶעבֶּען פוּן דֶער וֶועלְט, פַאר וֶועלְכֶער זַייא הָאבֶּען מַקְרִיב גֶעוֶוען זַייעֶרֶע טֶעג אוּנ יָאהְרֶען אוּנ זִיא בֶּעגְלִיקְט מִיט זֶעהְר נִיטְצְלִיכֶע זַאכֶען, וָואס זַייא הָאבֶּען מִיט זַייעֶר שֵׂכֶל דֶערְגַאנְגֶען. דִיא וֶועלְט אִיז בְּטֶבַע אַ קִינְד וָואס הָאט לִיבּ זִיךְ צוּ הַאלְטֶען נָאר אִין דֶער מַאמֶעס פַארְטוּךְ, נִישְׁט אָפְּצוּטְרֶעטֶען פוּן אִיהְר אוֹיף אַ הָאר, וָואס הָאט לִיבּ אַלֶץ דִיא אַלְטֶע נַארִישֶׁע מַעֲשִׂיוֹת, וֶועלְכֶע דִיא נְיַאנְקֶעס אוּנ אַלְטֶע בַּאבֶּעס חַזֶרֶען זַייא אִיהְם אִיבֶּער הוּנְדֶערְט מָאל אִין טָאג, וָואס מַיינְט, אַז בֶּעסֶערְס פוּן זַיינֶע שְׁפִּילְכֶלִיךְ אִיז טַאקֶע גָאר נִישְׁטָא, אִין דְרִינֶען שְׁטֶעקְט דִיא גַאנְצֶע חָכְמוֹת וָואס קֶען גָאר זַיין, אוּנ אַז דֶער בֶּעהֶעלְפֶער קוּמְט אִיהְם נֶעהְמֶען אִין חֶדֶר אַרַיין, אוֹיסְצוּלֶערְנֶען אִיהְם עֶפִּיס, שְׁרַייעֶט עֶר גְוַואלְד גְלַייךְ וִויא מֶען וָואלְט אִיהְם גֶעקוֹילֶעט, דִיא וֶועלְט הָאט לִיבּ צוּלֶעבֶּען אַזוֹ וִויא זִיא אִיז גֶעוֶועהְנְט, עֶפִּיס אַ נַייס קוּמְט אִיהְר אוֹיס מְשׁוּנֶה וִוילְד, זִיא שְׁרַייעֶט דַארוֹיף מַעֲשִׂים אוּנ זִידֶעלְט, מַאכְט מִיט דֶער בְּלָאטֶע גְלַייךְ דֶעם, וָואס טְרַאכְט אַזוֹינְס אוֹיס, עֶרְשְׁט דֶער נָאךְ אַז דָאס נַייס אִיז שׁוֹין נוֹלָד גֶעוָוארֶען, עֶס הָאט זִיךְ אַיינְגֶעלֶעבְּט אוּנ ווַייזְט בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ אַרוֹיס דֶעם גְרוֹיסֶען נוּטְצֶען וָואס אִין אִיהְם לִיגְט, עֶרְשְׁט דֶענְסְמָאל חַאפְּט מֶען

זיך

זיך אין דעם שטארק אן , מען האט דר פון גרויס הנאה אונ פארגעכט כלל יענעם נעביך וואס האט עס מיט נויטשוויים ממציא געוועזן , נאך זעהר שיין פון דער וועלט אז זיא האט זיך זיינער דערמאהנט איהם צומאכען האטשע א מלא אונ צושטעלען איהם א מצבה, מיליאנען מענשען לעבען היינט גליקליך אונ עטהמען פרייא אין אמעריקא , אונ קאלומבוס בשעת איהם איז אריין דער געדאנק צוענטדעקען אמעריקא האט נעביך שטארק געליטען , דיא וועלט האט איהם געהאלטען פאר משוגע אונ אויס איהם הוזיק געמאכט, דעסגלייכען איז אויך געוועזן מיט אונזער בנימינן פון טונעיאדעווקע , נאר אנקוקענדיג איהם האט מען איהם געהאלטען פאר א משוגענעם אונ הערענדיג זיינע רייד איבער דער נסיעה האט מען זיך געשטיקט פאר געלעכטער , מען האט מיט איהם געטריבען קאטאוועס , איטליכער האט מיט איהם געהאט צוטאן אונ אויס איהם געמאכט א קאטער , א נס וואס בנימין האט עס אזוי פיל נישט פארשטאנען , זיסט וואלט ער זיך פארעסען , חס ושלום קראנק געווארען אונ א שפייא געטאן אויף דער גאנצער נסיעה ! מיר היפערען איבער א סך זאכען פון דעם עולם'ס המצאותליך איבער בנימינן בכדי דאס זאל אויף אונז אלע נישט פאלען פאר קיין איבינגען פלעק אונ דאס זאל אונז נישט זיין צו קיין חרפה צו קיין בושה אין דער געשיכטע פאר דיא שפעטערדיגע דורות . מיר מאכען זיך נישט וויסענדיג פון דיא אלע זאכען , האטע פאקרעשקע , אונ נעהמען זיך ווייטער צוא אונזער דערצעהלונג .

אין טעטעריווקע , זאגט בנימין , איז דא א גרויסע קהלה יודען , זאלען זיך פרוכפערען אונ מעהרען , ווער זייא זענין , וואס פאר א מיני מענשען זייא זענין אונ פון וואנען זייא האבען זיך גענומען , דאס , פרעגט זייא בחרם , ווייסען זייא אליין נישט , זייא האבען נאר בקבלה פון טאטעס זיידעס אונ עלטער-עלטער זיידעס , אז זייא וואקסען פון יודען , אונ וויא עס זעהט אויס פון א טהייל זייערע מנהגים , פון זייער הלבשה , פון זייער לשון אונ פון זייער האנדעל וכדומה זענין זייא אפנים טאקי מחויב צו זיין יודען , נאר צונויפגעלאפענע , אפגעריסענע פון פארשידענע שבטים , ווארום איינער מיט דעם אנדערען געהר זיך כמעט נישט אן , לאז א שטיינער איינער פאלען וועט דער אנדערער איהם נישט אויפהייבען חאטש ער זאל שונא ציון דיא כפרה ווערען, דיא מיתה משונה איינעהמען דא אויפן ארט . . . צווישין זייא איז דא א טהייל , וואס פארשטעהען זעהר גוט מאניפארגע לשון . מאניפארגע איז פון דעם שורש מאני-פארגיסימוז , דאס הייסט מאני לשון , פארגי ציגיינעריש , מאניפארגער-יודען קענען חכמת היד , קוקען יענעם אין דער האנד אריין אונ ציהען געוויינטליך דערפון זייער פרנסה, דער צו נאך קענען זייא אנדערע מלאכות

לעמפליכמאכערם

לעטפליכמאבערם אונ טאקערס זענין זייא מאקי איינע אין דער וועלט ' חידושין נאר מוז מען זיך ווייא זייא מאכען א מאל יענעם א לעמפעל אונ טאקען אפ זאכען עפיס גאר שלא כדרך הטבע , אויך האבען זייא א מתנה פון זיין ליבען נאמען אפצוזאגען א מאל א פזמון , אונ דוודקא שטילער הייט , מיט אזעלכע מיני תנועות , אז׳ש טרעהרען שטעלען זיך דורכדעם אין דיא אויגען אונ זייא נעהמען דערמיט ביא יענעם פשוט צו דאס חיות.... מען זאגט יאקבי זייא שטאמען פון דיא ערב רב פון דער גזע כפתרים , בכלל , זאגט בנימין , זענין די איינוואוינער דארט ערליכע לייט , גוטע מענשען . זייא פלעגען מיך אויפנעהמען תמיד מיט א שמייכעלע אונ משונה הנאה , האבען מיט מיר זיך אפצוגעבען , מען האט געזעהן בעשיינפערליך , אז זייא זענין מיט מיר שטארק צופרידען . איך ווינטש זייא פונם גאנצען הארץ , אז גאט אונ לייט זאלען פון זייא אייביג אויך אזוי צופרידען זיין , אמן . ״

א חידוש נפלא , דערצעהלט ווייטער בנימין , דארט אין דער סביבה בעגעגענט מען א מאל פארשוינען וואס זענין אביסיל וויא חזירעוואטע , מען דערקענט עס זייא באלד אין דעם אנבליק . א טהייל זאגען אז דאס איז אזא פארעדע , ווידער אטהייל ווילען האבען אז דער ארט איז דער צו מסוגל . בנימין וויל דרינין נישט מכריע זיין , דאס געהר זיך אן מיט דיא געלערנטע , זייא זאלען דיא זאך פארשען אונ אונז דערקלערען אקוראט וואס דאס בעטייט . נאר וויא די מעשה איז , זאגט בנימין , אזוי צי אזוי , דיא זאך אליין איז קיין נייס נישט אויף דער וועלט , נאך דער אלטער מתתיהו דעלעקארטי . העט האט אין דיא פריהערדיגע יאהרען ברייננט אין זיין ספר ״צל עולם״ בזה הלשון : ״אין בריטאניה איז דא א פאלק מיט איין עק פון הינטען וויא ביא בהמות , אויך זענין נאך דא ווייבער , הויכע גרויסע וויא דיא ריזען אונ זייא זענין בעוואקסען מיט שטשיטינעס (חזיר־האר) וויא דיא חזירים . אין צרפת האט זיך געוויזען א פאלק מיט הערנער , אויף יענע בערג זענין דא קרומע ווייבער אונ דיא וואס איז מעהר קרום איז אלץ שעהנער : טאקי ממש וויא מען בעגעגענט נאך ביא אונז , היינטיגע צייטען , זעהר פיל ווייבער , וואס קומען אויס קרום , שטארק בולט מחילה פון הינטען , מיט א לאנגען עק , וואס באמבעלט זיך אונ שלעפט זיך זייא נאך אויף דער ערד , דאס וואס איז געווען , זאגט דער פסוק , דאס וועט אויך זיין אונ ס׳איז נישטא קיין נייס אונטער דער זון !

טעטעריווקע , זאגט בנימין , איז גרויס מיט שיינע מויערען , אונ לאנגע גאסען , אנקוקענדיג זיא ביים ערשטען מאל דאכט זיך אויס , זיא לעבט , עס קאכט דארט אונ רוישט , נאר דערנאך אז מען ווערד אביסיל איינגעוועהנט זעהט מען , אז זיא איז אין תוך אריין א מין גרויסע

טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע , דִיא אֵיינְוואוֹינֶער דָארְט עֶסֶען , לֵייגֶען זִיךְ שְׁלָאפֶען , שְׁטֶעהֶען אוֹיף וִויא גֶעווֵיינְטְלִיךְ אַלֶע טָאג אִין אֵיין צַייט, דִיא צַייט וֶוערְד גֶערֶעכֶענְט דָארְט נָאךְ דֶעם עֶסֶען , פוּנֶם אָנְבַּייסֶען אַ שְׁטַייגֶער בִּיז וַואַרְמֶעס אוּנ פוּן וַואַרְמֶעס בִּיז וֶועטְשֶׁערֶע , מַחֲמַת אָנְבַּייסֶען , וַואַרְמֶעס אוּנ וֶועטְשֶׁערֶע זֶענִין דְרַייא קְרֶעטְשְׁמֶעס אִין זֵייעֶר לֶעבֶּען, וָואס אַהִינְצוּ גַּארְט מֶען זִיךְ צוּדֶערְשְׁלֶעפֶּען אוֹיף אַ פָּאפַּאס אוּנ עֶפִּיס טָאן נָאכְדֶעם אַז מֶען הָאט פַארְבְּרַאכְט אַ שְׁטִיק צַייט מִיט גָארְנִישְׁט אִין אַ פוּסְטֶען סְטֶעפּ , מֶען זָאגְט יַאקְבִּי טֶעטֶערִיוְוקֶער לוּפְט מַאכְט בְּטֶבַע פוֹיל , אָפְּהֶענְדִיג אוּנ שְׁלֶעפֶּערִיג , וֶוען עֶס פֶאלְט אַהִינְצוּ אַרַיין עֶפִּיש אַ מֶענְשׁ מִיט קוּרַאזְשׁ , מִיט אַ הֶשֶׁק עֶפִּיס צוּ ווִירְקֶען , נֶעהְמְט עֶס אִין אַ קוּרְצֶער צַייט בַּייא אִיהְם צוּ אִי דֶעם קוּרַאזְשׁ , אִי דֶעם חֵשֶׁק, אוּנ עֶס בְּלַייבְּט אִים מֶעהְר נִישְׁט אִיבֶּער וִויא דֶער הֶשֶׁק צוּעֶסֶען , צוּשְׁלָאפֶען אוּנ אוֹיפְצוּשְׁטֶעהֶן כְּדֵי וַויטֶער צוּעֶסֶען אוּנ צוּשְׁלָאפֶען . בִּנְיָמִין הָאט דָארְט גֶעזֶעהֶן דִי שְׁטַאנְצִיֶעס פוּן דִיא קְלַיין שְׁטֶעטֶעלְדִיגֶע סְבָּארְשְׁטְשִׁיקֶעס אוּנ פָאווִיעֶרֶענֶעס , אַוֶועקְקָאהְרֶענְדִיג פוּן דֶער הַיים הָאבֶּען זֵייא אַרוֹיסְגֶעווִיזֶען קוּרַאזְשׁ אוּנ שְׁטַארְקַייט נָאךְ פִּיל מֶעהְר וִויא מֶען בֶּעדַארְף. מֶען מוּז פָאהְרֶען , הָאבֶּען זֵייא אַלֶץ גֶעדְרוּנְגֶען אוּנ אַייְנְגֶעשְׁמִיעֶסְט דֶעם עוֹלָם, מֶען מוּז פָאהְרֶען זִיךְ סְטַארֶען אַרְבַּייטֶען אוּנ אַיינְלַאדֶעווֶען מִכֹּחַ דֶעם גֶעלְד אוֹיף גֶעוִויסֶע קָהָלְשֶׁע הִצְטַרְכוּת אוּנ מִכֹּחַ נָאךְ אַנְדֶערֶע שְׁטֶעטִישֶׁע זַאכֶען , חָאטְשׁ זֵייעֶר כְּטַארֶען זִיךְ , אַרְבַּייטֶען אוּנ טָאן וֶועגֶען דֶעם אִיז אִין גַאנְצֶען אֵיין אִיבֶּעריגֶע זַאךְ , טַאקִי נָאר וִויא אַ פִינְפְטֶע רָאד צוּם וָואגֶען , וַוייל דַארוֹיף אִיז דָא אַ סְמֶעטְע , אוּנ אַלְסְדִינְג וֶועס גֶעמַאכְט וֶוערֶען גָאר אָהְן זֵייעֶר הִילְף , נָאר זֵייא הָאבֶּען אָבֶּער פָארְט בֶּעקוּמֶען שְׁטַארְק חֵשֶׁק , עֶס הָאט זִיךְ זֵייא מְשׁוּנֶה פַאר גֶעלוּסְט,הָאבֶּען זֵייא גֶענוּמֶען בַּיים עוֹלָם גֶעלְד פַאר זֵייעֶרֶע וַוייבֶּער אוּנ קִינְדֶער אִי פַאר זִיךְ אוֹיף הוֹצָאוֹת אוּנ מַארְשׁ אִין וֶועג אַרַיין אִין אַ גוּטֶער אִין אַ מַזָלְדִיגֶער שָׁעָה, אִין טֶעטֶערִיוְקֶע קוּמֶענְדִיג אִיז זֵייא , מַעֲשֶׂה שָׂטָן , בַּאלְד פַארְגַאנְגֶען דֶער הַשֶׁק , וואוּ בְּרִיָהְשַׁקַייט , וֶוען בְּרִיָהְשַׁקַייט ! הָאבֶּען זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט אוֹיף דֶער סְטַאנְצִיֶע פוֹיל , אָפְּהֶענְדִיג , נָאר גֶענֶעסֶען נֶעבִּיךְ , גֶעטְרוּנְקֶען אוּנ גֶעשְׁלָאפֶען , גְלַייךְ מֶען הָאט זֵייא אַ כִּשׁוּף אָנְגֶעטָאן , אִין דֶעם צוּשְׁטַאנְד פַארְבְּרֵיינְגֶען זֵייא נֶעבִּיךְ דָארְט זֵייעֶרֶע טֶעג אוּנ יָאהְרֶען , דֶער עוֹלָם שִׁיקְט זֵייא אַלֶץ צוּ, אוֹיף זֵייעֶר בַּקָשָׁה, גֶעלְד אוּנ וַוייטֶער גֶעלְד אוּנ זֵייא הִינֶען טַאקֶע אַלֶץ , גֶענִיצִין , עֶסֶען , שְׁלָאפֶען נֶעבִּיךְ וִויא דִיא פַארְצוֹיבֶּערְטֶע פְּרִינְצֶען אוּנ סְ'אִיז פָּשׁוּט אוּמֶעגְלִיךְ זֵייא פוּן דָארְט אַרוֹיסְצוּרַייסֶען , אֲפִילוּ קֵיין בַּעַל שֵׁם אוּנ קֵיין טָאטֶער קֶענֶען דֶערְצוּ אוֹיךְ נִישְׁט הֶעלְפֶען.— בִּנְיָמִינִין הָאט אָנְגֶענוּמֶען אַ יֵצֶר הָרָע זִיךְ צוּבֶּעקֶענֶען מִיט דִיא בֶּערִיהְמְטֶע גֶעלֶערְנְטֶע אוּנ שְׁרִיפְטֶענְשְׁטֶעלֶער וָואס אִין טֶעטֶערִיוְקֶע , עֶפִּיס אִיז עֶר

דאך

דָאךְ אויךְ אַ שְׁטִיקֶעל קֶענֶער , אַ חַקְרָן , וָואס קוּקְט אַרַיין אִין דִיא קְלֵיינֶע אוֹתִיוֹתְלִיךְ אוּנ וַייסְט , וָואס אִיז אַזוֹינְס אַ יוּדִישֶׁער חֲקִירָה־סֵפֶר , פוּן וַואנֶען דִיא דָאזִינֶע לַייט הָאבֶּען גֶעשֶׁעפְּט זַייעֶר תּוֹרָה , זַייעֶר יְדִיעָה אִין דִיא שֶׁבַע חָכְמוֹת , הַיינְט וִויא שִׁיקְט זִיךְ עֶס , קוּמֶען אַהֶער אוּנ זִיךְ נִישְׁט זֶעהֶן מִיט זַיין סָארְט מֶענְשֶׁען ?! חוּץ דֶעם הָאט זִיךְ אִיהְם גֶעוָואלְט טַאקִי אִיבֶּערְשְׁמִיעֶסִין מִיט זַייא וֶועגֶען זַיין נְסִיעָה , אַזֶעלְכֶע לַייט וֶועלֶען אִיהְם דָאךְ פַארְשְׁטֶעהֶן אוּנ קֶענֶען אָפְּשַׁאטְצֶען דֶעם וֶוערְטְה זַיינֶעם , עֶר הָאט גֶעהָאפְּט , זַייא וֶועלֶען אִיהְם נָאךְ גֶעבֶּען הַסְכָּמוֹת אוּנ אִיהְם הֵייבֶּען וִויא אוֹיף דְרוּקֶעס , זַייא הָאבֶּען דָאךְ לִיבּ אַרוֹיסְצוּגֶעהֶן מִיט זַייעֶרֶע הַסְכָּמוֹת אוֹיף קְלֵיינִיגְקַייטֶען , שְׁמָאכְטֶעלַייעֶן , בִּפְרַט נָאךְ אוֹיף אַזַא זַאךְ , אוֹיף אַזַא וִויכְטִיגֶע זַאךְ , דָא וֶועט דָאךְ דִיא פֶּען זַייעֶרֶע זִיךְ צוּלָאזֶען גַאלָאפּ , גַאלָאפּ וִויא אַ פֶערְד , נָאר צוּ וֶועלְכֶען פוּן זַייא בִּנְיָמִין אִיז גֶעקוּמֶען הָאט עֶר אִיהְם אַלֶץ גֶעטְרָאפֶען , אָדֶער עֶר עֶסְט אָדֶער עֶר שְׁלָאפְט ! אֵיינְמָאל אִיז אִיהְם גֶערָאטֶען צוּטְרֶעפֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא לַייט — אַ וִוילְדֶער שְׁרַייבֶּער מְשׁוּנָה אַ בֶּערִיהְמְטֶער בְּרִיָּה — וִויא עֶר אִיז גֶעזֶעסֶען אָנְגֶעלֶעהֶענְט אוֹיף אַ בַּאנְקְבֶּעטֶעל אִין אַיין אָפְּגֶעזוּנְדֶערְט חֲדְרִילוּ , נוּט מָארְגֶען ! — נוּט יָאהְר ! וָואס וִויל אַ יוּד ? — עֶט , אַזוֹי , אַ בִּיסִיל שְׁמִיעֶסִין ! — אַהִין אַהֶער עֶפִּים פְּלָאטְשִׁיק דֶער עֵסֶק . דֶער בְּרִיָּה אִיז עֶפִּים וִויא צוּקְרָאכֶען , קוֹים וָואס עֶר רִיהְרְט מִיט דִיא לִיפֶּען , דִי נְשָׁמָה לִיגְט אִיהְם אוֹיף דֶעם שְׁפִּיץ נָאז אוּנ עֶס קְלֶעפֶּען זִיךְ אִיהְם דִי אוֹיגֶען . בִּנְיָמִין מִינְטֶערְט אִיהְם , רֶעדְט אִיבֶּער אִיהְם וִויא עֶר קֶען , נָאר אוּמְזִיסְט דִיא מִיה , עֶר אִיז קַאלְט וִויא אַייז . עֶרְשְׁט דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ אַבִּיסִיל אוֹיסְגֶעשְׁוּכֶעט , אַ שְׁטַארְקֶען גֶענִיץ גֶעטְאָן אוּנ אַרַיינְגֶערוּפֶען דָאס וַוייבּ , וֶוען וֶועט מֶען שׁוֹין גֶעהֶן עֶסֶען ? הָאט עֶר זִיא אַ פְרֶעג גֶעגֶעבֶּען אוּנ אוֹיסְגֶעקְנַאקְט דִי בַּיינֶער מִיט אַ גֶעשְׁמַאקֶען גֶענִיץ . לָאז מֶען שׁוֹין גֶעבֶּען עֶסֶען , וָוארוּם אִיךְ וִויל , הָאט עֶר גִיזָאגְט , אִיךְ וִויל אַבִּיסִיל צוּ לֵייגֶען מִיךְ שְׁלָאפֶען . . . . הַכְּלַל טֶעטֶערִיוְקֶע אִיז אַ גוּטֶע סְפַּאלְנִיעֶ אַלְסְדִינְג שְׁלָאפְט דָארְט רוּהִינ׳אִי דָאס גֶעלֶערֶענְטַקַייט , אִי דֶער הַאנְדֶעל , אִי דִי בֵּיינְק , אִי דִיא פְּרָאצֶעסֶען (לָאדֶענִישֶׁען) אוּנ אַלֶע מִינֵי גֶעשֶׁעפְטֶען . וִויא מֶען זָאל זַייא נִישְׁט פְּרִיוֶוען וֶועקֶען קֶען מֶען זַייא אַלֶץ נִישְׁט דֶערְוֶועקֶען . אֲפִילוּ וֶוען עֶטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען פַארְקְלַייבֶּען זִיךְ אַ מָאל אִין אֵיינֶעם נֶעהְמְט זַייא בַּאלְד אָפּ דָאס לָשׁוֹן , זִיטְצֶען , גֶענִיצִין אוּנ קוּקֶען אֵיינֶעם דֶעם אַנְדֶערֶען אָן וִויא דִי גוֹלְמ׳ס , אוּנ דִי גַאנְצֶע גֶעזֶעלְשַׁאפְט וֶוערֶען אַנְשְׁלָאפֶען , עֶרְשְׁט וֶוען מֶען דֶערְלַאנְגְט דִיא וֶועטְשֶׁערֶע רִיהְרְט זִיךְ אִין זַייא אַיין אֵבֶר , זַייא וֶוערֶען לֶעבֶּעדִיג , נֶעהְמֶען זִיךְ גֶעשְׁמַאק צוּ דֶער אֲכִילָה , עֶסֶען אָפּ — אוּנ אַ גוּטֶע נַאכְט ! זַייא גֵייעֶן אַ הֵיים שְׁלָאפֶען . . . אוּנְזֶער בִּנְיָמִין הָאט עֶס גֶעפִיהְלְט שְׁפֶּעטֶער אוֹיף זִיךְ אַלֵיין . עֶר הָאט דֶערְנָאךְ אִין טֶעטֶערִיוְקֶע

נִישְׁט מֶער גֶעטָאן וִויא גֶענֶעסֶען אוּנ גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ. דֶער חֵשֶׁק פוּן דֶער נְסִיעָה אִיז אִיהְם עֶפִּים וִויא פַארְגַאנְגֶען . עֶר אִיז גֶעוֶועֶן אִין אַ גְרוֹיסֶער סַכָּנָה פַארְפַאלֶען צוּ וֶוערֶען דָארְט , אַזוֹי וִויא אַ שִׁיף , וָואס חַאפְּט זִיךְ אַרַיין אִין דֶעם שְׁטִילֶען יַם , אוּנ אָפְּשְׁלָאפֶען דָארְט זַיין לֶעבֶּען בִּיז אִיצוּנְד וֶוען מִיט אִיהְם זָאל זִיךְ נִישְׁט גֶעוֶועֶן מַאכֶען אַ מַעֲשֶׂה , וָואס הָאט וִויא אַ שְׁטוּרְמְווִינְד , אוֹיף זַיין גְלִיק אוּנ אוֹיף דֶער וֶועלְטְס גְלִיק , אִיהְם מִיט גֶעוַואלְד אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען פוּן דַאנֶען וַוייטֶער צוּ זַיין נְסִיעָה .

דִיא שִׂנְאָה פוּן אִיצִיק פַּשְׁטָן צוּ בִּנְיָמִין הָאט וָואס אַ טָאג אַלְץ מֶעהְר גֶעוַואקְסֶען . עֶר הָאט דִיא לֶעצְטֶע צַייט וִויא אַ זְלוּדְנִיעֶ זִיךְ אַיינְגֶעגֶעסֶען אִין בִּנְיָמִין אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁטַארְק מְפַלְפֵּל צוּ זַיין מִיט אִיהְם אִיבֶּער זַיין נְסִיעָה , אִיהְם לַיינֶען שְׁטַיינֶער אוֹיפְן הָאָרֶץ . אַז דֶענְסְטָאל וֶוען דָא אוֹיף דֶער דַאלָאנְיֶע וֶועט וַואקְסֶען הָאר , וֶועט עֶר קוּמֶען צוּם סַמְבַּטְיוֹן , אוּנ זֶעהְן דִיא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ וִויא עֶר זֶעהְט זַיין אוֹיעֶר . בִּנְיָמִין אָבֶּער הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט שְׁפַּייעֶן אִין דֶער קַאשֶׁע אוּנ אוֹיסְגֶעדְרוּנְגֶען , אַז סְאִיז דָא אִין דֶער וֶועלְט אַ בּוֹרֵא , וָואס פַארְלָאזְט נִישְׁט דִיא , וָואס הָאבֶּען אִין אִיהְם אַ בִּטָחוֹן , נִישְׁקְשֶׁה עֶר וֶועט אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם מִיט גָאטְס כֹּחַ דֶערְגֶעהְן אַהִינְצוּ , שׁוֹנְאִים אוֹיף צוּשְׁפְּרִינְגֶענִישׁ , אוּנ אַז בִּנְיָמִין פְּלֶעגְט טַעֲנָהֶנְדִיג זִיךְ צוּשְׁפִּילֶען דִיא גֶעבְּלִיטֶען , פְלֶעגְט עֶר וֶוערֶען פְלַאם־ פַייעֶר אוּנ אִין דֶערְמִיט שְׁמִיעֶס אַרַיינְוַוארְפֶען אוֹיף אַ קוֹל . פִּיפֶערְנָאטֶער , לִינְדֶעוְוָאֶרְם , אַייזֶעל , כּוּלְאֵייזֶעל וְכַדוֹמֶה ! דָאס הָאט גֶעהַייסֶען אַזוֹי פִּיל וִויא : בִּילְט אוֹיף דִיא צַיין , אָט בִּין אִיךְ שׁוֹין הָעט וַוייט , אָט בִּין אִיךְ שׁוֹין דָארְט אִין דֶער מִדְבָּר אוּנ גֶעה אוּנ גֶעה אוּנ גֶעה ! . . .

אִיצִיק פְלֶעגְט דְרַייא מָאל אוֹיסְשְׁפַּייעֶן אוּנ זָאגֶען : עֶר אִיז פָּשׁוּט מְשׁוּגָע הֶסֵר דֵעָה , מֶען בֶּעדַארְף אִיהְם פִירֶען צוּם טָאטֶער . אוּנ הָאט צוּם סוֹף אַזוֹי וַוייט גֶעבְּרַאכְט , אַז קוּים הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ גֶעוִויזֶען אוֹיף דֶער גַאס , זֶענִין אִים וַוייסֶע חֶבְרָה גָאכְגֶעלָאפֶען וִויא נָאךְ אַ מְשׁוּגָעגֶעם מִיט שְׁטַיינֶער , אִיהְם גֶעמַאכְט אַ אוּרַא אוּנ גֶעשְׁרִיגֶען : פִּיפֶערְנָאטֶער לִינְדֶעוְוָארְם ! אַיינְמָאל אַז בִּנְיָמִין מִיט סֶענְדֶערְלִין זֶענִין פַאר נַאכְט גֶעגַאנְגֶען בֵּיידֶע אִין גַאס אִיז חֶבְרָה זֵייא בֶּעפַאלֶען וִויא דִיא הַיישְׁרֶעקֶען אוּנ זֵייא שְׁטַארְק דֶערקוּטְשֶׁעט , אַזוֹי אַז זֵייא הָאבִּין גֶעמוּזְט אַנְטְלוֹיפֶען מִיט הִינְטֶערְגֶעסְלִיךְ . אִין אַיינֶעם פוּן דִיא אַיינְגֶע גֶעסְלִיךְ , הָאבֶּען זֵייא לוֹיפֶענְדִיג בַּארְג אַרָאפּ אִיבֶּער אַ לַאנְגֶער , שְׁמָאלֶער קְלַאטְקֶע זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט דָארְט סאמֶע אוֹיף דֶערְמִיט מִיט אַ מֶענְשֶׁען , וָואס אִיז זֵייא גֶעקוּמֶען אַקֶעגֶען , אוֹיסְמַיידֶען זִיךְ דָארְט אִיז נִישְׁט גֶעוֶועֶן קֵיין שׁוּם מֶעגְלִיכְקֵייט סַיידֶען אַרָאפְּשְׁפְּרִינְגֶען אוּנ צוּשְׁלָאגֶען דֶעם קָאפּ , אָדֶער וַוייניגְסְטֶענְס זִיךְ אוֹיכְבְּרֶעכֶען אַ פוּס . דִיא בֵּיידֶע זַאכֶען אָבֶּער הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע

פארשייניי

פַּארְשׁוינֶען בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען גֵייטִיג אִין לֶעבֶּען אַריין, אָהן אַקָאפּ אָדֶער אָהְן אַ פוס וָואלְט דָאךְ קֵיין סְבָרָא נִיכְט גִיוָועֶן צוּמַאכֶען זֵייעֶר נְסִיעָה. אוּנ בִּנְיָמִין מִיט סֶענְדֶערְלִין זָענִין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן מִיט אַרָאפְּגֶעלָאזֶענֶע נֶעזֶער.

— אַ־אַ שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם בִּנְיָמִין! הָאט יָענֶער פַּארְשׁוין, וָואס אִיז גֶעקוּמֶען אַקֶעגֶען, אַ זָאג גֶעגֶעבֶּען מִיט אַ פַּארְדְרָאס אִי מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער אִין אַיינֶעם. אַ גוּטֶע בֶּעגֶעגֶענִישׁ חָלֶעבִּין, אַזוֹי וִויא גֶעוואוּנְשֶׁען!

— שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, עֲלֵיכֶם שָׁלוֹם רֶב אַייזִיק דָוִד! הָאט בִּנְיָמִין גֶעעָנְטְפֶערְט נִישְׁט מִיט זַיין קוֹל שְׁטַארְק צוּמִישְׁט.

דֶער דָאזִיגֶער פַּארְשׁוין אִיז גֶעוֶוען רֶב אַייזִיק דָוִד רֶב אַהֲרֹן יוֹכִילִים שָׂרָה זְלַאטֶעס, דֶער חָכָם פוּן טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע.

— שֵׁיינֶע מֶענְשֶׁען! הָאט רֶב אַייזִיק דָוִד גֶעמַאכְט מִיט תַּרְעוּמוֹת. מֶען פָאַרְט אַוֶועק פוּן דֶער הֵיים בִּגְנֵבָה גְלַאט אַוֶועק, פַאר וָואס, פַאר וֶוען? וַויים אִיךְ? אַלְסְדִינְג מוּז דָאךְ זַיין עֶפִּיס מִיט אַ גַאנְג, מִיט אַ דֶרֶךְ הַטֶּבַע. וָואס הַייסְט גְלַאט אַוֶועק אוּנ מַאכֶען וַוייבֶּער נֶעבִּיךְ. אָהן אַ שׁוּם גאנְג, פַאר וִוייסְטֶע עֲגוּנוֹת מַאכֶען וַוייבֶּער! וַויים אִיךְ? שְׁטַייטְשׁ אַדְרַבָּה, שׁוֹין אַוֶועקְגֶעשְׁטֶעלְט אַלְסְדִינְג אִין דֶער זַייט, פְרֶעג אִיךְ אַייךְ נִישְׁט מֶער, נָאךְ אַמָאל טַאקִי אַדְרַבָּה סְטַייטְשׁ?!! פַארְקֶעהְרְט זָאגְט וָואס טְהוּט אִיהְר דָא? אִיךְ מַיין טַאקִי דִיךְ אוֹיךְ סֶענְדֶערִיל, נִישְׁקָשֶׁה אִיךְ זֶע דִיךְ וִויא דוּא, שְׁטֶעהְסְט פוּן הִינְטֶען. דַיין וַוייבּ סֶענְדֶערִיל וֶועט דִיר נִישְׁקָשֶׁה גֶעבֶּען, גוּט מְכַבֵּד זַיין וֶועט זִיא דִיךְ דַיין וַוייבּ, וִויא אַ הֶערִינְג אַזוֹי אִין כַּעַס אִיז זִיא וָואלְט זִיא דִיךְ צוּרִיסֶען דַיין וַוייבּ, דָאס הַארְץ אָבֶּער הָאט אִיר גֶעזָאגְט אַז דָא מוּזְט אִיהְר אַוַודַאי זַיין הָאט אִיהְר גֶעזָאגְט דָאס הַארְץ דַיין וַוייבּ, אוּנ זִיא הָאט גֶעוָואלְט נִישְׁט אַנְדֶערְשׁ פַארְהֶערֶען גָאר אַהֶער הָאט זִיא גֶעוָואלְט נָאר מִיט מִיר דַיין וַוייבּ.

— הַא עֶר אִיז דָא! הָאט אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטָאן אַ יוּדֶענֶע, וָואס אִיז אוּנְטֶערְגֶעקוּמֶען פוּן הִינְטֶען צוּ רֶב אַייזִיק דָוִד'ן.

סֶענְדֶערִיל הָאט אִין קוֹל דֶערְקֶענְט זַיין בְּחוּרְטֶע, עֶר אִיז גֶעוָוארֶען טוֹיט וִויא דִיא וַואנְד אוּנ גֶעבְּלִיבֶּען אָהן אַ נְשָׁמָה פַאר שְׁרֶעק. עֶר הָאט מִיט בֵּיידֶע הֶענְד זִיךְ אָנְגֶעהַאפְּט אִין בִּנְיָמִינְ'ס פָאלֶע. עֶר זָאל נִישְׁט אַרָאפְּפַאלֶען פוּן דֶער קְלַאטְקֶע, וַאזוֹי הָאט אִיהְם זִיךְ דֶער קָאפּ פַארְדְרֶעט. עֶס הָאט אִיהְם זִיךְ גֶעדַאכְט, אָט נֶעהְמְט אִיהְם שׁוֹין אָן זַיין וַוייבּ אוּנ פֶּעטְשׁ שִׁיטֶען זִיךְ אִיהְם וִויא הָאלְץ.

— קוּקְט נָאר אָן דִיא נְפָשׁוֹת, דִיא שֵׁיינֶע נְפָשׁוֹת. אָ דִיא כַּפָּרָה זָאלִין זַייא בֵּיידֶע וֶוערֶען! הַא וואוּ אִיז עֶר דָארְט עֶרְגִיץ מַיין יְמַהְשְׁמוֹנִיק? לָאזְט מִיךְ נָאר צוּ אִיהְם צוּ אַבִּיסִיל, לָאזְט מִיךְ, אִיךְ וֶועל אִיהְם וַוייזֶען וָואס

כאר

פאר א גאט מיר האבען ! אזוי האט אין איין אטהעם געשריגען סענדערילס ווייב אונ געשטופט רב אייזיק דוד'ן .

— נאר אהן געשרייא , אן רעש . האט רב אייזיק דוד זיא געבעטען. האט נאר צייט . אז איהר האט אזוי פיל געווארט , ווארט זשע נאך אביסיל . קיין עגונה מיט גאטס הילף וועט איהר דאך שוין קיין עגונה נישט זיין . אונ ווייטער וויא זאגט מען עפיס הא ? אויך דיא איינענע מעשה , א יודענע בלייבט טאקי א יודענע . דאכט זיך א קלוגע אונ פארט א יודענע . לאמיר שמיעסען דיא איינענע זאך פארקעהרט , מילא מה רעש ? ס'איז נישט מעהר גלאט פארדראסיג : גלאט אוועק , פאר וואס , פאר וועו ? אלסדינג מוז דאך זיין עפיס מיט א נאנג . פארשטעהט איהר מיך ? נאר אז ס'איז שוין אזוי , איז דאך שוין טאקי אזוי , היינט וויא באלד ס'איז אזוי איז דאך טאקי דיא קשיא : צי וואס נאך שרייען ? דער תירוץ איז אבער , איך בעט אייך איבער וויא אין איינענע מוטער ; א יודענע מחילה בלייבט טאקי א יודענע .

רב אייזיק דוד האט זיך ערשט צו וויגט אונ געוואלט . וויא זיין שטייגער איז , דעם שמיעס זיינעם איבערשמיעסין ווידער פארקעהרט , דער נאך ווייטער א מאל פארקעהרט אונ אריינגעבען דרינען א ביסיל פעפער מיט ציבעלע , נאר פון ביידע זייטען קלאטקע זיינין געשטאנען א כך מענשען , וואס זענין דערווייל אנגעקומען . זייא האבען פון דערווייטען זיך שטארק געבייזערט דארויף , וואס יודען האבען זיך אנידערגעשטעלט דא שמיעסין . גלייך וויא עס געט זייא נישט אן דיא גאנצע וועלט , אונ לאזען קיינעם נישט אריבערגעהן , דיא קלאטקע איז אזוי שמאל געוועזן , אז צוויא מענשען האבען דארט זיך נישט געקענט מיידען . דיא וואס פון איין זייט האבען תמיד געמוזט ווארטען ביז יענע פון דער אנדערער זייט וועלען פריהער אריבער . דריבער האט סענדערילס ווייב מיט רב אייזיק דודן געמוזט צו ריק געהן צו יענער זייט קלאטקע פון וואנען זייא זיינין אנגעקומען , דעסגלייכען סענדעריל מיט בנימין האבען אויך צוריקגעקעהרט זיך צו דער אנדערער זייט אונ ערשט דערנאך האט , פון דער דאזיגער זייט טאקי , דער עולם אנגעהייבען איבערצוגעהן דיא קלאטקע .

— איך בעט דיך סענדעריל , וואס שטעהן מיר דא אזוי , אונ ווארטען ? האט זיך אנגערופען בנימין , וואס איז פריהער צוזיך געקומען . עפיס שטעהן מיר דא , אזוי גלייך וויא מען בינט צו א' יונגעל מיט איין עק פאדים אין מויל אונ מיט דעם אנדערען צום פיסיל פון טיש . נארעלע , איצט האבען מיר צייט ניצול צו ווערען .

— געדעכט , וויא איך בין א יוד ! האט סענדעריל א זאג געטאן

פרעהליך

פרעהליך וויא איינער וואס רייסט זיך ארויס פון דער קלעהם. גיכער, גיכער, בנימין! אויב דוא ווילסט איך זאל נישט אריינפאלען אין איהרע הענד. דאס איז נישט קיין קלאטקע, נאר זכות אבות האבען דא פאר אונז זיך געלייגט...

אונזערע פארשוינען האבען געמאכט געשווינד א פליטה אונ אין עטליכע מינוט זענין זייא שוין געוועזען ווייט ערגיץ אין איין אנדער עק שטאט. זייא האבען נישט געמאכט לאנג שיהות, פארנומען באלד זייערע פעקליך אונ זיך געזעגענט מיט טעטעריוקע.



ו

## אורא רוימע יודליך!

היא, וויא, וויא! האט אויף דער קעלניע פון א בויד הייזעריג געשריגען א שמייסער אונ איז שיער מיטן דישעל נישט ארויפגעפאהרען אויף צוויא ווייבליך, וואס זענין געשטאנען אין דערמיט גאס, כאמע דיא לעבעדיגסטע פון גלופבקער גאסען, ביידע מיט טארבעליך שפייז: פלייש, רעטעכליך, ציבעלע, קנאבעל. אונטערען ארם, אונ האבען איינער דער אנדערע איינגערייםט סודות אי אויסגעגאסען דאס הארץ שרייענדיג אויף א קולכיל, אז מען האט איהם געקענט הערען ווייט פאר א מייל, דיא ווייבליך זיינין אין מיטן שמיעס זיך צולויפען, איטליכע אין איין אנדער זייט גאס, אונ זיך געשטעלט פון דערווייטענס צוענדיגען זייער שמיעס אריבערשרייענדיג מיט א ניגון איבער בוידען, דראזשקעס, טעליגעס אונ פוהרליך האלין, וואס האבען זיך געצויגען איינע הינטער דער אנדערער אין א גאנץ לאנגער שורה, אזוי אז א היבשע צייט איז ריין אוממעגליך געווען דיא גאס איבערצוגעהן.

— הסיא ביילע! נוא וועסט־דוא היינט ביא דער נאכט קומען אהינצו — צו דער קארטעגוואַרפערען? איך וועל דארט זיין מיט מיינעם... דיינער וועט אויך אהינצו קומען, ער האט מיך געבעטען איך זאל דיר זאגען, עס וועט דארט זיין פרעהליך. קום נארעלע, וועסט חלעבין הנאה האבען! נוא חסיא ביילע, וועסט דוא קומען?

מיין בעל־הבית'טע, ברענען זאל זיא, וויל מיך היינט מכבד זיין מיט ראשטשינען ברויט אונ איבערייבען גרייפליך. איך וועל מיך אבער אויסדרעהן אונ קומען. נאר איך בעט דיך דאבריש, לאז עס זיין בכוד, זאג נישט קיינעם!

— ווארט נאר חסיא ביילע ווארט! דער רוח וועט דיין בעל־הבית'טע

גִשְׁט גֶעהְמֶען אַז דֶער וַוארְמֶעס וָועט שְׁפֶּעטֶער מִיט אַ שָׁעָה אַרױסְקוּמֶען. זִיא וִויל פֶּרֶעסֶען? נִיא לָאז זִיא עֶסֶען וָועֶרֶעס, קְרֵיינְק! אִיךְ הָאבּ נָאר פַּארְגֶעסֶען חַסְיָא בֵּילֶע! זִיפּ נִישְׁט אִיבֶּער אַזוֹי דִיא מֶעהְל. דִיא מִיטְשְׁנִיטְשְׁקֶע אִיז נִיט צוּפְרִידֶען פוּן דַיינֶע קְלֵייצֶן. וִויפִיל אִיז דִיר גֶעבְּלִיבֶּען הַיינְט-פוּנֶם אֶנְקוֹיפֶען?

— שֵׁיינֶעץ, שֵׁיינֶעץ! הַאפְּט אִיהְם נָאר דֶעם שֵׁיינֶעץ! וָואס אִיז עֶס פַּאר אַ מָאדֶע הַאפֶּען? אַ פַּארְהַאפְּט זָאל עֶר וֶוערֶען!

— וָואס אִיז דָארְט חַסְיָא בֵּיילֶע? וָואס שְׁרַייעֶסְט-דוּאַזַאזוֹי?

— אַ קַארְמַאשְׁטְשִׁיק דָאבְרִישׁ! עֶר הָאט בַּייא מִיר שִׁיער נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט דָאס טָארְבֶּעלֶע שְׁפַּייז פוּן אוּנְטֶערֶן אָרֶם. אַ מַעֲרָכָה וָואס אִיךְ הָאבּ בְּעצַייטֶען מִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט.

— זֶעה נָאר זֶעה חַסְיָא בֵּיילֶע! וָואס אִיז דָארְט אַזַא צוּנוֹיפְלוֹיפֶענִישׁ? עֶס מוּז שׁוֹין וַוייטֶער עֶרְגִיץ בְּרֶענֶען, ס'אִיז שׁוֹין הַיינְט דִיא צְוֵייטֶע שְׂרֵפָה. בִּיז נַאכְט קֶען זַיין נָאךְ עֶטְלִיכֶע שְׂרֵפוֹת.

— מֶען הֶערְט נִישְׁט גְלִינְקֶען, דָאבְּרִישׁ. אַ שְׂרֵפָה וָואלְט מֶען דָאךְ גֶעגְלוּנְקֶען.

— שַׁא, אָט גֶעהְט דִיא מֶעקְלֶערִין. אִיךְ וֶועל זִיא אַ פְּרֶעג טְאן. סִימֶע דְוָואסְיֶע! סִימֶע דְוָואסְיֶע! וָואס לוֹיפְט מֶען דָארְט עֶפִּים אַזוֹי?

— אִיךְ וֵויים נִישְׁט, קֵיין צַעַר! אֶפְשַׁר וֵוייסְט נַחַמֶע גִיסֶע. נַחַמֶע גִיסֶע! וָואס אִיז דָארְט פַּאר אַ רֶעדִיל, סֶערְדְצֶע? אַייעֶרֶע קַאטְשְׁקֶעס שְׁרַייעֶן עֶפִּים, אַז מֶען הֶערְט נִישְׁט וָואס מֶען רֶעדְט. הָאדִיל אִיז הַיינְט גֶעלֶענֶען גֶעוָוארֶען, זִיא וֶועט בַּייא אַייךְ צוּנֶעהְמֶען דִיא קַאטְשְׁקֶעס. הִיהְנֶער הָאט אִיהְר אוֹיךְ? זֶעהְר פֶּעטֶע קַאטְשְׁקֶעס, אַייעֶר אִיז הַיינְט נִישְׁט גֶעוֶוען זִיךְ צוּדֶערְקוֹיפֶען. וָואס אִיז דָארְט אַזַא מְהוּמָה?

— וֵויים אִיךְ? עֶפִּים רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ. עֶפִּים הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט שְׁרַייעֶנְדִיג רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ.

— וָואס, עֶס זֶענִין אָנְגֶעקוּמֶען רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ! אַי-אַי-אַי! מֶען מוּז דָאךְ גֶעהְן אָנְקוּקֶען אוֹיף חִידוּשִׁים. הָאבֶּען אַלֶע מִיט אַ מָאל אַ גֶעשְׁרַייא גֶעטְאן אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט לוֹיפֶען הֶענְדוּם פֶּענְדוּם צוּם רֶעדִיל מֶענְשֶׁען.

— אוֹרַא פִּיפֶּערְנָאטֶער, לִינְדֶעוְוארֶם! אוֹרַא רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ! הָאבֶּען צְוִוישֶׁין דֶעם רֶעדֶעל מֶענְשֶׁען גֶעשְׁרִיעֶן אַ גַאנְצֶע הָאפְּטֶע וַוייסֶע חֶבְרָה.

דִיא דָאזִיגֶע רוֹיטֶע יוּדְלִיךְ, דָאס זֶענִין גֶעוֶוען אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען, בִּנְיָמִין מִיט סֶענְדֶערְלִין, וָואס אִין אַ קוּרְצֶער צַייט נָאךְ יֶענֶער מַעֲשֶׂה, וֶועלְכֶע עֶס הָאט מִיט זֵייא זִיךְ גֶעטְרָאפֶען אוֹיף דֶער קְלַאטְקֶע, זֶענִין זֵייא אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין גְלוּפְּסְק אוּנ הָאבֶּען דָארְט בְּמֶשֶׁךְ פוּן אַפָּאר וָואכֶען שְׁטַארְק קוֹנֶה שֵׁם גֶעוֶוען. עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ סַךְ עָהְרְלִיכֶע יוּדֶען, וואס

וואס האבען פון זייא פשוט אנגעקוואלען , ממש אזוי וויא פון דעם שוסטעריל , וואס ער איז אין יענער צייט דורך זיינע מופתים אין גלופסק פלוצלים נתגלה געווארען . טאלצע אונ טריינע , צווייא געוויסע אלטע יודענעס , כשרה נשמות , וואס פלעגען , וויא איטליכען איז בעקאנט , אלע טאג פאר נאכט שבתדיג זיך אנטאן מיט דער יפע אי מיט דעם שטערענטיכעל אונ ארויסגעהן אונטער דער שטאט בעגעגענען משיח'ן , אט זייא זענין דאס געוועזען דיא גליקליכע אין איין פארנאכט צו־ווסטרעגציען אויף יענער זייט ראגאדקע אונזערע פארשוינען ביים אנקומען זייערען פון טעטעריווקע אונ אין א גוטע שעה אריינצופיהרען זייא אין גלופסק . באלד טאקי ביי דעם ערשטען בעגעגעניס האבען שוין דיא ביידע ייפעס זיך דערוואוסט אלסדינג , וועמען גאט האט זייא דא בעשעהרט . טאלצע מיט טריינען האבען פארוואונדערט זיך אנגעקוקט , איינע דיא אנדערע זיך געשטארבעט . נוא טריינע ? — נוא טאלצע ? האבען זייא זיך געשושקעט , דאס הארץ אבער האט אונז גלייך געזאגט , אז דאס זענין עפים ניט גלאט קיין מענשען . טאלצע אונ טריינע האבען זיך געשמאלצען אין אונזערע פארשוינען , זייא זיינין עפים וויא יונגער געווארען , עס האט זייא זיך געפרייעט דאס הארץ הערענדיג פון דער נסיעה , זייא האבען געקוקט אויף זייערע בעשעהרטע אונ זיך אלץ געשטורכעט מיט א שמייכעלע : נוא טריינע ? — נוא טאלצע ? . . . . טאלצע האט זייא אונטערגעארבייט זאקען , טריינע האט זייא פארלאטעט העמדער , צוגענעהט בענדליך אונ זענין געוועזען גליקליך , איבערגליקליך , אקוראט וויא כלה־ווייס , א מאל אין דיא יונגע יאהרען , הכלל אונזערע פארשוינען האבען אין גלופסק אויף זיך געפונען מבינים . אזעלכע לייט וויא זייא קען טאקי נאר איין גלופסק שאטצען אונ פארשטעהן זייער טהייערען ווערטה . אהין , אין גלופסק אריין איהר יודישע קינדער ! וואס וואלגערט איהר זיך נפשות שיינע מענשען אונ ווערד וויא בטלנים פארפאלען אין דיא קליינע שטעטליך אונטערן אוויוען ?! אין גלופסק אריין צו אלדע שווארצע יאהר ! דארט וועט איהר געפינען אייער גלייכען , דארט וואַרטען אויף אייך אייערע טאלצעס , אייערע טריינעס אונ טויזענטער עהרליכע יודען , כשרה נשמות , דארט קענט איהר וואקסען , דארט קענט איהר אויפגעריכט ווערען , דארט קענט איהר געפעהלען , שטארק גילטען , א פנים האבען אונ ערשט לעבען ! . . .

אין גלופסק א רוח אין אייער טאטען אריין !

אט וויא אזוי אונזער בנימין שילדערט דיא שטאדט גלופסק :

אז איהר קומט אן קיין גלופסק דורך דער טעטעריוקער גאס זאלט איהר מוחל זיין איבערשפרינגען דארט איין בלאטע , ווייטער אביסיל דיא

צווייטע, נאך ווייטער אביסיל די דריטע, סאמע די גרעסטע, וואס אהינצו לויפען אריין מתחלה רינגשטעקליך אי בעלי בתשע פאמיליצעס און ברייננגען מיט זיך אן פון כל טוב, איטליכען טאג עפיס איין אנדער מין סחורה, אנדערע קאנטען חפצים פון אלערליי קאלירן און פארשידענע מיני ריחות, וויא עס פאסט צום ענין, און דורכדעם איז זעהר גרינג צוטרעפען דעם טאג. גיסען זיך אהין א שטייגער געלע לוזשקעליך פון זאמד, מיט וועלכע מען וואשט די פאלען, און טראגען מיט זיך אן לישקעס פון פיש, דרויב פיסליך, קעפליך פון היהנער, אביסיל האר מיט פארברענטע שטיקליך-קאפיטעס, זאלט איהר האבען א סימן היינט איז פרייטאג, נעהמט א בעזעם מיט א ראשקע און לויפט, זייט מוחל, אין מרחץ אריין. טראגען זיך אהינצו אן שאלעכץ פון אייער, פון ציבעלעס, פון רעטיך, סוכעזשילעס פון לעבער מיט עקין פון הערינג און גרויסע אויסגעהוילטע מארחביינער, אהא, נוט שבת אייך יודישע קינדער! זאל אייך וואויל בעקומען נאבין קיגעל, זעהט איהר אבער די ריישטעקליך קוים קוים וואס זייא ריהרען זיך, עס שלעפען זיך דארט פארברענטע שטיקליך קאשע, פארדארטע שטיקליך טייג, א צעריסענע שמאטע מיט א צופאלענם וויכעטש איז א סימן דאס איז היינט זונטאג, דער וואסערפיהרער האט נאך נישט געבראכט קיין וואסער, קוים וואס מען האט אויסגעזיגען אביסיל פון דער פאס אויף אויסצו-וואשען וויא ס'איז חאטש די משאלענטעס מיט די מאקערטעס. און אזוי אין אלע איבעריגע טעג פון דער וואך האט איטליכע לוזשע איהר בעזונדער פנים, איהר בעזונדער געשטאלט מיט איהר בעזונדער ריח. און אז איהר זענט בשלום איבערגעקומען אי די דאזיגע בלאטע אויף וועט איהר, רבותי, נעהן פארביי א היבשען בערגיל מיסט, דאס איז א איבערגעבליבען זכר פון איין אפגעברענט הייזיל, וואס אויבען שטייט געוויינטליך א בהמה, גלייך וויא א קעלבעקער מגיד, איז גאנץ רוהיג זיך מעלה גרה, מאכט מיט דעם מויל און קוקט תמאוואטע אויף דעם גאנצען עולם יודען, וואס לויפען אונטען וויא די פארסאמטע מיט אלערהאנד שטעקענס, שטעקליך אי פאראסנען. טהוט דערביי א מאל א סאפע, אדער א קיהישען זיפץ, טאקי נאר גלייך וויא זיא וואלט געזיפצט און געקרעכצט מישטעהענס געזאגט אויף דעם דאזיגען עולם אויך אויף איהר, שלימזל, וואס זיא איז נעביך אריינגעפאלען אין יודישע הענד.... איבערקומענדיג אי דעם בערגיל, וועט איהר געהן גלייך, גלייך, אלץ גלייך. אפשר וועט איהר, לא יעלה ולא יבוא, זיך א זעטין געבען אין די שפיצעכדיגע שטיינער פונם ברוק, דאס ליגען צווייעט, צושפרייעט משונה ווילד, און חס ושלום פאלען זאלט איהר מוחל זיין

אויפשטעהען

אויפְשְׁטָעהְן , אויב אִיהְר וָועט קֶענֶען , אונ אַלץ טאקי נֶעהְן, גֶעהְן , בִּאם אִיהְר הָאט נָאר נִישְׁט אויסְגֶעבְּרָאכֶען קֵיין פוס הָלִילָה , בִּיז אִיהְר וָועט קוּמֶען אויף עֶפִּיס אַ מִין פְּלַאץ . דָארְט אויף דֶעם פְּלַאץ וָועט אִיהְר גֶעפִינֶען דֶעם תַמְצִית פוּן גְלוּפְּסְק . אונ וָוען ס׳אִיז נָאר אַ סְבָרָא טֶעטֶערִיוְקֶער גַאס אָנְצוּרוּפְן דֶעם מ א גֶ ע ן פוּן גְלוּפְּסְק קֶען מֶען נָאכְדֶעם שׁוֹין מִיט רֶעכְט זָאגֶען , אַז דֶער דָאזִיגֶער פְּלַאץ אִיז אִיהְר הַ א רְ ץ , וָואס דָארְט קְלַאפְּט זִיךְ תָּמִיד טָאג אִי נַאכְט אונ וָואס דָארְט אִיז אִיהְר הִיוּת, דָאס גַאנְצֶע לֶעבֶּען . דָארְט שְׁטָעהְן קְלֵייטָען . קְלֵייטָעלִיךְ שָׁאפֶּקֶעס אונ דִיא בֶּעקַאנְטֶע גְנֵבָה־שָׁאפְּקֶעלִיךְ , וואו בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת זֶעטְצֶען דָארְט אָפּ דֶעם יִתוּר : שְׁטִיקְלִיךְ מַאטֶערְיֶע , טַאסְמָעס , בֶּענְדְלִיךְ , סַאמָעט אונ שְׁטִיקְלִיךְ פֶּעלְץ . דָארְט רִידֶעוֶועט זִיךְ זֶעהְר שְׁטַארְק , עֶס שְׁוִיבֶּעלְט אונ גְרִיבֶּעלְט , אַ גֶעדִיכְטֶער עוֹלָם אָהְן עַיִן הָרַע : יוּדֶען שְׁטוּפֶּען זִיךְ אונ חַאפֶּען נֶעבִּיךְ פוּן אִיטְלִיכֶער זַייט דִישְׁלֶעס פוּן טֶעלִינֶעס אונ פַּארְקֶעס . דָאקְטוֹרִים זָאגֶען , כַּאֲשֶׁר אַז מֶען פַּאלְמֶעסְט אַ גְלוּפְּסֶקֶער יוּדֶען גֶעפִינְט מֶען דָאס רֹב בַּייא אִיהְם אִין לַייבּ שְׁטֶעקְט אַ דִישֶׁעל . נָאר אויף גְלוּפְּסֶקֶער דָאקְטוֹרִים קֶען מֶען זִיךְ נָאךְ נִישְׁט סוֹמֵךְ זַיין , דִיא רוֹפְאִים שְׁפִּילֶען דָארְט אַ סַךְ אַ גְרֶעסֶערֶע רָאלְיֶע . דָארְט הֶערְט מֶען תָּמִיד אַ קוֹל : הַייסֶע בַּאבְּקֶעס יוּדֶעלִיךְ ! אַהֶער , הַייסֶע רֶעטְשַׁאנִיקֶעס , קְנָאבֶּעל , צִיבֶּעלֶעס יוּדִישֶׁע קִינְדֶער ! פוּן אָפְּגֶערִיסֶענֶע יוּנְגְלִיךְ , וָואס גֶעהְן אַרוּם אונ שְׁרַייעֶן מִיט עֶפִּיס אַ מְשׁוּנֶהְם נִיגוּן . דָארְט הַאפְּט מֶען אַ מָאל פַּארְנַאכְט אַ דַאוֶוען , מֶען אִיז מְחַדֵשׁ גַאנְץ הוֹיךְ דִיא לְבָנָה אונ מֶען שְׁרַייעֶט דֶערְבַּייא צוּ אִיטְלִיכֶען , וָואס גֶעהְט נָאר פַּארְבַּייא : שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם פֶּעטָער ! דָארְט שְׁטֶעהְן טְרֶעגֶערְס אַרוּמְגֶענַארְטֶעלְט מִיט גְרָאבֶּע שְׁטְרִיק , אַטְסְטַאוְונֶע סָאלְדַאטֶען מִיט אַלְטֶע חָאלַאוֶועס אונ אויסְגֶעריבֶּענֶע שֶׁענֶעלֶען , טַאנְדֶעטְנִיקֶעס מִיט אַלְטֶע תַחְתּוֹנִים , קַאפְּטָענְס , לַייבְּלִיךְ אונ נָאךְ אַלֶערְלַייא שְׁמַאטֶעס , אִין מִיטֶען שְׁטֶעהְט דֶער פַּאנִי סְטָארָאזְשׁ אונ עֶסְט גֶעשְׁמַאק אַ שְׁטִיק יוּדִישֶׁען קוּילֶעטְשׁ , וָואס עֶר בֶּעקוּמְט שַׁבָּת פַאר דִיא לִיכְט אָפְּשְׁנַייצֶען אונ הִיט זִיךְ , לְהַבְדִיל וִויא אַ שְׁמוּרָתְּנִיק , כְּשַׁעַת עֶר גִיט אַ בִּיס , עֶס זָאל חָלִילָה קֵיין בְּרֶעקִיל נִישְׁט אַרָאפְּפַאלֶען . קַארְמַאנְשְׁטְשִׁיקֶעס דְרֶעהְן זִיךְ דָארְט אַרוּם צוּמַאכֶען דִיא קוּנְץ , עֶפִּיס אַ פַארְשְׁמִירְט מֵיידָעל מִיט צוּשׁוּיבֶּערְטֶע , צוּפַּאטֶעלְטֶע הָאר שְׁפְּרִינְגְט פְּלוּצְלִים פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט אַרוֹיס רֶעוֶועט , בֶּעט אַ נְדָבָה אויף אַ צוּרִיפֶּעטֶען קוֹל , חַאפְּט אָן פַאר דֶער פָּאלֶע אונ שְׁרַייעֶט , חָארְחָעלְט וַויינֶענְדִיג, גְלַייךְ וִויא אִיר וָואלְט זִיא גֶעקִוּילֶעט אונ צוּגֶענוּמֶען בַּייא אִיהְר גֶעלְד . אַ פֶּעקִיל וַוייסֶע חֶבְרָה לוֹיפְּט דָארְט מִיט אַ אוּרַא נָאךְ עֶפִּיס אַ מְשׁוּגֶענֶעם , וָואס זִינְגְט טְרוֹיעֶרְדִיגֶע לִידְלִיךְ , הַאלְבּ יוּדִישׁ הַאלְבּ פּוֹילֶעשׁ ,

אונ

און טְרָאגְט אויפֿן קָאפּ אַ צוּקְנֵייטְשְׁט קַאפֶּעלִישֶׁעל · דָארְט שְׁטֶעהְט אַ בָּחוּר מִיט עֶפִּיס אַ מִין קֶעסְטֶעלֶע, יוּדֶען קוּקֶען אַהִינְצוּ אִין לַאךְ און עֶר רֶעדְט דֶערְבַּייא מִיט פִּיסְקָעס זַיין גֶעוֶויינְטְלִיכֶען פִּזְמוֹן : דָאס אִיז לָאנְדָאן, דֶער פֵּייפְּס פָּאהְרְט דָא רַייטֶענְדִיג אִין רוֹיטֶע הוֹיזֶען און אַלֶע שְׁטֶעהְן פַּאר אִיהְם אָהְן אַ הִיטֶעל ! אִיצְט זֶעהְט אִיהְר , וִויא נַאפָּאלֶעאָן מִיט זַיינֶע פְּרַאנְצוֹיזְלִיךְ שְׁלָאגֶען זִיךְ מִיט דֶעם פְּרֵייס און דִיא פְּרֵייסֶען צוּלוֹיפֶען זִיךְ וִויא דִיא טַארַאקָאנֶעס ! אָט אִצוּנְד קוּמְט פִּיר , וִויא אֵיינֶע פָּאהְרְט אִין אַיינֶעם מִיט דֶעם תּוֹגַר אִין אֵיין קַארֶעטֶע , דֶער גְרָאסְפֶּעצִיר הַאלְט דִיא בַּיטְשׁ און טְרַייבְּט אָן . דִיא פֶּערְד הָאבִּין זִיךְ רַאסְפָּאלַאשֶׁעט , אוֹיסְגֶעקֶערְט דִיא קַארֶעטֶע , דֶער תּוֹגַר נֶעבִּיךְ אִיז גֶעפַאלֶען , זִיךְ אַ גוּטֶען זֶעטְץ גֶעטָאן , און זִיא זוּכְט אִין אֵיילֶענִישׁ וִויא זִיךְ אוֹיסְצוּדְרֶעהֶען ! נוּא אַ סוֹף , גֶענוּג שׁוֹין צוּקוּקֶען פַאר אַ הַארְטֶען גְרָאשֶׁען . דָארְט זִיצֶען שׁוּרוֹת־וַויים אוֹיסְגֶעזֶעצְט יוּדֶענֶעס מִיט מוּלְטֶערְס, פוּל אָנְגֶעלֵייגְט מִיט בִּינְדְלִיךְ קְנָאבֶּעל , מִיט אוּגֶערְקֶעס , קַארְשֶׁען , אַגְרֶעסֶען , וַויימְפֶּערְלִיךְ , אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל עֶפֶּעלִיךְ , כָּל נִדְרֵי בַּארְלִיךְ און מִיט נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכֶען , אִין דֶער זַייט שְׁטֶעהְט אוֹיף הִיהֶגֶערְשֶׁע פִּיסְלִיךְ אַיין אַלְטֶע אַיינְגֶעהַייקֶערְטֶע בּוּדְקֶע , אָהְן טְהִיר און פֶּענְסְטֶער , וָואס כְּפִי אַלְטֶע גְרַייז גְרוֹיֶע יוּדֶען דֶערְצֶעהְלֶען אִיז אַ מָאל דָארְט גֶעשְׁמַיאָנֶען אַ בּוּדָאטְשְׁנִיק און דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט אִיז דֶענְסְמָאל גֶעלוֹיפֶען אָנְקוּקֶען דִיא בּוּדְקֶע מִיט דֶעם סָאלְדַאט אוֹיף חִידוּשִׁים . לֶעבִּין דֶער אַלְטֶער בּוּדְקֶע , מִיט וֶועלְכֶער גַאנְץ גְלוּפְּסְק אִיז זִיךְ מַיֵּהס וִויא מִיט עֶפִּיס אֵיין אַלְטֶען קְרֶעפָּאסְט , דָארְט אוּנְטֶער עֶפִּיס אַ מִין דֶעכִיל בֶּעדֶעקְט מִיט עֶטְלִיכֶע פַארְשִׁימֶעלְטֶע בְּרֶעטְלִיךְ , מִיט אִיבֶּערְגֶעפוֹילְטֶע שְׁטְרוֹיא און דָאגָאזְשֶׁעס , אָנְגֶעשְׁפַּארְט אוֹיף פִּיער קְרוּמֶע אוֹיסְגֶעבוֹיגֶענֶע כְלוּפֶּעס זִיטְצְט דְווָאסְיֶע דִיא סֶעדֶעכֶע , אַרוּמְגֶערִינְגֶעלְט פוּן אַלֶע זַייטֶען מִיט מוּלְטֶערְס . בַּייא אִיר גֶעפִינְט זִיךְ תָּמִיד אִיהְר גְרוֹיסֶער פַּייעֶרְטָאפּ , וָואס וִוינְטֶער זִיצְט זִיא אוֹיף אִיהְם , וִויא אַ קְוָואטְשְׁקֶע אוֹיף דִיא אַייעֶר , דֶעם גַאנְצֶען טָאג כְּסֵדֶר , נָאר וָואס זִיא הַאפְּט אִיהְם אַ מָאל פוּן אוּנְטֶער אִיהְר אַרוֹיס אוּנְטֶערְצוּבְלָאזֶען דִיא קוֹילֶען און אַרוֹיסְצוּנֶעהְמֶען פוּנָם אַשׁ גֶעבְּרָאטֶענֶע קַארְטָאפְלֶעס .

פוּן יֶענֶע יוּדֶען , אַזוֹי גֶעהְט אַרוּם צְווִישִׁין עוֹלָם אַ גַאנְץ אַלְטֶע אַגַדְתָּא , פוּן יֶענֶע יוּדֶען , וָואס שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ הָאט גֶעשִׁיקְט אוֹיף שִׁיפֶען קַיין אוֹפִיר נָאךְ גָאלְד און אַנְדֶערֶע מִינֵי אוֹיסְלֶענְדִישֶׁע סְחוֹרוֹת זֶענִין אַ כַּךְ , מֵחֲמַת כַּמָּה טְעָמִים , אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען דָארְט . זַייא הָאבֶּען מִיט דֶער צַייט גֶעעֶפֶּענְט אִין אִינְדְיֶען זֶעהְר טְהַייעֶרֶע קְלַייטֶען אִי גְרוֹיסֶע קַאנְטָארֶען , הָאבֶּען גֶעהֵייבֶּען בַּייא דִיא דָארְטִיגֶע דַייטְשֶׁען שְׁטַארְקֶע הַקָּפוֹת און

אלערלייא

אַלֶערְלֵייא קָאמִיסְיָעס אוּנ דָאס מַזָל הָאט זַייא אַ לַאנְגֶע צַייט שְׁטַארְק גֶעדִינְט. דֶער נָאךְ אָבֶּער הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶעדְרֶעהְט דָאס רֶעדִיל אוּנ אוּנְזֶערֶע סוֹחֲרִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אוּנ גֶעמוּזְט עוֹקֵר זַיין. אַ טְהֵייל פוּן זַייא זֶענִין פַארְפַאלֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶער מִדְבָּר, אַ טְהֵייל זֶענִין בְּשָׁלוֹם אַרִיבֶּער דִיא גְרֶענִיץ, הָאבִּין זִיךְ גֶעזֶעצְט אִין אָקְרָענְטָען אוּנ גֶעזֶעגֶעלְט אוֹיף דֶער פְּיַאטִיגְנִילֶעווְקֶע, וָואס אִיז אִין יֶענֶער צַייט אַרַיינְגֶעפַאלֶען גְלַייךְ אִין יַם אַרַיין, אַזוֹי הָאבֶּען זַיי גֶעזֶעגֶעלְט גֶעזֶעגֶעלְט בִּיז פְּלוּצְלִים אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער שְׁטוּרְמְווִינְד, דִיא חְוָואלְיֶעס הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען בִּיז דֶעם הִימֶעל, הָאבֶּען צוּשְׁלָאגֶען דִיא אָקְרָענְטֶען אוּנ אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען דִיא מֶענְשֶׁען אוֹיפֶן בְּרֶעג. דָארְט הָאבֶּען זַייא אוֹיסְגֶעבּוֹיעט אַ שְׁטָאט אוּנ זִיא אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶּען גְלוּפְּסְק. דִיא חוֹקְרֵי קַדְמוֹנִיּוֹת, וָואס קֶענֶען מִיט זַייעֶר גְרוֹיס חָכְמָה מַאכֶען פוּן אַ גָארְנִישְׁט אַ מוּשְׁקַאטְקוּיל, הָאבִּין פוּן דֶער דָאזִיגֶער אַגַדְתָּא גֶעמַאכְט אַ גַאנְצֶען פֵּירוּשׁ אוּנ אוֹיסְגֶעדְרוּנְגֶען מִיט טוֹיזֶענְטֶער שַׁארְפֶע שְׁפִּיטְצְלִיךְ, וִויא זַייעֶר שְׁטֵייגֶער אִיז. אַז דְרִינֶען לִיגְט אַ שְׁטִיק אֱמֶת. דִיא רַאֲיוֹת, וָואס זַייא בְּרֵיינְגֶען דַארוֹיף זֶענִין: עֶרְשְׁטֶענְס, דֶער פַּאסָאן פוּן דִיא הַייזֶער, וָואס אִיז עָפִּים מְשׁוּנֶה ווִילְד גָאר אוֹיף דֶעם אַלְטֶען שְׁנִיט, וִויא מִיט טוֹיזֶענְטֶער יָאהְר צוּרִיק, אַז מֶענְטְשֶׁען זֶענִין נָאךְ גֶעזֶעסֶען אִין גֶעצֶעלְטֶען אוּנ זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט אִין לֶעכֶער. פִּיל הַייזֶער זֶענִין דָא אִין גְלוּפְּסְק וָואס זֶעהְן בֶּאֱמֶת אוֹיס נָאר וִויא לֶעכֶער אוּנ אַ סַךְ הָאבֶּען אַ פָּנִים וִויא דִיא גֶעצֶעלְטֶען פוּנֶם טַאטֶער. פוּן זַייעֶר אָנְבְּלִיק אוּנ פוּן זַייעֶר שְׁטֶעהְן זֶעהְט אוֹיס וִויא זַייא זֶענִין אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנֶדערֶען עָפִּים נִישְׁט שָׁוֶה בְּשָׁוֶה. דוּא שְׁטֶעהְסְט אַרַיינְגֶערוּקְט ווִיל אִיךְ מִיר שְׁטֶעהְן, דִיר אוֹיף צוּלְהַכְעִיס, אַרוֹיסְגֶערוּקְט, דוּא שְׁטֶעהְסְט פָּאפֶּערֶעק אוּנ אִיךְ ווִיל מִיר שְׁטֶעהְן קַאפּוֹיר, דוּא ווִילְסְט אִין דְרוֹיסֶען אַ טְרֶעפִּיל אוּנ אִיךְ דַוְקָא אַ לֵייטֶערִיל, וֶוער עֶס בֶּעדַארְף וֶועט נִישְׁט קְרַאנְק זַיין קְלֶעטֶערֶען, אוּנ אַז דוּא הָאסְט שׁוֹין יָא עָפִּים מְשׁוּנֶה הוֹיךְ פַארְרִיסֶען דַיין פַארְלַאטֶעטֶע דֶעכֶעל נוּא הַאלְט אִיךְ מִיר מַיין דֶעכֶעל דַוְקָא אַרָאפְּגֶערוּקְט. גֶעשְׁמַאיֶע דִיר פַארְפוּל! וֶועמֶען עֶס גֶעפֶעהְלְט נִישְׁט, לָאז זִיךְ צוּמַאכֶען דִיא אוֹיגֶען... קוּרְץ דָאס אַלְכְדִינְג אִיז מְרַמֵז אוֹיף אַלְטֶע גַאנְץ אַלְטֶע צַייטֶען. צְווֵייטֶענְס דִיא מִנְהָגִים פוּן דִיא אֵיינְוואוֹינֶער, צְוִוישִׁין זַייא זֶעהְט מֶען נָאךְ עַד הַיּוֹם אַזֶעלְכֶע מִנְהָגִים, וָואס קוּמֶען אַרוֹיס פוּן דִיא הֵיידֶען, צְוִוישִׁין וֶועלְכֶע זַייא הָאבֶּען אִין פְרִיהֶערְדִיגֶע צַייטֶען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען. דֶער כְּתַב אוּנ חָכְמַת הַחֶשְׁבּוֹן אִיז דָארְט נִישְׁט שְׁכִיחַ אַזוֹי אַז אַלֶע עֲנִיֵּי הַקְהִלָּה אוּנ אַלֶע חֲבֵרוֹת דָארְט וֶוערֶען גֶעפִיהְרְט אָהְן בִּיכֶער אוּנ דִיא פִיהְרֶער גִיבֶּען קַיינֶעם נִישְׁט אָפּ קַיין חֶשְׁבּוֹן. דְרִיטֶענְס, דִיא כִּתּוֹת, דִיא מֶענְשֶׁען טְהֵיילֶען זִיךְ דָא אוֹיךְ

אין פארשידענע כתות וויא א מאל ביי די אינדיאנער ; וויא א שטייגער
די כתה חאפלפער , כאמע דער ציטעם . וואס געוועלטיגען ביד רמה ;
די כתה בלאטהאלטער , זאשטשיטניקעס , וואס האלטען שטאל און
אייזען , קריגען און שלאגען זיך פאר די חאפלאפער מיט דעם שונא און
נעהמען דערפאר ביי זיי געוויסע זשאלאוואניעס און אומזיסט פלייש ;
די כתה והלקלקער , ארויפפיהרער אויף א גליטש און וואס אליין
דרעהען זיי זיך אויס גלאט וויא אויף א טעלער . די דאזיגע לייט
צופאלען אויף וקוממיותזאגער , וועלטליבע מענשען וואס האבען
צוזאגען אין עניני המסחר , און אויף צבועקאנער , כלי קודש , וואס
האבען צוזאגען אין עניני האמונה ; די כתה גלופא־טרוסא־בעזיאזיקא
קאבצאנער , דער פראכטער ארמער עולם , וואס איז שטארק נבנע די
אלע איבעריגע כתות און בעקומט פאר זיי דאס נייניעהריגע קדחת .
היינט פערטענס די מטבע , וואס מען האט א מאל בשעת גראבענדיג
די גרעבליע , דארט געפונען . פון איין זייט איז זיא געוועזען שטארק
אפגעריבען קוים קוים וואס מען האט ארויסגעזעהן עפיס וויא א שטיקעל
פארטוך צוגעטשעפעט צו א שטעקען , אונטען עפיס פאראזשע אויף
א מולטעריל פון וואנען עס האבען ארויסגעשטעקט שטיקליך קעפ . פון
דער אנדערער זייט איז די מטבע געוועזען כמעט גלאט , נאר אז מען האט
זיך גוט צוגעקוקט האט מען דערקענט אלטמאדישע כתיבהטע אותיות
יאשלג ווענפ . די געלערנטע האבען אויף דער דאזיגער אויפשריפט
זיך געבראכען די קעפ און אריינגעלייגט דרינען פשטים , איטליכער
אויף זיין גאנג א טהייל האבען געהאלטען אין דער סברא , אז די
י' און די ג' ביים אנהייב און סוף ווארט י א ש ל ג זענען גאר נישט קיין
אותיות נאר שטיקליך פון טשאטשקעליך , וואס זענען פון דער צייט
אפגעריבען געווארען , בכן מאכט עס א ש ל א בוים ו ע נ פ און
א צווייג און דאס איז דער שטעקען מיט דעם פארטוך . ווידער א טהייל
האבען עס דערקלעהרט נאר אנדערש און די געלערנטע האבען
דערמיט מרעיש עולם געוועזען , ביז דער נאך איז געקומען איינער מיט
אפענע אויגען , און האט דרינען דערזעהען גאר ראשי תיבות וואס זיי
מאכען יהודי אופיר (אדער אינדיאה) שבאו לכאן (אדער לק"ק) גלופסק
ונתישבו על נהר פיאטיגנילעווקע . דער שטעקען מיט דעם פארטוך און
מולטעריל מיט די קעפ , דאס בעטייט איין אקרענט מיטן זעגעל און
מיט פארשוינען , דער דאזיגער געלעהרנטער האט איבער דעם געמאכט
זעהר א דיקען ספר און ווענדעט זיך דארט צום עולם מיט א בקשה , אז
מען זאל ריינינגען דעם טייך וועט מען דארט זיכער געפינען אסך אלטע
זאכען , וואס וואלטען געעפענט די אויגען אין דער חקירה מכח

גלופסקער

גלופּסקער יודען נאר דיא דארטיגע איינוואוינער שייען זיך אבער אויסצורייניגען דיא בלאטע אונ זאגען, דאס וואס מען האט פון אלטע צייטען אנגעמאכט דאס מוז בלייבען, קיין מענשענס אויג טאהר אין דעם פארבארגניש נישט אריינקוקען . . . .

אין דער שטאט אליין געפינען זיך אקעגען א דרייסיג פערציג לוזשעס, שוין מיט לעוואדעס אין איינעם, זייא פאראייניגען זיך דורך היילען מיט דיא אפּגרונטען פון דער פּיאטיגנילעווקע אונ אין געוויסע צייטען, בפרט נאך פאר א פאר-פסח, צושפילען זייא זיך שרעקליך שטארק אונ פארפלייצען דיא גאסען מיט אזא טיפער, שיטערער בלאטע, אז בייא דיא הויך געוואקסענע מענשען אפילו ווערד געהענגדיג פארשלומפערט דאס היטעל. גלופּסק ווערד אין דיא פינצטערע געבט בעלייכט פון איין קליינער לאמטערנע, זיא ווערד אויך בעוואכט פון א פּאר בודאטשניקעס. פון דעסטוועגען פאלט מען דארטען פּארט בייא דער נאכט אונ מען בערעכט האלז אי לייב, אונ גנבות טרעפען זיך דארט אויך זעהר אפט, האטש ס'איז דא אזא שמירה. דערפון איז טאקי געדרונגען, אז מען קען זיך כלל נישט איינהיטען, מען קען זיך נישט בעוואהרענען, וואס ס'איז בעשעהרט דאס איז בעוועהרט, עס העלפען נאר נישט דעם מענטשענס חכמות מיט זיינע אלע תחבולות. דרום, זאגט בנימין, בעדארפען מיר צומאכען דיא אויגען אונ געהן תמיד אויף גאטס בעראטה מיט דעם בטחון, מסתמא וועט ער זיינע מלאכים געביטען אונז צוהיטען אונ אויף דיא הענד אונז צוטראגען. עס פאלט נישט דער שפּאן ביז ס'איז עפּיס דראן. בעדארף מען מעהר, זאגט ער, וויא איך האב בעוואהרענט מיין טלית אונ תפילין-זאק, איך האב איהם אניהערגעלייגט אין בית המדרש אויף דער פּאלעצע, וואס קען שוין דאכט זיך זיין מעהר א זיכערער ארט וויא דא? פון דעסטוועגען אז גאט האט נישט געוואלט אפּהיטען האט מען איהם אין איינעם מיט דיא איבעריגע אונזערע זאכען פון דאנען אויך אוועקגעגנבת!

<br>

## יא.

### חידושים ונפלאות אויף דער פּיאטיגנילעווקע.

אויף דעם טייך פּיאטיגנילעווקע אז אונזערע פארשוינען האבען דאס ערשטע מאל א קוק געגעבען זעניין זייא נבהל ומשתומם געווארען. זייא האבען אזא מין טייך נאך קיינמאל אין דיא אויגען נישט געזעהן. בעזונדער האט געזאגט, דאס מוז אוודאי זיין דער גרעסטער טייך אין

דָער נַאנְצֶער וָועלְט . וָוארִים אַנְדֶערְשׁ הָאט אִים גָאר אִין קָאפּ זִיךְ נִישְׁט גֶעלֵייגְט , אַ קַאטָאוֶועס אַזַא טַייךְ וָואס אִיז אֶפְשַׁר אַ הוּנְדֶערְט מָאל גְרֶעסֶער פוּן טוּנֶעיַאדֶעווְקֶער , נָאר סֶענְדֶערִיל אִיז גֶעוָוען אַ פְּרָאסְטֶע מֶענְשִׁיל , מֶעהְר פוּן טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע הָאט עֶר נִישְׁט גֶעוואוּסְט , אִין דִיא קְלֵיינֶע אוֹתִיוֹתְלִיךְ אַרַיינְקוּקֶען הָאט עֶר נִישְׁט גֶעקֶענְט , דְרִיבֶּער אִיז אַלְסְדִינְג , וָואס נָאר עֶפִּיס נִישְׁט אַזוֹי וִויא אִין טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע , בַּייא אִיהְם גֶעוָוען אַ חִידוּשׁ נִפְלָא אוּנ פְלֶעגְט מַיינֶען אַז דֶערְמִיט עֶקְט זִיךְ שׁוֹין מַאקִי דִיא וָועלְט . בִּנְיָמִין אָבֶּער וָואס פִיל גֶעלֶערֶענְטֶער פוּן אִיהְם , וָואס הָאט אִין זַיינֶע מִינֵי חֵ־ירָה־סְפָרִים'לִיךְ שׁוֹין גֶעחַאפְּט , וִויא מֶען זָאגְט , אַ לֶעק פוּן דִיא שֶׁבַע חָכְמוֹת , וָואס הָאט גֶעוואוּסְט אַבִּיסֶ׳ל דִיא בֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן דָעם גַן־עֵדֶן הַתַּחְתּוֹן , פוּן דִיא מְשׁוּנֶה ווִילְדֶע בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ אִין הִינְדִיאָ׳ה וּכְדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע מִינֵי זַאכֶען הֲגַם עֶר פְלֶעגְט בַּיים עֶרְשְׁטֶען מָאל אָנְקוּקֶענְדִיג עֶפִּיס נַיים זִיךְ אוֹיךְ שְׁטַארְק הִידוּשִׁין אִין הַארְץ נָאר עֶר פְלֶעגְט דֶערְבַּייא מַאכֶען אַזַא מִינֶע מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע , גְלַייךְ וִויא אֵיינֶער רֶעט : עֶט , נַארֶעשְׁקַייטֶען , דָאס אִיז נָאךְ גָארְנִישְׁט אַקֶעגֶען יֶענְץ וָואס אִיז נָאךְ דָא . . . . עֶר הָאט סֶענְדֶערְלִין בֶּעווִיזֶען , אַז דִיא פְּיַאטִיגָנִילֶעווְקֶע אִיז פָּשׁוּט בְּלָאטֶע . אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיבֶּער ׳ מִינוּף אַקֶעגֶען דֶעם יַרְדֵן , וָואס אִיז פִיל מָאל גְרֶעסֶער פוּן אִיהְר , זִיא ווָאלְט דֶעם שׁוּר הַבַּר נִישְׁט גֶעקְלֶעקְט אֲפִילוּ אוֹיף אֵיין צָאהְן , אוּנ פוּנֶם נָאמֶען יַרְדֵן טַאקִי אִיז אוֹיךְ אַזוֹי דִיא מַשְׁמָעוּת , וָוארִים , יַרְדֵן אִיז דָאךְ דָער טַייטְשׁ : אַ גוּזְמָא , אַ סַךְ , אַ יַרְדֵן !

— וֵייסְט־דוּא סֶענְדֶערִיל , וָואס מִיר אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען ? הָאט בִּנְיָמִין גֶעזָאגְט נָאכְדֶעם אַז עֶר אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַיינְמָאל שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט לֶעבִּין דָער פְּיַאטִיגָנִילֶעווְקֶע . מִיר אִיז אַיינְגֶעפַאלֶען צוּלָאזֶען זִיךְ פוּן דַאנֶען מִיט דֶעם וַואסֶער .

— גָאט אִיז מִיט דִיר ! הָאט סֶענְדֶערִיל זִיךְ אַ חַאפּ גֶעטָאן פַאר גְרוֹיס שְׁרֶעק . דֶערְמָאן זִיךְ נָאר בִּנְיָמִין , אַז אוּנְזֶער טַייךְ נֶעהְמְט אַלֶע יָאהְר צוּ אַ מֶענְשֶׁען הַיינְט מִי יוֹדֵעַ וִויפִיל מֶענְשֶׁען מוּז דָער דָאזִיגֶער טַייךְ אַ יָאהְר צוּנֶעהְמֶען . הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף אוּנְזֶער לֶעבֶּען , אוֹיף דַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער בִּנְיָמִין !

— בִּטָחוֹן , בִּטָחוֹן , סֶענְדֶערִיל ! בִּטָחוֹן אִיז אַ יוּדִישֶׁע זַאךְ , מִיט בִּטָחוֹן אִיז יַעֲקֹב אָבִינוּ מִיט זַיין שְׁטֶעקִיל דֶעם יַרְדֵן אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען . מִיט בִּטָחוֹן , זָעהְסְט־דוּא , עֶפֶענֶען דָא אִידִישֶׁע קִינְדֶער אוֹיף גְרוֹיסֶע גֶעוועלְבֶּען . אַלְכְדִינְג וָואס דוּא זֶעהְסְט דָא אִיז אַלְץ לוֹיטֶער בִּטָחוֹן . אֲפִילוּ כְּרֶעפּ אוּנ כְטֶעלִיעֶס וִויא אוֹיךְ פִיל גְרוֹיסֶע הַייזֶער הַאלְטֶען זִיךְ דָא נָאר אוֹיף בִּטָחוֹן . . . .

נ״ער

-- נאר פאר וואס ווילסט־דוא דווקא מיט דעם וואסער, האט סענדעריל געפרעגט, אז מיר קענען דאס אייגענע אויך מיט דער יבשה?

— איך האב דארויף א כך טעמים, האט בנימין געענטפערט. איינמאל וועט, וויא מיר דאכט זיך, דיא נסיעה מיט דעם וואסער זיין אי נעהענטער אי גיכער. מיר בעדארפען זעהן אנקומען אהין וויא צום גיכסטען. וואס פריערהער איז אלץ בעסער. פאר וואס? דאס ווייס איך שוין, דאס איז שוין מיין זאך. מיך קוועטשט, סענדעריל, מיך קוועטשט זעהר שטארק, עס פיקט מיר אט דא, דא אין קאפ. איך וואלט שוין געוואלט דארט זיין מיט לייב אונ לעבען. ווען עס זאל מעגליך זיין וואלט איך וויא א פייגעל אין דער לופט אהינצו געפלויגען... צווייטענס, אז בנימין פון טודעלא האט ביימיו זיך געלאזט אויף זיין נסיעה, איז ער תחלת אויך געפאהרען מיט דעם טייך עבֿרא, אזוי שטעהט בפירוש געשריבען אין זיין ספר. מסתמא אז ער איז פארצייטען געפאהרען מיט דעם טייך אונ נישט מיט דער יבשה, בעדארף דאך טאקי זיין דווקא אזוי אונ נישט אנדערש, מסתמא האט ער געוואוסט וואס ער טהוט אונ איז אזוי פיל קלוג געוועזן וויא מיר אלע הלעבין. רב בנימין איז א קדמון, א פריהערדיגער פאר אונז, מוזען מיר איהם הערען נאר אהן קשיות...

— אויב אזוי, האט סענדעריל געמאכט, איז שוין טאקי רעכט. בייא מיין יודעשקייט, בנימין! נישט נאר אויפן טייך אפילו ווען רב בנימין וואלט פארצייטען געפאהרען רייטענדיק אויף א קאטשערע וואלטען מיר דא נישט בעדארפט לאנג טראכטען, זיך גענומען אויפגעזעצט אונ אויך געפארען אויף א קאטשערע.

— אונ דריטענס, איז בנימין אריינגעפאלען סענדערלין אין דיא רייד, שאדט טאקי כלל נישט מיר זאלען זיך געוועהנען צופאהרען מיט דעם וואסער איידער נאך עס וועט אונז שפעטער אויסקומען צופאהרען אויפן ים אוקיינוס. איך וואלט נאך אפילו געזאגט, אז איידער מיר וועלען זיך אפפארטיגען דא אין גלופסק וואלט אסור גאר נישט קרום געוועזן צופרייווען גלאט אזוי דורכצופאהרען זיך אביסיל אויפן טייך. דארטען, זעהסט־דוא, שטעהט איינער מיט א לאטקע, אט הלעבין לאמיר צוגעהן אונ איהם עפיס געבען וועט ער מיט אונז אביסיל פאהרען.

אין עטליכע מינוט ארום זענין אונזערע וואנדערער בעהארצט אריין אין א לאטקע אונ האבען זיך געשיפט איבער דיא פיאטיגנילעווקע, תחלת האבען זייא אפילו זיך געשראקען, סענדערלין האט זיך פארדרעט

דער

דֶער קָאפּ אוּנ עֶר הָאט גֶעצַאפֶּעלְט מִיט הֶענְד אוּנ פִּיס , אָט אָט . הָאט עֶר גֶעמַיינְט , קֶעהְרְט זִיךְ דִיא לָאטְקֶע אוּם אוּנ עֶר פַאלְט אַרַיין אִין דִיא טִיפֶע אָפְּגְרוּנְטֶען פוּנֶם טַייךְ , סְ'אִיז אַיין עֶק פוּן זַיין לֶעבֶּען אוּנ זַיין וַוייבּ בְּלַייבְּט אַיין אֵייבִּיגֶע עֲגוּנָה , נָאר דֶערְנָאךְ אִיז אִיהְם גֶעוָוארֶען אַבִּיסִיל בֶּעסֶער .

— נִישְׁקָשֶׁה סֶענְדֶערִיל , הָאט בִּנְיָמִין אִיהְם גֶעטְרֵייסְט , אַז זַייא זֶענִין אַרוֹיס אוֹיפְן בְּרֶעג . זָאל דִיךְ נִישְׁט אַרְען וָואס דֶער קָאפּ דְרֶעהְט זִיךְ אוּנ עֶס וֶוערְד עֶפִּיס נִישְׁט גוּט . דָאס אִיז דִיא יַם־קְרַאנְקַייט , וָואס אִיטְלִיכֶער מוּז זִיא לַיידֶען אַז עֶר פָאהְרְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען מָאל אוֹיפֶן יַם , דֶעם צְוַוייטֶען מָאל , וֶועסְט דוּא זֶעהְן , וֶועט זַיין בֶּעסֶער אוּנ דוּא וֶועסְט שׁוֹין גָארְנִישְׁט פִיהְלֶען .

פוּן יֶענֶער צַייט אָן פְלֶעגֶען אוּנְזֶערֶע־פַארְשׁוֹינֶען זֶעהְר אָפְט פָאהְרֶען אוֹיפֶן טַייךְ אוּנ דֶערְפוּן גְרוֹיס תַּעֲנוּג גֶעהַאט , זַייא זֶענִין בַּייא זִיךְ גֶעוָוארֶען אַזוֹי שְׁטַארְק , אַז אִיבֶּערְשִׁיפֶען זִיךְ דֶעם יַם , הָאט זִיךְ זַייא גֶעדַאכְט אִיז אַ שְׁפִּיל . בִּנְיָמִין פְלֶעגְט דוּרְךְ סֶענְדֶערְלִין זִיךְ אַרַיינְלָאזֶען אִין אַ שְׁמִיעֶס מִיט דֶעם לָאטָאטְשְׁנִיק אוּנ אִיהְם פַארְוַוארְפֶען מִיט שַׁאֲלוֹת , וִויא אַ שְׁטַייגֶער : פְרֶעג נָאר סֶענְדֶערִיל דֶעם קַאפִּיטַאן וִויפִיל מַייל הָאבֶּען מִיר פוּן דַאנֶען בִּיז דֶעם יַם ? פְרֶעג אִיהְם . אוֹיבּ סְ'אִיז דָא עֶפִּיס וִויסְפֶּעס ? וָואס פַאר אַ מִינֵי לַייט ווֹאוֹינֶען דָארְט ? צִי ווֹאוֹינֶען צְווִישִׁין זַייא יוּדֶען ? וֶועמְען צָאהְלֶען זַייא מַס אוּנ צִי וַוייסֶען זַייא פוּן אַ גָלוּת ? אָדֶער אַ שְׁטַייגֶער אַזוֹי : פְרֶעג סֶענְדֶערִיל אוֹיף אַ צִיקַאוֶועשְׁטְשׁ דֶעם עָרֵל וָועגֶען דִיא בֶּערְג נִיסְבּוֹן אוּנ דֶעם כּוֹפֶר אַל טוּר'ךְ ? צִי וַוייסְט עֶר עֶפִּיס מִכֹּחַ דִיא עֲשֶׂרֶת הַשְּׁבָטִים ? אַ קַשְׁיָא אוֹיף אַ מַעֲשֶׂה אֶפְשַׁר הָאט עֶר עֶפִּיס גֶעהֶערְט . וּכְדוֹמֶה נָאךְ אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע שַׁאֲלוֹת פְלֶעגְט אַלְץ בִּנְיָמִין הֵייסֶען פְרֶעגֶען . נָאר דָאס בִּיסֶעל גוֹיֶעשׁ , וָואס סֶענְדֶערִיל הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערֶענְט רֵיידֶען גֶעהֶענְדִיג מִיט זַיין וַוייבּ תָּמִיד אוֹיפֶן מַארְק , אִיז קַארְג גֶעוֶוען פַאר אַזֶעלְכֶע הוֹיכֶע עִנְיָנִים . דִינְגֶען זִיךְ פַאר אַייֶער , צִיבֶּעלֶעס קַארְטָאפֶעל , דָאס הָאט עֶר נָאךְ וִויא סְ'אִיז גֶעקֶענְט , אָבֶּער אוֹיסְטַעֲנָהְן זִיךְ מִיט אַ קַאפִּיטַאן אִיבֶּער גֶעלֶערֶענְטֶע זַאכֶען , דָאס הָאט עֶר לַחֲלוּטִין נִישְׁט גֶעקֶענְט . סְ'אִיז גֶעוֶוען אַ צַעַר בַּעֲלֵי חַיִּים וִויא סֶענְדֶערִיל גֶעבִּיךְ פְלֶעגְט זִיךְ מוּטְשֶׁען אִין אַזַא שְׁמִיעֶס , עֶר פְלֶעגְט רֵיידֶען מִיט הֶענְד אוּנ מִיט פִּיס , אַרְבַּייטֶען אוֹיף אַלֶע כֵּלִים אוּנ אָפְּגֶעהֶען מִיט שְׁוַוייס , אַז אֵיין גָאט הָאט גֶעמֶעגְט אוֹיף אִיהְם רַחֲמָנוּת הָאבֶּען . זַיין קַאפִּיטַאן פְלֶעגְט שְׁפַּייעֶן , טַעֲנָהְן אָנְקוּקֶען אִיהְם בַּייז פוּן אַיין זַייט , אוּנ בִּנְיָמִין פְלֶעגְט אִיהְם דוּרֶען אַ קְרִיזְשׁ , שְׁטוּרְכֶען אוּנ קוּקֶען אִיהְם אִין מוֹיל אַרַיין פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט .

ווין

—ווין טשערוואני זשידקי ווין פיטאיע . פלעגט סענדעריל ארויסגעהן מיט אזא שפראכע א שטייגער .

— איז טשערוואני זשידקאוו יא זנא לייבקו , שמולקו באגאטיע זשידקי . אזא תשובה פלעגט סענדעריל בעקומען פון זיין קאפיטאן .

— ני לייבקא , ני ני ! ווין טשערוואני זשידקי פיטאיע , טאמאטשקא וויא זאגט מען עפיס , ניא טאמאטשקא לעבין בערגעלע ניסבון .

— ניסבאנא , זשידקא ניסבאנא ?

— זאג איהם סענדעריל פלעגט בנימין שרייען , זאגען זאלסט דוא איהם א בארג ! מאהל איהם אויס וויא דוא קענסט .

סענדעריל פלעגט צונויפשטעלען הויך דיא הענד , אויסצומהלען דערמיט א בערגעלע און שרייען דערביא : העט , העט וויסאקא ! — טפוא ! פלעגט דער ערל אויסשפייען . אויסבטלען אויף סענדערלין חלומות און איהם אפשיקען צו אלדע שווארצע יאהר .

פון זיינע נסיעות אויף דער פיאטיגנילעווקע דערצעהלט בנימין חידושים וואונדערליכע זאכען , וואס האבען אין דער וועלט א רעש אנגעמאכט . מיר וועלען דער פון דא נאר א מקצת ארויסשטעלען .

שיפענדיג זיך איינמאל אויף דער פיאטיגנילעווקע האט בנימין דארט דערזעהן אין דערמיט טייך א גאנץ גרויסען ארט , וואס איז געוועזען גרין בעוואקסען און מיט זיין גרינקייט דיא אויגען פארנומען . ער האט געמיינט דאס איז א וויספע בעוואקסען מיט גראז אי מיט שמעקענדיגע קרייטעכצער , אז ער האט ארויסגעשטעלט א פוס און שוין געוואלט א שפרונג געבען אויף דער וויספע האט דער קאפיטאן פון דער לאדקע איהם בלוצלים א חאפ געטאן פון הינטען מיט א געשרייא און א שליידער געגעבען איהם צוריק אין דעם שיפעלע מיט דעם גאנצען כח אזוי , אז ער איז א היבשע צייט געבליבען ליגען שטארק פארחלט , ער האט מעהר נישט געהערט וויא ארום דעם שיפעלע קאכט , רעשט זיך , גלייך וויא עס ריינגעלט זיך מיט עפיס , און עס געהט מיט גרויס מיה זיין וועג , און אז ער איז שפעטער צו זיך געקומען האט איהם דער ערל געזאגט , ער איז געוועזען אין א גרויסער סכנה דערטרונקען צו ווערען אין דעם גרינקייט , ווארים דאס גרינקייט איז נישט קיין וויספע וויא ער האט געמיינט , נאר דאס איז גאר דער צוויט , וואס דיא פיאטיגנילעווקע , צוויטעט אלע יאהר . איך אבער , אזוי שרייבט בנימין , האב מיך נישט געקענט לאזען איינריידען , אז דאס זאל זיין צוויט . אמת טאקי א ריח עפיס האט עס געהאט , נאר זינט איך לעב האב איך נישט געהערט און אויך אין

מיינע

מַיינֶע סְפָרִים נִישְׁט בֶּעגֶעגֶענְט , אַז וַואסֶער זָאל צְוִויטָען · וֶוען עֶס זָאל צְוִויטָען וָואלְט דָאךְ דַארוֹיף בֶּעדַארְפְט וַואקְסֶען דֶער נָאךְ עֶפִּים אַ מִין פֵּרִי . אִיךְ הַאלְט גָאר אִין דֶער סְבָרָא אַז דָאס אִיז דֶער מְשׁוּנֶה גְרוֹיסֶער יַם־פִישׁ כְּלַיינָ"א , פוּן וֶועלְכֶען ס'אִיז דָא זֶעהְר אַ שֵׁיינֶער שְׁמִיעָס אִין דֶעם סֵפֶר צֵל עוֹלָם מִיט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער : "דֶער שְׁרֶעקְלִיךְ גְרוֹיסֶער פִישׁ בֶּעדֶעקְט זִיךְ מִיט גְרָאז אוּנ מִיט עֶרְד בִּיז עֶר זֶעהְט אוֹיס וִויא אַ גְרוֹיסֶע וִויסְטֶע אוּנ אַ מָאל מֵיינֶען דִיא וָואס זֶעגְלֶען אִין יַם , אַז דָאס אִיז אַ שֵׁיינֶער בַּארְג , זַייא שְׁטֶעלֶען זִיךְ דַארוֹיף , טְהוּעֶן וָואס זַייא בֶּעדַארְפֶען . קָאכֶען מַאֲכָלִים אוּנ אַז דֶעם פִישׁ וֶוערְט וַוארֶם פוּנֶם פַייעֶר טוּקְט עֶר זִיךְ אוּנְטֶער אִין דִיא אָפְּגְרוּנְטֶען אוּנ אַלֶע וָואס הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעלַאגֶערְט וֶוערֶען דֶערְטְרוּנְקֶען" . דֶער מִיט טַאקִי אִיז אַ שְׁטַארְקֶע אַייזֶערְנֶע רְאָיָה צוּ יֶענֶע וִוילְדֶע חַקְרָנִים , וָואס הַאלְטֶען , אַז דִיא גְלוֹפְּסֶקֶער אַיינְוואוֹינֶער וַואקְסֶען פוּן הִינְדִיאָ"ה , זֶענְלֶענְדִיג פוּן דָארְט אִיבֶּער דֶער פַּאטִיגְגִילֶעווְקָא אִין דִיא אַלְטֶע יָאהְרֶען הָאבֶּען זַייא מִיט זִיךְ פַארְשְׁלֶעפְּט דֶעם כְּלַיינָ"א , וָואס הַאלְט זִיךְ אוֹיף בֶּאֱמֶת אִין אִינְדְיָא"ה אוּנ וָואס זַיין טֶבַע אִיז נָאכְצוּלוֹיפֶען נָאךְ דִיא שִׁיפֶען .

אַז בִּנְיָמִין הָאט אַיינְמָאל אַרַיינְגֶעקוּקְט אִין טַייךְ הָאט עֶר דָארְט דֶערְזֶעהֶען מִיךְ אִין וַואסֶער עֶפִּים מִינֵי בֶּעשֶׁעפֶּענִישׁ , אַקוּרַאט גְלַייךְ צוּ דִיא גֶעשְׁפַּאלְטֶען פוּן וַוייבֶּער . נָאךְ גַאנְץ לַאנְג , זָאגְט בִּנְיָמִין , הָאבּ אִיךְ גֶעלֵייעֶנְט אִין סְפָרִים אַז אִין וַואסֶער זֶענִין דָא יַם־מֶענְשֶׁען , פוּן אַלְטֶע אֶמֶתֶע מֶענְשֶׁען , וָואס מֶען מֶעג זַייא גְלוֹיבֶּען אוֹיפֶן וָוארְט , הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעהֶערְט דֶערְצֶעהְלֶענְדִיג , אַז זַייא הָאבֶּען אַלֵיין גֶעזֶעהֶן אַזֶעלְכֶע יַם־מֶענְשֶׁען בַּייא קָאמֶעדְיַאנְטֶען , וָואס פְּלֶעגֶען גֶעוֶויינְטְלִיךְ נָאךְ דֶער קָאמֶעדְיֶע זַייא וַוייזֶען יֶעדֶערֶען פַאר עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען , נָאר הַיינְט הָאבּ אִיךְ עֶס דֶערְלֶעבְּט צוּזֶעהְן מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען . אִיךְ הָאבּ מִיט גְרוֹיס וואוּנְדֶער גֶעוִויזֶען דַארוֹיף דֶעם עֶרֶל אוּנ עֶר הָאט מִיר גֶעוִויזֶען אוֹיף עֶפִּים פְּרַאטְשְׁקֶעס , וָואס זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען בַּיים בְּרֶעג טַייךְ אוּנ גֶעוַואשֶׁען גְרֶעט . אִיךְ וַוייז אִיהְם אוּנְטֶען אִין וַואסֶער , אוּנ עֶר וַוייזְט מִיר אוֹיבֶּען אוֹיפֶן בְּרֶעג . אוּנ וַוייל מִיר הָאבֶּען אַיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶענְס לָשׁוֹן נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען · הָאט עֶר נִיט גֶעוואוּסְט וָואס אִיךְ וַוייז אִיהְם אוּנ אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶר וַוייזְט מִיר , אוּנ אִיךְ הָאבּ פוּן אִיהְם מִכֹּחַ דֶעם גָארְנִישְׁט גֶעקֶענְט דֶערְגֶעהְן .

נִישְׁט וַוייט פוּנֶם בְּרֶעג לֶעבִּין דֶער שְׁטָאדְט הָאט בִּנְיָמִין גֶעזֶעהְן אַזַא אָרְט אִין טַייךְ , וואוּ דָאס וַואסֶער אִיז מְשׁוּנֶה גֶעדִיכְט , עֶרְטֶערְוַויים אִיז עֶס פַארְגְלִיוָוערְט עֶפִּים גָאר וִויא דְרִילֶעס אוּנ עֶרְטֶערְוַויים אִיז דָאס וַואסֶער נָאךְ גֶעדִיכְטֶער . פוּן דֶעם דָאזִיגֶען וַואסֶער פִיהְרֶען דִיא וַואסֶער־

פיהרער

פִיהְרְעֶר צוּ דִיא בַּעֲלֵי הַבָּתִּים אִין דִיא הַייזֶער. דָארְט וֶועֶרֶען דִיא גֶעדִיכְטֶע דְרִילֶעם צוּפִירְט מִיט פְּרָאסְט וַואסֶער אִין דֶער פַּאס אוּנ מֶען קָאכְט דֶער מִיט אַלֶע כֵּאֲכָלִים. אִיךְ אַלֵיין, זָאגְט בִּנְיָמִין, הָאבּ דָאס גֶעקְוִעקְט פוּן אַזָא וַואסֶער גֶעגֶעסֶען, אִיךְ זָאל אַזוֹי עֶסֶען פוּן דֶער סְעוּדָה שֶׁל לִוְיָתָן, עֶס הָאט גֶעהַאט דֶעם זִיבֶּעטֶען טַעַם. אַ רָאסְעל פְּלֵייש דֶער פוּן אִיז אַ מַאֲכָל מְלָכִים, אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעלֵייגְט מִיט דֶעם וַואסֶער פוּלֶע קֶעשֶׁענֶעם אוּנ גֶעהַייסֶען סֶענְדֶערְלִין מַאכֶען דֶער פוּן אַ פֶּעקִיל מַחֲמַת אוֹיף אוּנְזֶער וַוייטֶער נְסִיעָה אִין יַמִים אוּנ אִין מִדְבְּרִיּוֹת קֶען עֶס זֶעהְר גוּט צוּנִיטְץ קוּמֶען.

לוּסְטִיג אוּנ פְרֶעהְלִיךְ זֶענֶען אֵיינְמָאל נָאךְ מִיטָאג אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען גֶעגַאנְגֶען נִישְׁט וַוייט פוּן דֶער שְׁטָאדְט, הָאבֶּען גֶעלַאכְט, גֶעשְׁפַּאסְט, גֶעקוּקְט אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען אַרַיין אוּנ עֶפִּיס זֶעהְר שְׁטַארְק הֲנָאָה גֶעהַאט. עֶס הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן נָאר וִויא אַ פַארְלִיבְּטֶע פָּאר פָּאלְק בַּאלְד נָאךְ דֶער חֲתוּנָה, וָואס שְׁפַּאצִירְט זִיךְ פְרֵייא אוֹיף דֶעם גְרִינֶעם גְרָאז אוּנ קְוִויקְט זִיךְ מִיט אִיטְלִיכֶס וָוארְט מִיט אִיטְלִיכֶען קוּק. נָאר וָואס זֶשֶׁע אִיז מִיט אוּנְזֶערֶע פַּרְשׁוֹינֶען עֶפִּיס אַזוֹי דִיא שִׂמְחָה גֶעוֶועֶן? פָּארְט וָואס הָאט זַייא עֶפִּיס אַזוֹינְס מְשׁוּנָה הֲנָאָה גֶעטָאן אַזְשׁ זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנְטֶערְגֶעזוּנְגֶען אוּנ גֶעמַאכְט אָנְשְׁטֶעלֶען וִויא דִיא רֵיינֶע מְשׁוּגָעִנֶע? אָט וָואס רַבּוֹתַי, בְּלִי נֶדֶר כְּמָארְגֶען אִיז בַּייא זַייא בֵּיידֶע גֶעבְּלִיבֶּען צוּפַארְלָאזֶען גְלוּפְּסְק אוּנ אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה צוּזֶעגְלֶען הֶעט אַהִין... אוּנ וִויא זַייא גֶעהֶן זִיךְ דָא אַזוֹי לֶעבֶּעדִיג פְרֶעהְלִיךְ קוּמְט זַייא אוּנְטֶער פְּלִיצְלִים אַ פוּהְרִיל. אוֹיפֶן וָואגֶען זִיטְצֶען צְווייא יוּדְלִיךְ, אֵיינֶער טְרֵייבְּט אָן אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער זִיטְצְט אָנְגֶעבּוֹיגֶען אוֹיף דֶער זַייט, דָאס הִיטֶעל אִיז אִיהְם פַארְרִיקְט אוּנ הָאלְט אִין מוֹיל אַ שְׁטְרֵייעֶלֶע, זֶעהְר גוּטֶע סִימָנִים, אַז דָאס יוּדִישׁ קֶעפִּיל טְרַאכְט דֶעמְסְמָאל עֶפִּיס אַיין אוֹיבֶּער־הַסְבָּרָהְלֶע אוּנ דְרֶעהְט זִיךְ מְשׁוּנָה שְׁטַארְק. דִיא צְווייא יוּדֶען הָאבֶּען אָנְגֶעקוּקְט אוּנְזֶערֶע לוּסְטִיגֶע פַּארְשׁוֹינֶען, זַייא בֶּעטְרַאכְט פוּן קָאפּ בִּיז דִיא פִּיס אוּנ זִיךְ אַרַיינְגֶעלָאזְט דֶערְנָאךְ מִיט זַייא אִין אַ שְׁמוּעֶס. דִיא עֶרְשְׁטֶע שַׁאֲלָה אִיז וִויא דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז גֶעוֶועֶן: פוּן וַואנֶען זֶענֶען עֶס יוּדֶען? דֶערְנָאךְ מַה שְּׁמֵיכֶם? אוּנ דֶערְנָאךְ דָאס אִיבֶּערִיגֶע צֶעטִיל שַׁאֲלוֹת, וָואס יוּדֶען פְרֶעגֶען גֶעוֵויינְטְלִיךְ אֵיינֶער דֶעם אַנְדֶערֶען בַּיים עֶרְשְׁטֶען בֶּעגֶעגְנִישׁ. מֶעהְר הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען נִישְׁט בֶּעדַארְפְט, זַייא הָאבֶּען גֶעעֶפֶענְט אַ מוֹיל אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען דֶערְצֶעהְלֶען אַלְסְדִינְג וִויא מֶען זָאגְט וָואס אוֹיף דֶער לוּנְג דָאט אוֹיף דֶער צוּנְג. דִיא יוּדֶען הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶעקוּקְט מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע, זִיךְ גֶעשׁוּשְׁקֶעט אַבִּיסִיל אוּנ דֶער יוּד מִיטֶן פַארְרִיקְט הִיטֶעל אִי מִיט דֶעם

שְׁטְרֵייעֶלֶע אִין מוֹיל הָאט דֶערְבַּייא גֶעמַאכְט : עֶט , נִישְׁקְשָׁה עֶס וֶועט אָפְּלוֹיפֶען , נָאר אִין עֶרְגְסְטֶען פַאל אִיז נָאךְ עֶטְלִיכֶע מַמְתַּקִים . . .

— ווַייסְט אִיהְר וָואס ? הָאבִּין דִיא יוּדֶען צוּם סוֹף זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אוּנְזֶער שְׁטָאדְט מֶעג הֶלֶעבִּין אוֹיךְ דִיא זְכִיָה הָאבֶּען צוּזֶעהֶען בַּייא זִיךְ אַזֶעלְכֶע צְוַוייא פַיינֶע מֶענְשֶׁען , מִיר בֶּעטֶען אַייךְ זֶעהְר שֵׁיין , אָט הֶלֶעבִּין טְהוּט אוּנְז אָן דֶעם כָּבוֹד אוּנ זֶעטְצְט זִיךְ זַייט מוֹחֵל , בַּאלְד טַאקִי מִיט אוּנְז אוֹיף נִישְׁט לַאנְג גֶעמַעֲנֶהְט . מִיר זֶענִין אַייךְ עָרֵב אַז מֶען וֶועט אַייךְ בַּייא אוּנְז זֶעהְר שֵׁיין צוּנֶעהְמֶען מִיט עֶסֶען מִיט טְרִינְקֶען אוּנ מִיט וָואס נָאר מֶעגְלִיךְ .

— מִיר וָואלְטֶען עֶס אַייךְ בְּנֶאֱמָנוּת צוּלִיבּ גֶעטָאן , הָאט בִּנְיָמִין גֶעעֶנְטְפֶערְט , נָאר בַּייא אוּנְז אִיז גֶעבְּלִיבֶּען מָארְגֶען בְּלִי נֶדֶר פוּן דַאנֶען זִיךְ צוּלָאזֶען מִיט דֶעם וַואסֶער .

— הָאט נִישְׁט קֵיין פַארְאִיבֶּעל , הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט , אִיהְר רֶעדְט הֶלֶעבִּין נַארֶעשְׁקֵייטֶען , אוֹיךְ מִיר אַ וַואסֶער דִיא פְּיַאטִיגָנֶלֶעוְוקֶע ! זִיא אִיז מְחִילָה אַ פִּישְׁגְרִיבֶּעל , אַ טִינוּף , אַ פַארְשְׁטוּנְקֶענֶע בְּלָאטֶע , אַ פַארְצְווִיטֶעטֶע פַארְשִׁימֶעלְטֶע לוּזְשֶׁע . בַּייא אוּנְז הָאט אִיהְר דֶעם דְנֶעפֶּר , וָואס פַאלְט גְלַייךְ אִין יַם אַרַיין . פוּן אוּנְז וֶועט אִיהְר טַאקִי אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם גִיךְ אוּנ גֶעשְׁווִינְד קוּמֶען אַהִין אִין אַייעֶר רוּהֶע אַרַיין . עֶקְשֶׁנְט זִיךְ נִישְׁט הֶלֶעבִּין , הַיידַא אַרוּיף אוֹיפֶן וַואגֶען .

וָואס זָאגְסְט־דוּא כֶענְדֶערִיל ? הָאט בִּנְיָמִין זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען , לָאמִיר אֶפְשַׁר טַאקִי דִיא יוּדֶען צוּלִיבּ טָאן אוּנ פָאהְרֶען .

וָואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ , הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעעֶנְטְפֶערְט , אַז דוּא ווִילְסְט פָאהְרֶען זָאל זַיין פָארֶען .

עֶס הָאט נִישְׁט גֶעדוֹיעֶרְט לַאנְג זֶענִין אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען שׁוֹין גֶעזֶעסֶען אִין וָואגֶען שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען אוֹיף דֶעם כָּבוֹד , וָואס מֶען פַארְבֶּעט זַייא צוּגַאכְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ פִירְגֶעשְׁטֶעלְט גְדוּלוֹת . אַ וֶועג הָאבֶּען זַייא גֶעהַאט זֶעהְר אַ פְרֶעהְלִיכֶען . דִיא יוּדֶען הָאבֶּען אוֹיף זַייא גֶעהַאט אַיין אוֹיג אוּנ פָּשׁוּט גֶעהִיט זַייעֶר טְרִיט , הָאבֶּען זַייא צוּגֶעפִילֶעוֶועט מִיט עֶסֶען אוּנ טְרִינְקֶען אַזוֹי ווִיא אַ קִינְפֶּעטֶערִין . אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען הָאט זִיךְ אַזוֹינְס אִין זַייעֶר לֶעבֶּען נִישְׁט גֶעחָלוֹמְט . אוֹיף דֶעם צְווַייטֶען טָאג פַארְנַאכְט זֶענִין זַייא אָנְגֶעקוּמֶען בְּשָׁלוֹם קֵיין דְנֶעפֶּרָאווִיץ . דִיא יוּדֶען זֶענִין מִיט זַייא פַארְפָאהְרֶען אוֹיף אַ סְטַאנְצְיֶע אוּנ גֶעמַאכְט פַאר זַייא אַ גוּטֶע וֶועטְשֶׁערֶע .

— הַיינְט זֶענְט אִיהְר פוּן אַ וֶועג מִיד , שְׁלֶעפֶעדִיג , הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט , בְּכֵן אִיז גְלַייכֶער אִיהְר זָאלְט זִיךְ לֵייגֶען פַאר פְרִיה

אויסרוהען

אויסְרוּהָען . מָארְגָען אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם , אַז אִיהְר וָועט אויפְשְׁטָעהְן גֶעזוּנְט, פְרִישׁ אונ שְׁטַארְק, וָועלְען מִיר אַייךְ פִיהְרֶען צוּ עֶטְלִיכֶע גְרויסָע לַייט , פַארְוַוארְפ׳ן פַאר אַייךְ אַ גוּט וָוארְט, אונ אַז זַייא וָועלֶען אַייךְ אויפְנֶעהְמֶען זָענְט אִיהְר שׁוין פַארְזָארְגְט מִיט אַלֶע אַייעֶרֶע הִצְטַרְכוּת אונ וָועט קֶענֶען גִיךְ אונ בַּאלְד מַאכֶען אַייעֶר וַוייטֶע נְסִיעָה . אַ גוּטֶע נַאכְט !

— אַ גוּטֶע נַאכְט , אַ גוּט יָאהְר ! הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוינֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט, בַּאלְד טַאקִי הָאבֶּען זַייא אָפְּגֶעלֵייעֶנְט קְרִיאַת־שְׁמַע , זִיךְ גֶעלֶעגְט אַבִּיסִיל דָעם בַּייכֶעל . גֶעגֶענְצְט , גֶעקְרַאצְט זִיךְ וִויא דָער שְׁטַייגֶער אִיז אונ זִיךְ גֶעלֵייגְט מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ גֶעמִיטְה שְׁלָאפֶען .

---

## יב.

### וִויא מֶען פִיהְרְט אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוינֶען אִין בָּאד .

— גְוַואלְד וִידוּי , הָאטְשׁ אָפְּזָאגֶען וִוידוּי ! הָאט סֶענְדֶעְרִיל פוּנְם שְׁלָאף נִישְׁט מִיט זַיין קוֹל גֶעשְׁרִיגֶען אונ אויפְגֶעוָועקְט מִיט זַיין גֶעשְׁרֵייא בִּנְיָמִינְ׳ן .

בִּנְיָמִין אִיז נִישְׁט טוֹיט נִיט לֶעבֶּעדִיג אַרָאפְּגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן זַיין גֶעלֶעגֶער , הָאט אִין דֶער גִיךְ אָפְּגֶענָאסֶען נֶעגֶעלְוַואסֶער אונ אִיז צוּגֶעלוֹיפֶען צוּ סֶענְדֶערְלִ׳ן זֶעהְן וָואס טְהוּט זִיךְ מִיט אִיהְם אַזוֹינְס . אִין דְרוֹיסֶען הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּשְׁרֵייעֶן אויף טָאג אונ אוּמֶעטוּם אִיז גֶעוָועזֶען שְׁטִיל , מֶען הָאט נָאר גֶעהֶערְט אַ חְרָאפֶּען פוּן שְׁלָאפֶעדִיגֶע מֶענְשֶׁען אִין דָעם גַאנְצֶען שְׁטוּבּ , אִיטְלִיכֶער הָאט גֶעחְרָאפֶּעט אויף זַיין שְׁטַייגֶער : דֶער אויף אַ קוֹל פוּן אַ בַּאנְדוּרֶע, יֶענֶער אויף טְרוּמֵייט , אַיינֶער הָאט עֶס גֶעמַאכְט שְׁטִיל בְּקִיצוּר , דֶער אַנְדֶערֶער הָאט עֶס גֶעצוֹיגֶען הֶעכֶער הֶעכֶער אויף דְרַייא גְאַרְעְן , דֶערְנָאךְ אויסְגֶעלָאזְט מִיט אַ דְרֶעה , מִיט אַ בֵּייזֶער , וִויא אַיינֶער פְרֶעגְט אַ שְׁטַארְקֶע קַשְׁיָא , אונ צוּגֶעפוּיקְט מִיט דִיא בַּאקֶען . אִין אַיינֶעם אִיז עֶס גֶעוֶועזֶען אַ גַאנְצֶער קָאנְצֶערְט , אִין וָועלְכֶען דִיא גֶעזֶער הָאבֶּען גֶעטְרֵייא גֶעאַרְבֵּייט אויף זַייעֶר כֵּלִים אונ צוּגֶעשְׁפִּילְט לְכָבוֹד דִיא בֶּערִיהְמְטֶע דְנֶעפְּרָאוֶועצֶער וַואנְצֶען בְּשַׁעַת זַייא הָאבֶּען גֶעשְׁמַאק גֶעגֶעסֶען דִיא שְׁלָאפֶענְדִיגֶע אונ גֶעטְרוּנְקֶען זַייעֶר בְּלוּט — יוּדִישׁ בְּלוּט ! דְנֶעפְּרָאוִויץ הָאט אַ לַאנְגֶע צַייט גֶעפַּאסֶעט אִיהְרֶע וַואנְצֶען , אִיהְרֶע מֶענְשֶׁענְפְרֶעסֶער דָארְט אִין דֶער שְׁרֶעקְלִיכֶער פָּאדְוָועְרֶיע , אִין דֶער ווִיסְטֶער אָפְּגֶעזוּנְדֶערְטֶער יוּדִישֶׁער אַכְסַנְיָא , וואו אַ וַואנְץ אִין עֶפִּיס אַ קְוַוארְטַאל אִיז אַלְץ אַהִינְצוּ גֶעקְרָאכֶען אונ גֶעזוּיגְן גֶעצַאפְּט יוּדִישׁ בְּלוּט. . . קוּמֶענְדִיג קִיין דְנֶעפְּרָאוִויץ אִיז שׁוין אַיוּד מוּכָן וּמְזוּמָן גֶעוָועזֶען אַז וָועט

איהם

אִיהְם קָאסְטֶען אַבִּיסִיל בְּלוּט אוּנ אָהְן אַזאַ חַאבַּאר אִיז גָאר קֵיין סְבָרָא נִישְׁט זִיךְ אוֹיסְצוּדְרַייעֶן . בַּיים שׁוֹין בַּיים דוּא „דְנָעפְּרַאוָועצְקִי“ , שְׁטִינְק שׁוֹין שְׁטִינְק דוּא וָוענְצָעלֶע , שְׁרַייבּ שׁוֹין שְׁרַייבּ דַיינָע בְּלוּטִיגָע צַייכֶענְס אוּנ טְרָאג זִיךְ גֶעה דִיךְ צוּ אַלְדָע שְׁוַוארְצָע יָאהְר ! —

— וָואס שְׁרַייעֶכְט דוּא אַזוֹי סָענְדֶערִיל ? הָאט בִּנְיָמִין אִים גֶעפְרֶעגְט צוּגֶעהֶנְדִיג צוּ זַיין גֶעלֶעגֶער , אַוַודַאי אַ וַואנְץ הָאט דִיךְ גֶעמוּזְט שְׁטַארְק אַ בִּיס טָאן ? אַ שְׁרֶעק וִויפִיל דָא אִיז וַואנְצָען , זַייא הָאבֶּען אַ גַאנְצֶע נַאכְט מִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט אַיין אוֹיג צוּטָאן עֶרְשְׁט נִישְׁט לַאנְג וָואס אִיךְ בִּין אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען .

— אַי—אַי גִיכֶער , לָאמִיר גִיכֶער אַנְטְלוֹיפֶען ! הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעשְׁרִיגֶען נָאךְ אַלְץ פַארְדוּלְט .

— גָאט אִיז מִיט דִיר סָענְדֶערִיל ! וָואס רֶעדְסְט־דוּא ? מִילָא מַה רַעַשׁ אַז אַ וַואנְץ גִיט אַ בִּיס ? דַארוּיף אִיז זִיא דָאךְ אַ וַואנְץ אוּנ דוּא בִּיסְט אַ מֶענְשׁ . . .

סָענְדֶערִיל הָאט אַקֶעגֶען אַ פָּאר מִינוּט אָנְגֶעקוּקְט בִּנְיָמִינֶען וִויא צוּמִישְׁט , הֶערְנָאךְ זִיךְ אוֹיסְגֶערִיבֶּען דִיא אוֹיגֶען אוּנ גֶעזָאגְט מִיט אַ זִיפְץ .

— אוֹי עֶס הָאט מִיר זִיךְ גֶעחָלוּמְט זֶעהְר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער חָלוֹם ! הַלְוַואי דֶערְפוּן זָאל זִיךְ גָארְנִישְׁט אוֹיסְלָאזֶען .

— עֶט , מַאלֶע וָואס אַ מֶענְשֶׁען חָלוֹמְט זִיךְ אַ מָאל . הָאט בִּנְיָמִין גֶעמַאכְט . מִיר הָאט זִיךְ הַיינְט אוֹיךְ גֶעחָלוֹמְט עֶפִּיס אַ פִּיפֶּערְנָאטֶער קוּמְט צוּ מִיר גֶעשְׁווִינְד צוּ , קוּקְט מִיךְ שְׁטַארְק אָן אוּנ זָאגְט צוּ מִיר : אִיהְר זֶענְט עֶס רַב בִּנְיָמִין פוּן טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע ? קוּמְט , זַייט מוֹחֵל , מִיט מִיר אַהִין , אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן שְׁטֶעהְט דָארְט מִיט זַיין חַיִל אוּנ הַלֶּשְׁט מִיט אַייךְ זִיךְ צוּזֶעהְעֶנֶען . אִיךְ גִיבּ מִיךְ אַ לָאז , דֶער פִּיפֶּערְנָאטֶער לוֹיפְט פָארְאוֹיס , אִיךְ נָאךְ אִיהְם . „אִיהְר לוֹיפְט . אָהְן עַיִן הָרַע , גֶעשְׁווִינְד וִויא אַ פַייל אוֹיסֶען בּוֹיגֶען , אִיךְ קֶען אַייךְ גָאר נִישְׁט אָנְיָאגֶען“ הֶער אִיךְ עֶמִיצִין שְׁרַייעֶנְדִיג הִינְטֶער מִיר , אִיךְ קֶעהְר מִיךְ אוּם אוּנ דֶערְזֶעה אַלֶכְּסַנְדֶר מוּקְדוֹן . אֲדוֹנִי מֶלֶךְ ! שְׁרַייא אִיךְ , חַאפּ אִיהְם בַּייא דֶער הַאנְד , קְוֶועטְשׁ אוּנ קְוֶועטְשׁ , עֶס פַארְגֶעהְט מִיר אָבֶּער פְּלוּצְלִים אִין דֶער נָאז עֶפִּיס אַ מִין שְׁרֶעקְלִיכֶר גֶעשְׁטַאנְק טַאקִי נָאר צוּם חַלָשֶׁען . אִיךְ חַאפּ מִיךְ אוֹיף אוּנ בִּיהָל אִין דֶער הַאנְד אַ צוּקְוֶועטְשְׁטֶע וַואנְץ . . . טְפוּא , זָאל עֶס וֶוערֶען ! אָט שְׁפַּייא הָלֶעבִּין דְרַייא מָאל אוֹיס סֶענְדֶערִיל אוּנ פַארְגֶעס דַיין חָלוֹם . וָואס הָאט דִיר אַזֶעלְכֶס זִיךְ גֶעחָלוּמְט ?

טְפוּא , טְפוּא , טְפוּא ! הָאט סֶענְדֶערִיל בִּתְמִימוּת דְרַייא מָאל אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען אוּנ דֶערְצֶעהְלְט זַיין חָלוֹם :

מִיר הָאט זִיךְ גֶעחָלוֹמְט וִויא אִיךְ גֶעה מִיר גְלַאט אַזוֹי אוֹיף דֶער גַאס אוּנ פַארְגֶעה מִיר הֶעט וַוייט . פְּלוּצְלִים נִיט מֶען מִיךְ פוּן הִינְטֶען אַ חַאפּ אוּנ מֶען וַוארְפְט מִיךְ אִין אַ זַאק אַרַיין , מֶען טְרָאגְט מִיךְ אַזוֹי אִין דֶעם זַאק . מֶען טְרָאגְט מִיךְ טְרָאגְט בִּיז מֶען הָאט מִיךְ עֶרְגִיץ עֶפִּים פַארְטְרָאגֶען . אִיךְ פִיהְל וִויא עֶמִיצִיר בִּינְד דֶעם זַאק אוֹיף אוּנ דֶערְלַאנְגְט מִיר אַ פַּאטְשׁ , טַאקִי וָואס אַ פַּאטְשׁ הַייסְט אַז צְוַויא צַיין זֶענִין מִיר אַרוֹיסְגֶעפַאלֶען . דָאס הָאסְט־דוּא דִיר עֶרְשְׁט אַיין אַדַארוֹיף , הֶער אִיךְ וִויא מֶען זָאגְט , אִין גַאנְצֶען וֶועל אִיךְ דִיר סִילִיקִין שְׁפֶּעטֶער . אִיךְ גִיבּ אַ בְּלִיק , מַיין וַוייבּ אִין אַ סְפָּאדִיק שְׁטֶעהְט מִיר אַקֶעגֶען שְׁטַארְק אִין כַּעַס דִיא אוֹיגֶען בְּרֶענֶען אִיהְר וִויא אַ הֶעלִישׁ פַייֶער אוּנ פוּנֶם מוֹיל זֶעטְצְט אִיהְר אַרוֹיס אַ שׁוּים . וַוארְט נָאר אַבִּיסִיל וַוארְט , תַּכְשִׁיט מַיינֶער , זָאגְט זִיא מִיט אַ בַּייזֶען גֶעלֶעכְטֶער , אִיךְ וֶועל גֶעהְן נֶעמֶען דִיא קָאטְשֶׁערֶע אוּנ דִיר וַוייזֶען וָואס פַאר אַ גָאט מִיר הָאבֶּען . וִויא זִיא גֶעהְט נֶעהְמֶען דִיא קָאטְשֶׁערֶע אַז מַיינֶער הַאפְּט דִיא פִּים אוֹיף דִיא פְלֵייצֶעס אוּנ אַוֶועק , אַוֶועק , אַוֶועק , אִיךְ לוֹיף , אִיךְ לוֹיף אוּנ קוּם צוּלוֹיפֶען אִין עֶפִּים אַ קְרֶעטְשְׁמֶע . אִין דֶער קְרֶעטְשְׁמֶע אִיז פִינְצְטֶער , גְלִיטְשִׁיךְ , נִישְׁטָא קַיין נֶפֶשׁ . אִיךְ לֵייג מִיךְ אִין אַ וִוינְקֶעל , מַאךְ צוּ דִיא אוֹיגֶען אוּנ שְׁלָאף . וִויא אִיךְ שְׁלָאף קוּמְט דֶער זֵיידֶע רֶבּ סֶענְדֶערִיל עָלָיו הַשָּׁלוֹם צוּ מִיר צוּגֶען , זֶעהְר אוּמֶעטִיג , מִיט פַארְוֵויינְטֶע אוֹיגֶען אוּנ זָאגְט : סֶענְדֶערִיל מַיין קִינְד שְׁלָאף נִישְׁט ! וִויא גָאט אִיז דִיר לִיבּ סֶענְדֶערִיל שְׁטֶעה אוֹיף ! שְׁטֶעה אוֹיף סֶענְדֶערִיל , סֶענְדֶערִיל אוּנ לוֹיף פוּן דַאנֶען אַוֶועק ! אַוֶועק סֶענְדֶערִיל וָואהִין דִיא אוֹיגֶען טְרָאגֶען , דוּא בִּיסְט אִין אַ סַכָּנָה ! אִיךְ וִויל אוֹיפְשְׁטֶעהְן אָבֶּער אִיךְ קֶען מִיךְ נִישְׁט רִיהְרֶען , גְלַייךְ וִויא מֶען הַאלְט מִיר צוּא . אִיךְ נֶעהְם מִיךְ צוּם קָאפּ אוּנ טַאפּ אוֹיף מִיר אָן עֶפִּים אַ קָאפְּקֶע . הֶע–הֶע , אִיךְ בִּין נָאר נִישְׁט סֶענְדֶערִיל , אִיךְ בִּין מְחִילָה גָאר אַ יוּדֶענֶע , אָהְן אַ סִימָן בָּארְד , טְרָאג עֶפִּים אַ מִין יִיפֶּע אוּנ מַיין בּוֹיךְ , מַיין בּוֹיךְ , נִישְׁט פַאר קַיין יוּדֶען גֶעדַאכְט , מְהוּט מִיר שְׁרֶעקְלִיךְ וֶועה ! נִישְׁקָשֶׁה , רוּפְט אַיינֶער עֶפִּים זִיךְ אָן , בַּייא אַיין עֶרְשְׁטְלִינְג גֶעהְט עֶס תָּמִיד אַבִּיסִיל שְׁוַועֶר צוּ . אוֹי פֶּעטֶער , פֶּעטֶער ! שְׁרַייא אִיךְ אִין אֵיין אָטֶעם , כְ'אִיז גָאר נִיט פַאר מַיינֶע כֹּחוֹת , אָט , אָט פַאל אִיךְ חַלָשׁוֹת . אַ קִילַאק אִין דֶער פַּאטִילִיצֶיע אִיז דֶער צוּ זֶעהְר אַ נוּטְע סְגוּלָה , דֶער מִיט קֶען אִיךְ דִיךְ מִיטְטֶערֶען , זָאגְט דֶער פֶּעטֶער , אוּנ לָאזְט מִיר טַאקִי אַרָאפּ עֶטְלִיכֶע קוּלַאקֶעס , נַא דִיר פַאר פְרִיהֶער , פַאר אִיצוּנְד , אִי פַאר שְׁפֶּעטֶער , מַאכְט עֶר דֶערְבַּייא , דְרֵייעֶט זִיךְ אוּיס אוּנ וֶוערְד פַארְשְׁווִינְדֶען . אִיךְ לִיג אִין אַיינֶע צָרוֹת לִיג אוּנ לִיג בִּיז גָאט הֶעלְפְט מִיר אִיךְ גִיבּ מִיךְ אַ רִיס מִיט גְוַואלְד אוּנ שְׁטֶעה אוֹיף . אִיךְ לוֹיף צוּ גִיךְ צוּ דֶער טְהִיר , זִיא אִיז פַארְשְׁפַּארְט , אִיךְ קְלַאפּ , קְלַאפּ אוּנ קְלַאפּ ,

אוּמְזִיסְט דִיא מִיה . פְּלוֹצְלִים שְׁפְּרִינְגְט דִיא מְהִיר זִיךְ אוֹיף אוּנ וִויא אִיךְ שְׁטָעל אַרוֹיס אַ פוּס הַאפֶּען מִיךְ גַזְלָנִים אוּנ פִּיהְרֶען מִיךְ אַוֶועק עָפִּיס אִין אַהֵייל, דָארְט נֶעהְמֶען זֵייא אַרוֹיס אַ חַלָף אוּנ ווִילֶען מִיךְ קוֹילֶען, ווִיא זֵייא הַאלְטֶען דֶעם חַלָף מִיר אוֹיפֶן הַאלְז שְׁרֵייא אִיךְ גְוַואלְד ! לָאזְט מִיךְ הָאטְשׁ אָפְּזָאגֶען ווִדוּי ! אָט דָאס הָאבְּט־דוּא דִיר, בִּנְיָמִין, מַיין חָלוּם, הַלְוַואי עֶר זָאל זַיין צוּ גוּטֶען .

— שְׁפַּייא אוֹיס, סָענְדֶערִיל, נָאךְ דְרֵייא מָאל, הָאט בִּנְיָמִין אִיהְם אַיין עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, אוּנ שְׁלָאג דִיר דַיין חָלוּם פוּנֶם קָאפּ אַרוֹיס . אִיבֶּערִינֶענְס אוֹיבּ דוּא ווִילְסְט שְׁטָעה אוֹיף ס'אִיז שׁוֹין טָאג אוּנ זָאג עָטְלִיכֶע קַאפִּיטֶעל תְּהִלִים .

סָענְדֶערִיל אִיז מִיט אַ זִיפְץ אַרָאפּ פוּן זַיין גֶעלֶעגֶער, הָאט אָפְּגֶענָאסֶען גֶענֶעלְוַיאסֶער, אָנְגֶעטָאן זַיין חַאלַאטָעל אוּנ אַרוֹיסְבֶּעקוּמֶען זַיין תְּהִלִים עִבְרִי טַייטְשׁ . עֶס הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעמִישְׁט דָאס צֶעהְנְטֶע קַאפִּיטָעל בַּייא וֶועלְכֶס עֶר הָאט גֶעהַאלְטֶען אוּנ עֶר הָאט מִיט אַיין אוּמְטִיגֶען נִיגוּן אָנְגֶעהֵייבֶּען :

וְואס שְׁטֵייעֶסְט־דוּא גָאט פוּן וַוייטֶען,
פַארְבָּארְגְסְט־זִיךְ אִין שְׁלֶעכְטָע צֵייטֶען ?

זַיין נִיגוּנְדִיל אִיז גֶעוָוארֶען טְרוֹיעֶרִינֶער אוּנ רִיהְרֶענְדִינֶער וַוייטֶער אִבִּיסְל בַּייא דִיא דָאזִינֶע פְּסוּקִים :

עֶר זִיצְט אִין עֶרְגִיץ אַ פַארְטַאיֶעט אָרְט,
אִין שְׁטִילֶען ט״ט עֶר דֶעם עֶהְרְלִיכֶען דָארְט .
דִיא אוֹיגֶען דְרֶעהְען אִיהְם זִיךְ הִין אִי צוּרִיק,
אוֹיפֶן אָרֶמֶען הָאבֶּען זֵייא אַשְׁטַארְקֶען קִיק .
וִויא אַ לֵייבּ אִין זַיין נָארֶע לוֹיעֶרְט אוֹיךְ עֶר,
עֶר לוֹיעֶרְט צוּחַאפֶּען דֶעם אָרֶמֶען אַהֶער .
דֶערְלַאנְגְט דֶעם אָרֶמֶען שׁוֹין מַאכִּי אַ חַאפּ,
אַבִּי מִיט זַיין נֶעץ אַ צִיה נָאר אַ קְלַאפּ :

אַז סָענְדֶערִיל הָאט אָפְּגֶעזָאגְט תְּהִלִים אִיז שׁוֹין גֶעוָוארֶען רֶעכְט טָאג, אַלֶע מֶענְשֶׁען אִין שְׁטוּב זֶענִין שׁוֹין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען . אַ גְרוֹיסֶער סַאמָאוַואר וִויא אַ קֶעסִיל הָאט שְׁטַארְק גֶעקָאכְט אוֹיפֶן טִישׁ אוּנ דֶער עוֹלָם הָאט גֶעטְרוּנְקֶען טְהֶע, בִּנְיָמִין אוּנ סָענְדֶערִיל הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען צוּ גְלֶעזְלִיךְ וַוארֶעמְס, זֵייא הָאבֶּען אַבִּיסִיל זִיךְ דֶערְפְרִישְׁט אוּנ

אונ פריילּיכער געוואָרען . דיא שטוב וואס פריהער אביסיל איז זיא געוועזן
א ספּאָלניע , דער נאך א טשאינע איז פּלוצלים געוואָרען א קלייזעל .
עס האבען זיך פארקאטשעט ארבעל , זיך ענטפּלעקט נאקעטע יודישע
אָרעמס : רויביגע , גלאטע , דארע , פעטע , שווארצע , ווייסע , טונקעלע
פון אלערליא קאָלירען אונ געשטאלטען . איטליכער איז אריין אין טלית
אונ תפילין אונ געגעבען א דאווען , אונזערע צוויא יודען האבען
געדאווענט געשמאק , זיך געפּיעסטעט , געקרימט , געמאכט חנדליך אונ
פּיסקעליך וויא אמת צובראכענע יודען , זייא האבען אוועקגעטענ'ט
מיטן רבונו של עולם אלץ : טאטעניוא ! פּאטערוניוא ! אונ שיהות
געמאכט אין דאווענען מעהר פון אלע אנדערע . נאכען דאווענען האבען
זייא גענומען צו קעלעשקעליך שליש , א זופּ געטאן פריהער , זיך
פארמאקעוועט אונ אויף דער נאז זענען ארויסגעטרעטען רויטגלאנצענדיגע
ווייספּערליך , דערנאך האבען זייא געמאכט צום גאנצען עולם לחיים ,
לחיים אונ צוגעווינטשעוועט : דער אויבערשטער זאל שוין רחמנות
האבען אויפן גאנצען כלל ישראל נעביך ! האבען פארגלאצט דערבייא
דיא אויגען , געטאן א שטילען זיפץ אונ אריינגעגאסען אין זיך דאס
קעלעשקיל . א סימן , דאס זענען געוועזן נישט קיין פּראסטע יודען ,
נאר פרומע , כשרע , שיינע יודען .

איינער פון דיא דאזיגע שיינע יודען איז דער וויל אוועקגעגאנגען
אין דער שטאט אונ האט זיך דארט פארזאמט אקעגען א פּאר שעה .
אז ער איז צוריק געקומען האט דער חבר זיינער איהם אריינגעקוקט
אין פּנים , וואס האט בעשיינפּערליך געלויכט , אונ ביידע זיינען געוועזן
זעהר צופרידען . זייא האבען געהייסען גרייטען צום טיש זיך געגאנגען
וואשין אונ איבערגעקוקט פריהער דיא קווארט וויא דער שטייגער איז פון
שיינע יודען , האבען געבעטען אונזערע פארשוינע זאלען אויך זיך
וואשען אונ מוחל זיין זעטצען זיך מיט זייא אין איינעם עפּים
איבערצובייסען . ביים טיש זענין זייא געוועזן לוסטיג , האבען געלויבט
דיא בעל הביתטע פאר איהרע גוטע מאכלים אונ משונה פון איהר הנאה
געהאט . זייא האבען זיך אריינגעלאזט אין א שמיעס , גערעדט מכח דעם
כלל יודען וויא ס'איז שוין טאקי צייט זייא זאלען נעביך אויפגעריכט
ווערען , פאר וואס קומט אזא פאלק , אזא טהייער פאלק זאל נעביך אזוי
פארשווארצט ווערען ? זייא האבען זיך צולאזט אין דיא שבחים פון
דיא כנסת ישראל , געלויבט אין טאג אריין דאס יודיש קעפּיל , וואס
קענען דען יודען נישט ? אלע חכמות פון דער וועלט , וויא דער
טעלעגראף , אייזענבאנד אונ נאך אזעלכע זאכענישען געפינט מען נאך
גאנץ לאנג ביא יודען , נאר דאס אלכדינג אבער איז נאך פון דיא

קְלֵיינִיגְקֵייטֶען דֶער עִיקָר אִיז גָאר עֶפִּיס אַנְדֶערְ'ש, דָאס פִּינְטֶעלֶע דָאס פִּינְטֶעלֶע אָט וָואס דֶר עִיקָר אִיז!... זַייא הָאבְּן זִיךְ אַרוֹיפְגֶעהַאפְּט אוֹיף דִיא אַפִּיקוֹרְסִים, אוֹיף דִיא הַיינְטִיגֶע מָאדְנֶע גֶעלֶערְנְטֶע, פַארְשָׁאלְטֶען זַייא דָאס גֶעבַּיין, גֶעשְׁפִּיגֶען קְלֶעק אוֹיף זַייא אִין גַאנְצֶען אוּנ אוֹיף דִיא שְׁקָאלֶעס, וָואס מֶען לֶערְנְט דָארְט טְרֵפָה־פְּסוּל אָהְן אַ הִיטֶעל. בַּאלְד וֶועט טַאקִי זַיין אַ פֶּרֶק מִשְׁנַיוֹת אַ רֶענְדִיל אוּנ אַ פְּרָאשֶׁענִיע: אָנְשְׁרַייבֶּען אַ גִילְדֶען. אוֹי אִיז הַיינְט אַ וֶועלְט, אַ שֵׁיינֶע וֶועלְט חָלֶעבִּין!... אַזוֹי הָאבֶּען זַייא אַלְץ גֶערֶעדְט אוּנ זֶענִין אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶער פוּן אוֹיף אַ שְׁמִיעֶס מַכָּה דֶער נְסִיעָה פוּן אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען. מִיר וִוינְטְשֶׁען אַייךְ, הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, הַשֵּׁם־יִתְבָּרַךְ זָאל חֶסֶד טָאן אוּנ מְמַלֵּא זַיין דָאס אַלְסְדִינְג, וָואס מִיר בְּעגֶעהְרֶען אִין אַייךְ צוּזֶעהֶען, בִּנְיָמִין אִיז גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם זִיבֶּעטֶען הִימֶעל פוּן אַזַא בְּרָכָה, דֶער צוּ אִיז עֶר נָאךְ גֶעוֶוען, וִויא זָאגְט מֶען עֶפִּיס, אַבִּיסִיל פַארְלֶעקְט, עֶר הָאט גֶעעֶפֶענְט אַ מוֹיל אוּנ גֶערֶעדְט פַאר פַייעֶר אִי פַאר וַואסֶער.

— וַוייסְט אִיהְר וָואס רֶב בִּנְיָמִין, רֶב סֶענְדֶערִיל? הָאבֶּען דִיא יוּדֶען גֶעזָאגְט צוּצוֹיגֶען, נָאכְדֶעם אַז זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעהַייבֶּען פוּנֶעם טִישׁ, מִיר וֶועלֶען זִיךְ נוֹהֵג זַיין בְּפַּשְׁטוּת וִויא פְּרָאסְטֶע יוּדֶען, אַזוֹי וִויא אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן הָאבֶּען זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶוען נָאךְ אַ וֶועג וֶועלֶען מִיר זִיךְ אַלֶע גֶעהְן אִין מֶרְחָץ אַרַיין, צוּפַארֶען דִיא בֵּיינֶער. אִיהְר וֶועט זִיךְ מֶענֶען דָארְט אָפְּשֶׁערֶען אָדֶער אָפְּגָאלֶען, אִיהְר וֶועט חָלֶעבִּין וֶוערֶען גָאר אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען, אוּנ נָאכֶן מֶרְחָץ וֶועלֶען מִיר זִיךְ נֶעהְמֶען צוּ אוּנְזֶערֶע עֲסָקִים, אַזוֹי טַאקִי בְּנֶאֱמָנוּת, אַזוֹי וֶועט בְּפַּשְׁטוּת מַאקִי זַיין גוּט. ס'אִיז אֶפְשַׁר אַבִּיסִיל נִישְׁט הַיינְטְמָאדֶעשׁ, בַּייא דִיא אַפִּיקוֹרְסִים מֶעג זִיךְ אַ מֶרְחָץ אוֹיסְקוּמֶען עֶפִּיס נִיט שַׁיין, נָאר מִיר זֶענִין אָבֶּער נִישְׁט קַיין גֶעבּוֹלְבֶּעטֶע, אָט לָאמִיר זִיךְ נוֹהֵג זַיין וִויא אוּנְזֶערֶע זַיידֶעס פַארְצַייטֶען!

פוּן אַ מֶרְחָץ זָאגְט זִיךְ אַ יוּד קֵיינְמָאל נִישְׁט אָפּ. דָאס וָואס אַ שֵׁיינְק פַאר דִיא פוֹיעֶרֶען, אַ טַייבֶּעל פַאר גֶענְז אוּנ קַאטְשְׁקֶעס, דָאס אִיז אִין הוּנְדֶערְט גְרַאדֶען נָאךְ מֶעהְר דִיא בָּאד פַאר אַ יוּדֶען. דֶעם טַעַם וָואס אַ יוּד פִיהְלְט אִין אַ בָּאד קֶען עֶס קַיין אוּמָה וְלָשׁוֹן גָאר נִישְׁט פִיהְלֶען. דִיא בָּאד הָאט בַּייא אִיהְם אַ גְרוֹיס שַׁייכוּת מִיט זַיין רֶעלִיגִיָע, מִיט זַיינֶע אִינְוֶוענְדִיגְסְטֶע גֶעפִיהְלֶען אוּנ מִיט זַיין סֶעמֵיינֶעם לֶעבֶּען. קַיין יוּדִישֶׁע נְשָׁמָה רִיהְרְט זִיךְ נִישְׁט פוּנֶעם הִימֶעל אַרַיינְצוּקְרִיכֶען עֶרְגִיץ אִין אַ בּוֹיךְ, מֶען קֶען זִיא נִישְׁט נֶעהְמֶען, אַיינְבֶּעטֶען דוּרְךְ קַיין שׁוּם זַאךְ, סַיידֶען נָאר דוּרְךְ אַ בָּאד. דָא אִיז דִיא גְלַאווְנֶע אַגֶענְסְטְוָוא, דִיא צֶענְטְרַאלְנֶע קַאנְטָאר צְוִוישִׁין דֶעם הִימֶעל מִיט דֶער עֶרְד, אֵיידֶער אַ יוּד וֶוערְד נָאךְ גֶעבּוֹירֶען, אֵיידֶער נָאךְ עֶס וַוארְפְּט זִיךְ אִין אִיהְם אֵיין אֵבֶר, וַוייכְט מֶען שׁוֹין פוּן

איהם

— עס קוּמְט מִיר אִיצְט פִיר, הָאט סֶענְדֶערִיל גֶעזָאגְט, וָואס דֶער זֵיידֶע רֶב סֶענְדֶערִיל עָלָיו הַשָּׁלוֹם הָאט מִיךְ גֶעוָואהְרֶענְט אִין חָלוֹם, שְׁטֶעה אוֹיף סֶענְדֶערִיל, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אוּנ לוֹיף פוּן דַאנֶען אַוֶועק וואו הִין דִיא אוֹיגֶען טְרָאגֶען! הַלְוַאי זֵיין זְכוּת זָאל אוּנְז אִיצוּנְד בֵּייְשְׁטֶעהְן, עֶר אִיז גֶעוֶוען מַאקִי מִיטֶן פוּלֶען מוֹיל אַ יוּד, נָאר אָהְן שׁוּם מְלָאכוֹת, דִיא בָּאבֶּע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם פְלֶעגְט אַלְץ דֶערְצֶעהְלֶען ....

נָאר אַייְדֶער סֶענְדֶערִיל הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ דֶערְצֶעהְלֶען וָואס זַיין בָּאבֶּע פְלֶעגְט אַלְץ דֶערְצֶעהְלֶען פוּן זַיין זֵיידֶען, הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אַ קוֹל פוּן אַ זֶעלְנֶער, וָואס אִיז דָארְט אִין דֶער זַייט גֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף דֶער וַואךְ. אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ צוּגֶעטוּלֶעט צוּם פְלַייט, אַיינְגֶעהַאלְטֶען דֶעם אָטְהֶעם, גֶעלֶעגֶען שְׁטִיל קֵיין רִיהְר זִיךְ נִישְׁט צוּטָאן אוּנ אוֹיסְגֶעזֶעהְן וִוי צְוֵויי גְרוֹיסֶע אַלְטֶע שְׁטַאטֶעס. שְׁפֶּעטֶר אַבִּיסִיל, אַז ס׳ אִיז ווִידֶער גֶעוָוארִין רוּהִיג שְׁטִיל, הָאבֶּען דִיא דָאזִיגֶע שְׁטַאטֶעס אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען אַ סִימָן פוּן לֶעבֶּען אוּנ פַּאמֶעלִיךְ זִיךְ אַרָאפְּגֶעלָאזְט פוּנֶם פְלַייט. זַייא זֶענִין גֶעקְרָאבֶּען אוֹיף דִיא הֶענְד אוּנ דִיא פִּיס אוּנ זִיךְ גֶערִיקְט פַּאמֶעלִיךְ אַלְץ וַוייטֶער וַוייטֶער, בִּיז גָאט הָאט זַייא גֶעהָאלְפֶען אוֹיס צוּמַיידֶען דֶעם זֶעלְנֶער וָואס אוֹיף דֶער וַואךְ אוּנ אַרוֹיכְצוּקְרִיכֶען אִין אַ גֶעסִיל. אוּנְזֶערֶע פַארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיף דִיא פִּיס, גֶעשְׁטַאנֶען אַבִּיסִיל צוּחַאפֶּען דֶעם אָטְהֶעם אוּנ זִיךְ אָנְגֶעקוּקְט פְרֵיילִיךְ מִיט פַייֶערְדִיגֶע אוֹיגֶען.

— דִיא בָּאבֶּע עָלֶיהָ הַשָּׁלוֹם פְלֶעגְט אַלְץ דֶערְצֶעהְלֶען, הָאט סֶענְדֶערִיל אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּרֵיידֶען, וִויא דֶער זֵיידֶע רֶב סֶענְדֶערִיל עָלָיו הַשָּׁלוֹם פְלֶעגְט בְּחַיָּיו אַלְץ דֵיינְקֶען פָאהְרֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל, פַאְרן טוֹיט הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט אוּנ גֶעזָאגְט מִיט דִיא וֶוערְטֶער: אוֹיבּ אִיךְ הָאבּ נִישְׁט זוֹכֶה גֶעוֶועזֶען בַּייא גָאט פָאהְרֶען קֵיין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל בִּין אִיךְ בָּטוּחַ אַז אֵיינֶער פוּן מַיינֶע קִינְדֶער וֶועט דָארְט זַיין. דָאס הַארְץ מַיינֶע זָאגְט מִיר אִיצְט, אַז דָאס הָאט עֶר גֶעמֵיינְט מִיךְ. הַלְוַאי פוּן מַיין מוֹיל אִין גָאטְס אוֹיעֶרֶען אַרַיין!

גָאר פוּן סֶענְדֶערִילְס מוֹיל אָבֶּער אִיז גָאר אִין אַנְדֶערֶע אוֹיעֶרֶען אַרַיין! קוּים וָואס סֶענְדֶערִיל הָאט אַרוֹיסְגֶערֶעדְט דֶעם־וואוּנְשׁ זַיינֶעם הָאט פְּלוּצְלִים אֵיינֶער אוֹיף מָאסְקָווִיטֶערְשׁ זַייא אַ פְרֶעג גֶעגֶעבֶּען: וֶוער אִיז דָא? אוּנ אַז עֶר הָאט נִישְׁט בֶּעקוּמֶען קֵיין עֶנְטְפֶער אִיז עֶר גֶעשְׁווִינְד צוּגֶעגַאנְגֶען אוּנ וַוייטֶער גֶעפְרֶעגְט.

דִיא לְבָנָה הָאט צוּם שְׁלִימַזְל, אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעקְט דֶעם קָאפּ פוּן אוּנְטֶער אַ פִינְצְטֶערֶען שְׁטִיק חְמַארֶע אוּנ בֶּעלוֹיכְטֶען אוּנְזֶערֶע בִּידְנֶע פַארְשׁוֹינֶען, וָואס זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען אָהְן לָשׁוֹן, טוֹיט וִויא דִיא וַואנְד,

אוּנ

און דֶעם עֶלְטְסְטֶען זַייעֶרֶען , וָואס הָאט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעבֵּייזֶערְט , גֶעמאכְט מִיט דִיא הֶענְט אוּנ זַייא נֶעבִּיךְ גֶעגֶעבֶּען אִין טַאטֶען אוּנ אִין דֶער מַאמֶען אַרַיין .

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם זֶענִין אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען גֶעזֶעסֶען וִויא אַרֶעכְטַאנְטֶען דָארְט אוֹיף דֶער הוֹיפְּטְוַואכְטֶע !

ס'אִיז גָאר נִישְׁטָא אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער צוּבֶּעשְׁרַייבֶּען דִיא שְׁרֶעקְלִיכֶע יְסוּרִים , וָואס אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען הָאבֶּען גֶעפִּיהְלְט זִיטְצֶענְדִיג אִין גֶעפֵּיינְגֶענִיס . זַייא זֶענִין נֶעבִּיךְ אַרָאפּ שְׁטַארְק פוּנֶם פָּנִים אוּנ גֶעוָוארֶען פָּשׁוּט אוּיס מֶענְטְשֶׁען . סֶענְדֶערִיל חָאטְשׁ פְלֶעגְט נָאךְ שְׁלָאפֶען אוּנ שְׁלָאפֶענְדִיג הָאט עֶר וַויינִיגְסְטֶענְס עֶטְלִיכֶע שָׁעָה נִישְׁט גֶעפִּיהְלְט דִיא בִּיטֶערֶע צָרוֹת , עֶר פְלֶעגְט נָאךְ אַ מָאל הָאבֶּען אַ גוּטֶען חָלוֹם , דֶער זַיידֶע רֶבּ סֶענְדֶערִיל הָאט עֶפִּים אָנְגֶעהֵייבֶּען עֶפְּטֶערְס זִיךְ צוּזֶעהֶן אוּנ גֶעטְרִיבֶּען מִיט אִיהְם שְׁפַּאס , עֶר פְלֶעגְט קֵיינְמָאל נִישְׁט קוּמֶען לֵיידִיג : אַ מָאל אִיז עֶר גֶעקוּמֶען מִיט אַ פֵּיילֶענְבּוֹיגֶען , מִיט אַ שְׁוֶוערְדִיל אָדֶער מִיט אַ הָמָנְ־קְלֶעפִּיל , פְלֶעגְט אַ קְנִיפּ גֶעבֶּען דֶעם אֵיינִיקֶעל בַּיים בֶּעקֶעלֶע אוּנ זָאגֶען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע : נַא דִיר , קוּנְדֶעסִיל , טְשַׁאטְשְׁקֶעלִיךְ ! שְׁפִּיל זִיךְ שְׁקָאִין דֶער מִיט , מַאךְ פוּי , פִּיף , פַּאף סֶענְדֶערִיל ! . . . אוּנ אַ מָאל אִיז עֶר גֶעקוּמֶען מִיט אַ דְרַיידֶעל , זִיךְ גֶעזֶעצְט שְׁפִּילֶען מִיט זַיין לִיבְּהַארְצִיגְדִיקֶען סֶענְדֶערוּנְיוּן . סֶענְדֶערִיל הָאט גֶעדְרֶעהְט , גֶעדְרֶעהְט , גֶעדְרֶעהְט , גֶעמַאכְט ג׳ אוּנ גֶעוואוּנֶען בַּיים זַיידֶען אַ גְרָאשִׁין . . . . גוּט אִיז דֶעם מֶענְשֶׁן . אִי אַ גוּטֶער חָלוֹם , דִיא וֶועלְט אִין גַאנְצֶען אִיז דֶען נִישְׁט אַ חָלוֹם ? בִּנְיָמִין אָבֶּער הָאט דָאס אוֹיךְ נִישְׁט גֶעהַאט , עֶס הָאט פוּן אִיהְם זִיךְ אָפְּגֶעטָאן דֶער שְׁלָאף עֶר אִיז גֶעוֶוען מְשׁוּגָע צוּטְרָאגֶען אוּנ דָאס בְּלוּט הָאט אִין אִיהְם גֶעקָאכְט וִויא אַ קֶעסֶעל . עֶר הָאט גֶעזֶעהְן דוּרְךְ דֶעם פֶּענְסְטֶער , דִיא זוּן שַׁיינְט נָאר מְחַיֶּה , דָאס גְרִינֶע גְרָאז וַואקְסְט אוּנ שְׁפְּרָאצְט , בַּיימֶער צְוִוייטֶע ; וואוּנְדֶער שַׁיין , מֶענְשֶׁען גֶעהְן , לוֹיפֶען אַהִין אוּנ אַהֶער , אוּנ פֵייגֶעל פְלִיהֶען פְרַייא אִין הִימֶעל , אִיצוּנְד אִיז דִיא רֶעכְטֶע צַייט צוּ וַואנְדֶערְוֶוען נָאר עֶר זִיטְצְט אָבֶּער פַארְשְׁפַּארְט אוּנ קֶען זִיךְ נִישְׁט לָאזֶען אוֹיף זַיין נְסִיעָה . עֶר פְלֶעגְט אַזְשׁ אוּנְטֶערְשְׁפְּרִינְגֶען פַאר גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ , זִיךְ חַאפֶּען בַּיים קָאפּ , אַרוּמְלוֹיפֶען צוּ דוּלְט אוּנ שְׁרַייעֶן רֶעדֶען מִיט גַאל : גְוַואלְד ! וָואס הָאבּ אִיךְ זַייא גֶעטָאן ? גְוַואלְד , גְוַואלְד ! וָואס הָאבֶּען זַייא צוּ מִיר ? . . . .

אִין דֶער וָואיֶענֶער קַאנְצֶעלַארְיֶע זֶענִין שְׁפֶּעטֶער מִיט עֶטְלִיכֶע טֶעג נָאךְ דֶער מַעֲשֶׂה מִיט אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען , גֶעזֶעסֶען אַ סַךְ אָפִיצִירֶען אִין דֶער פָּאלְנֶער פָארְטֶע . צְוִוישִׁין זַייא דֶער יֶענֶעראַל מִיט דֶעם פָּאלְקָאוְונִיק , אִין דֶער זַייט לֶעבִּין דֶער טְהִיר זַיינֶען גֶעשְׁטַאנֶען צְוַוייא זֶעלְנֶער מִיט

אראפּגעלאזענע

אַראַפְּגֶעלָאזֶענֶע קֶעפּ אונ הָאבֶּען אויסְגֶעזֶעהֶן וויא אַ מויז וואס מֶען גֶעהמְט אַרויס פוּן אַ לַאדֶעשְׁקֶע זויעֶרמִילְךְ . דיא אָפִּיצִירֶען הָאבֶּען גֶעקוּקְט אויף דיא זֶעלְנֶער, זַייא בֶּעטְרַאכְט פוּן קָאפּ בִּיז דיא פִּיס, דֶער נָאךְ צְווִישֶׁען זִיךְ עֶפִּיס גֶערֶעדְט אוּנ אַבִּיסִיל אוּנְטֶערְגֶעשְׁמֵייכֶעלְט .

— הֶערְסְט־דוּא סֶענְדֶערִיל, הָאט אַיין זֶעלְנֶער שְׁטִילֶערְהַייט גֶעזָאגְט בְּשַׁעַת דיא אָפִּיצִירֶען הָאבֶּען צְווִישֶׁען זִיךְ גֶעשְׁמֶעסְט, אִיךְ זָאל וִויסֶען מַיין טויט זָאל דָא אֲפִילוּ זַיין מוּז אִיךְ זַייא אַרויסְזָאגֶען דֶעם גַאנְצֶען אֱמֶת . אִיךְ בִּין שְׁטַארְק אָנְגֶעלָאדֶען .

— פוּן מַיינֶעטְוועגֶען בִּנְיָמִין זָאג דִיר זַייא דֶעם אֱמֶת , הָאט דֶער אַנְדֶערֶער זֶעלְנֶער זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען , אויבּ דוּא ווילְסְט אַזוי זָאל זַיין אַזוי, וואס פַאר אַ דַאֲגָה אִיךְ הָאבּ .

— אִיר זֶענְט עֶס דיא לַייט וואס הָאבֶּען שְׁפֶּעט בַּייא דֶער נַאכְט זִיךְ אַרויס גֶעגַנְבֶת פוּן דֶער קַאזַארְמֶע ? הָאט דֶער יֶענֶעראַל גֶעפְרֶעגְט סְטְרָאגֶע . אִיהְר ווייסְט וואס קוּמְט פַאר אַזַא שׁוּלְד ?

— אָ־וַוא , אָ־וַוא ! אִיז בִּנְיָמִין אויף נָאטְס בֶּעראַטְהּ אַרויס מִיט אַ שְׁפְּרַאבֶּע, הַאלְבּ יוּדֶעשׁ פַּאלְעווִינֶע רַייסִישׁ, אוּנ אַנִידֶערְגֶעלֶייגְט אַ שְׁמִיעֶסִיל אַז תַּייקִיל זַאאִיקֶע דֶער בַּעַל דַבְּרָן פוּן טוּנֶעיַאדֶעווְקֶע הָאט גֶעמֶעגְט הְלָעבֶּען זִיךְ בֶּעגְרָאבֶּען נַיין אֵיילֶען אִין דֶער עֶרְד .

דֶער יֶענֶעראַל הָאט אַוֶועקְגֶעקֶעהְרְט דֶעם קָאפּ מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶ־ר , אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער הַאנְד אוּנ דֶער פָּאלְקָאוְנִיק הָאט אָנְשְׁטָאט אִיהְם אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּרֵיידֶען .

— אִיהְר הָאט זִיךְ שְׁטַארְק פַארְזִינְדִיגְט , אִיךְ קוּמְט מִיאוּס צוּבֶּעשְׁטְרָאפֶען פַאר אַזַא שׁוּלְד .

— וַואשֶׁע בְּלַאגַארָאדְיֶע ! הָאט בִּנְיָמִין אויסְגֶעשְׁאסֶען אויף אַ קוֹל . הַאפֶּען מֶענְשֶׁען אִין מִיטֶען הֶעלֶען טָאג אוּנ פַארְקוֹיפֶען זַייא וִויא הִיהְנֶער אויפִן מַארְק דָאס מֶעג מֶען , אוּנ אַז זַייא נֶעבִּיךְ ווילֶען נִיצוֹל ווֶערֶען דָאס רוּפְט מֶען אָן אַ שׁוּלְד ! אויבּ אַזוי אִיז דָאךְ טַאקִי הֶפְקֵר אַ וֶועלְט, אוּנ אִיךְ פַארְשְׁטֶעה שׁוֹין אָסוּר נִיסְט וואס הֵייסְט אַזוינְס מֶעגֶען אוּנ נִישְׁט מֶעגֶען ! אַדְרַבָּה לָאמִיר פְרֶעגֶען דָא טַאקִי מֶענְשֶׁען זָאלֶען זַייא זָאגֶען ווֶער אִיז שׁוּלְדִיג . אַ שְׁטֵיינֶער ווִיא וואלְט גֶעווֶען אַז מֶען זָאל אַייךְ הַאפֶּען עֶרְגִיץ אויפִן ווֶעג אוּנ מִיט גְוַואלְד אַרַיינְשְׁטוּפֶען אִין זַאק אַרַיין , נוּא וואלְט אִיהְר חָלִילָה שׁוּלְדִיג גֶעווֶען ווֶען אִיהְר וואלְט מִיט אַמְצוֹת־כֹּחַ פוּנֶם זַאק אַרויס ? אִיךְ זָאג אַייךְ בְּפֵירוּשׁ דָאס אִיז גֶעווֶען לְכַתְּחִלָּה אַ גֶעגֵייטֶע זַאךְ אַ גֶענַארֶעיַיא , שׁוּלְדִיג זֶענִין דָא נָאר דִיא יוּדֶען , מִי יוֹדֵעַ וואס זַייא הָאבֶּען נָאךְ אָנְגֶערֶעט . מִיר זֶענִין אַייךְ מוֹסֵר מוֹדָעָה — זָאג סֶענְדֶערִיל זָאג ! וואס שְׁטֶעהְסְט־דוּא וִויא אַ גוֹלֶם ? גֶעה אַרויס מִיט דֶעם אֱמֶת אויף גָאטְס

בְּרַאטְה , גָאר אָהְן בּוֹרא אוּנ וָאנ מִיט מִיר אִין אַיְגֶעם : — מִיר זֶענִין אַייךְ מוֹסֵר מוֹדָעָה אַז פוּן טַבְסִיסֵי מִלְחָמָה הָאבֶּען מִיר נִישְׁט גֶעוואוּסְט,מִיר ווייסֶען נִישְׁט אוּנ מִיר ווִילֶען נִישְׁט ווִיסֶען, מִיר זֶענִין בָּרוּךְ הַשֵּׁם בָּעוַויְבְּטֶע הָאבֶּען אִין זִינֶען עֶפִּים גָאר אַנְדֶערְשׁ אוּנ מִיט אַזֶעלְכֶע זַאכֶענִישֶׁען קֶענֶען מִיר יַחְלוּכִין זִיךְ נִישְׁט אָפְּגֶעבֶּען.זַייא גֶעהֶן אוּנְז אֲפִילוּ גָאר אִין קָאפּ נִישְׁט . הַיינְט מֵילָא ווָאס טוּינֶען מִיר אַייךְ ? מִיר דַאכְט זִיךְ אַז אִיהְר בֶּעדַארְפְט אַלֵיין ווֶעלֶען אוּנְזֶערֶר פָּטוּר צוּ ווֶערֶען .

אוּנ בֶּאֱמֶת אִיז בִּנְיָמִין טַאקִי זֶעהְר גֶערֶעכְט גֶעוֶועֶן , מֶען אִיז נָאךְ לַאנְג טַאקִי גֶערֶען גֶעוָועֶן זַייֶערֶער פָּטוּר צוּ ווֶערֶען . אַז דִיא עֶלְטֶע הָאבֶּען זִיךְ גֶעוֶוען צוּגֶעקוּקְט צוּ אוּנְזֶערֶע פַּרְשׁוֹינֶען , צוּ זַייֶער הִילוּךְ , צוּ זַייֶערֶע פָּאסְטֶעמֶקֶעס , צוּא זַייֶער שְׁמִיעֶס אוּנ צוּא זַייֶערֶע מַארְשֶׁען הָאבֶּען זַייא שׁוֹין זִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען מִיט ווֶעלְכֶע נְפָשׁוֹת זַייא הָאבֶּען צוּטָאן אוּנ פְלֶעגֶען נִישְׁט אַיין מָאל זִיךְ הַאלְטֶען בַּייא דִיא זַייטֶען לַאכֶענְדִינ , דֶער כִּיוָן פוּן דֶער אִיצְטִיגֶער סָאבְּרַאנְיֶע אָפִּיצִירֶען אִיז גֶעוֶוען צוּנֶעהְמֶען אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען אוֹיפֶן פַארְהֶער אוּנ פְּרִיוֶוען זֶעהְן מִיט ווֶעמֶען זַייא הָאבֶּען אַיין עֶסֶק . בִּנְיָמִין מִיט סֶענְדֶערְלִין הָאבֶּען דָא זִיךְ פַארְהֶערְט אוּנ בָּרוּךְ הַשֵּׁם שְׁטַארְק אוֹיסְגֶענוּמֶען נָאךְ מֶעהְר ווִיא גֶעוואוּנְשֶׁען, אַזוֹי אַז דִיא אַלֶע אָפִּיצִירֶען הָאבֶּען עֶפִּים מְשׁוּנֶה הֲנָאָה גֶעהַאט פַאר גֶעלֶעכְטֶער , נוּא , דָאקְטָאר ? הָאט דֶער יֶענֶעְרַאל גֶעמַאכְט צוּ אַיין אָפִיצֶער , ווָאס הָאט זִיךְ אַריינְגֶעלָאזְט אִין אַ שְׁמִיעֶס אוּנ מִיט אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען זִיךְ שְׁבַארְק אָפְּגֶעגֶעבֶּען . דֶער דָאקְטָאר הָאט אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט אַ פִינְגֶער אוֹיפֶן שְׁטֶערֶען אוּנ גֶעמַאכְט שָׁאקְלֶענְדִינ מִיטְן קָאפּ גְלַייךְ ווִיא עֶר ווָאלְט גֶעזָאגְט — דָא פֶעהְ'לְט אַ קְלֶעפְּקֶע !

דֶער שְׁפִּיטְץ אִיז גֶעוֶוען , נָאכְדֶעם אַז דִיא אָפִּיצִירֶען הָאבֶּען צְווִישְׁן זִיךְ גֶערֶעדְט אוּנ עֶפִּישׁ גֶעשְׁרִיבֶּען , הָאט מֶען גֶעהֵייסֶען אָפְּלָאזֶען אוּנְזֶערֶע פַּארְשׁוֹינֶען פְרַייא פוּנֶם דִינְסְט .

— גֶעהְט אַייךְ , הָאט מֶען צוּ זַייא גֶעזָאגְט , גֶעהְט אַייךְ גֶעזוּנְטֶערְהַייט !

בִּנְיָמִין הָאט זִיךְ זֶעהְר שֵׁיין גֶעזֶעגֶענְט מִיט אַ פַארְבֵּיינְ'ג אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט אַוֶועקְגֶעהְן . סֶענְדֶערִיל הָאט ווִיא אַ זֶעלְנֶער גֶעהַ פֶּען יִסְלִיךְ אוּנ גֶעגַאנְגֶען נָאךְ אִיהְם מִיט אַ מַארְשׁ .

—◇—

# דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע

## אדער

## אַ לֶעבֶּענְסבֶּעשְׁרַייבּוּנְג

פון

**יצחק אברהם תקיף.**

---

(גאר אין גאנצען אויף דאס נייא איבערגעמאכט).

גערדוקט בהשתדלות

**מענדעלי מוכר ספרים**

---


**ווילנא**

בדפוס האלמנה והאחים ראם

שנת **תרס"ה** לפ"ק


---

ДОСЪ КЛЕЙНЪ МЕНШЕЛЕ,

т. е.

Маленькій человѣчекъ.

Сочиненіе Ш. Я. Абрамовича.

---


ВИЛЬНА. Типографія „Вдова и братья Роммъ".
Уголъ Духовскаго и Глухого пер. соб. домъ № 1/2.
1904.

# א.

„מַה שְׁמֵכֶם ?“ דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע שַׁאֲלָה, וָואס אַ יוּד פְרֶעגְט דֶעם אַנְדֶערֶען, גָאר אַ ווִילְד פְרֶעמְדֶען, ווִיא בַּאלְד עֶר בֶּעגֶעגֶנְט זִיךְ מִיט אִים אוּנ שְׁטֶעקְט אִיהְם אָפּ אַ שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם. קֵיינֶעם גֶעהְט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה גָאר אוֹיף דֶער מַחֲשָׁבָה נִישְׁט אַרוֹיף, אַז מֶען זָאל זִיךְ קֶענֶען אָנְרוּפֶען אַ שְׁטֵייגֶער: „וָואס אִיז אַייךְ ר׳ קָרוֹב אַזוֹי דָא גֶעלֶעגֶען צוּא ווִיסֶען ווִיא אִיךְ הֵייס? מִיר ווִילֶען דֶען אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערֶען זִיךְ מְשַׁדֵּךְ זַיין? אִיךְ הֵייס ווִיא מֶען הָאט מִיךְ אַ נָאמֶען גֶעגֶעבֶען אוּנ לָאזְט מִיךְ גֶעמַאךְ.“ אַדְרַבָּה, דִיא שַׁאֲלָה „מַה שְׁמֵכֶם“ אִיז אַ גַאנְץ נַאטִירְלִיכֶע זַאךְ, עֶס לִיגְט אַזוֹי אִין דֶער טֶבַע, אַקוּרַאט ווִיא אַ טַאפּ צוּטָאן יֶענֶעמְס נַייֶע קַאפָּאטֶע מִיט אַ פְרֶעג: וָואס קָאסְט אַיין אַרְשִׁין? ווִיא צוּ בֶּעטֶען אַ פַּאפִּירָאס בְּשַׁעַת יֶענֶער עֶפֶענְט אוֹיף זַיין טַייסְטֶערְיל מִיט טִיטוּן; ווִיא אַרַיינְצוּשְׁטֶעקֶען דִיא פִינְגֶער אִין יֶענֶעמְס פוּשְׁקֶעלֶע אוּנ נֶעמֶען אַ שְׁמֶעק טַאבֶּעקֶע; ווִיא אַרַיינְצוּקְרִיכֶען מִיט אַ פִּיס אִין יֶענֶעמְס בִּיטֶעל, אַיינְטוּנְקֶען דָארְט דָאס פַארְשְׁמָאלְצֶעוֶועטֶע פַּאטְשְׁווִילְכֶען אוּנ רַייבֶּען דֶער מִיט דָאס לַייבּ; ווִיא צוּצוּגֶעהְן וואוּ צְוֵוייא מֶענְשֶׁען שְׁמִיעֶסִין צְווִישִׁין זִיךְ, צוּלֵייגֶען אַיין אוֹיעֶר אוּנ הֶערֶען זֵייעֶר שְׁמִיעֶס, אָדֶער וַויא אַ פְרֶעג צוּ טָאן אֵיינֶעם פְּלוּצְלִים פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט מִכֹּחַ זַיינֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ אָנְווַארְפֶען זִיךְ אוֹיף יֶענֶעם מִיט עֵצוֹת, הָאטְשׁ יֶענֶער הָאט גָאר אִין זֵייא כְּלַל זִיךְ נִישְׁט גֶענֵייטִיגְט אוּנ קֶען אָהְן זֵייא זִיךְ אוֹיךְ בֶּעגֶעהְן. אַזֶעלְכֶע אוּנ וּכְדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכֶען זֶענִין גַאנְץ גֶעווֵיינְטְלִיךְ, אַזוֹי אִיז דֶער סֵדֶר הָעוֹלָם פוּן אֵייבִּיגֶע צַייטֶען אוּנ אָנְצוּרוּפֶען זִיךְ אַקֶעגֶען דֶעם וָואלְט אוֹיסְגֶעקוּמֶען עֶפִּיס טַאקִי רַיין מְשׁוּגָע, עֶפִּיס מְשׁוּנָה ווִילְד גָאר שֶׁלֹּא כְּדֶרֶךְ הַטֶבַע. נִישְׁט נָאר אוֹיף דֶער וֶועלְט, אֲפִילוּ אוֹיךְ דָארְט אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט אִיז בַּייא יוּדֶען אַיינְגֶעעֶרְדְט, אַז תֵּיכֶּף בַּיים אַרַיינְשְׁטֶעקֶען אַהִין אַ פוּס אִיז דֶעם מַלְאַךְ־הַדּוּמָה׳ס עֶרְשְׁטֶע שַׁאֲלָה: מַה שְׁמֵכֶם, ר׳ קָרוֹב? דֶער מַלְאָךְ, וָואס הָאט זִיךְ גֶערַאנְגֶעלְט מִיט יַעֲקֹב אָבִינוּ, עֶר אֲפִילוּ הָאט נִישְׁט מְשַׁנֶּה גֶעוֶועזֶען פוּן דֶעם סֵדֶר הָעוֹלָם אוּנ אִיהְם בַּאלְד טַאקִי אַ פְרֶעג גֶעטָאן ווִיא עֶר הֵייסְט? הַיינְט אַ פְּשִׁיטָא שׁוֹין אַ מֶענְשׁ אַ בָּשָׂר וָדָם. אִיךְ ווֵייס זֶעהְר גוּט, אַז בַּייא מַיין עֶרְשְׁטֶען אַרוֹיסְפָּאהְר אִין דֶער יוּדִישֶׁער לִיטֶערַאטוּר מִיט מַיינֶע מַעֲשִׂיּוֹת וֶועט גֶעווִיס דֶעם עוֹלָם׳ס עֶרְשְׁטֶע שַׁאֲלָה זַיין: מַה שְׁמֵכֶם, פֶעטֶער?.

מענדעלי

מענדעלי, היים איך! אזוי רבותים האט מען מיך א נאמען געגעבען נאך מיינעם איין עלטער זיידען פון - דער מאמעס צד, ר׳ מענדעלי מאסקווער, זכרונו לברכה. מאסקווער האט ער אין זיינע צייטען געהייסען דעריבער, ווייל ער איז א מאל געווען אין מאסקווע איינצוהאנדלען דארט רוסישע סחורה. דאס האט אים פארשאפט אין זיין ווינקעל א נאמען אונ גרויס כבוד, אלע האבען אים געהאלטען פאר א געניטען, וועלטליכען מענשען אונ מען פלעגט בשעת עפים א נויט אונ בייא א פראשעניע אנשרייבען מיט איהם פריהער זיך מישב זיין, נאר ניסט דאס בין איך אויסען.

דערמיט אבער בין איך נאך נישט יוצא. נאך דער דאזיגער ערשטער שאלה הייבען בייא יודען ערשט אן זיך צושיטען נאך אלערלייא שאלות, וויא א שטייגער: פון וואנענט איז א יוד? זענט איהר א בעווייבטער? האט איהר קינדער? מיט וואס איז אייער האנדעל? אונ וואהין פאהרט איהר? וכדומה נאך אונ נאך אזעלכע מיני שאלות, וואס אזוי איז שוין אנגענומען געווארען בכל תפוצות ישראל זייא צופרעגען אויב מען וויל א פנים האבין פאר לייט אז מען איז איין אויסגעריבענער מענש, נישט קיין באנק קוועטשער, אונ וואס מען מוז על פי מענטשליכקייט דארויף ענטפערען אזוי וויא א נוט יאהר אויף איינעמס א נוט שבת אדער גוט יום טוב! איך וויל מיט א וועלט נישט איינרייסען אונ בין ברייט אויף דיא דאזיגע שאלות אויך צוענטפערען קורץ אונ גיך וויא נאר מעגליך.

אליין בין איך א געבירטיגער פון צבויאטשיץ, א קליין שטעטעל אין טעטריוועקער גובערניע, בעריהמט מיט איהרע גוטע בהמות אונ נאך מעהר מיט דעם צוויאטשער להבדיל, וואס מיט איהם קלינגט דיא וועלט. נישט דאס בין איך אויסען. אין מיין פאספארט שטעהט איך אלט 52 יאהר, נאר בעשטימט וויפיל איך בין אלט קען איך אייך נישט זאגען. מיין טאטע מיט דער מאמען עליהם השלום זענין שטארק מחולק געווען אין דער רעכענונג פון מיינע יאהרען, נאך זייא ביידע בין איך געבוירען געווארען צום ערשטען ליכטיל בשעת דער גרויסער שרפה פון דיא קלייטען, נאר נאך דעם טאטענס חשבון איז דאס געווען בשעת דיא גרויסע קרירות זענין פארשלעפט געווארען אין אונזער ווינקעל, פונקט אין דער צייט, ווען דער אלטער זכרונו לברכה איז נסתלק געווארען, אונ דיא מאמע פלעגט אויסווייזען, אז דאס איז גאר געווען מיט א יאהר צווייא נאך דער ערשטער בהלה, נישט היינט גידאכט. א סימן אפילו, דענסמאל האט זיך בייא אונז געקעלבט דיא רויטע קיה אונ זאת הנוכה האט זיא פאר א האלב

שטע טיל

שטעטיל געמאכט מילכיקע וואַרעניקעס, וואס מען האט פון זייא געלעקט דיא פינגער אונ ליגען בייא אַ טהייל אַלטע יודען נאך אי היינט אין טעם. נישט דאס אָבער בין איך אויסען. דיא פרימעטעס מיינע אין מיין פאספּאָרט זענין אַזוי: דיא וואוקס אַ מיטעלע; האר, ברעמען גרויא; אויגען קארע; דיא נאָז, דער מויל מיטעלמעסיג; אַ באָרד אַ גרויע; דאס פּנים אַ ריינס; אָסאָבּיע פרימעטעס נישטא. דאס הייסט אין גאַנצען פראסט גארנישט, אַ מענש וויא געוויינטליך דאס רויב מענשען, נישט קיין קאטער, קיין בהמה חלילה. אַי, דיא קשיא איז, גלאט אַ פּאספּאָרט גאר אָהן פרימעטעס וואלט דאך אויך דאס אייגענע בעוויזען, אַז מען איז אַ מענש? וואָרים וואו האבען דען בהמות פּאספּאָרטען? דער תירוץ איז אָבער, אַז קשיות פרעגען איז קיין שכל נישט. הערסט־דוא, דער גאַנצער שכל איז דאך טאקי, אָט נאט אייך פרימעטעס אונ ווייסט פאהרט נישט וואס פאר אַ פּנים איך האב.... אונ באמת טאקי, לאמיר זיך נישט נארען, וואס ועט אייך ארויסקומען אַז איהר וועט שוין וויסען אַ שטייגער, אַז מיין שטערען איז אַ הויכער מיט אַ סך קנייטשען, אַז מיינע נאָזלעכער זענין זעהר גרויסע אונ עפּיס משונה, אַז איך קוק מאך איך דערבייא צו אַביסיל דיא אויגען וויא אַ קורצזיכטיגער, אונ אַז איך פארציא דיא ליפּען זעהט עפּיס אויס וויא איך שמייכעל מיט אַ שטעכענדיג געלעכטעריל. גלויבט מיר, מיין ווייב אפילו פאר אונזער חתונה, האבין אַזעלכע קלייניגקייטען אויך כלל נישט אינטערעסירט. מען האט איהר געזאגט: מזל טוב כלה, דוא האסט אַ חתן! אונ גענוג. וועמענס עסק דען איז דאס יענעמס אַ נאָז, יענעמס אַ פּנים? וואס מאכט עס אויס אונ וועמען געהט עס אן? מילא ווייסט איהר דאך אַגב שוין רבותי, אַז איך בין אַ בעווייבטער. קינדער, פארשטעהט זיך דאך ממילא אַז איך האב אונ אָהן עין־הרע נאך פיל, וואָרים וואו האט איהר אַ בעווייבטען יודען ער זאל נישט האָבען לכל הפּחות אַ האלב טוץ קינדערליך? בפרט נאך איין ארעממאן. האנדלען האנדעל איך מיט רומעל, דאס הייסט מיט חומשים, מחזורים, סידורים, סליחות, תחינות וכדומה אַזעלכע מיני ספרים. דערבייא געפינט זיך בייא מיר אַלערלייא מעשיות — אונ אַביסיל פון היינטיגע מיני ביכליך. איך האב איבערגעהאט אין מיין לעבען אַ סך מיני פּרנסות: באלד ביים אראפּגעהן פון קעסט בין איך געווארען אַ חלפן דער נאך אַ בשמים קרעמערעל, אַ שיינקער, אַ מוכר־תבואהניק, אַ מעקלער אונ אַ מלמד, איך האב מיך געוואָרפען, וויא דער שטייגער איז פון יודען, אויף אַלע זייטען אונ בין גיווען, לא עליכם, אַ גרויסער אביון. וויא זאגט מען עפּיס, אַ סך מלאכות אונ ווייניג ברכות. ביז לסוף האב איך מיך גענומען צו ספרים

אונ

אונ בִּין דֶער פוּן שׁוֹין אַ צַייט מִיט יָאהְרֶען, בָּרוּךְ הַשֵּׁם זֶעהְר שֵׁיין זִיךְ מְפַרְנֵס. חוּץ רוֹמֶעל פִּיהְר אִיךְ נָאךְ מִיט מִיר בֶּערְשֶׁעטֶער טַלֵּיתִים, טַלִּית־קָטָנְ׳ס, כָּפּוּל־שְׁמוֹנָהדִיגֶע צִיצִית, רְצוּעוֹת, שׁוֹפָרוֹת, הֵייעֶלִיךְ, מְזוּזָהלִיךְ, וָואלְפְּצֵיינְדְלִיךְ, קַמֵיעֶלִיךְ, קִינְדֶערְשֶׁע בְּלִיטְשֶׁקְעֶנֶע שִׁיכֶעלִיךְ אונ יַארְמוּלְקֶעלִיךְ, אונ אַ מָאל אוֹיךְ מֶעשׁ אונ קוּפֶּערְוַוארג. וִויא אַרוּם מֶעשׁ אונ קוּפֶּער וַוארְג קוּמְט צוּ סְפָרִים ווייס אִיךְ אַלֵיין נִישְׁט, נָאר אַזוֹי אִיז שׁוֹין בַּייא אוּנְז אַיינְגֶעפִּיהְרְט מִכַּמָה וְכַמָה שָׁנִים, פּוּנְקְט וִויא אַ יוּדִישֶׁער מְחַבֵּר מוּז אַמָאל אוֹיךְ זַיין אִי אַ שַׁדְכָן, אַ פּוֹילִישֶׁער שַׁמָשׁ אִין אַ קְלֵייזֶעל מוּז דֶערְבַּייא דָארְט הַאלְטֶען אַ קְלֵיין שֵׁיינְקֶעל, וִויא אַ סְבָארְשְׁטְשִׁיק מוּז אַ מָאל אוֹיף אַ שִׂמְחָה בַּייא דִיא פַיינֶע־בְּרִיוֹת קָאכֶען פִישׁ אונ זַיין אַ סַארְוֶוער, וִויא עֶפִּים אַ כְּלֵי־קוֹדֶשׁ מוּז דָאס רוֹב זִיךְ אָפְּגֶעבֶּען מִיט פְּרָאטְקֶעס, פַארְקָאכֶען אַ מָאל אַ קַאשֶׁע אונ וִויא אַ לֵיאַד גְבִירִיל מוּז הָאבִּין חֵלֶק אִין דֶער טַאקְסֶע . . נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען. יָאהְרֶענְלַאנְג בִּין אִיךְ אוּנְטֶער וֶועגֶענְס. אִיךְ פָאהְר אַרוּם אִין גַאנְץ פּוֹילֶען אונ בִּין דָארְט פוֹל אִין אַלֶע שְׁטֶעדְט אונ שְׁטֶעטְלִיךְ. מֶען קֶען מִיךְ בָּרוּךְ הַשֵּׁם אוּמֶעטוּם וִויא אַ בֵּייזֶען שִׁילִינְגֶער. אִיהְר וֶועט מִיךְ דָארְט טְרֶעפֶען שְׁטֶעהֶענְדִיג מִיט מַיין בֵּיידֶעל דָאס רוֹב לֶעבִּין בֵּית־הַמִדְרָשׁ. מַיין פֶערְדִיל שְׁטֶעהְט אוֹיסְגֶעדְרֶעהְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּם וָואגֶען אונ עֶסְט, אוֹיב עֶר הָאט נָאר, סִיטְשְׁקֶע פוּן אַיין אוֹיסְגֶעשְׁפְּרֵייטֶען לַאנְטוּךְ, וָואס אִיז צוּגֶעבּוּנְדֶען פוּן אַיין זַייט צוּ דִיא קָאזְלֶעס אונ פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט צוּ בֵּיידֶע אִין דֶער הוֹיךְ אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְטֶע הַאלָאבְּלֶעס יוּדִישֶׁע קִינְדֶערְלִיךְ פַארְנַבְבֶענֶען זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט אונ רַייסֶען גֶעשְׁמַאק סְטְרִינֶעס פוּן זַיין עֶק נֶעבִּיךְ, אונ עֶר שְׁלִימַזָל שְׁטֶעהְט זִיךְ גַאנְץ רוּהִיג, עֶס זָאל דָאס אִיהְם אָנְהֵייבֶּען צוּאַרֶען, עֶר לָאזְט אַ מָאל דֶערְבַּייא אַרָאפְּהֵיינֶען דִיא אוּנְטֶערְסְטֶע לִיפּ אונ עֶס דַאכְט זִיךְ נָאר דֶערְנְסְמָאל, עֶר לַאכְט עֶפִּים מִיט צֵיין, נָאר וִויא לְהַבְדִיל אַ מֶענְשׁ. אַז מַאכְט זִיךְ אַ מָאל עֶר הָאט נִישְׁט וָואס צוּעֶסֶען, שְׁטֶעהְט עֶר זִיךְ פַארְטְרַאכְט מִיט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְטֶע אוֹיעֶרֶען אונ קוּקְט אִין בֵּיידֶעל אוֹיף דִיא סְפָרִים עֶפִּים אַזוֹי, אַז מֶען וָואלְט גֶעמֶעגְט שְׁוֶוערֶען עֶר פַארְשְׁטֶעהְט דְרִינֶען זֶעהְר גוּט מִיט זַיין פֶּערְדִישֶׁען מוֹחַ אונ נֶעהְמְט עֶס אוֹיף זַיינֶע כֵּלִים אֶפְשַׁר נָאךְ פִיל בֶּעסֶער וִויא אַיין אַנְדֶער בֶּעהֶעלְפֶער מְחִילָה. נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען

דַאכְט זִיךְ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין מַיינְס יוֹצֵא גֶעוֶוען, אַלְסְדִינְג אַייךְ אָפְּגֶעזָאגְט אונ מֶעג שׁוֹין אָנְהֵייבֶּען מַיין סִפּוּר הַמַעֲשֶׂה. אִיבֶּערִיגֶענְס בִּין אִיךְ דָאךְ נִישְׁט מֶעהְר וִויא אַ מֶענְשׁ, אֶפְשַׁר הָאבּ אִיךְ עֶפִּים פַארְגֶעסֶען מֶעגְט אִיהְר מִיר זִיכֶער גְלוֹיבֶּען, אוֹיף מַיין וָוארְט, אַז וִויא בַּאלְד אִיךְ וֶועל מִיךְ נָאךְ דֶער מַאהְנֶען וֶועל אִיךְ עֶס גַאנְץ גֶעווִיס צוּשְׁטֶעלֶען

צושטעלען אין איינע פון מיינע מעשיות, וואס איך האב בדעה מיט גאטס כח איינע נאך דער אנדערער אפצודרוקען. אונ ווייטער אויב עמיצער וועט וקיין צייט ניט האבין אונ טאקי באלד וועלען וויסען כל שורש דבר, איטליכס פיטצעלע, מעג ער זיך מטריח זיין צו מיר צושרייבען אונ וועט בעקומען פון מיר אין גיכען א קלאהרע תשובה. מיין אדרעס איז: מענדעליו יודעלאוויטשו מוכערו ספארעמו אוב צוויאטשיטשו. דעם טיטעל גאספאדינו יעווריעיו בעדארפט מען נישט שרייבען, מען וועט אזוי אויך וויסען.

שאט, שאט רבותים! עיקר שכחתי. גוט הלעבין וואס איך האב מיך בעציטענס ארומגעקוקט, דער מנהג פון אונזערע יודישע מחברים איז, וויא איטליכען איז בעקאנט, אריינצושטעלען זייערע ווייבער דיא צנועות אין זייערע ספרים בפירוש מיט דיא נעמען, אדער מיט! א המצאהלע דורך ראשי תיבות אונ אפצולויבען אין טאג ארין זייער גוטסקייט אונ פרומקייט. בכן וועט איהר דאך אודאי וועלען וויסען לכל הפחות וויא מיין ווייב הייסט אונ וועט טאקי זיין זעהר געדעכט.

שאט, זיא הייסט יענטע!

---

## ב.

איצונד רבותים, אז מיר האבען שוין אביסיל זיך בעקענט, זייט מוחל אונ שטעלט אייך פיר מיך, מענדעלי מוכר ספרים, וויא איך שטעה מיר אסיענצייט מיט מיין ביידעל ערגיץ אויף א וועג, שטארק פארטראכט אונ ריהר מיך נישט פינם ארט. אפשר וועט איהר וועלען מיינען אז מיין ביידעל האט זיך איינגעגריזעט אין בלאטע אונ איך טראכט דא וויא אזוי עס ארויסצושלעפען, ניין! דאס איז געוועזען טאקי היינטיגס יאהר תרט"ו, וואס מען מעג איהם פארשרייבען אין דיא קראניקעס פאר א וואונדער מיט זיין טרוקענעם זעהר שיינעם אסיען. אין דרויסען איז געוועזען נאר זומער, ווארעם, לויטער. בהמות האבין זיך געפיטערט אויף דיא פעלדער, פון וועלכע עס האט געדיכט ארויסגעשפראצט יונגע גרינע תבואה. דיא ביימער האבען אויף זיך געהאט א געל־גרין העמדעל, ערטערווייס אפילו מיאוס אפגעבליאקעוועט, צוהאקט, צופאלען מיט אויסגעטריפעלטע לעכער, נאר דאך האבען זייא נישט געהאט נאך בדעה אויסצוטאן זיך אין גאנצען נאקעט אויף צושלאפען זייער געוויינטליכען הארטען שלאף דעם גאנצען ווינטער. אין דער לופט זענין אומעטום געפלויגען לאנגע ווייסע פעדים פויטינע, א סימן אויף גוטער שיינער פאגאדע, האטש דער לוח האט געשריבען

אויף

אויף הַמאַרְנֶע טֶעג, קאַלְטֶע רֶעגֶענְס אוּנ בְּלָאטֶע. עֶר הָאט, זָאל עֶר מוֹחֵל זַיין, נִישְׁט גֶעטְרָאפֶען, גֶעזָאגְט וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז, אַ גְרוֹיסֶען לִיגֶען. נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען. אֶפְשַׁר וֶועט אִיהְר וַוייטֶער וֶועלֶען מֵיינֶען, אַז אִיךְ בִּין גֶעשְׁטַאנֶען מִיט מַיין בַּיידֶעל וַוייל אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעוואוּסְט דֶעם וֶועג. נָאךְ אַ מָאל נַיין! אִיךְ הָאבּ זֶעהְר גוּט גֶעוואוּסְט, אַז דָארְט וואוּ דֶער וֶועג צוּטְהֵיילְט זִיךְ נֶעהְמְט מֶען זִיךְ רֶעכְטְס קֵיין גְלוּפְּסְק אוּנ לִינְקְס עֶרְגִיץ אַנְדֶערְשׁ אִין אַ שְׁטֶעטִיל. נָאר וָואס דֶען זְשֶׁע? פָּשׁוּט אִיז פָּשׁוּט אִיךְ הָאבּ מִיר קַיין עֵצָה נִישְׁט גֶעקֶענְט גֶעבֶּען אִין וֶועלְכֶער זַייט זִיךְ צוּנֶעהְמֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט טַעֲמִים פָאהְרֶען קַיין גְלוּפְּסְק, צוּמַאכֶען דָארְט עֶפִּים אַ שְׁטִיקֶל חִלוּף אוּנ אָפְּצוּזֶעטְצֶען דָארְט סְטָאטְשְׁקֶעס אוּנ וֶועקְסֶענֶע חֲנוּכָּה לֶעכְטְלִיךְ, אַקֶעגֶען זְשֶׁע הָאבּ אִיךְ ווידֶער גֶעהַאט טַעֲמִים צוּפָארֶען אוֹיפְן יָרִיד דָארְט אִין שְׁטֶעטִיל, אוּנ מַחֲמַת דֶעם בִּין אִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן אוֹיפְן וֶועג נִישְׁט אַהִין נִישְׁט אַהֶער, אַזוֹי וִויא אִין דֶער קְלֶעהְם.

טְרַאכְטֶענְדִיג הָאבּ אִיךְ מִיךְ גְרָאד פַארְקוּקְט אוֹיף מַיין פֶערְדִיל, וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען זֶעהְר רוּהִיג, גֶעקְרַאצְט דֶעם הַאלְז אִין דֶער הַאלָאבְּלֶע אוּנ אִיז פוּנֶם שְׁטֶעהְן אַ־פָּנִים שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהְם עֶפִּים מִיט אַזֶעלְכֶע אוֹיגֶען, גְלַייךְ וִויא אִיךְ וָואלְט פַארְלַאנְגְט פוּן אִיהְם עֶפִּים אַיין עֵצָה אוּנ בַּאלְד אִיז מִיר טַאקִי אַיינְגֶעפַאלֶען אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען דִיא גַאנְצֶע זַאךְ דֶעם פֶערְדִיל, וִויא עֶר וֶועט וֶועלֶען אַזוֹי זָאל זַיין. לַאכְט נִישְׁט, לַאכְט נִישְׁט רַבּוֹתַים! אַז מֶען אִיז אַמָאל מְסוּפָּק אוּנ מֶען וֵוייסְט נִישְׁט וָואס צוּטָאן פַארְלָאזֶען זִיךְ קְלוּגֶע אֲפִילוּ אוֹיף מְשׁוּנֶהדִיגֶע מִיטֶעל. זָאגְט מִיר, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, וָואס אִיז אַזוֹינְס אַ פַּאטְשׁ טָאן זִיךְ, אִין אַזַא פַאל, אִין שְׁטֶערֶען אוּנ מַאכֶען אוֹיף דֶער הַאנְט קְנֵייטְשֶׁען? אָדֶער וָואס שְׁטֶעקְט אַזוֹינְס נָאךְ אִין אַנְדֶערֶע אַזֶעלְכֶע גוֹרָלוֹת אוּנ אַלֶערְלֵייא סִימָנִים? אַ נַאר אֲפִילוּ גִילְט דֶערְנָסְמָאל זֶעהְר שְׁטַארְק, מֶען פְרֶעגְט אִיהְם אוּנ מֶען נֶעהְמְט אָן זַיין עֵצָה. עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אִין דֶער וֶועלְט זֶעהְר אָפְט, אַז קְלוּגֶע גִיבֶּען זִיךְ אִיבֶּער נַארָאנִים אִין דִיא הֶענְד אוּנ לָאזֶען זִיךְ פוּן זֵייא פִיהְרֶען. אִיךְ קֶען אַ סַךְ אַזֶעלְכֶע נַארָאנִים, וָואס שְׁפִּילֶען אַ רָאלְיֶע אוּנ דַוְוקָא בַּייא סוֹחֲרִים, לַייטִישֶׁע מֶענְשֶׁען... נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען. אִיךְ הָאבּ אַ שְׁמִיטְץ גֶעטָאן דָאס פֶערְדִיל, אָפְּגֶעלָאזְט דִיא לֵייצֶען אוּנ אִיהְם גֶעלָאזְט גֶעהְן פְרַייא, פִיהְרֶען מִיךְ וָואהִין עֶר וִויל עֶר הָאט זִיךְ גֶענוּמֶען רֶעכְטְס אוֹיף דֶעם וֶועג קֵיין גְלוּפְּסְק. נוּא, הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעטְרַאכְט אוּנ אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דֶער הַאנְד, פִיהְר מִיךְ, פִיהְר מִיךְ, אֶפְשַׁר בִּיסְט־דוּא גֶערֶעכְט. אַז דִיר גֶעפֶעהְלְט גְלוּפְּסְק לָאז זַיין גְלוּפְּסְק!

דִינְסְטָאג פְרִיא נָאכֶן דַאוְונֶען בִּין אִיךְ אָנְגֶעקוּמֶען קֵיין גְלוּפְּסְק אוּנ

בין

בִּין מִיר, וְוִיא מַיין שְׁטֵייגֶער אִיז, צוּגֶעפָּארֶען גְלַייךְ צוּם בֵּית־מִדְרָשׁ. אֵיידֶער נָאךְ אִיךְ הָאבּ אוֹיסְפַּייעָט אַ נָאז אוֹיסְשְׁנֵייצֶען הָאבֶּען זִיךְ אַ לָאז גֶעטָאן צוּ מִיר יוּדֶען אוּנ בַּעֲלֵיהַבַּיתְלִיךְ, דֶער מִיט אַ שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, יֶענֶער אַ קוּק אִין בֵּיידֶעל, אֵיינֶער מִיט דֶער שַׁאֲלָה, דֶער אַנְדֶערֶער מִיט אַיין אַנְדֶער שַׁאֲלָה, דֶער אַ טַאדְ, דֶער אַלַאפּ, וְוִיא דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז פוּן יוּדֶען. דִיא וַוייסֶע חֶבְרָה, דִיא תַּלְמוּד־תּוֹרָה יוּנְגְלִיךְ הָאבֶּען זִיךְ פְרֶעהְלִיךְ לֶעבְּעדִיג גֶעווּיטֶעט מִיט מַיין פֶּערְדִיל, גָאר פְרַיינְדְלִיךְ מְקַבֵּל פָּנִים גֶעוֶועזֶען זֵייעֶר אַלְטֶען בֶּעקַאנְטֶען אוּנ שׁוֹין אֲפִילוּ זִיךְ דַבִּיוֶועט רֵייסֶען סְטְרִינֶעס פוּן זַיין וַויידִיל. אוֹיפֶן שׁוּלְהוֹיף הָאבּ אִיךְ גֶעזֶעהֶן רֶעדְלִיךְ מֶענְשֶׁען, עֶפִּים הַאמְפַּערְט מֶען זִיךְ, מֶען הָאט וָואס צוּטָאן, מֶען שְׁמֵיעֶסְט, מֶען לַאכְט, מֶען זָארְגְט אוּנ שִׁיקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ. בַּאלְד הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע רֶעדְלִיךְ זִיךְ צוּנוֹיפְגֶענוּמֶען אִין אֵיין רֶעדִיל, עֶס הָאט גֶעארְבֶּעט, גֶעקְעהְרְט, גֶעפִּילְדֶערְט, גֶעמַאכְט מִיט הֶענְד אִי מִיט דִיא פִּיס, אוּנ בַּאלְד אִיז דָאס צוּנוֹיפְגֶעשְׁטִיקְטֶע רֶעדִיל צוּשְׁפְּרִינְגֶען גֶעוָוארֶען, וְוִיא אַ זֵייף־בּוּלְבֶּע, אוֹיף קְלֵיינֶע רֶעדְלִיךְ. אַ־פָּנִים ס'אִיז עֶפִּיס גֶעשֶׁעהְן. אַז מֶען קְלִינְגְט אִיז אַ חָגָא. אִיךְ בִּין שְׁטַארְק צִיקַאוֶוע גֶעוֶועזֶען צוּ וִויסֶען וָואס טְהוּט זִיךְ דָא אַזוֹינְס, אִיךְ בִּין דָאךְ עֶפִּיס אוֹיךְ אַ יוּד, מַיין נְשָׁמָה אִיז, וְוִיא זָאגְט מֶען עֶפִּיס', נִיט פוּן קְלָאטְשֶׁע, מְען בְּעדַארְף אִין דֶער וֶועלְט אַלְסְדִינְג הֶערֶען, אַלְסְדִינְג שְׁמֶעקֶען. עֶס קוּמְט אַ מָאל צוּנִיץ. עֶס זֶענִין דָא זֶעהְר פִּיל יוּדֶען, וָואס צִיהֶען זֵייעֶר שְׁטִיקֶעל פַּרְנָסָה דֶערְפוּן, וָואס זֵייא שְׁטֶעקֶען אוּמֶעטוּם אַרַיין דִיא נָאז אוּנ שְׁמֶעקֶען, וָואס וואוּ צְוֵוייא זֶענִין זֵייא דְרִיטֶע אוּנ פָּאדֶערֶען אַ חֵלֶק, אָדֶער הֶעפּ, וְוִיא מֶען רוּפְט עֶס אוֹיף זֵייעֶר לָשׁוֹן. יַחְדוּ אִיז אַ יוּדִישֶׁע זַאךְ. נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אַ'יסֶען. אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּגֶעהֶערְט צוּ אַ נַייא רֶעדִיל, וָואס אִיז אוֹיסֶגֶעוַואקְסֶען לֶעבִּין מִיר, אִיז מִיר אַרַיין אִין אוֹיעֶר אָט דֶער דָאזִיגֶער שְׁמֵיעֶס:

— אָ־וַוא, אָ־וַוא! בָּרוּךְ דַיָּן אֱמֶת! נָאךְ בִּמְעַט גָאר אַ יוּנְגֶער מַאן, אִיךְ מַיין אַרוּם אַרְבָּעִים. אָ־וַוא, אָ־וַוא! סְטַייטְשׁ אַזַא מֶענְשׁ, אַזַא מֶענְשׁ!

— מֵילָא וָואס זֶשֶׁע זָארְגְט אִיהְר זִיךְ דָא אַזוֹי רֶב אַבְרָהָמְצֶע אוּנ קֶענְט זִיךְ גֶעבִּיךְ נִישְׁט טְרֵייסְטֶען? פִּישׁ, אַ טְהַייעֶרֶע זַאךְ! אַ שֵׁיינֶע, רֵיינֶע כַּפָּרָה, חָלֶעבִּין! וָואס אִיז דָא אַזוֹי מִיט אִיהְם דֶער יחוּס? טַאקִי בֶּאֱמֶת טַאקִי וֶוער אִיז עֶר אַזוֹינְס גֶעוֶועזֶען?

— בַּייא דִיר יָאסִיל אִיז אַלֶץ נִישְׁט קַיין טְהַייעֶרֶע זַאךְ, אַלְסְדִינְג נִישְׁט קַיין יִחוּס! מִסְתָּמָא אִיז טַאקִי ר' אַבְרָהָמְצֶע גֶערֶעכְט. סְטַייטְשׁ, סְטַייטְשׁ אַזַא מֶענְשׁ, אַזַא רַייכֶער אַ גַאנְץ רַייכֶער מֶענְשׁ! אַ רַחֲמָנוּת, וְוִיא אִיךְ בִּין אַ יוּד, אַ רַחֲמָנוּת!

נאטו

— נאָט אײך אַ נײעם בַּעַל רַחֲמִים לײבּצע טעמעס! בּאַסעװעט אונטער ר׳ אַבְרָהַמְצען אונ װײזט אַרױס װיא אײן עהרליכער יוד, זײן רַחֲמָנוּת. זאָג נאָר, װאָס האָסט דוא דאָרטען דאָרטען פְריהער געזאָגט לײבּצע?

— געזאָגט?! װאָס יאָסיל האָבּ איך געזאָגט, איך? אַדְרַבָּה יאָסיל װאָס, װאָס אַדְרַבָּה....

— טאַקי אַדְרַבָּה וְאַדְרַבָּה, דוא אַלײן לײבּצע, טאַקי דוא אַלײן האָסט אָקאָרשט מין דײן כָּשֵׁר מײלכען געזאָגט: „אױך מיר אַ מענש איציק אַבְרָהָמיל תַּקִיף! ער איז געװען, זאָל ער מיר מוֹחֵל זײן, נישט מוֹחֵל זײן, אַ גראָבּער יונג, אַ בּלוטזױגער, אַ רַמַאי, אײן אַכְזָר אונ דערצו נאָך אַבּיסיל חוֹשִׁים.“

— װאָס איך, יאָסעל?! עט? עט... אַ גוטען טאָג! איך האָבּ אָסוּר נישט קײן צײט.

— אַ גוטען טאָג, אַ גוט יאָהר! הַא? קומט ר׳ אַבְרָהַמצע אין בֵּית־מִדְרָשׁ אַרײן, לאָמיר דאָרט נעהמען צוּבּיסליך בּראַנפּין. דער שַׁמָשׁ האָט הײנט אַ גוט בּיסעל בּראַנפּין.

— זעהסט־דוא יאָסילע אַבּיסיל בּראַנפּין שאַדעט טאַקי אֶפְשַׁר נישט. הַא? האָסט הלעבּין קלוּג געטאָן יאָסילע, װאָס דוא האָסט אַזױ גוט מְכַבֵּד געװען דאָ דעם ליגנער. לאָמיר זיך נישט נאַרען, בֶּאֱמֶת טאַקי װאָס איז ער דאָ אַזאַ פּאַרנעהם? ער איז, עָלָיו הַשָּׁלוֹם, געװען אײן עַם הָאָרֶץ, אַ קאַבּלעפּעל, אַ בּעבּריסער, אַ פּיאַװקע. ער האָט נישקשה גענוג פרעמד געלד איבּערגעלאַזען!

— אָט דערפּאַר ר׳ אַבְרָהַמְצע האָבּ איך אײך טאַקי ליבּ. װעהט איהר, דערפּאַר טאַקי װאָס איהר האָט תָּמִיד ליבּ צוזאָגען דעם אֱמֶת....

„נײן, נײן! האָבּ איך געהערט שרײענדיג נאָך פון אַ רעדיל מענשען, דאָס איז פאַר איהר נישט קײן שידוך, איך האָבּ פאַר איהר אײן אַנדער שידוך. עס װעט מיט גאָטס הילף געהן ס׳איז איהר איבּערגעבּליבּען אַ פאַרמעגען, זיא האָט אַ געבּליאַטעװעטע כְּתוּבָּה אונ מײנער װעט זיא מיט גאָטס כֹּחַ נעהמען, האַפּען מיט בּײדע הענד.

„יַחְדָו, יאָקיל גְרוֹנָם! איך בּין דאָרױף אױך געפאַלען. יַחְדָו! יודען זײט עֵדוּת!

„אַ רוּחַ אין דײן טאַטענס טאַטען אַרײן! „האָט זיך געלאָזט הערען אַ קוֹל אונ דאָס רעדיל איז זיך צופלױגען.

איך האָבּ אױסגעשפּאַנט דאָס פערדיל, איהם אומגעקעהרט צװישען דיא האַלאָבּלעס מיט דעם פָּנִים צום װאָגען, אונטערצופאַסען

עס

עס מיט אביסיל סיטשקע און דער נאך האב איך מיך גענומען צו דער ארבייט, אויסצופאקען מיין ביידעל. נאר קוים וואס איך האב געמאכט א שטיקעל סדר, ארויסגעהאנגען פון ביידע זייטען בויד א קרענציל קמייעליך, בליטשקענע יארמולקעליך, עטליכע פעקליך ציצית און ארויס דערטאפט א סטאטשיק א טלית־קטן וכדומה איז דער בית־דין שמש געקומען צולויפען העגדום פעגדום אין איין אטהעם.

— אוי גוואלד ר' מענדעלי! שלום עליכם ר' מענדעלי! דער רבי זאל לעבען האט איך זעהר שיין געלאזט בעטען, איהר זאלט גיכער צו איהם זיך מטריח זיין מיט אייער כבוד. גיכער, טאקי גיכער ר' מענדעלי!

דאס וואס דער רב איז אזוי גיך געוואהר געווארען אז איך בין געקומען, דאס גראד איז מיר קיין חידוש נישט געווען, ווארום גלופּסק איז א יודישע שטאדט, און יודען דערגעהן זיך תמיד אלסדינג געשווינד, לאז איינער ביא זיך אויסריידען עפּיס אווארט, באלד טאקי ווייסט מען עס אויף דער צעהנטער גאס און מען צוטראגט עס אויף טעלערליך, א סך גיכער וויא דער טעלעגראף. א חידוש איז מיר נאר געווען, וואס בעדארף מיך אזוי דער רב האבען? און צו וואס האט ער נאך מיר געשיקט דעם בית־דין שמש אין אזא איילעניש? באלד אבער איז מיר ארויף אויפען זינען, א דין תורהלע, דא מוז עפּיס זיין א קרעטצעלע און עס האט מיר א טיאכקע געגעבען אין הארצען! ווארים וואו האט איהר דען א יודען, וואס ער זאל נישט פיהלען ביא זיך אין דיא געשעפטען עפּיס א מכהלע, וואס מען זאל נישט קענען צו איהם געביך זיך זוכען? נישט דאס בין איך אויסען. איך האב איבערגעמישט אין קאפּ מיינע געשעפטען און מיר איז אריין אין דער מחשבה דער מחותן, אפשר טשאטעוועט אויף מיר דער מחותן, וויל מיך צווינגען איינצולייגען דעם נדן און וויל וויסען איין עק, א סוף. דער מחותן מיינער איז א פּראסטער מענש, ער מיינט וואס עס שטעהט אין די תנאים מוז מען האלטען און וואס מען האט זיך מתחייב געווען מוז מען טאקי סיליקין. ער פארשטעהט נישט דער נאר, אז דאס אלסדינג איז לאו דווקא, עס געהט אזוי נאר אין שמיעס, גלאט אזוי פון איידעלקייט וועגען. מען בעדארף זיך ברייט שטעלען מיטען פולען מויל, עס זאל פאר דער וועלט א פנים האבען, וויא אונזערע טאטעס און זיידעס האבען זיך נוהג געווען.... נישט דאס בין איך אויסען. אדער, האב איך געטראכט, אפשר גאר חלילה דער מוכר ספרים! יענער מוכר ספרים, מיט וועלכען איך האב פאר א יאהריגען זומער געשטעכעוועט אויף פארלעגערטע מינים, איך האב איהם אין חילוף אנגעגעבען הגדות, תיקון שבועותליך, הייעליך

וואלפציינדליך

וואלפצײנדליך, הײנטיגע נײע מעשיות, שמאבטעס, קײא און שפײא, און ער מיר: מענה לשון׳ם, תפילה זכה׳ס, הנה בת טובים, מעש, מחזורים, וכדומה נאך מיני ספרים. א קשיא אויף א מעשה אפשר האט ער זיך ארומגעקוקט אז ער האט זיך גענארט און וויל איצט טענהן א מקח טעות, אויסצומאנטען בײא מיר עפּיס! גאט זאל שומר ומציל זײן האבען צוטאן מיט א היגען מוכר ספרים. עס קען צוזעטצט ווערען דיא גאל פון זײערע טענה׳ס און תביעות! נישט דאס בין איך אויסען. הכלל ס׳איז מיר געווארען אויפן הארץ עפּיס נישט פרעהליך. אהער אהין, מען מוז דאך געהן. מישב האב איך מיך געווען מיטצונעהמען א פּאר סטאטשקעס, עטליכע קלײניגקײטען, גאר א שפּאגעל נײע תחנה, אפשר וועט דאס דער רביצין טויגען און מיר צוניטץ קומען.... נישט דאס בין איך אויסען. אויף מײן פערדיל בין איך געווען עפּיס ברוגז, וואס איהם איז געפעהלען געווען גלופּסק, דער פאר האב איך איהם מכות אונטערגעשאטען סיטשקע, איהם דערלאנגט א זעטץ אין דער מארדע מיט עטליכע שטעכווערטליך און איבערגעבענדיג איהם מיט דעם בײדיל אונטער דעם שמש השגחה בין איך אװעקגעגאנגען אין כעס, זאלען איהם זײנע גלופּסקער יונגליך רײסען סטרינגעס וויפיל זײער הארץ גלוסט. רעבט אויף איהם, ער האט אזוי געוואלט. אז איהם איז ניחא איז מיר אויך ניחא, וואס פאר א דאגה איך האב.

וויא איך האב נאר געפעגט ד״א טיהר און ארײנגעטראטען מיט א פוס צום רב אין שטוב איז ער מיר געלאפען אקעגען מיט א קול:

— אוי, ר׳ מענדעלי! אוי, שלום עליכם ר׳ מענדעלי! טאקי נאר אײן גאט האט אײך געבראכט אהער פונקט אין דער צײט וואס איהר זענט אונז נײטיג, טאקי שטארק נײטיג ליבער, הארצעדיגער ר׳ מענדעלי! ר׳ מענדעלי, דאס איז מן השמים, דאס איז בעשײנפערליך טאקי א נס ר׳ מענדעלי! איהר האט געטאן א גרויסע חכמה, וואס אצינד גראד, זענט איהר אנגעקומען ר׳ מענדעלי!

דיא גרויסע חכמה האט געטאן נישט איך מענדעלי, נאר מײן פערדיל. אזוי האב איך דענמאל צו מיר אלײן געלאכט און זיך איבערגעבעטען אין הארץ מיט מײן שלימזאלניק׳ו, דאס פערדיל נעביך. אויף דין תורות, וויא עס האט גאנץ קלאהר אויסגעזעהן, האט מען מיך דא נישט גערופען, נאר וואס דען זשע? דאס האב איך נישט געקענט טאקי פארשטעהן. אײן אנדערער וואלט זיכער געמײנט, אז מען האט דא שטארק ארויסגעקוקט אויף זײן בײדעל מיט סחורה, נאר איך אבער בין נישט קײן מלופּם קינד און ניט ערשט נעכטען פונם אײ ארויסגעקראכען אז איך זאל מיך נישט קענען אנשטויסען. איהר זאלט וויסען א כלל,

דיא

דִיא װֶעלְט בֶּעשְׁטֶעהְט אוֹיף אָפְּנַארֶערְן. דֶער װָאס בֶּעדַארְף הָאבֶּען עֶפִּים אַ נַייטִיגֶע זַאךְ, מַאכְט זִיךְ קְלָאמֶערְשְׁט גֶעפַּייגֶרְט, אַזוֹי װִיא דִיא זַאךְ טוֹיג אִים לַחֲלוּטִין נִישְׁט, בִּכְדֵי עֶר זָאל עֶס קֶענֶען קוֹיפֶען בַּחֲצִי חִנָם. װֶען לְמָשָׁל אֵיינֶער גֶענֵייטִיגְט זִיךְ אִין אַמַחֲזוֹר דִינְגְט עֶר קְלָאמֶערְשְׁט אַ סְלִיחָה, אַ קִינָה, אַ פֶּעקִיל צִיצִית, דֶער װַייל טְהוּט עֶר אַ חַאפּ אוֹיף קַאטָאװֶעס דֶעם מַחֲזוֹר, גִיט קְלָאמֶערְשְׁט אַבִּי אָט אַ קִיק אוּנ לֵייגְט עֶס אַנִידֶער מִיט אַ קְנֵייטְשׁ אוּנ מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע: אָט פַּאר אַ קְלֵיינִיגְקֵייט װָאלְט אִיךְ עֶס אֶפְשֶׁר אוֹיךְ גֶעקוֹיפְט. גְלוֹיבְּט מִיר, דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט אִיז אַ מַארְק, אִיטְלִיכֶער זוּכְט מְצִיאוֹת, אֵיינֶער בַּיים אַנְדֶערֶען אָפְּצוּרַייסֶען; אִיטְלִיכֶער װִיל יֶענֶער זָאל פַארְלִירֶען אוּנ עֶר זָאל גֶעפִינֶען; אִיטְלִיכֶער מֵיינְט קוֹדֶם־כָּל זִיךְ אוּנ עֶרְשְׁט דֶערְנָאךְ, אַז גָאט הָאט אִיהְם גֶעהָאלְפֶען חַאפֶּען מְצִיאוֹת, אַזוֹי צִי אַזוֹי, אוּנ צוּמַאכֶען אַ גְלִיק, עֶרְשְׁט דֶענְסְמָאל אַז קְרִיכְט אִיהְם שׁוֹין פוּנֶם הַאלְז, מֵיינְט עֶר — טַאקִי נָאר זִיךְ.... נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען. אִיךְ הָאבּ אִין דֶעם רָבְ'ס פָּנִים מִיךְ אָנְגֶעשְׁטוֹיסֶען, אַז קוֹיפֶען װִיל עֶר בַּייא מִיר כְּלַל נִיט. זִיכֶּט, װָאלְט עֶר דָאךְ נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעװִיזֶען אַז עֶר הָאט אוֹיף מִיר אַרוֹיסְגֶעקוּקְט. אֱמֶת טַאקִי, דֶער רָב אִיז אַ כָּשֶׁרֶער, אָרֶענְטְלִיכֶער מֶענְשׁ, אַזַא יָאהְר זָאל אִיךְ הָאבֶּען, אָבֶּער אוֹיף דֶער װֶעלְט מוּז מֶען דָאךְ נַארֶען. אֲפִילוּ דִיא מַלְאָכִים הָאבֶּען גֶעמוּזְט בַּייא אַבְרָהָם אָבִינוּ נָאכְטָאן דֶעם סֵדֶר פוּן דֶער װֶעלְט, נִיא כְלוּ אוּנ זַייא הָאבֶּען גֶעטָאן טָאן גְלַייךְ װִיא זַייא הָאבֶּען גֶעגֶעסֶען, נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען.

דֶער רָב, זָאל לֶעבֶּען, הָאט מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד אוּנ אַרַיינְגֶעפִיהְרְט צוּ זִיךְ אִין זַיין בֶּעזוּנְדֶער שְׁטִיבֶּעל. דָארְט זֶענִין גֶעזֶעסֶען דִיא דַיָינִים, אוֹיךְ אַ סַךְ נְגִידִים עֶפִּים אַזוֹי װִיא פַארְטְרַאכְט. נְגִידִים זֶענִין אֲפִילוּ תָּמִיד אַבִּיסִיל פַארְטְרַאכְט, פַארְזָארְגְט, אוּנ קוּקֶען אוֹיף יֶענֶעם מִיט אַ מָרָה־שְׁחוֹרָה פָּנִים עֶפִּים אַזוֹי, אַז װֶערְד פַארְקִיהְלְט אִין בּוֹיךְ, עֶס גְלוּסְט זִיךְ אַװֶעקְגֶעהְן אוּנ זַייא מֶעהְר נִישְׁט אָנְקוּקֶען. אִיךְ װֵייס אָסוּר נִישְׁט אַז מֶען הָאט גֶעלְד װָאס הָאט מֶען דָא אַזוֹי צוּטְרַאכְטֶען, צוּזָארְגֶען אוּנ צוּמַאכֶען אַזַא עֶרֶענְסְט פָּנִים? דַאכְט זִיךְ, צוּ גֶעלְדְצֶעהְלֶען, בֶּעדַארְף מֶען עֶפִּים נִיט הָאבֶּען אַזֶעלְכֶע הוֹיכֶע גֶעדַאנְקֶען. מֶען קֶען, דַאכְט זִיךְ, הָאבֶּען אִין קַאסְטֶען גֶעלְד אוּנ קוּקֶען אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען גְלַייךְ, נִישְׁט מִיט קַיין קְרוּם פָּנִים װִיא סְרֶעדַא נַא פְּיַאטְנִיצַא... מֵילָא גָארְנִישְׁט, נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען.

— רַבּוֹתַי! הָאט דֶער רָב זִיךְ גֶעװֶענְדְט צוּ דִיא דַיָינִים אוּנ צוּ דִיא נְגִידִים בְּזֶה הַלָּשׁוֹן: אִיךְ הָאבּ אַייךְ מַטְרִיחַ גֶעװֶען צוּ מִיר אִיבֶּער אַ דָבָר גָדוֹל, נָאר אַזוֹי װִיא עַל פִּי נֵס אִיז ר' מֶענְדֶעלִי גְרָאד הַיינְט גֶעקוּמֶען

אִין

אִין אוּנְזֶער קְהִלָּה, בִּכֵן הָאבּ אִיךְ מִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועֶן, צוּלָאזֶען אַייךְ אַ רֶגַע וַוארְטֶען בִּיז אִיךְ וֶועל מַטְרִיחַ זַיין צוּ מִיר אוּנְזֶער ר׳ מֶענְדֶעלִין, וָואס עֶר אִיז שְׁטַארְק נֵייטִיג צוּם עִנְיָן. זַייט־זְשֶׁע מִיר הוּנְדֶערְט מָאל מוֹחֵל. הַיינְט רַבּוֹתַי, אַז מִיר אַלֶע זֶענִין דָא וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֶעהְלֶען אַ דָבָר פֶּלֶא.

אִיךְ הָאבּ אָסוּר נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֶעהְן וָואס זָאל דָאס בֶּעטַייטֶען. אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק וואוּנְדֶערֶען וָואס זָאל דָאס אִין אֱמֶת אַריין טַאקִי בֶּעטַייטֶען? נָאר אִיךְ הָאבּ מִיךְ ווִידֶער טַאקִי מְיַשֵּׁב גֶעוֶועֶן לָאם אִיךְ נִישְׁט זַיין אַזוֹי גַייצִיג, אִיךְ וֶועל עֶלְטֶער וֶוערֶען נָאךְ אַ וַוילֶע וֶועל אִיךְ דָאךְ שׁוֹין אַלְסְדִינְג ווִיסֶען. דֶער רָב הָאט נִישְׁט לַאנְג שִׂיחוֹת גֶעמַאכְט, אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן דֶער בּוּזֶעמְקֶעשֶׁענֶע עֶפִּים אַ הִיבְּשׁ פֶּעקִיל פַּאפִּירֶען אוּנ גֶעזָאגְט כְּהַאי לִישְׁנָא:

— זֶעהְט רַבּוֹתַי! דֶעם דָאזִיגֶען פֶּעקֶעלֶע פַּאפִּירֶען הָאט מִיר הַיינְט פַארְטָאג צוּגֶעשִׁיקְט דִיא נַייֶע אַלְמָנָה, יִצְחָק אַבְרָהָם׳ס וַוייבּ. עֶר הָאט אָנְגֶעזָאגְט פַארִין טוֹיט, אַז תֵּיכֶּף נָאךְ יְצִיאַת נְשָׁמָה זָאל מֶען עֶס מִיר אִיבֶּערְגֶעבֶּען. קוּקְט זַייט מוֹחֵל, רַבּוֹתַי, דַארוֹיף אוֹיבֶּען שְׁטֶעהְט בְּפֵירוּשׁ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען מַיין נָאמֶען. אִיךְ ווִיל לַאנְג נִישְׁט מַאֲרִיךְ זַיין, לִיבֶּער וֶועל אִיךְ עֶס אַייךְ בּאלְד טַאקִי אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען. זִיטְצְט ר׳ מֶענְדֶעלִי! לֵייגְט, זַייט מוֹחֵל, אַנִידֶער אַייעֶרֶע סְטָאטְשְׁקֶעס אָט־אָדָא אוֹיף דֶער פָּאלֶעצֶע אוּנ זֶעטְצְט זִיךְ גֶעזוּנְטֶערְהֵייט דָא אַקֶעגֶען.

אִין שְׁטִיבֶּעל אִיז גֶעוָוארֶען שְׁטִיל, מֶען הָאט נִישְׁט גֶעהֶערְט קַיין פִּיפְּס. אַלֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט דִיא אוֹיגֶען, אַייַנְגֶעהַאלְטֶען דֶעם אָטְהֶעם אוּנ שׁוֹין גֶעגַארְט הֶערֶען וָואס דֶער רָב וֶועט לֵייעֶנֶען. מַעֲשֶׂה שָׂטָן אָבֶּער הָאט דָאס בֵּיינְקֶעל, אוֹיף וֶועלְכֶען דֶער רָב הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען זִיטְצֶען, בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען אַ צוּבְרָאכֶען פִיסֶעל, ווִיא בַּאלְד נָאר אִיךְ הָאבּ מִיךְ דַארוֹיף גֶעזֶעצְט בִּין אִיךְ גֶעפַאלֶען אוּנ דוּרְכְדֶעם אִיז גֶעוָוארֶען אַ שְׁטִיקֶעל עִכּוּב.

---

ג.

אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ שׁוֹין גוּט אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט הָאט דֶער רָב זָאל לֶעבֶּען צוּנוּמֶען דִיא פַּאפִּירֶען, אַ גְלֶעט גֶעטָאן עֶטְלִיכֶע מָאל דָאס בֶּערְדִיל מִיט אַלֶע פִּינְף פִינְגֶער, אַ מַאךְ גֶעגֶעבֶּען מִיט דִיא אַקְסְלֶען אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בִּנְעִימוֹת רַיין, קְלָאהְר, לֵייעֶנֶען אָט דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער:

אִין דִיא דָאזִיגֶע פַּאפִּירֶען מַיינֶע, שְׁטֶעהְט מַיין גַאנְצֶע לֶעבֶּענְס־בֶּעשְׁרַייבּוּנְג מִיט מַיין צַוָּאָה, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט. אִיךְ בֶּעט אַייךְ,

רֶבִּי, אִיהְר זָאלְט מְמַלֵא זַיין מַיין בַּקָשָׁה אוּנ מְקַיֵים זַיין אַלְסֶדִינְג בִּיז אוֹיף אַ הָאר, וָואס אִיךְ פַארְלַאנְג דָא פוּן אַייךְ. זַייט מִיר הוּנְדֶערְט מָאל מוֹחֵל רֶבִּי, וָואס אִיךְ בַּעמִיה אַייעֶר כָּבוֹד מִיט אַזַא לַאנְגֶער מַעֲשֶׂה. צוּם סוֹף וֶועט אִיהְר אַרוֹיסְזֶעהֶן, אַז דָאס אִיז חָלִילָה נִישְׁט קַיין דְבָרִים בְּטֵלִים, אַדְרַבָּה דָאס אִיז זֶעהְר נִיטְצְלִיךְ אוּנ אִיךְ הָאבּ עֶס בֶּעדַארְפְט טַאקִי שְׁרַייבֶּען.

אִיךְ בִּין גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין דֶעם שְׁטֶעטִיל בֶּעזְלִיוֶודְעוו בַּייא אָרֶעמֶע עֶלְטֶערִין. מַיין טַאטֶען גֶעדֵיינְק אִיךְ נִישְׁט, וָוארִים עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען בְּשַׁעַת אִיךְ בִּין נָאךְ גֶעלֶעגֶען אִין דִיא וִויֶקעלִיךְ. עֶר הָאט אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען נָאכִין טוֹיט יְרוּשָׁה אַ שְׁלַאף וַוייבּ נִישְׁט קַיין גֶעזוּנְטֶע מִיט אַ הִיבְּשׁ בִּיסֶעל קִינְדֶערְלִיךְ אוּנ מִיךְ נָאךְ אַ צוּגָאבּ. וַוייטֶער גָאר נִישְׁט. אִיךְ הֵייבּ אָן צוּגֶעדֵיינְקֶען וָואס מִיט מִיר הָאט זִיךְ פַּאסִירְט עֶרְשְׁט אִין דֶעם עֶלְטֶער פוּן אַ פִינְף, זֶעקְס יָאהְר. וֶועדְלִיג וִויא אִיךְ גֶעדֵיינְק הָאט מֶען מִיךְ אִין דֶער יוּגֶענְט אַ־פָּנִים נִישְׁט גֶעהַאלְטֶען פַאר אַ גְרוֹיסֶען חָכָם. אַז אִיךְ פְּלֶעג עֶפִּיס זָאגֶען אָדֶער עֶפִּיס טָאן פְּלֶעגְט מֶען זֶעהְר לַאכֶען. גֶעבַּאלֶעוֶועט הָאט מֶען מִיךְ כְּלַל נִישְׁט. מֶען הָאט מִיךְ נִישְׁט גֶעקוּשְׁט, נִישְׁט גֶעגְלֶעט, נִיט גֶעהַאלְזְט, וִויא אַנְדֶערֶע קִינְדֶר, אוּנ אַז אִיךְ הָאבּ אַמָאל גֶעוֵויינְט הָאט מֶען מִיךְ נִישְׁט אַיינְגֶענוּמֶען מִיט לַאקֶעטְקֶעס, מִיט צוּקֶערְקֶעלִיךְ, מִיט שְׁפִּילְכֶעלִיךְ, נָאר מִיט פֶּעטְשׁ אוּנ מִיט קְלֶעפּ. דָאס וָוארְט רַחֲמָנוּת הָאבּ אִיךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעהֶערְט. אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעהֶערְט אַ שְׁטֵייגֶער מֶען זָאל זָאגֶען: אַ רַחֲמָנוּת עֶר הָאט נֶעבִּיךְ נִישְׁט גֶעגֶעסֶען; אַ רַחֲמָנוּת דָאס פָּנִים אִיז אִיהְם נֶעבִּיךְ גֶעשְׁוָואלֶען; אַ רַחֲמָנוּת עֶר הָאט נֶעבִּיךְ זִיךְ נִישְׁט אוֹיסְגֶערוּהְט, עֶר קוּמְט אָפּ אוּנ וַואלְגֶערְט זִיךְ נֶעבִּיךְ; אַ רַחֲמָנוּת עֶר לַיידְט נֶעבִּיךְ קֶעלְט, עֶר גֶעהְט נַאקֶעט, בָּארְפִיס; אַ רַחֲמָנוּת עֶס דְרָאזְשֶׁעט אִיהְם דִיא בֵּיינֶער, עֶר הָאט נֶעבִּיךְ נִישְׁט אוֹיף זִיךְ קַיין לוֹיט פְלֵיישׁ. אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט נָאר זָאגֶען: קוּקְט נָאר אָן דָאס שֵׁיינֶע פָּנִים, דִיא אָנְגֶעבְּלָאזֶענֶע פַארְצֶע, דִיא רוֹיטֶע פִיס וִויא בֶּערִיקֶעס; קוּקְט נָאר אָן דֶעם פְּרֶעסֶער, עֶס גֶעהְט אִיהְם שׁוֹין אִיבֶּער דִיא סְלִינֶע; זֶעהְט נָאר דֶעם שֵׁיינֶעם נֶפֶשׁ, עֶר הֵייבְּט שׁוֹין אָן זַיינֶע שְׁטוּטְשְׁקֶעלִיךְ — צַאפְּלֶען, צִיטֶערֶען אוּנ קְלַאפֶּען מִיט דִיא צֵיינְדְלִיךְ.... אַיין אָרֶעמַאנְס אַ קִינְד אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט אַיין אִיבֶּערִיגֶע זַאךְ, אִיטְלִיכֶען גְרוֹיס אִין דִיא אוֹיגֶען, מֶען ווִינְטְשׁ אִיהְם נֶעבִּיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט דֶעם טוֹיט נָאךְ לִיגֶענְדִיג אִין בּוֹיךְ, מֶען נֶעהְמְט אִיהְם אוֹיף בַּיים גֶעבּוֹירֶען וֶוערֶען וִויא אַיין עֶקְזַאקוּטְצְיֶע, נָאךְ אֵיידֶער עֶר קוּקְט אָן דִיא לִיכְטִיגֶע וֶועלְט אִיז מֶען אִיהְם נֶעבִּיךְ שׁוֹין דַם־שׂוֹנְאִים. אִיז עֶר שׁוֹין דָא הָאדֶעוֶועט עֶר זִיךְ וִויא־עֶס־אִיז אוּנ דֶערְוֶועקְט אֲפִילוּ בַּייא זַיינֶע אֵייגֶענֶע עֶלְטֶערִין נִישְׁט קַיין גֶעפִיל פוּן

רחמנות צו זיך. סיידען ווען ער ווערד גענויך מסוכן קראנק ערשט דענסמאל רופט זיך אין זיא אפּ דאס מענשענס הארץ, וואס איז פארשטיינערט געוואָרען פון צרות אי לייד אין דער ביטערער אָרעמקייט, ערשט דענסמאל צו ניסען זיך אין זיי די אמתע ריינע עלטערענס־געפיהלען און שטעלען זיך פיר דאס גאנצע אומגליקליכע לעבען פון זייער בידנע קינד נעביך, וואס אזא טהייערע, כשרע נשמה איז אומשולדינג פארוויסט, פארשוואַרצט געוואָרען נעביך, נישט געהאט קיין גוטע, רוהיגע שעה. זייא מאהלען זיך דאס אלסדינג אויס מיט שרעקליכע פארבען און זייער הארץ שרייעט וויינט מיט בלוטיגע טרעהרען. אז א פארשטיינערט הארץ עפענט זיך איז עס נאר א טייך בשעת דאס אייז לאזט און עס געהט דיא קריעה — דאס האב איך אין דער לעצטער צייט אליין געפיהלט — עס טראגט, קאכט, רוישט מיט א שרעקליכער קראפט! דאריבער טאקי בעווייגען זעהר אָפט אָרעמע עלטערען זייערס א קינד א סך שטארקער און ריהרענדער וויא דיא רייכע לייט.....

געהאָדעוועט האב איך זיך וויא א ווילד פערד אין סטעפּ, פארגרעבט פארווילדעט און האב אין מיר געהאט דיא אלע מיאוסע קונדייסקע זאכען מיט אלע פּישטשעוועקעס. איין טבע האב איך געהאט אריינצוקוקען אין מויל בשעת עמיצער האט גערעדט און קוקען יענעם אין דיא אויגען. דיא מאמע מיינע פלעגט מיך דערפאר נישט איין מאל הארגענען שלאגען און אויסרייסען מיר שטיקער פלייש. אמאל אז איך בין עפּים געלעגען קראנק און דיא מאמע איז צו מיר גוט געוועזען, האב איך מיך שטארק פארקוקט איהר אין דיא אויגען, און אז איך האב געזעהן אז זיא לאזט זיך קוקען, נישט צוריידען קיין קרום ווארט, האב איך מיך נישט געקענט איינהאלטען און זיא אפרעג געגעבען: איך בעט דיך מאמע, וואס איז עס פאר אמענשעלע בייא דיר אין דיא אויגען? דיא מאמע האט א שמייכעל געטאן און געענטפערט: נארעלע, דאס קליינע מענשעלע איז דיא נשמה! דאס קליינע מענשעלע איז נישטא אין קיינעמס אויגען, נישט אין דיא אויגען פון חיות און בהמות נאר אין דיא יודישע אויגען. — דער מאמעס דאזיגער ענטפער איז מיר אריין שטארק אין קאפּ און האט אין מיר דערוועקט א סך פרישע צאפּעלדיגע געדאנקען. אז א מאמע זאגט מסתמא ווייסט זיא דאך וואס זיא זאגט, זיא איז דאך א מאמע, א גרויסע, אפשר צעהן מאל גרעסער פון מיר, איהר איין פינגער איז גרעבער פון מיין גאנצער האנד. דאריבער האב איך אנגענומען איהרע ווערטער שוין וויא א געוויסע, אויסגעמאכטע זאך און דריגען געגלויבט פונם גאנצען הארץ. פון דענסמאל אן איז מיין כח־המדמה שטארק בעשעפטיגט געוועזען מיט דעם קליינעם מענשעלע. עס איז דאך

עֶפִּים גָאר אַ חִדוּשׁ, זֶעהר אַ צִיקַאוֶועַ זַאךְ! אִין שְׁלָאף אֲפִילוּ הָאבּ אִיךְ נִישְׁט פַארְגֶעסֶען דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע, עֶס הָאט מִיר זִיךְ גֶעחָלוֹמְט, אִיךְ הַאלְט דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע, אִיךְ שְׁפִּיל מִיךְ מִיט דֶעם קְלֵיינֶעם מֶענְשֶׁעלֶע, אִיךְ בִּין גָאר אַלֵיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע, שְׁפְּרִינְג אִין דִיא אוֹיגֶען וִויא אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. הַכְּלַל דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע אִיז מִיר נִישְׁט אַרוֹיס פוּנֶם זִינֶען. עֶס הָאט מִיר עֶפִּים זִיךְ אַזוֹי גֶעגְלוּסְט אוֹיךְ צוּ זַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. אַ קַאטָאוֶועס אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אִיז דָאךְ דִיא נְשָׁמָה! אִין גַאנְצֶען גְרוֹיס וִויא אַ פְלֶעה, דַאכְט זִיךְ אַ גָארְנִישְׁט אוּנ אִיז דָאךְ דָאס חַיוּת, דָאס לֶעבֶּען! . . . . מִיר אִיז אַרוֹיף אַ גֶעדַאנְק וִויא אַזוֹי דֶערְטַאפְּט מֶען דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע? אוּנ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען וֶועגֶען דֶעם שְׁטַארְק צוּטְרַאכְטֶען. אֵיינְמָאל בִּין אִיךְ גֶעפַאלֶען אוֹיף אַיין אוֹיבֶער הַסְכָּרָה. בְּשַׁעַת דִיא מַאמֶע הָאט אֵיינְגֶעבֵּייגֶען דֶעם קָאפּ אַרוֹיסְצוּנֶעהְמֶען אַ טֶעפִּיל פוּנֶם אוֹיוֶוען בִּין אִיךְ פְּלוּצְלִים צוּגֶעלָאפֶען וִויא אַ פַּארְמִישְׁטֶער — אִיךְ וֵויס אַלֵיין נִישְׁט וָואס מִיר אִיז דֶענְסְמָאל גֶעשֶׁעהְן — אוּנ הָאבּ אִיהְר פוּן הִינְטֶען אוֹיף גָאטְס בֶּערַאטְחָה אַ זֶעטְץ גֶעטָאן מִיט דֶעם קוּלַאק אִין דֶער פָּאטִילִיצֶע, כְּדֵי דָאס מֶענְשֶׁעלֶע זָאל אִיהְר פוּן דִיא אוֹיגֶען הָאטְשׁ אוֹיף אַ ווַיילֶע אַרוֹיסְשְׁפְּרִינְגֶען. אִיהְר קֶענְט אַיךְ מְשַׁעֶר זַיין וִויפִיל פֶּעטְשׁ אוּנ קְנִיפּ אִיךְ הָאבּ דֶערְפַאר גֶעלֵייזְט. אַ חוּץ דֶעם הָאבּ אִיךְ אַ גַאנְצֶען טָאג נִישְׁט גֶעגֶעסֶען, וָוארִים דִיא מַאמֶע נֶעבִּיךְ הָאט מִיט אִיהְר שְׁטֶערֶען צוּבְּרָאכֶען דָאס טֶעפִּיל קָאלִישׁ. אַיין אַנְדֶערְסְמָאל הָאבּ אִיךְ גֶעחַאפְּט נָאךְ אַ גְרֶעסֶערֶען פֶּסַק. ס'אִיז מִיר אַרַיין אַיין אַפִּיקוֹרְסִישֶׁער גֶעדַאנְק אִין מַיין גְלוֹיבֶּען אִין דֶער מַאמֶעס וֶוערְטֶער, אוּנ אִיךְ בִּין צִיקַאוֶועַ גֶעוֶוען אַלֵיין צוּפְּרִיוֶוען, מִיךְ צוּפְּשְׁיקָאנֶען אוֹיבּ אַ בְּהֵמָה הָאט אַ מֶענְשֶׁעלֶע צִי נִיט. נוּא אִיז מַיינֶער צוּגֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער גַאס צוּא אַ קִיה, אוּנ בְּשַׁעַת אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶענוּמֶען אַרַיינְקוּקֶען אִיהְר אִין דִיא אוֹיגֶען הָאט זִיא מִיךְ דוֹרֵס גֶעוֶוען מִיט דִיא הֶערְנֶער אוּנ שְׁרֶעקְלִיךְ שְׁטַארְק סְקַאלִיטְשֶׁעט, דֶער צֵייכֶען אִיז מִיר טַאקִי עַד הַיּוֹם אוֹיף דֶער לִינְקֶער בַּאק גֶעבְּלִיבֶּען. דִיא אַלֶע קְלֶעפּ הָאבֶּען נִישְׁט נָאר אַרוֹיסְגֶעשְׁלָאגֶען, פַארְקֶעהְרְט זֵייא הָאבֶּען נָאךְ מֶעהְר אִין מִיר אַרַיינְגֶעשְׁלָאגֶען דֶעם גֶעדַאנְק פוּן אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע.

גֶעלֶערֶענְט הָאבּ אִיךְ אִין דֶער תַּלְמוּד תּוֹרָה. וָואס אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה אִיז וֵוייסְט אִיהְר זֶעהְר גוּט אַלֵיין אוּנ פַארְשְׁפָּאר עֶס אַיךְ צוּשִׁילְדֶערֶען. דָאס אִיז אַ קֶבֶר אוֹיף צוּבֶּעגְרָאבֶּען אָרֶעמֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער, צוּדֶערְשְׁלָאגֶען זֵייא דִיא קֶעפּ אוּנ אָפְּצוּרֵייסֶען פוּן דֶער וֶועלְט; אַ פַאבְּרִיקֶע אוֹיף צוּפָאבְּרִיצִירֶען טוֹיגֶענִיכְטְסֶען, לֵיידִיג-גֵייעֶר, בֶּעדְנֶע, אוּמְגְלִיקְלִיכֶע נְפָשׁוֹת; דָאס אִיז אַ וִויסְטֶע גְרוּבּ, אַ לָאךְ, אַיין אוּמְרֵיינֶע הוּרְבָּה אוֹיף הִיהְנֶערְשֶׁע פִיסְלִיךְ, וִויא גֶעוֶועהְנְלִיךְ בַּייא אוּנְז דִיא תַּלְמוּד-תּוֹרוֹת,

וָואס אִיז אַ חַרְפָּה,אַ בּוּשָׁה . זַייא זָאלֶען טְרָאגֶען אוֹיף זִיךְ אַזַא טְהַייעֶרֶען,
הַיילִיגֶען נָאמֶען . . . ווִיא מִיר דַאכְט זִיךְ בִּין אִיךְ נִישְׁט גֶעוֶועֶן אַ גְרָאבּ
יוּנְגֶעל . בַּייא אַכְט יָאהְר לֶעֶרְךְ הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעלֶערֶענְט חוּמָשׁ מִיט חִבּוּר ,
מִיט אַלֶע אוֹיסְרֵיידֶענִישֶׁען פוּן רש״י , הָאטְשֶׁע אִיךְ בִּין נָאךְ שְׁטוּמְפִּיג
גֶעוֶועֶן אוֹיף דָער עִבְרִי . אַדְּפָּנִים , מֶען קֶען זִיךְ זַיין אַ לַמְדָן אוּנ פוּן
דֶעסְטְוֶועגֶען פָּארְט אַ גְרוֹיסֶער נַאר , אֵיינְס צוּם אַנְדֶערֶען הָאט נִישְׁט . . .
דִיא מַאמֶע מַיינֶע פְלֶעגְט מִיךְ רוּפֶען שְׁלִימַזְל אוּנ אִיז בֶּאֱמֶת טַאקִי זֶעהְר
גֶערֶעכְט גֶעוֶועֶן . אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה בִּין אִיךְ שְׁלִימַאזָלְדִיגֶער גֶעוֶועֶן
מֶעהְר פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע קִינְדֶער . דֶער רַבִּי , וָואס פַארְדִינְט אָסוּר נִישְׁט
אַזוֹי צוּהֵייסֶען , הָאט זֶעהְר לִיבּ גֶעהַאט דֶעם עִנְיָן פוּן שְׁמַייסֶען , אֶפְשֶׁר
נָאךְ מֶעהְר פוּן אַ טְרוּנְק בְּרַאנְפִּין , עֶר הָאט פָּשׁוּט גְרוֹיס הֲנָאָה גֶעהַאט
צוּפַּיינִיגֶען , גְלַאט אַזוֹי זִיךְ , דִיא פַארְוִויסְטֶע , פַארְוָואגֶעלְטֶע קִינְדֶערְלִיךְ
נֶעבִּיךְ , וָואס זַייא זֶענִין אָהְן דֶעם אוֹיךְ גֶענוּג אָפְּגֶעקוּמֶען אוּנ קוֹים וָואס
דִיא נְשָׁמָה הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען אִין זַייעֶר דַארֶען אוֹיסְגֶעדַייוֶוערְטֶען גוּף .
עֶר הָאט גֶעבְּרָאכֶען דִיא צוּבְּרָאכֶענֶע בֵּיינֶער , גֶעצוּפְּט , גֶערִיסֶען דָאס
דַארֶע שְׁטִיקֶעל לַייבּ אוּנ דֶער בֶּעסְטֶער חֵלֶק קְלֶעפּ אִיז אִין מִיר אָנְגֶעקוּמֶען .
עֶר הָאט צוּם סוֹף אוֹיף מִיר זִיךְ שְׁטַארְק פַארְעֶסֶען מַחְמַת אַ זַאךְ , מִיךְ
גֶעהַרְגֶעט גֶעשְׁלָאגֶען אַזוֹי , אַז אִיךְ בִּין פוּן זַיינֶע הֶענְד קוֹים לֶעבֶּעדִיג
אַרוֹיס אוּנ גֶעמוּזְט אוֹיפְהֶערֶען צוּגֶעהְן אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה , דִיא מַעֲשֶׂה
אִיז אַזוֹי גֶעשֶׁעהְן : דֶער רַבִּי הָאט מִיט מִיר אִין דֶער סֶדְרָא בְּרֵאשִׁית
אוֹיסְגֶערֶעט אוֹיף דֶעם פָּסוּק „וַיֹּאמֶר לֶמֶךְ לְנָשָׁיו" אַזוֹי : לֶמֶךְ אִיז גֶעוֶועֶן אַ
בְּלִינְדֶער , תּוּבַל קַיִן הָאט אִיהְם גֶעפִיהְרְט , אוּנ אַז עֶר הָאט דֶערְזֶעהְן פוּן
וַוייטֶען זַיין זֵיידֶען קַיִן הָאט אִיהְם זִיךְ אוֹיסְגֶעדַאכְט אַז דָאס אִיז אַ חַיָּה
(דֶער רַבִּי הָאט גֶעזָאגְט אַ פוּקְס , בִּכְדֵי דָאס בֶּעסֶער מַסְבִּיר צוּ זַיין) , הָאט
עֶר צוּ דֶעם בְּלִינְדֶען , צוּ לֶמֶךְ , גֶעזָאגְט , אַז עֶר זָאל צִילֶען אוֹיף דֶעם
פוּקְס , הָאט עֶר גֶעצִילְט אוּנ אִיהְם גֶעהַרְגֶעט . אוּנ אַז לֶמֶךְ אִיז גֶעוָואהְר
גֶעוָוארֶען , אַז דָאס אִיז גָאר קַיִן זַיין זֵיידֶע , הָאט עֶר גֶעפַּאטְשְׁט אֵיין הַאנְד
אִין דֶער אַנְדֶערֶער הַאנְד אוּנ עֶר הָאט דֶער וַוייל זַיין זוּהְן תּוּבַל קַיִן צוּקְלַאפְּט
אוֹיף טוֹיט . הָאבֶּען זַיינֶע וַוייבֶּער דֶערְפַאר פוּן אִיהְם זִיךְ פּוֹרֵשׁ גֶעוֶועֶן ,
דָאס טַייטְשׁ אָפְּגֶעשֵׁיידְט , הָאט עֶר זַייא אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען , וַיֹּאמֶר אוּנ עֶר
הָאט גֶעזָאגְט לְנָשָׁיו צוּ זַיינֶע וַוייבֶּער עָדָה וְצִלָּה , עָדָה וְצִלָּה , שְׁמַעַן הֶערְט ,
קוֹלִי מַיין קוֹל , נְשֵׁי וַוייבֶּער לֶמֶךְ , לֶמֶךְ ! . . . .

וַיְהִי הַיּוֹם אִיז מִיט אַ מָאל גֶעקוּמֶען אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה עֶפִּיס
אַ דַייטְשׁ , אַ גֶעגָאלְטֶער , דַאכְט זִיךְ פוּן פֶּעטֶערְסְבּוּרְג . מִיט אִיהְם זֶענִין
גֶעקוּמֶען אַלֶע גַבָּאִים פַארְהֶערֶען דִיא קִינְדֶער . צוּם שְׁלִים־שְׁלִימַזָל בֶּעדַארְף
עֶר מִיר גְרָאד הֵייסֶען פֶערְטַייטְשֶׁען אַ שְׁטִיקֶעל חוּמָשׁ אוּנ נָאךְ דֶעם גוּטֶע
פסוק

פָּסוּק „וַיֹּאמֶר לֶמֶךְ לְנָשָׁיו“ ! װען הָאבּ איך דֶען גֶערֶעדט מִיט אַ מֶענְשֶׁען און בִּפְרַט נָאךְ מִיט אַ דַייטְשׁ , אַ גְלוּחַ ? אִיךְ הָאבּ גֶעפְּלַאטֶערְט , גֶעצִיטֶערְט אַזוֹי וִויא אַפִּישׁ אִין וַואסֶער . עֶס הָאט מִיר גֶערוֹישְׁט אִין דִיא אוֹיעֶרֶען , גֶעקְלַאפְּט אִין הַארְץ , דִיא הָאר הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט קַאפּוֹיר , אוּנ אִין דִיא אוֹיגֶען אִיז מִיר גֶעוָוארֶען פִינְצְטֶער אוּנ לֶעכְטִיג צוּגְלַייךְ , אַקוּרַאט וִויא בְּשַׁעַת מֶען קוּקְט אִין דֶער זוּן . אִיךְ הָאבּ גֶעפִּיהלְט אַז אִיךְ וֶועל נִישְׁט אִין שְׁטַאנְד זַיין אוֹיסְצוּדֶערְצֶעהְלֶען אַזאַ גְרוֹיסֶע , לַאנְגֶע מַעֲשֶׂה מִיט לֶמֶךְ’ן אוּנ דָא שְׁטֶעהְט מֶען אִיבֶּערֶען הַאלְז , אֵיין קוֹיל : זָאג , זָאג ! וָואס זָאל אִיךְ טָאן , מֶען מוּז זָאגֶען . עֶס הָאט מִיר פַארְנוּמֶען דֶער אָטְהֶעם , אִיךְ בִּין אַרוֹיס מִיט דֶער שְׁפְּרַאכֶע , מִיךְ שְׁטַארְק פַארְבַּאלֶעמוּטֶעט אוּנ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט , מִישְׁטֶעהֶגֶעס גֶעזָאגְט , אַ מִין טַייטְשׁ : „וַיֹּאמֶר אַ פּוּקְס , לֶמֶךְ אַ בְּלִינְדֶער , לְנָשָׁיו הָאבֶּען דִיא וַוייבֶּער פוּן אִיהְם זִיךְ אָפְּגֶעשֵׁיידְט , תּוּבַל קַיִן הָאט אִים גֶעפִּיהְרְט . עָדָה , עָדָה וְצִלָּה אוּנ עֶר הָאט אִים גֶעהַרְגֶעט“ — דֶער דַייטְשׁ אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן וִויא מֶען קָאכְט אֵיינֶעם אָפּ מִיט אָקְרֶעפּ , אִיז אָקָארְשְׁט פוּן דֶער הוֹיט נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פַאר כַּעַס , עֶר הָאט צוּגֶערוּפֶען דֶעם רֶבִּי אוּנ מִיט אַ בֵּייזֶער אִיהְם גֶעזָאגְט : הָא , וַואס הֶער אִיךְ ? וִויא זָא לֶעהְרְנְען זִיא אִיהְרֶע תַּלְמִידִים ? ! שַׁאנְדֶע אוּנ שְׁפָּאט ! . . . דֶער רֶבִּי הָאט זִיךְ גֶעקְרַאצְט , קַאלִיפֶּעט דִיא נָאז אוּנ גֶעטַאלֶעפֶּעטְשֶׁעט מִיט דֶער צוּנְג : מֵיין הַארֶענְקֶע , דֶער קְנַאבּ הָאט זִיךְ פַארְשְׁרָאקֶען , דֶער קְנַאבּ זַייא אַ גוּטְשְׁקֶער יוּנְגֶעל אוֹיף נֶאֱמָנוּת ! נוּא , הָאט דֶער דַייטְשׁ גֶעזָאגְט צוּמִיר : פִּירְכְטֶע נִיכְט מֵיין קִינְד , עֶס ווִירְד דִיר נִיכְטְס גֶעשֶׁעהְן . זָאגֶע מִיר וַיֹּאמֶר , וָואס טַייטְשׁ וַיֹּאמֶר ? אִיךְ אָבֶּער הָאבּ שׁוֹין נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס מִיט מִיר טְהוּט זִיךְ , הָאבּ אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אַ פָּאר אוֹיגֶען ווִיא אַ לֵיימֶענֶער גוֹלֶם אוּנ אַ זָאג גֶעטָאן דֶעם דַייטְשׁ גְלַייךְ אִין פָּנִים : פּוּקְס ! . . . מֵיין אִיךְ בֵּיאֹמֶר , עֶר הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען צוּ דִיא וַוייבֶּער . . . . דֶער רֶבִּי נֶעבִּיךְ אִיז גֶעשְׁטַאנֶען ווִיא אִין גֶעהַאקְטֶע וואוּנְדֶען אוּנ זִיךְ שִׁיעֶר נִישְׁט בֶּעגְרָאבֶּען אִין דֶער עֶרְד פַאר גְרוֹיס בִּזָּיוֹן . עֶר הָאט גֶעלֵייזְט פַאר דָאס זַיינִיגֶע ווִיפִּיל אִין אִיהְם אִיז אַרֵיין אוּנ גֶעהַאט אַ ווִיסְטֶען , פִינְצְטֶערֶען טָאג . זַיין שְׁוֶוער בִּיטֶער הַארְץ הָאט עֶר דֶערְנָאךְ צוּ מִיר אוֹיסְגֶעלָאזֶען . פוּן יֶענֶער צַייט אָן פְּלֶעגְט עֶר תָּמִיד צוּ מִיר זִיךְ טְשֶׁעפֶּען אוּנ מִיךְ שְׁלָאגֶען , מַמִּיתִין אוֹיף וָואס דִיא וֶועלְט שְׁטֶעהְט , בִּיז וַואנֶען מִיר אִיז שׁוֹין אוּמְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזֶען אוֹיסְצוּהַאלְטֶען . אִיךְ בִּין פַארְשְׁלַאפְט גֶעוָוארֶען אוּנ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּגֶעהְן אִין דֶער תַּלְמוּד־תּוֹרָה .

# ד.

א מאמע מיינע האט געלעבט אין דחקות און נישט געהאט פשוט מיט וואס א טאג איבערצוקומען. זיא פלעגט ארבייטען זאקען, פליקען פעדערען, זיך שטעלען א מאל פאר א וואַרטערען ביא א קינפעטערין און אונטער א פסח וועלגערען מצה. זיא פלעגט טאג וויא נאכט נעבעך ארבייטען, טאן, און פון איהר גאנצער ארבייט קוים געהאט וואסער אויף קאשע. ווייבערשע מלאכות האבין אין דער וועלט נישט קיין ווערטה און ווערען זייער ווייניג בעלוינט. ווארים וואס זענין דען ווייבער אין גאנצען? וואס פאר א פנים, וואס פאר א ווערטה האט מישטעהנעס נעזאגט דיא גאנצע יודענע, אז זיא איז שוין אפילו א בריה? פון ווייבער, אזוי איז ביים עולם שוין איינגערעדט, קען קיינמאל קיין גוטס נישט ארויסקומען, זייערע אלע מלאכות האבען נישט קיין שום ממשות. עפים רעכטס אין תוך ארייין גוט אי ניטצליך, איז נישט פארן ווייבערשען מוח. . . . פונם טאטענס ירושה איז געווארען א גוטער סך־הכל: צוויא מיידליך מיט א יונגעל זענין געשטארבען, מען קען טאקי זאגען, פשוט פאר הונגער, איין גרויסער בחור האט ערגיץ זיך אוועקגעשלעפט און פארפאלען ביז אויף היינטיגען טאג, מען ווייסט נישט וואו זיין געביין איז היגעקומען. לעבין דער מאמען איז געבליבען א קראנק, שלאף מיידעל. אין גאנצען א צובראכענער שארבען, און איך, שלימזל, וואס איך בין איהר געוועסען אויפן האלז. איין אפעטיט האב איך געהאט אהן עין־הרע זעהר א גוטען, דאס ביסעל עסען, וואס איך פלעג פון איהרם נעביך אוועקנעהמען, האט מיר נישט געקלעקט אויף א צאהן. איך פלעג אלץ בעטען עסען, עסען! האטש וואס עס־איז, אבי עסען! דיא מאמע נעביך האט געליטען און נישט געוואוסט וואס מיט מיר צוטאן. לייט פלעגען זיא ראטהען מיך אוועקצוגעבען עפים צו א בעל מלאכה, נאר זיא פלעגט פארווארפען מיטין קאפ און דערביא ריידען מיט הארץ: „א, דיא כפרה בעסער זאל ער ווערען איידער אפצוגעבען איהם צו א בעל מלאכה, צופארשווארצען מיר דאס פנים און דאס פנים פון זיין טאטען דארט אין קבר! זיין טאטע וועט דאך דארט נישט קענען רוהיג ליגען. סטייטש ר' טעביל דעם מלמד'ס א זוהן זאל זיין א בעל מלאכה, איינגעקויפט אין דער חברה פ"צ! כ'איז דאך נאר א וועהטיג אזוינס צוהערען. א, נישט דערלעבען, נישט דערהארען, רבוני של עולם, זאלען עס מיינע שונאים!“ גאט האט צום סוף דער מאמע געהאלפען מיך אריינצוגעבען אין א קלייט פון צעלניק. זיא איז געוועזן איבערגליקליך און האט געמיינט, איהר זוהן איז שוין א סוחר.

נָאר אִיהְר זוּהְן אָבֶּער אִיז גָאר גֶעוָוארֶען אַ הוּנְד ! אִיךְ וֶועל עֶס אַייךְ בַּאלְד טַאקִי מְפוֹרָשׁ זַיין • מַיין עוּבְדָא אִיז גֶעוֶוען אָנְצוּתַאפֶּען אִיטְלִיכֶען, וָואס אִיז פַארְבַּייא דוּרְכְגֶעגַאנְגֶען מִיט אַ לְיַארֶעם , מִיט אַ גֶעשְׁרֵייא אוּנ שְׁלֶעפֶּען אִיהְם אִין קְלֵייט אַרַיין • אִיז עֶמִיצִיר פַארְבַּייא גֶעגַאנְגֶען אוֹיף דֶער גַאס פְלֶעגְט מֶען מִיךְ אָנְרֵייצֶען אַזוֹי וִויא אַ הוּנְד אוּנ אִיךְ הָאבּ בֶּעדַארְפְט אַרוֹיסְלוֹיפֶען , שְׁרַייֶען אִין אֵיין אָטְהֶעם : אַהֶער פַּאנִי ! וֶועבֶּעלְנֶע טִיכְלִיךְ , לַיינְוַואנְד , שְׁלֵייקֶעס , מֶעסֶערְלִיךְ , קַאלָאשֶׁען אַמֶערִיקַאנִישְׁע , יַם־שֵׁיימֶנֶע שְׁטֶעקְלִיךְ , מַאנְדֶעל זֵייף , פָּאמַאדֶע ! וּכְדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכֶען. תְּחִלַּת אִיז מִיר דָאס גֶעוֶוען אַבִּיסִיל פְּרִיקְרֶע , וִויא גֶעהְט מֶען עֶס גְלַאט אַרוֹיס שְׁרַייֶען אוֹיף דֶער גַאס אוּנ פַארְשְׁטֶעלֶען יֶענֶעם דֶעם וֶועג, סְ'אִיז דָאךְ עֶפִּיס מְשׁוּנֶה ווִילְד ! אִיךְ פְלֶעג אַבִּיסִיל אוּנְטֶערְפַאלְשֶׁעוֶוען , מַאכֶען דִיא שְׁפִּיל בְּקִיצוּר אוּנ אַרַיינְבְּרֵיינְגֶען דַאדוּרְךְ אִין כַּעס מַיין בַּעַל הַבַּיִת מִיט דֶער בַּעַלְהַבַּיתְטֶע, וָואס פְלֶעגֶען מִיךְ זִידְלֶען , אוֹיסְמִישֶׁען גְלַייךְ מִיט דֶער בְּלָאטֶע אוּנ אוֹיסְוַוארְפֶען מִיר , אַז אִיךְ פְרֶעס אוּמְזִיסְט זֵייעֶר זַאלְץ אוּנ בְּרוֹיט • הָאטְשׁ אִיךְ נֶעבִּיךְ הָאבּ גֶעהָארֶעוֶועט , גֶעאַרְבַּייט אִיבֶּער מַיינֶע כֹּחוֹת אוּנ גֶעטָאן אַלֶערְהַאנְט מְלָאכוֹת אִין קְלֵייט אוּנ אִין שְׁטוּבּ , דֶערְצוּ נָאךְ בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אַ מְשָׁרֵת בַּייא דִיא עֶלְטֶערֶע מְשָׁרְתִים, פְלֶעג זַייא פָּאלְגֶען אִין פַייֶער , אִין וַואסֶער אַרַיין , קְרִיכֶען זַייא אוּנְטֶער דִיא נֶעגֶעל אוּנ בִּין נָאךְ זֶעהְר גֶערֶען גֶעוֶוען אַז אִיךְ הָאבּ דֶערְבַּייא פוּן זַייא נִישְׁט גֶעהַאפְּט קַיין פְּסַק אוּנ טְרוּקֶען פוּן זֵייעֶרֶע הֶענְד אַרוֹיס • וֶוער שְׁמִיעֶסְט וֶוען אַ מְשָׁרְתִיל פוּן דֶער אַנְדֶערֶער קְלֵייט פְלֶעגְט אַ מָאל אַרוֹיסְרַייסֶען אַ קוֹנֶה בַּייא מִיר פוּן דִיא הֶענְד , דָא הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעמֶעגְט גֶעזֶעגֶענֶען מִיט דֶעם לֶעבֶּען. אַלֶע בַּייא אוּנְז אִין קְלֵייט זֶענִין אוֹיף מִיר אַרוֹיף , דֶער מִיט דֶער צוּנְג , דֶער אַנְדֶערֶער מִיט דֶער הַאנְד אוּנ מֶען הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען וִויפִּיל אִין מִיר אִיז אַרַיין • מַיין מַאמֶע אוּנ דֶער טַאטֶע , ר' טֶעבִיל דֶער מְלַמֵד ז"ל , הָאבֶּען דֶענְסְמָאל אוֹיךְ גוּט גֶעלֵייזְט , מֶען הָאט אָן זַייא חָלִילָה נִישְׁט פַארְגֶעסֶען • פוּן עֶסֶען אִין אַזַא בִּיטֶערֶען שְׁוֶוערֶען טָאג אִיז גָאר קַיין רֵיידֶע נִישְׁט גֶעוֶוען , אִיךְ הָאבּ גֶעפַאסְט , נִישְׁט טוֹעֵם טַעַם גֶעוֶוען • מֶען הָאט מִיר אֲפִילוּ מַתִּיר גֶעמַאכְט עֶסֶען וֶוערִים , קְרֵיינְק , נָאר אַזוֹי וִויא עֶסֶען וֶוערִים , קְרֵיינְק אִיז נִישְׁט פַאר קַיין מֶענְשְׁלִיכֶען מָאגֶען , הָאבּ אִיךְ פַארְבְּרַאכְט דֶעם טָאג פָּשׁוּט אִין אַ תַּעֲנִית • אוּנ אַזֶעלְכֶע תַּעֲנִיתִים פְלֶעגֶען מִיר אָפְּט זִיךְ מַאכֶען אַ פָּאר מָאל דִיא וָואךְ • אַז אִיךְ הָאבּ אַ כּוּכ גֶעטָאן סְ'אִיז שְׁלֶעכְט , הָאבּ אִיךְ אַ נֶעהְם גֶעגֶעבֶּען זִיךְ צוּ מַיין זַאךְ בִּשְׁלֵמוּת • וִויא בַּאלְד אַז עֶמִיצֶער , וָואס נָאר פַאתָאזְשֶׁע אוֹיף אַ קוֹנֶה , הָאט זִיךְ אַ וַוייז גֶענֶעבֶּען פוּן דֶערְוַוייטֶענְס , אַז מַיינֶער אִיז וִויא אַיין אָפְּגֶערִיסֶענֶער הוּנְד פוּן דֶער קֵייט גֶעשְׁווִינְד צוּ אִיהְם אַרוֹיס, פַארְשְׁרִיגֶען אִיהְם דֶעם קָאפּ מִיט דֶעם

נאנצעז

גַאנְצֶען צֶעטִיל סְחוֹרוֹת , אִיהְם פַּארְלוֹיפֶען דֶעם וועג אוּנ גֶעשְׁלֶעפְּט בַּייא דִיא פָּאלֶעס . אִיךְ פְלֶעג אֲפִילוּ אַ מָאל פוּן אַזֶעלְכֶען בֶּעקוּמֶען אַ קְלַאפּ , אָדֶער אַ שְׁפַּייא אִין פָּנִים , נָאר אִיךְ אָבֶער פְלֶעג מִיר טַאקִי טָאן מַיין זַאךְ , גְלַייךְ וִויא מִיר אִיז גָארְנִישְׁט גֶעשֶׁעהְן . דֶער נָאךְ הָאבּ אִיךְ דְרִינֶען מִיךְ אַזוֹי אַיינְגֶעוואֶהְנְט , אַז דָאס שְׁרַייֶען אִיז בַּייא מִיר גֶעוֶוען אַ הֶדְוָה אַ פְרֵייד , אִיךְ פְלֶעג זֶעהְר הֲנָאָה הָאבֶּען וֶוען עֶס פְלֶעגְט מִיר זִיךְ מַאכֶען אַרַיינְדֶערְטַאפֶּען עֶפִּיס אַ פְרִייץ , אִיהְם פַּארְדוּלֶען דֶעם קָאפּ אוּנ צְווִישִׁין דֶעם צֶעטִיל מִינֵי צֶעלְנִיק סְחוֹרָה אִיהְם אוֹיךְ רֶעכֶענֶען מִיט אַ גֶעשְׁרֵייא : מָאזְשֶׁע פַּאנִי פַּארִיזְשֶׁעסְקִי הַארְצְוֶועהְטִיג מַיינֶע אוֹיף דַיין קָאפּ ! פָּאמַאדָא , מַכּוֹת , צָרַעַת דִיר פַּאנִי !

דֶער דָאזִיגֶער עִנְיָן הַמִּסְחָר מַייגֶער אוֹיף דֶער גַאס פְלֶעגְט מִיךְ אָפְּט בְּרֵיינְגֶען אִין אַ סִכְסוּךְ מִיט מְשָׁרְתִים פוּן אַנְדֶערֶע קְלַייטֶען , וָואס פְלֶעגֶען אוֹיךְ אָנְהַאפֶּען קוֹנִים אוּנ שְׁרַייֶען . מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶערִיסֶען אִין דְרוֹיסֶען , אַקוּרַאט וִויא אוּנְזֶערֶע בַּעֲלֵי־הַבַּתִּים הָאבֶּען זִיךְ גֶערִיסֶען צְווִישִׁין זִיךְ אִינְוֶוענְדִיג אִין דִיא קְלַייטֶען אִיבֶּערְן לֵייזֶעכְטְס נִישְׁט מֶעהְר מִיט דֶעם חִילוּק : בַּייא זֵייא הָאט מֶען גֶעווָארְפֶען דִיא מְקַחִים , אַרָאפְּגֶעלָאזֶען דִיא פְּרֵייזֶען , בַּייא אוּנְז הָאט מֶען גֶעווָארְפֶען קְלֶעפּ , אַרָאפְּגֶעלָאזֶען פֶּעטְשׁ . אוּנ אַזוֹי וִויא אִיךְ בִּין גֶעוֶוען דֶער קְלֵיינְסְטֶער , דֶער שְׁלַאפְּסְטֶער , אִיז פַארֶעכֶענְט גֶעוֶוען פַאר אַ מִצְוָה , דִיא אַלֶע בֶּעסְטֶע קְלֶעפּ מִיט דִיא הֵייסֶע פַייעֶרְדִיגֶע פֶּעטְשׁ , עַל פִּי מֶענְשְׁלִיכְקֵייט מִיר אַייגֶעם צוּ צוּלָאזֶען . אַזֶעלְכֶע מַתְּנוֹת אָבֶער זֶענִין מִיר אִין קָארִיכְט נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען אוּנ פוּן אַזֶעלְכֶע מִצְוֹת עַל פִּי מֶענְשְׁלִיכְקַייט , בִּין אִיךְ אוֹיס מֶענְשׁ גֶעווָארֶען . הֲגַם צוּ אַזֶעלְכֶע מִינֵי מְסֻהָרִים אִיז אַ מֶענְשׁ נִישְׁט אַזוֹי שְׁטַארְק נֵייטִיג , אָהְן דֶעם קֶען מֶען אוֹיךְ זַיין אַ מְשָׁרֵת , אַ מֶענְשׁ , נָאר כֹּחַ , גֶעזוּנְט אָבֶער בֶּעדַארְף מֶען דָאךְ טַאקִי הָאבֶּען , אוּנ אִיךְ בִּין גֶעווָארֶען פָּשׁוּט אִיז פְּשׁוּט אוֹיס מֶענְשׁ , דָאס הֵייסְט אָהְן כֹּחַ , אָהְן קְרַאפְט , קוֹים וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ אוֹיף דִיא פִיס גֶעהַאלְטֶען . אַ קַאטָאוֶועס וָואס אִיךְ בִּין נֶעבִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען ! אִין שְׁטוּבּ הָאבּ אִיךְ בֶּעדַארְפְט טָאן , הֶעלְפֶען אִין דֶעם בַּעַל־הַבַּאטְעשְׁקַייטְס אִין קְלֵייט אַרְבַּייטֶען , רַאמֶען , קֶעהְרֶען , אִיטְלִיכֶען בֶּעדִינֶען , אִיטְלִיכֶען צוּפְרִידֶען שְׁטֶעלֶען , עֶסֶען פְלֶעג אִיךְ יִסּוּרִים אוּנ קְלֶעפּ הָאבּ אִיךְ גֶעצַיילְט פוּן פְרֶעמְדֶע אִי פוּן אַייגֶענֶע . דֶער גְרוֹיסֶער מְשָׁרֵת אִין קְלֵייט פְלֶעגְט מִיר נָאךְ מֶעהְר פוּן אַלֶע טָאן צוּם טוֹיט . אִיהְם אִיז עֶפִּיס נִישְׁט גֶעפֶעהְלֶען גֶעוֶוען וָואס אִיךְ נֶעכְטִיג אִין דֶער קֶעךְ , וָואהִין עֶר פְלֶעגְט זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט אַרַיינְכַאפֶּען עֶר פְלֶעגְט זוּכֶען אַלִין אוֹיף מִיר זַאכֶען וִויא מִיךְ פוּן דָארְט מְשַׁלֵּחַ צוּ זַיין . . . אִיךְ בִּין אִיהְם גֶעוֶוען עֶפִּיס וִויא אַ דָארֶען אִין דִיא אוֹיגֶען . פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וָואלְט אִיךְ עֶס נָאךְ אֶפְשָׁר אַלְסְדִינְג אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען וֶוען עֶס זָאל נִישְׁט

געוועז

געוועזן זיך מאכען דיא מעשה מיט א קנעפיל. איך האב אמאל דערזעהן אין קלייט וואלגערענדיג זיך א מוטערפערלן קנעפיל, וואס האט געפינקעלט, געלויכטען מיט אלערלייא קאלירען אונ פארשיינט דיא אויגען אזוי, אז איך האב בעקומען צו איהם גרויס יצר־הרע. דערבייא איז מיר ארויף אויפן זינען מיין קראנקע שוועסטער, איך וועל איהר עס געבען א מתנה, זיא וועט א שבת א יום טוב דערמיט זיך אויספוצען אונ זיך בעריהמען פאר איהרע חברות. דער דאזיגער געדאנק האט מיר נאך אונטערגעגעבען מעהר חשק אונ אז איך האב גענומען דאס קנעפיל אונ אריינגעלייגט עס אין קעשענע, איז דער גרויסער משרת, וואס האט עס אלסדינג פון דערווייטענס צוגעזעהן, באלד צוגעלאפען צו מיר מיט א געשרייא: אזוי שייגעץ, גנב איינער, דוא לייגסט אין קעשענע?! זעהט איהר בעלהביתטע, האט ער געזאגט, יענע זאכען וואס האבען געפעהלט איז אויך זיין מלאכה!״ דאס האט ער שוין געזאגט בכוון ארופצו־ווארפען אויף מיר אפנים זיינע אייגענע־חטאים, אונ איך געדיינק וויא פון שלאף, אז ער פלעגט א מאל טאקי אונטערדרוקען דער דינס עפיס קליינינקייטען .... קורץ מען האט מיר געמאכט א וויסטען פינצטערען סוף, גוט אויסגעפאטשט אונ ארויסגעטריבען.

דיא מאמע האט מיך ווידער בעקומען צו זיך צו נאכט אין א גוטער, מזלדיגער שעה! איך זאג נישט אומזיסט אין א מזלדיגער שעה, וואריס יענע צייט גראד איז געוועזן דיא צייט, וואס זיא האט ערגיין בייא א בעקער געוועלגערט מצה, אונ דורך איהר חשיבות איז איהר געראטען, אויסצוארבייטען דארט פאר מיר א התמנות פון א גיסער אונטערצוגיסען מיט א קריגעל וואסער דעם קנעטער, וואס דענקמאל האט עס בייא מיר אזוי פיל פארנומען וויא דיא גרויסע שטעלע פון א שר המשקים. איך האב מיך מיט דער שטעלע בייא זיך אין הארץ מיהס געוועזן אונ געקוקט אויף זיך עפיס מיט דרך ארץ, וויא אויף א מענשען, וואס מען בעדארף צו איהם אנקומען אונ זיין הילף איז שטארק נייטיג. אין דער ערשטער צייט איז מיר אפילו אנגעקומען שווערליך צופאטראפען אקוראט דיא מאס וואסער, עס זענין דורך מיר חמצדיג געווארען עטליכע מיערעס אונ מען האט מיר דערפאר מיאוס אנגעריבען א נאז, נאר דערנאך איז עס בייא מיר געגאנגען וויא א פוטער, איך האב מיך געהאלטען בייא זיך פאר איין גיסער אין דער וועלט, אפילו אין פאריז קען שוין קיין בעסערער פון מיר נישט זיין. צווישין דיא מענשען, וואס האבען בייםׂ בעקער זיך איבערגעווארפען מצה באקען, איז געוועזן אויך איינער א דרדקי מלמד. ער איז געוועזן מיט מיין גיסען זעהר צופרידען אונ מיך אפילו א קניפ געטאן אין בעקעלע. דיא מאמע מיינע האט מיט דעם מלמד עפיס

אליז

אַלֵין גֶערֶעדְט, גֶערֶעדְט, דֶערְנָאךְ הָאט זִיא מִיךְ צוּגֶערוּפֶען אוּנ גֶעזָאגְט:
זָעהְסְט־דוּא, יִצְחָק אַבְרָהָמְצֶע, ר׳ עַזְרִיאֵל נֶעהְמְט דִיךְ צוּא פַאר אַ
בֶּעהֶעלְפֶערִיל! דֶערְבַּייא הָאט זִיא גֶעמַאכְט צוּ דֶעם מְלַמֵד: אִיךְ חִדוּשׁ
מִיךְ מֶעהְר נִישְׁט וְויא אַזוֹי דָאס אִיז מִיר בִּיז אַצִינְד נִישְׁט אַרוֹיף אוֹיפְן
מוֹחַ! זַיין טַאטֶע אִיז גֶעוֶוען אַ מְלַמֵד, זָאל דֶער זוּהְן זַיינֶער אוֹיךְ זַיין אַ
מְלַמֵד. נָאר אוֹיךְ דִיא אֵייגֶענֶע מַעֲשֶׂה, זָאלְט אִיהְר מִיר גֶעזוּנְד זַיין, אַז
דֶער מוֹחַ, נִישְׁט פַאר אַייךְ גֶעדַאכְט, נִישְׁט פַאר־קֵיין יוּדֶען גֶעדַאכְט,
לִיגְט מִיר, שׂוֹנֵא צִיוֹן, אִין דֶער עֶרְד. אִיהְר, ר׳ עַזְרִיאֵל, קֶענְט עֶס טַאקִי
פַארְשְׁטֶעהְן. אִיהְר הָאט דָאךְ מַיינֶעם, אַייךְ אוֹיף צוּ־לַאנְגֶע יָאהְר, גוּט
גֶעקֶענְט. אוֹיךְ דִיא אֵייגֶענֶע מַעֲשֶׂה, מִסְתָּמָא אִיז דָאךְ אַזוֹי אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען
גֶעוָוארֶען, דֶער זוּהְן זָאל אוֹיךְ בְּלַייבֶּען בַּיים טַייטֶל. אַז זַיין לִיבֶּען נָאמֶען
אִיז נִיטָא אִיז מִיר אוֹיךְ נִיטָא. נִימֶערְעֶרְגֶער זָאל זַיין מִיטְן טַייטֶעל...

ס׳אִיז אָבֶּער נִישְׁט גֶעוֶוען, וְויא דִיא מַאמֶע הָאט גֶעזָאגְט, מִיטְן
טַייטֶעל, ס׳אִיז גָאר גֶעוֶוען מִיט דֶער וִויג, מִיט דֶער צִיג וּכְדוֹמֶה מִיט
אַזֶעלְכֶע זַאכֶען! ר׳ עַזְרִיאֵל מְלַמֵד׳ס וַוייבּ הָאט מִיךְ גֶענוּמֶען אִין אִיהְרֶע
הֶענְד אַרַיין, מִיט מִיר גֶעשְׁמַאק גֶעקְנֶעלְט אוּנ מִיךְ מְכַבֵּד גֶעוֶוען מִיט
אַלֶערְלֵייא מְלָאכוֹת. אִיךְ בִּין בַּייא אִיהְר גֶעוֶוען אַ פַארְשְׁטֶעקֶעל, אַ
קָארְק, מִיט וֶועלְכֶען זִיא הָאט פַארְשְׁטוּפְּט אַלֶע לֶעכֶער. אַלֶע טָאג אִין
דֶער פְרִיה הָאבּ אִיךְ בֶּעדַארְפְט, וְויא אַ יוּד פַארְפֶעהְלְט נִישְׁט דַאוְונֶען,
אָפְּפִיהְרֶען דִיא צִיג אִין דֶער טְשֶׁערֶעדֶע. זֶעלְטֶען, זֶעלְטֶען אַז ר׳ עַזְרִיאֵל
פְּלֶעגְט זִיא מִיט זַיין כָּבוֹד אַלֵיין פִיהְרֶען פַאר דִיא הֶערְנֶער אוּנ אִיךְ פְּלֶעג
זִיא מִיט אַ רִיטֶעל פוּן הִינְטֶען אָנְטְרַייבֶּען. אָפְּגֶעפַארְטִיגְט זִיךְ מִיט דֶער
צִיג, אִיז גֶעגַאנְגֶען אַ סֶדֶר פוּן אָנְטְרָאגֶען הָאלְץ, צוּנוֹיפְקְלַייבֶּען אִין
הוֹיף אוֹיפְן מִיסְט דַארֶע שְׁפֶּענְדְלִיךְ, אוֹיסְגִיסֶען דִיא פַאמֵיינִיצֶע, אוֹיסְקֶעהְרֶען
דִיא שְׁטוּבּ אוּנ הַאלְטֶען אוֹיף דִיא הֶענְד דָאס קְלֵיינֶע קִינְד מִיט אַ נַאז
פַארְקַאטְשֶׁעט הֶעמְדֶעל, וָואס הָאט גֶעוויינְט, זִיךְ גֶערִיסֶען נָאךְ דֶער
בְּרוּסְט, גֶעצַאפֶּעלְט מִיט הֶענְטְלִיךְ אִי מִיט פִיסְלִיךְ, זִיךְ פַארְגַאנְגֶען,
פַארְקַייכְט אוּנ מְחִילָה פַארְסְמַארְקֶעט. אִיךְ הָאבּ עֶס בֶּעדַארְפְט
אַיינְגֶעהְמֶען, אוֹיסְטְרַאכְטֶען שְׁפִּילְכְלִיךְ, בְּלָאזֶען אִין קוּלַאק וְויא אוֹיף
אַ טְרוּמֵייט, קְנַאקֶען מִיט דֶער צוּנְג, מַאכֶען „סָארָאקֶע וָוארָאנֶע“,
זִינְגֶען „פִּי־פִּי־פִּי“, „צִיגֶעלֶע מִיגֶעלֶע“ אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע קִינְדֶערְשֶׁע לִידְלִיךְ.
חָלִילָה אָפְּצוּשְׁטֶעלֶען זִיךְ אַ רֶגַע! דִיא רֶבִּיצִין הָאט גֶעעֶפֶענְט אַ פִּיסְק אוּנ
אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוֹיף מִיר אַ תּוֹכָחָה, הַאלְטֶענְדִיג דִיא קָאטְשֶׁערֶע, נָאר
אוֹיף צוּפְלֶעטֶען מִיר דֶעם מוֹחַ. אִיבֶּערְגֶעקוּמֶען בְּשָׁלוֹם אִי דִיא דָאזִיגֶע
מְלָאכוֹת בִּין אִיךְ גֶעלוֹיפֶען צוּנוֹיפְנֶעהְמֶען דִיא קִינְדֶער אִין חֵדֶר אַרַיין. דָא
הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען גָאר אַ נַייעֶר־קַאפִּיטֶעל — דֶער „מוֹדֶה אֲנִי“ מִיט אַלֶע

תרי״ג

תרי״ג בֶּעהֶעלְפֶערְשֶׁע מְלָאכוֹת: פִּיטְצֶען שְׁטִיוֶועלִיךְ. שִׁיכְלִיךְ, אַרוֹיסְנֶעהְמֶען נַאסֶע וִויא אַ חְלִישְׁטְשׁ פוּן דִיא בֶּעטְלִיךְ, אוֹיסְזוּכֶען דָאס אָנְטָאן, פַארְשְׁפִּילֶען שְׁפֶּענְצֶערְס, אָבְרַייבֶּען שְׁלוּמְפֶּערְס, אָפְּבְּלָאזֶען פֶּעדֶערֶען פוּן יַארְמֶעלְקֶעלִיךְ, אָפְּוִוישֶׁען נֶעזְלִיךְ, שְׁלֶעפֶּען מִיט גְוַואלְד פוּן דֶער שְׁטוּבּ אוּנ אַרוֹיסְשְׁטוּפֶּען אִין דְרוֹיסֶען. אַזוֹי בִּין אִיךְ גֶעגַאנְגֶען פוּן שְׁטוּבּ צוּ שְׁטוּבּ בִּיז אִיךְ הָאבּ צוּנוֹיפְגֶעזַאמֶעלְט דִיא גַאנְצֶע קָאמַאנְדֶע, דֶערְנָאךְ הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דֶער מְשׁוּנֶה ווִילְדֶער מַארְשׁ, וָואס מֶען הָאט אִיהְם גֶעמָאגְט אוֹיף חִדוּשִׁים אָנְקוּקֶען. פָארְאוֹיס אוּנ הִינְטֶער מִיר, לוֹיפֶען, שְׁפְּרִינְגֶען, קְרִיכֶען יוּנְגְלִיךְ אִין דֶער פָאלְנֶע פָארְמֶע, מִיט אַרוֹיסְגֶעשְׁטֶעקְטֶע הֶעמְדְלִיךְ הִינְטֶען פוּנֶם שְׁפֶּענְצֶער. דֶער גֶעהְט טְרוֹיֶערִיג מִיט אַיין אַרָאפְּגֶעלָאזֶענֶעם קָאפּ וִויא צוּ דֶער שְׁחִיטָה, יֶענֶער הַאלְט אַ שְׁטִיק בְּרוֹיט מִיט אַיין אֵיי אוּנ עֶפֶּט, אֵיינֶער מַאכְט קוּקֶערִיקוּ! אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער צִיגֶעלֶע מֶע־מֶע־מֶע! אִיךְ אַלֵיין גֶעה וַואזְשְׁנֶע אִין דֶערְמִיט, אָנְגֶעלָאדֶען אִין דִיא קֶעשֶׁענֶעס, אִין דֶעם בּוּזֶעם, אִין אַ קוֹישֶׁעל אוֹיפְן אָרֶעם פְלֶעטְצֶעלִיךְ מִיט פּוּטֶער, בְּרוֹיט בֶּעשְׁמִירְט מִיט שְׁמַאלְץ, רִיפְטְלִיךְ בְּרוֹיט מִיט אַ ווַיידֶעל פוּן אַ הֶערִינְג, מִיט טֶעפֶּעלִיךְ קַאשֶׁקֶע, זוֹיֶערְמִילְךְ, קֶעז, צִיבֶּעלֶעס, קְנָאבֶּעל אִי שְׁאָר יְרָקוֹת אוּנ פִּיהְר פוּן בֵּיידֶע זַייטֶען בַּייא דִיא הֶענְטְלִיךְ צוּ הַאלְבּ טוּץ יוּנְגֶעלִיךְ, וָואס אַ טְהֵייל חְלִיפֶּען, סְמָארֶען מִיט דֶער נָאז, אַ טְהֵייל שְׁפַּארֶען זִיךְ אַיין אוּנ ווִילֶען נִישְׁט גֶעהְן, אַ טְהֵייל פַארְדְרֶעהְן דֶעם קָאפּ אַהִינְטֶער, רֶעוֶוען שְׁרַייֶען: מַאמֶע, מַאמֶע! הוֹיךְ אוֹיף אַ קוֹל אִיבֶּער דֶער גַאנְצֶער גַאס . . . . אָנְקוּמֶענְדִיג אִין חֵדֶר הָאט דֶער רֶבִּי מִיט דֶעם עֶלְטֶערֶען בֶּעהֶעלְפֶער אִיבֶּערְגֶענוּמֶען דֶעם גַאנְצֶען עֶטאפּ קְלֵיינֶע אַרֶעסְטַאנְטְלִיךְ אוּנ זִיךְ גֶענוּמֶען שְׁמַייסֶען. אִיךְ הָאבּ בֶּעדַארְפְט דֶערְלַאנְגֶען רִיטֶער אוּנ הַאלְטֶען פַאר דִיא פִּיסְלִיךְ, אָפְּגֶעשְׁפִּילֶעט אוּנ גֶעלֵייגְט אוֹיפְן בֵּיינְקֶעל הָאט דֶער רֶבִּי מִיט זַיין כָּבוֹד אַלֵיין. אַז דִיא אָפְּגֶעשְׁמִיסֶענֶע קִינְדֶער הָאבֶּען זִיךְ אַ לָאז גֶעטָאן שְׁפִּילֶען אוֹיפְן בֶּערְגִיל מִיכְט אִין דְרוֹיסֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ גֶעזֶעצְט אָפְּרוּהֶען וִויגֶען דָאס קִינְד, ר׳ עַזְרִיאֵל דֶעם מְלַמֵד׳ס קַדִישׁ, זִינְגֶען אִיהְם דֶערְבַּייא „אוּנְטֶער הַיִיקִילֶעס וִויגֶעלֶע שְׁטֶעהְט אַ וַוייס קְלָאהְר צִיגֶעלֶע“, אָדֶער אוֹיפְפְּלָאנְטֶען אַ מָאל אַ מַאטִיק פָאדִים, גֶעהְן אוֹיפְזוּכֶען דִיא הִיהְנֶער, שְׁרַייֶען אַ קִישׁ, אַ קִישׁ! אוּנ טְרַייבֶּען דֶעם הָאהְן מִיט זַיין פֶּעקֶעל וַוייבֶּער, דִיא לֶעפְּטְשִׁיכֶעס, אַרָאפּ פוּנֶם בּוֹידֶעם אִי פוּנֶם דַאךְ. אִין אַ פָּאר שָׁעָה אַרוּם הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט גֶעהְן בְּרֵיינְגֶען דִיא יוּנְגְלִיךְ וַוארְמֶעס אִין חֵדֶר אַרַיין אוּנ אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַהִין אוּנ אַהֶער מִיךְ גֶעדְרֶעהְט אָנְגֶעטוּפֶּעט בִּיז פַארְנַאכְט, וָואס דֶענְסְמָאל אִיז גֶעקוּמֶען דִיא צַייט אָפְּצוּפִיהְרֶען דִיא הָאפְּטֶע קִינְדֶער אַ הֵיים. מַיינֶע צֹאן קָדָשִׁים זֶענִין לוּסְטִיג גֶעלוֹיפֶען, גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען, דֶער

מִיט

מיט אין אונטערגעשלאגען אויג, יענער מיט בלויע צייכענס אויף דער באק; איינעם האט געפלאמט איין אויער, דעם אנדערען איז אביסיל אויסגעצופט געווען א פאה, קיינער אבער האט פאר שמחה דארום זיך גאר נישט געמאכט, אלע האבען געשטיפט, געצאילט, געיאגט, לעבעדיג פרעהליך, אין דער צייט ווען דיא טשערעדע קיה איז אויך צוריקגעגאנגען פונם פעלד מיט דיא פארשיימטע ציגען פאראויס. איך האב אפגעלאזען מיינע צאן קדשים, געגאנגען מקבל פנים זיין ר' עזריאל דעם מלמד ציג, זיא א האפ געטאן ביי דיא הערנער און אפגעפירט א היים אין איהר רוה אריין. דער מיט האב איך זיא אפגעהאלטען פון א גרויסער מיאוסער עבירה, שפרינגען ערגיץ צו א פרעמדען אין גארטען אריין, און מיר פארשפארט א קאפדרעהניס זיא צוזוכען ביז שפעט אין דער נאכט. מכח מיין עסען איז דער מדובר געווען אזוי: ר' עזריאל האט מיר צוגעזאגט קעסט ביי זיינע בעלי הבתים, ביי איינעם אכטאג ביים אנדערן צוויי וואכען, אדער א חדש, וויא עס האט זיך געלאזט. נאר באמת בין איך גאר געווען אויף קעסט נישט ביי דיא בעלי־הבתים, וויא דען־זשע, ביי זייערע קעכענס, וואס זייא האבען געהאט א מגו זעהר אפט נישט צוהאלטען ר' עזריאלס התחייבות און מיך לאזען פשוט הונגערען. איך ווידער פון מיין זייט הגם אין מיינע תנאים איז נישט געשטאנען צוטאן דארט עפיס א מלאכה, פון דעסטוועגען האב איך פארט נישט געקענט אזוי גראב זיין, אפצוזאגען זיך ווען מען האט מיך מכבד געווען מיט ארבייט. איך פלעג רייבען חריין, שארפען מעסערס, שייערען, ריינינגען דיא שבתדיגע מעשענע לייכטער, געהן צום שוחט קוילען עופות, לויפען אין דער דינכטס שליחות נאך פעפער, אינגבער מיט צימערינג צום קוגעל וכדומה נאך זאכען אין דעם בעלהבתישקייט.

ס'איז געווען ארום תשעה־באב צייט. איך האב מיך שטארק מכין געווען, אנגעגרייט כלי־זין — הילצערנע שווערדליך פאר דיא יונגליך, אפגעפארבט מיט שווארצע יאגדעס אי מיט אנדערע מיתה־משונה פארבען און געהאפט דר פון צו האבען א שיינעם גראשען. נאר פלוצלים האט אויף מיר זיך אנגעריקט א חמארע און צושטערט מיינע האפענונגען. ר' עזריאל האט אין דער צייט בעדארפט גראד שלאגען טויט שלעק עפיס איינעמס א נגידס א יונגעל, א בן־יחידיל, וואס איז געווען שטארק ציטעריג ביי דיא עלטערען. דאס יונגעל איז פארשלאפט געווארען און געלעגען צוא בעט. דיא מאמע מיט דעם טאטען האבען געלארעמט, געשריגען און געזאגט: זייא מוזען דעם ר' עזריאלין גוט אנקלעהרען און צונעהמען ביי איהם דעם גאנצען חדר. ר' עזריאל האט זיך שטארק איבערגעשראקען, געזוכט א וועג וויא זיך צוריינינגען און ארויפגעלייגט

דיא

דיא גאנצע שולד אויף מיר. דאס איז, האט ער זיך מתנצל געווען, דעם בעהעלפערס מלאכה. ער איז א גרויסער שייגעץ, א ווילדער עכבראש! דאס יונגעלע פון זיין זייט האט געשוויגען און שטארק מורא געהאט, וויא געוועהנטליך, אויסצוזאגען פונם חדר. עס איז אנגענומען געווארען, אז איך בין שולדיג און ביא ביידע צדדים איז געבליבען מיך גוט אויסצופאטשען און ארויסצוטרייבען פונם חדר. איך בין געווארען דאס כפרה־היהנדעל און מען האט מיט מיר, שלימזל, טאקי באלד געשלאגען כפרות!

---

### ה.

— טא! האט דיא מאמע מיינע זיך אנגערופען אין א שמייעס מיט עפיס א יודענע. און בשעת מעשה געקוקט אויף מיר. אויך דיא אייגענע מעשה, וויא זאגט מען עפיס, אסתר, א מענש טראכט און גאט לאכט. איך האב פון מיין זייט יוצא געווען, זיך געלייגט, וויא זאגט מען עפיס זאלט איר מיר געזונד זיין, אין דער ליינג און אין דער בריט נישט צופארשווארצען מיינעם דארט אין קבר דעם פנים, נאר גע צורייס זיך, שונא ציון, אז פאלט אלץ מיט דער פיטער אראפ. איך האב איהם, אזוי וויא איהר קוקט איהם אן, אסתר, שוין געשטעלט אויף עטליכע ערטער. ער האט געקענט דארט ווערען א לייט, טאקי וואס לייט הייסט, אז גאט און לייט וואלטען מיר מקנא געוועזן נאר גע צורייס זיך, אסתר, נעהם חאטש דא איין א מיתה משונה און ווער דיא כפרה אז קומט גאר אויס, דיר אויף צוזעטצעניש שונא ציון, פונקט בויבעריק! אויך דיא אייגענע מעשה, וויא זאגט מען עפיס, אז דאס שלימזל לאזט נישט אפּ א מענשען מוז מען אנביינגען דעם קאפּ. אז מען קען נישט אריבער, זאגט דער עולם א ווערטיל, מוז מען ארונטער. יאק נימא ריבא טא איריק ריבא זאגט אפילו להבדיל אויך דער מוזשיק. איהר זעגט דאך א וואוילקענעוודיגע אסתר. טא! צו א בעל מלאכה, לאז זיין צו א בעל מלאכה. מסתמא איז דאך אויבען אזוי טאקי אנגעהתמעט געווארען, אז טעביל דעם מלמדס זוהן זאל זיין א בעל מלאכה, ווייא און ווינד איז מיר! אויך דיא אייגענע מעשה מה אני מה חייני, גע פרעג דעם רבוני של עולם קשיות!

אין עטליכע טעג ארום בין איך אריינגעטרעטען פאר א לעהרעניונגעל צו לייזער דעם שניידער.

לייזער דער שניידער איז געוועזן א קליין דאר אידעל מיט א בלייך פּעניצעל, זעהר ספּריטנע, א ריהרענדיגעם וויא קוועקזילבער מיט אלע

שניידערשע

שְׁנַיידֶערְשֶׁע פָּאסְטֶעמְקֶעס, אַ פַּאלְגֶע מִיט דִיא בֵּיינֶער . מֶען הָאט אִיהְם גֶעקֶענְט רוּפֶען אִי אַ וַוייבֶּערְשֶׁער אִי אַ מֶענְשְׁקֶער שְׁנַיידֶער , אָדֶער , נָאךְ גְלַייכֶער , נִישְׁט-קַיין וַוייבֶּערְשֶׁער נִישְׁט קַיין מֶענְשְׁקֶער , וַוייל עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטֶערְגֶענוּמֶען נֵייעֶן אִי וַוייבֶּערְשֶׁע אִי מֶענִישֶׁע קְלֵיידֶער , אַלְסְדִינְג אִין דֶער וֶועלְט , אֲפִילוּ אַ הִיטֶעל אוּנ הָאט קֵיין זַאךְ נִישְׁט רֶעכְט גֶעקֶענְט, אוּנְטֶער זַיינֶע הֶענְד פְלֶעגְט אַ יָפֶּע מְגוּלְגָל וֶוערֶען אִין אַ שְׁלָאפְרָאק, אַ שְׁלָאפְרָאק אִין אַ קַאפָּאטֶע , אַ קַאפָּאטֶע אִין אַ קְלֵיידֶעל אוּנ אַ קְלֵיידֶעל אִין אַ קִינְדֶערְס לַייבֶּעל, דֶערְצוּ אִיז עֶר גֶעוֶוען אַ בְּרִיָה , עֶס הָאט בַּייא אִיהְם אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען תָּמִיד מַאטֶערְיֶע אַקוּרַאט וִויפִיל מֶען בֶּעדַארְף , אוּנ אִים אִיז נָאךְ אוֹיךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אַ הִיבְשֶׁער שְׁטִיק יִתוּר . אוּנְטֶער אַיין אָסְיֶען, דִיא רֶעכְטֶע צַייט , וֶוען בַּייא יוּדֶען אִין דֶער פַאמִילְיֶע הֵייבֶּען אָן קְלֵיידֶער אִיבֶּערְגֶענִיצְעוֶועט אוּנ מְגוּלְגָל וֶוערֶען פוּן אַיין מַלְבּוּשׁ אִין דֶעם אַנְדֶערֶען , דֶענְסְמָאל אִיז עֶר גֶעוֶוען פַארְוָוארְפֶען מִיט אַרְבֵּייט . לֵייזֶער הָאט פוּן זִיךְ הֲנָאָה גֶעהַאט אוּנ זִיךְ גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶעם בֶּעסְטֶען שְׁנַיידֶער , וֶוען נִישְׁט אִין דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט , עַל כָּל פָּנִים פַאר דֶעם בֶּעסְטֶען אִין בֶּעזְלִיוְדֶעוו , וַוייל עֶר הָאט אַלֵיין נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס אִיהְם פֶּעהְלְט . אַז מֶען פְלֶעגְט אִיהְם אַ מָאל וַוייזֶען עֶפִּים אַ גוּט שְׁטֶיקֶעל אַרְבֵּייט עֶרְגִיץ פוּן דֶער פְרֶעמְד פְלֶעגְט עֶר גֶעבֶּען אַ שְׁמֵייכֶעלֶע אוּנ נִישְׁט וֶועלֶען אֲפִילוּ דֶעם כָּבוֹד אָנְטָאן , דֶערְצוּ זִיךְ רֶעכְט צוּקוּקֶען אוּנ צוּבֶּעטְרַאכְטֶען וִויא דָאס אִיז גֶענֵייט , וִויא אִיז גֶעהְט דֶער שְׁנִיט. עֶט פְלֶעגְט עֶר שְׁמֵייכְלֶען מִיט אַ קְנֵייטְשְׁעלֶע אוּנ יֶענֶעם אָפְּשְׁלָאגֶען דִיא פְלִיגֶעל,עֶט , וָואס אִיז דָא אַזוֹינְס פַאר אַ חֲרִיפוּת ? וָואס הָאט מֶען דָא גֶעפוּנֶען אַזוֹינְס וָואס צוּזֶעהְן ? אַזֶעלְכֶע אַרְבֵּייטֶען הָאבּ אִיךְ שׁוֹין אִין מַיין לֶעבֶּען טוֹיזֶענְטֶער מָאל אִיבֶּערְגֶעמַאכְט . מֶען בֶּעדַארְף נָאר צוּ אַלְץ הָאבֶּען מַזָל . אַ צִינְגֶעל הָאט עֶר גֶעהַאט אַ גֶעשְׁלִיפֶענֶם , זֶעהְר אַ גֶעלוּיפִיגֶם , אַז עֶמִיצֶער פְלֶעגְט וֶועלֶען אִיהְם אוֹיסְמָאהְלֶען וִויא עֶר זָאל אִיהְם נֵייעֶן, הָאט עֶר יֶענֶעם נִישְׁט גֶעלָאזְט אוֹיסְרֵיידֶען , פַארְחַאפְּט אִי גֶערֶעדְט אַלְץ אַלֵיין : אִיךְ וֵויים אִיךְ וֵויים , אִיךְ וֵויים ! זַייט זִיכֶער , אִיךְ וֶועל אַייךְ מִיט גָאטְס הִילְף מַאכֶען נָאךְ בֶּעסֶער וִויא אִיהְר וִוילְט . דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל אִיז מִיר דֶען צוּמַאכֶען אַזַא אַרְבֵּייט ? אִיךְ וֵויים , זַייט זִיכֶער, אִיהְר וֶועט צוּפְרִידֶען זַיין. בַּיים אָפְּבְּרֵיינְגֶען דִיא אַרְבֵּייט , אַז יֶענֶער פְלֶעגְט זָאגֶען דָא קְוֶועטְשְׁט אִיהְם, דָא קְנֵייטְשְׁט זִיךְ , דָא לִיגְט נִישְׁט גוּט , דָא אִיז שְׁמָאל הָאט עֶר נִישְׁט גֶעוָואלְט גָאר הֶערֶען , אַלְץ גֶערֶעדְט , גֶערֶעדְט אוּנ פַארְשָׁאטֶען מִיט רֵייד : חָלִילָה, וִויא פַאלְט אִיהְר אוֹיס אַזוֹינְס צוּזָאגֶען ? עֶס קְוֶועטְשְׁט נִישְׁט , עֶס טָאהְר גָאר נִישְׁט קְוֶועטְשֶׁען , עֶס הֵייבְּט נִישְׁט אָן אֲפִילוּ זִיךְ צוּקְנֵייטְשְׁען . גִיט נָאר אַ צִיה , זַייט מוֹחֵל , אַהִין אַבִּיסִיל . עֶס לִיגְט גוּט אַזוֹי וִויא אוֹיסְגֶעגָאסֶען .

נאט

נאט אייך נייס ס'איז שמאל ! וואס הייסט שמאל , אז ס'איז טאהר נישט
זיין שמאל ? איהר האט ערשט אפגעגעסען און זענט אביסיל פול דאבט
זיך אייך אויס אז ס'איז שמאל . איך זאל פארקריינקען אין דעם היגען
הקדש , וואס מיר איז דערפון אראפגעפאלען , ביא מיינע יודעשע
נאמנות מען איז קוים אויסגעקומען וויא מיט קרעפילפלייש . ס'איז
איבערגעבליבען פונם אונטערשלאק א שמאל פאסעקיל פערקיל האב איך
עס אייך אפגעבראכט . בעסער וויא איך האב אייך געמאכט קען מען
שוין טאקי ערגיץ נישט מאכען . איהר וועט זיך אביסיל איינגעהן וועט
איהר געוועהנט ווערען . טראגט געזונט ! ביים צאהלען פלעגט זיך
אנהייבען א דינגעניס , ער האט אוועקגערעדט א שעה מיט שבועות מיט
חרמות, אפגעלויבט אין טאג אריין זיין ארבייט, אויסגערעבענט איטליכעס
כיטצעלע בעזונדער וואס האט איהם געקאסט , געמאכט א שניידערשען
חשבון און געשטעלט פאר עדות אונטער דיא אויגען דעם קרעמער ,
דעם שמוקלער אי דיא יודענע פונם שאפקעלע און אפגעשאטען פשוט
מיט ניין מאס רייד ביז מען האט איהם מוסיף געווען נאך א צעהן
גראשען. טא פלעגט ער דער נאך מאכען גיט האטש אביסיל בראנפין ! . . .
מיט אביסיל בראנפין האט ביא לייזערען זיך אנגעהויבען און אויסגעלאזען
אלע געשעפטען . ער איז נישט געווען חלילה קיין שכור , זיך נישט
געוואלגערט אין דיא גאסען , נאר טרינקען האט ער געקענט . דיא
מלאכה האט ליב דעם טרונק , איז געווען זיין ווערטיל און ער האט
טאקי אמת ליב געהאט דיא משקה . צוליב דעם פלעגט ער זיין א גאנצער
מאכער אין דעם צעך , האבען א גרויסע התקרבות מיט דעם
צעכמייסטער, ארויסרייזען זיך און שטארק ארבייטען בשעת עפיס א וויבאר,
ווייל געוועהנטליך איז מען דא נישט זשעדנע אביסיל בראנפין . לייזערס
נשמה האט גישקשה געפיהלט וואו מען בעקומט דעם ביטערען טראפען .
נאר זאגען , אז פאר א כוסע האט ער פארקויפט זיין הארץ , זיין
פארשטאנד , ער האט אויפגעהערט צופיהלען צופארשטען וואס איז
גוט און שלעכט , חלילה , דאס נישט . פארכוסעט האט ער עס נישט ,
ער טאקי ביא זיך געהאט זיין שכל און וויא אלע אנדערע זעהר גוט
געוואוסט דעם אמת , ער האט נאר פארכוסעט . פארקויפט —
זיין גאלקע . . . .

לייזער דער שניידער האט מיך גלייך ביא מיין אנקומען צו איהם
שטארק גענומען אין דער ארבייט און מיט מיר אנגעהויבען דעם אלף־בית
פון דער מלאכה . דער אלף־בית איז נישט בעשטאנען דרינען , וויא מען
האלט דיא נאדעל , וויא מען בעדארף א שטאך טאן , ניין . דאס איז נאך
געווען צופריא , דעם דאזיגען כבוד האט מען מיר נאך א לאנגע צייט

נישט

נִישְׁט אָפְּגֶעגֶעבֶּען. לֵייזֶער הָאט מִיט מִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען נָאר פוּן דֶער הַתְחָלָה — פוּן דֶער פַּאמֵיינִיצֶע, הָאלְץ טְרָאגֶען וּכְדוֹמֶה אַזֶעלְכֶע זַאכֶען כִּמְעַט דֶערְזֶעלְבִּיגֶער אַלֶף־בֵּית וָואס בַּייא דֶעם צֶעלְנִיקֶער אוּנ בַּייא עֲזְרִיאֵל דֶעם מְלַמֵד, נָאר מִיט אַבִּיסִיל פַארֶענְדֶערוּנְגֶען, וִויא עֶס פַּאסְט צוּ אַ שְׁנַיידֶער, דְהַיְינוּ: גֵיין אִין מַארְק נָאךְ כָּשֶׁרֶע פָאדִים, אַרַיינְשְׁטֶעלֶען פְּרֶעסְלִיךְ וַוארֶעמֶען אִין אוֹיבֶען, בַּייא לֵייזְערִין גוּפָא אִין שְׁטוּב, אָדֶער אַ מָאל עֶרְגִיץ בַּייא אַ שָׁכֵן, זוּכֶען אַ מָאל צֶעהְן אִין טָאג אוּנְטֶערְן טִישׁ, אוּנְטֶער דִיא בֵּיינְק דֶעם פִינְגֶערְהוּט, אָדֶער אַ דִין נֶעדֶעלֶע, אַרוֹיסְצִיהֶען פַארְסְטְרִינֶעס אוּנ אָפְּטְרָאגֶען מִיט דֶעם בַּעַל־הַבַּיִת אַ שְׁטִיקֶעל אַרְבַּייט. אוּנ אַזוֹי וִויא לֵייזֶער הָאט גֶעהַאט אַ וַוייבּ, אַ בַּעַלְהַבַּיְתְטֶע, אַ בְּרִיָה אַ יוּדֶענֶע, הָאט זִיא מִיט מִיר זִיךְ שְׁטַארְק אָפְּגֶעגֶעבֶּען, אוֹיסְגֶעזוּכְט בַּייא זִיךְ תָּמִיד פַאר מִיר אַרְבַּייט אוּנ מִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט חָלִילָה לֵיידִיג זִיטְצֶען קֵיין רֶגַע. דִיא מַאמֶע מַיינֶע הָאט נָאךְ לְעֵת עַתָּה נִישְׁט גֶעהַאט זִיךְ וָואס צוּשֶׁעהְמֶען פוּן מַיין מְלָאכָה אוּנ מַיין טַאטֶע ר׳ טֶעבִיל דֶער מְלַמֵד הָאט נָאךְ דֶער וַוייל גֶעקֶענְט רוּהִיג לִיגֶען אִין קֶבֶר. זֵייעֶר זוּהְן הָאט זֵייא נָאךְ נִישְׁט פַארְשְׁוַוארְצְט דָאס פָּנִים, בִּיז דֶער נָאדֶעל אִיז נָאךְ גֶעוֶוען גַאנְץ וַוייט. אוּנ מִכֹּחַ שְׁלָאגֶען — דְרִינֶען הָאט מֶען זִיךְ נִישְׁט גֶעדוּנְגֶען. אַ מָאל הָאט מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען לֵייזֶער, אַ מָאל לֵייזֶערְס וַוייבּ אוּנ אַמָאל בֵּיידֶע אִין אֵיינֶעם טַאקִי, אָדֶער זֵייא בֵּיידֶע, נָאר אוֹיף אַיין אַנְדֶער מִין אוֹפָן, דְהַיְינוּ אַזוֹי: לֵייזֶער הָאט פְרִיהֶער אָפְּגֶעשְׁטֶעקְט עֶטְלִיכֶע פֶּעטְשׁ לֵייזֶערִיכֶען אוּנ לֵייזֶערִיכֶע הָאט זֵייא מִיר דֶערְנָאךְ גֶעטְרַייא אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען מִיט פְּרָאצֶענְט, מִיט גֶעשְׁמַאקֶע עֶטְלִיכֶע קְנִיפּ דֶערְצוּ, אָדֶער פַארְקֶעהְרְט, לֵייזֶערִיכֶע הָאט גָאר אַ מָאל צוּם עֶרְשְׁטֶען אַרַיינְגֶעלֵייגְט מִיט אִיהְרֶע אֵייגֶענֶע הֶענְד וִויפִיל זִיא הָאט נָאר גֶעקֶענְט אִין לֵייזֶערִין, אוּנ לֵייזֶער הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט אוֹיסְהַאלְטֶען, עֶר זָאל עֶס בַּאלְד נִישְׁט אַרַיינְוַוארְפֶען אִין מִיר.... לֵייזֶער מִיטְן וַוייבּ הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט וִויא אַ פָּאר טוֹיבֶּען, גְלַייךְ אִין אַלֶע זַאכֶען: בֵּיידֶע זֶענִין גֶעגַאנְגֶען אִין סְפָּאדִיק, בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעהַאט אַ גְלַייכֶע דֵעָה, בֵּיידֶע הָאבֶּען מוֹרָא גֶעהַאט אֵיינֶער פַאר דֶעם אַנְדֶערֶען, בֵּיידֶע הָאבֶּען אוֹיסְגֶעלָאזֶען זֵייעֶר שְׁוֶועה, בִּיטֶער גֶעמִיטְהָה אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערֶען, זִיךְ גֶעהַאלְזְט, אַרוּמְגֶענוּמֶען אוּנ זִיךְ גֶעטְהֵיילְט מִיט דֶעם שֶׁעהְנְסְטֶען בֶּעסְטֶען — פַּאטְשׁ... קֵיין הָאנִיג הָאבּ אִיךְ בַּייא לֵייזֶערְן נִישְׁט גֶעלֶעקְט, אִיךְ הָאבּ גֶעאַרְבַּייט אִין שְׁטוּבּ וִויא אַיין אֵייזֶעל אוּנ גֶעהַאפְּט פוּן אַלֶע זַייטֶען קְלֶעפּ. דֶערְנָאךְ מָאל הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, אַז דָאס אַלְסְדִינְג מוּז מֶען אַיין לֶעהְרֶעניוּנְגֶעל טָאן אוּנ אָהְן דֶעם חָלִילָה וֶועט עֶר נִישְׁט קֶענֶען זַיין קֵיין בַּעַל מְלָאכָה, אַקוּרַאט וִויא אָהְן קְלֶעפּ קֶען מֶען נִישְׁט לֶעהְרְנֶען אוּנ זַיין אַ לַמְדָן. אַ פְּרִימֶער הָאבּ

איך פאר מיר געהאט לייזערס אין ארבייטער, א דארער, איינגעהייקערטער אויסגעבלייכטער בחור, וואס ער האט זיינע בעסטע יונגע יאהרען פארבראכט בייא לייזערען, געטאן עבודת פרך אונ געליטען ביז ער איז געקומען צו דער מדרגה האלטען א נאדעל אונ שטשאבען. דעריבער פלעג איך שלימזל, נעביך מקבל באהבה זיין אלע פעטש אונ אפילו נישט הויך וויינען.

אין מאל אונטער א פאר פסח רופט דער בעל הבית צו מיר זיך אזוי: „איציק אברהמיל גיב נאר אשפרינג אין קרעמיל, האפ, פארהאפט זאלסט טוא ווערען, פאר א גראשען כשרע פאדים אונ בעוואריך, ווארפען זאל עס מיט דיר, אט פון דעם דאזיגען קלייד דעם פעדער חלק, דערנאך דעם אינטער חלק. זשיוואָ ממזר!" איך געדיינק וויא שטארק איך האב מיך דערפרייעט דענסטמאל אויף דעם כבוד — זיטצען ביים טיש אונ האלטען א נאדעל, גלייך וויא מען וואלט מיך אויף א חתונה מכבד געוועזען האלטען דיא חופה־שטעקענס. היידא! איך האב מיך אנידערגעזעצט ביים טיש אקעגען דעם אויסגעבלייכטען בחור, פרעהליך, לוסטיג אונ מיט ביידע הענד געהאלטען דעם אינטערחלק וויא עפיס א טהייערע זאך, אין אבן־טוב. דער שניידער האט אויף א בייא קולכען צוגעזונגען א שטיקעל פון כל נדרי, באלד א מלך עליון, באלד איז ער איבערגעגאנגען אין א מארש, צוגעשאקעלט מיטן קעפיל אונ צוגעפויקט צום טאקט מיט דיא פיסקעס, באלד האט ער געזאגט א המצאהלע איבער מיר, איבער דעם אויסגעבלייכטען בחור אונ דער בייא ארויסגעשטעקט א שפיטץ צינגעל, באלד האט ער געזונגען וויינענדיג וויא מען בעזעצט א כלה אונ באלד האט ער געזאגט, וויא דער מארשאלעק, גראמען. „זשיוואָ איציק אברעמיל! האט ער מניה־וביה טאקי געזאגט מיט א ניגון, שנייטץ אפ דאס לעכט ממזר! נעה גיכער אנגעבלאזענע פארצע! אביסיל גיכער איציק אברהמיל, האפ בייא מיר נישט ממזר־קיין דרעמיל!" אונ איך, שטאך דא שטאך, שטאך דא שטאך אין דעם קלייד אין דיא פינגער וואו עס האט זיך פאפאדעט. נאר ווער הערט א שטאך בשעת אויפן הארץ איז פרעהליך? . . . פלוצלים אבער האט אויף מיר זיך אנגערוקט א חמארע אין דער גאנצער שטוב האט אנגעהויבען צושטינקען סמאלינע. מען זוכט דא, מען זוכט דארט אונ מען געפינט לסוף, אז בייא מיר שלימזל סמאלעט זיך דער אונטערחלק, יענער אונטערחלק וואס איך האב בעוואָרפען! וואָרים בשעת איך האב אפגעשנייצט דאס לעכט איז א שנויץ דארויף אראפגעפאלען. א געוואלד א געשרייא, א געפילדער, וואליא פעטש, קולאקעס אונ קלעפ איז מיר געפאלען וויא האלץ! איך האב גענוג געהאט פאר דאס מינוגע. דער שניידער פריווט זיך מאכען

פונם

פוּנֶם אוּנְטֶערְהֶעלְק אַ פֶּעדֶערְהֶעלְק , אַרְבֶּעל , עֶס גֶעהְט נִישְׁט ! עֶר הָאט שׁוֹין נֶעבִּיךְ פוּנֶם קַאסְטֶען אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דֶעם שְׁטִיק יִתוּר פוּן דֶעם קְלֵייד , נָאר מוּטְשֶׁע זִיךְ , שׂוֹנֵא צִיוֹן , פוּן הַיינְט אִיבֶּער אַיָאהְר עֶס גֶעהְט נִישְׁט ! חָאטְשׁ צֶערֵיים זִיךְ . הָאטְשׁ טְהוּא דָא פִּיטֶער אַרַיין עֶס גֶעהְט נִישְׁט ! דָער אִינְטֶערְהֶעלְק מוּז טַאקִי בְּלַייבֶּען אַיין אוּנְטֶערְהֶעלְק , פוּן אַ חַזִירְ'שׁ עֶקִיל קֶען מֶען נִישְׁט מַאכֶען קַיין שְׁטְרַייםֶעל . "הֶער נָאר אוּים אִיצִיק אַבְרָהְמִיל ! הָאט גֶעזָאגְט דֶער שְׁנַיידֶער , הֶער אוּים מַמְזֵרוּק , יוּנְגַאטְשׁ אֵיינֶער , אַ קְרֵיינְק דִיר אִין דִיא בֵּיינֶער ! פַאטְשֶׁען דִיךְ הָאבּ אִיךְ שׁוֹין צֶעהְר קַיין כֹּחַ גִישְׁט , אַז דִיא בַּעַלְהַבַּיתְטֶע וֶועט קוּמֶען פוּנֶם מַארְק וֶועט זִיא דִיךְ מִסְתָּמָא אוֹיךְ דֶערְוַוארְמֶען אַבִּיסִיל אוּנ אוּיסְטַאפֶּען דִיר דִיא בֵּיינְדְלִיךְ,זִיא הָאט אוֹיךְ אַזַא רֶעכְט גְלַייךְ וִויא אִיךְ אוּנ זִיא וֶועט דִיר אֵיהְרֶס נִיט שֵׁיינְקֶען . נָאר דָאס אַלְכְּדִינְג אָבֶּער אִיז אַלְץ גָארְנִישְׁט , אַ הַיוּנִיק אַקְגֶעגֶען דֶעם וָואס דוּא וֶועסְט עֶרְשְׁט לֵייזֶען שְׁפֶּעטֶער בְּאֹם עֶס וֶועט מִיר נִישְׁט אַיינְגֶעהְן מַיין הַסְבָּרָה . „דֶער שְׁנַיידֶער הָאט בַּאלְד טַאקִי זִיךְ פַארְטְרַאכְט אִיבֶּער דֶעם אִינְטֶערְהֶעלְק אוּנ גֶערֶעדְט צוּ זִיךְ אַלֵיין : פַאר וָואס נִישְׁט טַאקִי אַ קֶעשֶׁענֶע . . . פוּנֶם לָאךְ אַ קֶעשֶׁענֶע ? . . . אַי וָואס ? . . . . עֶט ! מַילָא וָואס מַאכְט עֶס אוּים ? . . . דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אוּיסְגֶעשְׁטֶעלְט אוּיף מִיר אַ פָּאר אוֹיגֶען אוּנ אַ גֶעשְׁרֵייא גֶעטָאן : „פַאשָׁאל וָואן מַמְזֵר ! אַלֶעלוּלֶע (הַלְלוּהוּ) כָּל צְבָאָיו , הִינְט זָאלֶען מִיט דִיר הַאנְדְלֶען !“ אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַרוֹיסְגֶערִיקְט פוּן אוּנְטֶערֶען טִישׁ וִויא אַ קֶעטְצֶעלֶע , אוּנ גֶעוַוארְט מִיט אַ פַארְקְלֶעהְמְט הַארְץ אַ וַוייסְטֶען סוֹף .

דִיא דָאזִיגֶע טְרוֹיעֶרְדִיגֶע מַעֲשֶׂה אִיז גֶעשֶׁעהְן מִיטְוָואךְ תְּחִלַת אָוֶוענְט . פְרֵייטָאג , גֶעדֵיינְק אִיךְ וִויא הַיינְט , הָאט דֶער בַּעַל הַבַּיִת מִיר גֶעהֵייסֶען אָפְּטְרָאגֶען נָאךְ אִיהְם דָאס קְלֵייד צוּ דֶעם אַרֶענְדַארְס וַוייבּ . דִיא אַרֶענְדַארְקֶע גִיט אַ בְּלִיק , אַ דוּנֶער , אַ שְׁלַאק , אַ קֶעשֶׁענֶע סַאמֶע אוּנְטֶען ! וָואס אִיז דָאס אַזוֹינְס שְׁנַיידֶערִיל לֶעבּ ?! הָאט זִיא זִיךְ צוּשְׁרִיגֶען , סְטַייטְשׁ וָואס אִיז דָאס — דָאס ? אִיךְ וֶועל אָסוּר חָזִיר , אַזַא קְלֵייד בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט צוּנֶעהְמֶען ! „אִי , הָאט לֵייזֶער מַיינֶער גֶעעֶנְטְפֶערְט מִיט אַ זִיס לֶעבֶעלֶע אוּנ אִיהְר פַארְשְׁלָאגֶען דִיא רֵייד , אִי שְׁרַייט חָלֶעבִּין נִישְׁט בְּרֵיינְדֶעל ! אַזוֹי הֶעלְף מִיר גָאט וִויא אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעמַאכְט גוּט ! אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶענֶעהְט דָאס קְלֵייד נָאךְ דֶער סַאמֶע פָּאסְלֶיעדְנֶע מָאדֶע . סְטַייטְשׁ בַּייא אַלֶע פְּרִיצֶעס זֶענִין הַיינְט אוֹיפְגֶעשְׁפָּאלְטֶען קֶעשֶׁענֶעס אוּנְטֶען . אַ מְשׁוּגֶענֶער מַאכְט הַיינְט קֶעשֶׁענֶעס פָארֶענְט ! אִיךְ זָאל אַזוֹי רִבּוֹנִי שֶׁל עוֹלָם פָּטוּר וֶוערֶען פוּן מַיין מְלָאכָה אוּנ נִישְׁט בֶּעדַארְפֶען זַיין קַיין שְׁנַיידֶער (אַזוֹי גֶעוֶועהְנְטְלִיךְ פְלֶעגְט עֶר זִיךְ שְׁוֶוערֶען וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער

פון

פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע יוּדִישֶׁע בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת) ווִיא שֵׁיין דָאס זֶעהְט אוֹיס ! אַ שָׁאד חָלֶעבִּין , וָואס אִיהְר קֶענְט נִישְׁט אַלֵיין מִיט אַייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען אָנְקוּקֶען דֶעם זִיבֶּעטֶען חֵן וָואס דָאס הָאטז . טַאפְּט חָלֶעבִּין נִישְׁט בְּרֵיינְדֶעל, ס'אִיז גוּט ! אָט טְרָאגְט גֶעזוּנְט , פַּארְנִיטְצְט גֶעזוּנְט , צֶערַייסְט גֶעזוּנְט ! גִיט נָאר קְרִישְׁטְשֶׁענֶע מַיין לֶעהְרֶעגְיוּנְגֶעל , עֶר פַארְדִינְט חָלֶעבִּין,עֶר הָאט גֶעבִּיךְ דִיא אוֹיגֶען זִיךְ אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוּנ אַ סַךְ גֶעהָארֶעוֶועט אוֹיף דֶער קֶעשֶׁענֶע. מִיר קוּמְט אוֹיךְ חָלֶעבִּין אַ כּוֹסֶע !- לֵייזֶער אִיז גֶעוֶוען פַארְרֶעכֶענְט אִין בֶּעזְלִיוּדֶעווֹ פַאר אֵייזֶעם פוּן דִיא בֶּעסְטֶע שְׁנַיידֶער , וָואס נֵייעֶן נָאךְ זְשׁוּרְנַאלֶען , אוּנ דֶער אַנְדֶער דָארְט אִיז גֶעוֶוען אֵיינֶער פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע נְגִידִים , הַיינְט אַז מֶען הָאט גֶעזֶעהְן , זַיין ווַייבּ ,דִיא אַרֶענְדַארֶקֶע, גֶעהְט אַרוֹיס אוּנְטֶען מִיט אַ קֶעשֶׁענֶע זֶענִין דֶער נָאךְ אַלֶע בֶּעזְלִיוּדֶעוֶוער מָאדְנֶע ווַייבְּלִיךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען אוּנְטֶען מִיט אוֹיפְגֶעשְׁפָּאלְטֶענֶע קֶעשֶׁענֶעס . נָאר הַגַם מַיין קֶעשֶׁענֶע אִיז אַרַיין אִין דֶער מָאדֶע , אִיךְ אָבֶער בִּין דֶערְפוּן נִישְׁט גֶעהָאלְפֶען גֶעוָוארֶען , לֵייזֶער הָאט מוֹרָא גֶעהַאט , אִיךְ זָאל מִיט דֶער צַייט נִישְׁט אַרוֹיסְוַוארְפֶען עֶפִּיס אַזוֹינֶע נַייֶע מָאדֶעס , וָואס וֶועלֶען אִיהְם חָלִילָה אָנְמַאכֶען בּוֹיכְוֵוייטִיג אוּנ מַחֲמַת מוֹרָא נִישְׁט גֶעוָואלְט גֶעבֶּען מִיר אַ שְׁטָאךְ אַרְבֵּייט . עֶר הָאט מִיךְ אִין גַאנְצֶען אַוֶועקְגֶעשֵׁיינְקְט זַיין ווַייבּ בְּמַתָּנָה גְמוּרָה זִיךְ נָאר אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען דָאס רֶעכְט , מִיר אַ מָאל אָפְּצוּשְׁטֶעקֶען אַ פַּאטְשׁ . וָואס טוֹיג מִיר , הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען , אַזַא פַארְשְׁלֶעפְּטֶע קְרֵיינְק , אַזַא מִין קִינְטְצְלֶער ? אוּנ דֶערְבַּייא אָפְּגֶעזָאגְט זַיין גֶעוֶועהְנְטְלִיכֶען פָּסוּק : אַלֶע־לוּלֶע כָּל צְבָאָיו , הִינְט זָאלֶען מִיט אִיהְם הַאנְדְלֶען ! . . . לֵייזֶערִיכֶען הָאבּ אִיךְ אַ מָאל אַ שָׁאדֶען אָנְגֶעטָאן , נִישְׁט ווִילֶענְדִיג אִיהְר צוּבְּרָאכֶען אַ טָאפּ מִיט אֵייעֶר אוּנ הָאבּ גֶעמוּזְט לְסוֹף דוֹרֵהּ דֶעם עוֹקֵר זַיין .

מֶען הָאט מִיךְ דֶערְנָאךְ אָפְּגֶעגֶעבֶּען צוּ אַלֶערְלֵייא אַנְדֶערֶע בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת , וָואס אַ וָואךְ צוּ אַיין אַנְדֶערֶען . אִיךְ אָבֶער בִּין גֶעוֶוען אַ שְׁלִימַזָל אוּנ עֶרְגִיץ נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין גְלִיק . אִיטְלִיכֶער בַּעַל מְלָאכָה בֶּעזוּנְדֶער הָאט מִיךְ דָאס עֶרְשְׁטֶע בֶּעקַאנְט גֶעמַאכְט מִיט דֶעם בַּעַל הַבַּתִּישְׁקֵייט אוּנ מִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּאנְט אִין דֶעם יָאךְ . אֵיין בַּעַל־הַבַּיִת הָאבּ אִיךְ אוֹיף מִיר גֶעהַאט , עֶפִּיס אַ שׁוּסְטֶעִריל , אַ פְרֶעהְלִיכֶער קַבְּצָן , עֶר פְלֶעגְט מִיךְ אַלְץ שִׁיקֶען צְווִישֶׁען דִיא אוּמְרֵיינֶע עֶרְטֶער — רַייסֶען בַּייא חֲזִירִים חֲזִיר־הָאר פוּנֶם רִיקֶען . נַארֶעלֶע , אַזוֹי אִיז גֶעוֶוען תָּמִיד זַיין וֶוערְטִיל : פוּן אַ חֲזִיר אַ הָאר אִיז אוֹיךְ גוּט . בַּייא אַ חֲזִיר אִיז אַ מִצְוָה צוּ רַייסֶען . . . . בְּשַׁעַת אַרוֹיסְטְרָאגֶען אַ פָּאמֵיינִיצֶע פְלֶעגְט דֶער דָאזִיגֶער פְרֶעהְלִיכֶער קַבְּצָן אוֹיף שְׁפַּאס אוֹיפְשְׁטֶעהְן אוּנ מַאכֶען מִיט אַ נִיגּוּן : תֵּן כָּבוֹד לְאִיצִינְיָא ! טְרָאג טְרָאג אִיצִיק אַבְרָהָמוֹנְיָא , אִיךְ זָאל

דֶערְלֶעבֶּען טְרָאגֶען דִיר צוּ דֶער תְּרוּמָה וַוייְן אִין אַ רֶעשֶׁעטֶע ! טְרָאג אִיצִינְיָא, טְרָאג . אִין דַיינֶע יָאהְרֶען הָאבּ אִיךְ גֶענוּג פָּאמֵיינִיצֶעס אִיבֶּערְגֶעטְרָאגֶען !. . . דֶעם דָאזִיגֶען שׁוּסְטֶערִיל הָאבּ אִיךְ אִין הַארְץ לִיבּ גֶעהַאט, עֶר אִיז מִיט מִיר זִיךְ בֶּעגַאנְגֶען בֶּעסֶער פוּן אַלֶע אַנְדֶערֶע . אִיךְ וָואלְט מִיךְ בַּייא אִיהְם גֶעהַאלְטֶען אוּנ אֶפְשַׁר עֶפִּים וָואס אוֹיסְגֶעלֶערֶענְט, נָאר עֶר אִיז אָבֶּער שְׁטַארְק קְרַאנְק גֶעוָוארֶען, אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְקֶער וִויא פְרִיהֶער צוּהִיסְטֶען צוּשְׁפַּייֶען מִיט בְּלוּט, וַוייל עֶר אִיז נֶעבִּיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ אָפְּגֶעקוּמֶען גֶעהָארֶעוֶועט, גֶעאַרְבֵּייט אִיבֶּער זַיינֶע כֹּחוֹת מְפַרְנֵס צוּ זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער, אוּנ עֶסֶען הָאט עֶר נֶעבִּיךְ גֶעגֶעסֶען יִסוּרִים . חוּץ אַ דַאר שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט מִיט עֶפִּים וָואס עֶס אִיז דֶערְצוּ, אִיז אִין זַיין מוֹיל נִישְׁט גֶעקוּמֶען . דֶעם טַעַם פוּן פְלֵייש הָאט עֶר שׁוֹין לַאנְג פַארְגֶעסֶען . בַּייא אַ שְׂמְיֶעס אַ מָאל פְלֶעגְט עֶר אַלֵיין שְׁפַּאסֶען : פְלֵייש דָאס אִיז נִישְׁט קֵיין יוּדִישֶׁע זַאךְ . אִיךְ מְשׁוּגֶענֶער הָאבּ מִיר טַאקִי אַייְנְגֶערֶעט אַ שְׁטִיקֶעל לוּנְג־אוּנד־לֶעבֶּער שַׁבָּת אִין טֶעפִּיל ! . . . מֶען הָאט אִים נֶעבִּיךְ אוֹיף אַוֶועגֶעלֶע אַוֶועק גֶעפִירְט אִין הֶקְדֵשׁ אַרַיין אוּנ עֶר אִיז דָארְט בַּאלְד טַאקִי גֶעשְׁטָארְבֶּען . . . . .

---

## ו.

וַיְהִי הַיּוֹם אִיז אִין בֶּעזְלִיוֹדֶעוו אָנְגֶעקוּמֶען אֵיינֶער פוּן דִיא אַרוּמְפָאהְרֶענְדִיגֶע הַזָנִים אוּנ הָאט בַּייא אוּנְז שַׁבָּת גֶעדַאוֶוענְט מִיט מְשׁוֹרְרִים . דֶער עוֹלָם אִיז פוּן אַלֶע קְלַייזְלִיךְ אִיהְם גֶעלָאפֶען הֶערֶען . אַ מְהֵייל הָאבֶּען זִיךְ נוֹהֵג גֶעוֶועזֶען, וִויא זָאגְט מֶען עֶפִּים, וִויא פְּרָאסְטֶע בַּעַל הַבַּתִּים. הָאבֶּען אָפְּגֶעדַאוֶוענְט וָותִיקִין . פְרִיעֶר טַאקִי, זִיךְ גוּט קִידוּשׁ גֶעמַאכְט אוּנ דֶערְנָאךְ גֶעגַאנְגֶען הֶערֶען . ס'אִיז גֶעוֶועזֶען אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע אֵיינְגְשַׁאפְּט, מֶען הָאט זִיךְ גֶעשְׁטוּפְּט אוֹיף דִיא קֶעפּ אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ צְוִוישֶׁען דֶעם עוֹלָם אוֹיךְ אַרַיינְגֶעשְׁטוּפְּט הֶערֶען דֶעם חַזָן, וַוייל אִיךְ הָאבּ וִויא אַלֶע יוּדֶען זֶעהְר לִיבּ גֶעהַאט זִינְגֶען, דֶער חַזָן הָאט גֶעהַאט אַ קְלֵיין מְשׁוֹרֵרִיל, אַ פַייפֶער, אִין מַיינֶע יָאהְרֶען . אִיךְ הָאבּ אִיהְם עֶפִּים אַזוֹי מְקַנֵא גֶעוֶועזֶען וִויא עֶר שְׁטֶעהְט זִיךְ בַּיים עָמוּד אוּנְטֶערְגֶעהַאלְטֶען דָאס בֶּעקִיל מִיט דֶער הַאנְד אוּנ טְרַאלֶעלַייקֶעט, אַז אִיךְ וָואלְט פוּן מִיר בָּאדַאי, דָאס הֶעמְד אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען אַבִּי זַיין וִויא עֶר אַ מְשׁוֹרֵרִיל . אִיךְ הָאבּ אוֹיף דֶעם דָאזִיגֶען מְשׁוֹרֵרִיל גֶעקוּקְט מִיט גְרוֹיס דֶרֶךְ־אֶרֶץ דֶעמְסְמָאל וֶוען מִיר יוּנְגְלִיךְ זֶענִין אַלֶע גֶעוֶועזֶען אִין פָּאלֶעשׁ בְּשַׁעַת לֵייעֶנֶען . אִיךְ בִּין עֶפִּים פַאר אִיהְם אִין גַאנְצֶען בָּטֵל גֶעוָוארֶען, מִיר הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט אוֹיף דֶער וֶועלְט אִיז שׁוֹין נִישְׁטָא קֵיין בֶּעסֶערֶעס פוּן אַ מְשׁוֹרֵרִיל . וִויא

קום

קוּם אִיךְ צוּ אִיהְם ! אַז דָאס מְשׁוֹרְרִיל הָאט נָאר גֶעעֶפֶענְט דָאס מוֹיל , נוּא הָאט מַיינֶער זִיךְ גֶענוּמֶען אִיהְם אַרַיינְקוּמֶען אִין דֶעם מוֹיל אוּנ וֶועןְ עֶס וָואלְט נָאר מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועןְ אַרַיינְצוּשְׁפְּרִינְגֶען אִין אִיהְם וִויא אִיךְ שְׁטֶעה אוּנ גֶעה וָואלְט אִיךְ מִיךְ פָּשׁוּט מְחַיֶה גֶעוֶוען . אַהֵיים קוּמֶענְדִיג פוּן דֶער שׁוּל הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַלֵיין גֶעפְּרִיוְוט נָאכְמַאכֶען דֶעם מְשׁוֹרְרִיל , בַּייא דִיא זְמִירוֹת הָאבּ אִיךְ מִיךְ שְׁטַארְק צוּלָאזְט אוֹיף אַ קוּלְכֶען אוּנ טְרַאלֶעלַייקֶעט אַזוֹי אַז דִיא מַאמֶע הָאט גְרוֹיס תַּעֲנוּג גֶעהַאט , נָאר אִיךְ הָאבּ כְּלַל נִישְׁט גֶעמֵיינְט דִיא זְמִירוֹת וִויא נָאכְצוּמַאכֶען דֶעם מְשׁוֹרְרִיל . עֶס הָאט מִיר עֶפִּיס זִיךְ גֶעזוּנְגֶען . דָאס מוֹיל הָאט מִיר נִישְׁט גֶעקֶענְט זִיךְ צוּמַאכֶען אוֹיף אַ רֶגַע , מֶען הָאט שׁוֹין אָפְּגֶעגֶעסֶען וַוארְמֶעס אוּנ אִיךְ הָאבּ טַאקִי אַלֵיין נָאךְ גֶעזוּנְגֶען , גֶעמַאכְט שְׁטֵייגֶער . דָאס זִינְגֶען אִיז לְסוֹף אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אִין קוּנְדֶס אַרַיין אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶערִיסֶען אוֹיף אַלֶערְלַייא מְשׁוּנֶה ווִילְדֶע קוֹלוֹת . אַז דִיא מַאמֶע הָאט דָא אַ קוּק גֶעטְאן , אַז אִיךְ וִויל גָאר נִיט אוֹיפְהֶערֶען אוּנ לָאז זִיא נִישְׁט אַבִּיסִיל אָפְּדֶעכֶען נָאכֶן קוּגֶעל הָאט זִיא מִיךְ גוּט אוֹיסֶגֶעבַּאכֶעט אוּנ אַרוֹיסְגֶעוָוארְפֶען פוּן דֶער שְׁטוּבּ . וָואהִין לוֹיפְט אַ יוּנְגֶעל שַׁבָּת בַּייא טָאג ? מִסְתָּמָא אִין בֵּית מֶדְרָשׁ אַרַיין , הֶע־הֶע ! דָארְט הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶען דִיא גַאנְצֶע וַוייסֶע חֶבְרָה , דִיא אַלֶע רֶעכְטֶע קוּנְדֵסִים . אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט , אַז נָאר אִיךְ אֵיינֶער הָאבּ נָאכְגֶעמַאכְט דֶעם מְשׁוֹרְרִיל , נֵיין ! אַלֶע אַנְדֶערֶע הָאבֶּען דָאס אֵייגֶענֶע גֶעטָאן וָואס אִיךְ . אִיטְלִיכֶער בֶּעזוּנְדֶער אִיז גֶעוֶוען שְׁטַארְק בֶּעשֶׁעפְטִיגְט , דֶער הָאט גֶעקְווִיטְשֶׁעט , דֶער גֶערִיטְשֶׁעט , דֶער הָאט גֶעבְּרוּמְט , וִויא דֶער בַּאס , יֶענֶער נָאכְגֶעמַאכְט דֶעם פִּיסְטֶעל זִינְגֶער , אֵיינֶער הָאט זִיךְ מְשׁוּנֶה גֶעקְרִימְט גֶערִיסֶען אוֹיפְן הַאלְז וִויא דֶער חַזָן אוּנ דֶער אַנְדֶערֶער הָאט זִיךְ צוּלָאזְט וִויא דֶער פְלֵייטֶער . דֶער נָאךְ הָאט חֶבְרָה אַלֶע אִין אֵיינֶעם זִיךְ אַ נֶעם גֶעטָאן אָפְּצוּשְׁפִּילֶען דָארְט אוֹיבֶען אִין דֶער וַוייבֶּערְשֶׁער שׁוּל דָאס שֵׁיינֶע בֶּעטְלֶערִיל , מִיט וֶועלְכֶען דֶער חַזָן הָאט גֶעזָאגְט מִי שֶׁבֵּרַךְ . מֶען הָאט גֶעמְיָאוְקֶעט , גֶעפִּישְׁטְשֶׁעט , גֶעשְׁווִישְׁטְשֶׁעט , גֶעהִילְכְט , גֶעשְׁרִיגֶען בִּיז דֶער שַׁמֶשׁ הָאט אוּנְז אָפְּגֶעשְׁפְּרִיצְט מִיט וַואסֶער אוּנ אוּנְז מִיאוּס טַאקִי אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען — . בֶּאֱמֶת , מוּזְט אִיהְר וִויסְען , הָאבּ אִיךְ טַאקִי גֶעהַאט אַ דִין קֶעלְכֶען , אַ שֵׁיין גֶעלֵיינְקֶעל , אִיךְ פְלֶעג אַ מָאל אוּנְטֶערְהֶעלְפֶען לֵייזֶער דֶעם שְׁנַיידֶער בֶּעזֶעטְצֶען אַ כַּלָה , אָדֶער אוּנְטֶערְהַאלְטֶען אִיהְם אִין אַ מֶלֶךְ עֶלְיוֹן . לֵייזֶער פְלֶעגְט דֶערְבַּייא קוּקֶען אוֹיף מִיר אוּנ זָאגֶען מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל , וִויא אַיינֶער וָואס טְהוּט אִיהְם שְׁטַארְק הֲנָאָה : גוּט מַמְזְרוּק אֵיינֶער ! אַזוֹי , אַזוֹי , אִין דַיין טַאטְען אַרַיין מַמְזֵר ! . . . מִיר אִיז אַרַיין אִין קָאפּ צוּבֶּעטֶען דִיא מַאמֶע , זִיא זָאל מִיךְ אָפְּגֶעבֶּען צוּם חַזָן . אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּ אִיהְר צוּגֶעטְשֶׁעפֶּעט וִויא אַ

זלידנע

זַלִידְנֶע אַזוֹי לַאנְג אַזוֹי בְּרֵייט בִּיז זִיא הָאט מִיךְ גֶעמוּזְט פִּיהְרֶען טַאקִי צוּם חַזָן . דִיא אָרֶמֶע פַארְוִויסְטֶע אַלְמָנָה גֶעבִּיךְ אִיז שׁוֹין אוֹיךְ טַאקִי גֶערֶען גֶעוֶועזֶן אַזַא סְחוֹרָה וִויא אִיךְ פָּטוּר צוּ וֶוערֶען . אַז דֶער חַזָן הָאט מִיר גֶעהֵייסֶען אַ קְווִיטְשׁ טְאן אוּנ דֶער נָאךְ גֶעזָאגְט , עֶר גֶעהֶמְט מִיךְ צוּ , הָאבּ אִיךְ פַאר שִׂמְחָה גֶעמִיינְט , אַז דִיא וֶועלְט אִיז מַיינֶע . אִיךְ בִּין גָאר נִיט אִין שְׁטַאנְד צוּשִׁילְדֶערֶען וִויא מִיר אִיז דֶענְסְמָאל גֶעוֶועזֶן אוֹיפְן הַארְצֶען . דִיא מַאמֶע מַיינֶע אִיז אַ פָּנִים דֶערְפוּן גֶעוֶועזֶן שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען, טַאקִי שְׁטַארְק וָואס שְׁטַארְק הֵייסְט , וָוארִים אִין אַ שְׁמִיעֶס מִיט אִיהְרֶער אַ בֶּעקַאנְטֶער יוּדֶענֶע הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט וִויא זִיא הָאט צוּא אִיהְר גֶעזָאגְט אַזוֹי :

— אוֹיךְ דִיא אֵייגֶענֶע מַעֲשֶׂה , אֶסְתֵּר , זָאלְט אִיהְר מִיר מַאֲרִיךְ יָמִים זַיין , וָואס קֶען אַ מֶענְשׁ יֶענֶעמְס תַּכְלִית פַארְזָארְגֶען ? צוּבְּרֶעךְ דִיר שׂוֹנְא צִיוֹן , דֶעם קָאפּ, צֶערֵייס זִיךְ אוּנ שְׁפְּרִינְג דִיר אֲפִילוּ פוּן דֶער הוֹיט וֶועסְט דוּא גָאר נִישְׁט מַאכֶען , וִויא זָאגְט מֶען עֶפִּיס אֶסְתֵּר , אַז הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ דֶערְהֵייבְּט אַ מֶענְשֶׁען וֵוייסְט מֶען גָאר נִישְׁט פוּן וַואנֶען דָאס אִיז גֶעקוּמֶען . אִיךְ זָאג עֶס אַקֶעגֶען מַיין יָתוֹם , זָאג אִיךְ עֶס . אוֹיךְ דִיא אֵייגֶענֶע מַעֲשֶׂה , לַייט הָאבֶּען גֶעזָאגְט צוּ אַ בַּעַל מְלָאכָה , לָאז זַיין צוּ אַ בַּעַל מְלָאכָה . וָואס וָואלְט פוּן אִיהְם גֶעוָוארֶען ? בֶּעדַארְף גָאר גָאט חֶסֶד טְאן אוּנ בֶּעוַוייזֶען אַז נִיט אַזוֹי וִויא לַייט זָאגֶען . נַא דִיר גָאר אַ חַזָן , גֶעדַאנְקְט אוּנְד גֶעלוֹיבְּט אִיז , אֶסְתֵּר , הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ ! מַיין יָתוֹם אִיז שׁוֹין אִיצוּנְד פַארְזָארְגְט , אַ לַייט אוֹיף מַיינֶע לִיבֶּע גֶעזָאגְט גֶעוָוארֶען ! אִיךְ הָאבּ עֶס גָאר אַזוֹי פִיל בַּייא זַיין לִיבֶּען נָאמֶען נִישְׁט פַארְדִינְט . דָא הָאבֶּען נָאר זְכוּת אָבוֹת זִיךְ גֶעמִיהְט .

מִיט דֶעם חַזָן בִּין אִיךְ מֶעהְר וִויא אַ הַאלְבּ יָאהְר ארוּמְגֶעפָאהְרֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט . מִיר , שְׁלִימְמַזָל , אִיז בַּייא אִיהְם אוֹיךְ שְׁלֶעכְט גֶעוֶועזֶן , עֶרְגֶער פוּן אַלֶע אִיבֶּעריגֶע מְשׁוֹרְרִים . אִיךְ הָאבּ מִיר נִישְׁקָשֶׁה גוּט מַפְטִיר גֶעקוֹיפְט . דֶער שְׁטֵייגֶער אִיז גֶעוֶועזֶן וֶוען דֶער חַזָן הָאט עֶרְגִיץ גֶעדַאוֶוענְט הָאבֶּען דִיא מְשׁוֹרְרִים בֶּעדַארְפְט אוּנְטֶערְוַוייְלֶעכְס קוּקֶען אוֹיפְן עוֹלָם , זֶעהְן אוֹיבּ זַיין דַאוְונֶען גֶעפֶעהְלְט , וָואס זָאגְט מֶען אוֹיף זַיין גֶעמְבֶּע אוּנ וִויא עֶר זֶעטְצְט עִבְרִי , אוּנ אַז דֶער חַזָן הָאט אִין דֶער הֵיים עֶמִיצֶען אַ רוּף גֶעטָאן בַּיים נָאמֶען , מִיט עֶפִּיס אַ וִוינְק דֶערְבַּייא , הָאט עֶס גֶעהֵייסֶען : נוּא זָאג נָאר , אִיז מֶען עֶפִּיס צוּפְרִידֶען גֶעוֶועזֶן ? כִּמְעַט תָּמִיד אָבֶּער אִיז דֶער גוֹרָל וִויא אוֹיף צוּלְהַכְעִיס גֶעפַאלֶען אוֹיף מִיר . עֶס קֶען אֶפְשַׁר זַיין דֶערִיבֶּער , וַוייל דִיא אִיבֶּערִיגֶע מְשׁוֹרְרִים פְלֶעגֶען בַּאלְד נָאכֶן דַאוְונֶען מַאכֶן פְּלֵיטָה אוּנ אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְט וֶוערֶען . קוֹים הָאט עֶר נָאר אַ זָאג גֶעגֶעבֶּען : אַבְרָהָמְקֶע ! אוּנ דֶערְבַּייא דֶערְלַאנְגְט אַ וִוינְק , אַז מַיינֶער ,

וואס

וָואס הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט קֵיין חָכְמוֹת , אִיז אַרוֹיס מִיט דֶער שְׁפַּרַאבֶּע:
חַזָן מֶען הָאט גֶעלַאכְט , טַאקִי זֶעהְר שְׁטַארְק עֶפִּיס גֶעלַאכְט ! נוּא פְּלֶעגְט
עֶר מִיר אָנְגֶעהְמֶען בַּיים אוֹיֶער , דְרֶעהֶען אוּנ דְרֶעהֶען , צִיהֶען אוּנ צִיהֶען
אַז אִיךְ זָאג אַייךְ , דֶער שְׁנַיידֶערְקֶעס קְלֶעפּ זֶענִין אַקֶעגֶען דֶעם
קָאטָאוֶועסְלִיךְ גֶעוֶועןְ • אַ מָאל הָאבֶּען מִיר עֶרְגִיץ אִין אַ שְׁטֶעטִיל
גֶעדַאווֶענְט שַׁבָּת פַּרְשָׁה שְׁקָלִים • דֶער חַזָן הָאט צוּם דַאווְנֶען זִיךְ שְׁטַארְק
מֵכִין גֶעוֶועןְ , וַוייל עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף יֶענֶעם שְׁטֶעטְעלְס חַזָנוֹת •
שַׁבָּת־צוּנַאכְטְס הָאבֶּען צוּ אִיהְם זִיךְ פַּארְקְלִיבֶּען מֶענְשֶׁען אַ גַאנְצֶער
עוֹלָם • מֶען הָאט גֶעטְרוּנְקֶען פּוּנְשׁ , וַויין אוּנ סְ'אִיז גֶעוֶועןְ אַ פְּרֶעהְלִיכֶע
מְלַוֶה מַלְכָּה • דֶער חַזָן הָאט זִיךְ גֶעפְּיֶעסְטְשֶׁעט , זִיךְ גֶעקְלָאגְט אוֹיפְן הַאלְז ,
עֶר הָאט אַבִּיסִיל זִיךְ צוּגֶעקִיהְלְט אוּנ מוּז עֶטְלִיכֶע טֶעג אָפְּהִיטֶען זַיין כֵּלִי ,
זִיךְ אַלְץ גֶעקְוֶוינְקֶעלְט , גֶעקְוֶוינְקֶעלְט אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר דֶעם
עוֹלָם פָּארְט צוּלִיבּ גֶעטָאן גֶעזָאגְט "אֵלִיָהוּ'ס" אוּנ גֶעזוּנְגֶען אַ וָואלֶעבִיל •
דָעם חַזָן אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען נֵייטִיג נָאךְ עֶפִּיס צוּשִׁיקֶען אוּנ וִויא עֶר הָאט
אַ רוּף גֶעטָאן : אַבְרָהָמְקֶע ! הַא־הַא , דָא הָאבּ אִיךְ גֶעעֶפֶענְט אַ פִּיסְקֶעל
אוּנ אַ זָאג גֶעגֶעבֶּען : "חַזָן מֶען הָאט פוּן אַייךְ גֶעלַאכְט !" גַאנְץ הוֹיךְ אוֹיף
אַ קוֹל אוּנ פְּרֶעהְלִיךְ , וַוייל אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט אִין קָאפּ אַבִּיסִיל מַשְׁקֶה •
דֶער חַזָן נֶעבִּיךְ אִיז גֶעוָוארֶען אָנְגֶעצוּנְדֶען , רוֹיט וִויא אַיין אִינְדִיק , דָאס
פְּנִים הָאט אִיהְם זִיךְ גֶעמִינֶעט אוּנ דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם אִיז גֶעבְּלִיבֶּען
עֶפִּיס וִויא צוּמִישְׁט מִיט אוֹיסְגֶעגְלָאצְטֶע אוֹיגֶען • אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט ,
אַז דֶער חַזָן וִויל מִיר נִישְׁט גְלוֹיבֶּען • בֶּערֵיידֶעווְדִיגְט בִּין אִיךְ גְרָאד
דֶענְסְמָאל גֶעוֶועןְ פוּנְם בִּיסִיל פּוּנְשׁ , נוּא הָאבּ אִיךְ מִיךְ צוּלָאזְט מִיט מַיין
זִיס צִינְגֶעל אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּשְׁוֶוערֶען ? "וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד חַזָן , מֶען
הָאט פוּן אַייךְ גֶעלַאכְט ! אָטְ־אָ דִיא דָאזִיגֶע מֶענְשֶׁען טַאקִי הָאבֶּען זִיךְ
גֶעקְרִיהְמְט , שְׁטַארְק חוֹזֵק גֶעמַאכְט ! • • וֶוער שְׁמִיעֶסְט יֶענֶער , יֶענֶער ,
וָואס טְרִינְק אוּנ סוֹדֶעט זִיךְ אַלְץ מִיט אַייךְ , עֶר הָאט הֶעלְבֶּען זֶעהְר
גֶעלַאכְט בְּשַׁעַת מִיר הָאבֶּען גֶעאַרְבֵּייט אִין דֶער קְדוּשָׁה עֶפִּיס הָאט עֶר ,
דַאכְט זִיךְ גֶעזָאגְט , קָאטְשַׁאן • • וֵויים אִיךְ וָואס קָאטְשַׁאן הֵייסְט ?
אִינְדִיקְזוֹימֶען צוּ קָאטְשֶׁקֶעפּוּטֶער • • • ״ דֶער חַזָן הָאט פַּארְבִּיסֶען דִיא
לִיפֶּען , קְלָאמְפֶּערְשְׁט גֶעמַאכְט זִיךְ לַאבֶּענְדִיג אוּנ גֶעזָאגְט דֶעם עוֹלָם
אוֹיף מִיר , אַז אִיךְ בִּין אַ שׁוֹטֶה , שְׁטַארְק תְּמֶעוַואטֶע , וֵוייכְט נִישְׁט
וֶוער עֶס הָאט מִיךְ גֶעשׁוֹירֶען , צוּ דִיא אַלֶע מַעֲלוֹת בִּין אִיךְ נָאךְ גְרָאד
אִיצְט אַבִּיסִיל פַּארְלֶעקְט , נָאר עֶר מוּז אַזַא אָנְשִׁיקֶענִישׁ הַאלְטֶען צוּלִיבּ
דֶעם קוֹלְכֶעל , דֶעם עוֹלָם אִיז גֶעוָוארֶען עֶפִּיס אוֹיךְ פְּרִיקְרֶע , דִיא מְלַוֶה
מַלְכָּה הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקְלֵייעְט אוּנ מֶען אִיז זִיךְ פַאנַאנְדֶערְגֶעגַאנְגֶען
עֶפִּיס צוּשְׁטֶערְבֶּעט • אִיהְר קֶענְט אַייךְ מְשַׁעֵר זַיין , וָואס אִיךְ הָאבּ דֶערְנָאךְ

גֶעלַייזְט. דֶער חַזָן הָאט מִיר גֶעוִויזֶען וָואס פַאר אַ גָאט מִיר הָאבֶּען אוּנ דָאס בִּיסֶעל פוּנְש אִיז מִיר בְּאָקִים אוֹיסְגֶעפַאלֶען.

אִיךְ בִּין מִיט דֶעם חַזָן וַוייטֶער אַרוּמְגֶעפָאהְרֶען, זִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט אִין אַ סַךְ יוּדֶעשֶׁע שְׁטֶעטְלִיךְ אוּנ אוֹיף שַׁבָּת נַחֲמוּ זֶענִין מִיר אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען קַיין צְוִויאַטְשִׁיטְשׁ. דֶער חַזָן הָאט אַרוּיסְגֶעקוּקְט וְאוֹיף צְוִויאַטְשֶׁעטְשֶׁער חַזָנוֹת. עֶר הָאט דָארְט אַיינְגֶעלַייגְט דִיא וֶועלְט אוּנ גֶעאַרְבֵּייט אוֹיף אַלֶע כֵּלִים, דִיא גַבָּאִים הָאבֶּען אִיהְם גֶעבֶּעטֶען, פַארְבְּלַייבֶּען דָארְט אוֹיף יָמִים נוֹרָאִים, אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועט מֶען מִיט אִיהְם זִיךְ אוֹיסְגְלַייכֶען, אַלְסְדִינְג אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם גוֹמֵר זַיין. אִיךְ בִּין דֶער וַוייל אַבִּיסִיל בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען מִיט צְוִויאַטְשִׁיטְשֶׁער קוֹנְדֵסִים אוּנ בִּין בה"ש בַּייא דֶער דָארְטִיגֶער וַוייסֶער חֶבְרָה גֶעוֶועֶן אַ שְׁטִיקֶעל חָשׁוּב, הַיְינוּ, אַז סְ'אִיז אוֹיסְגֶעקוּמֶען צוּלוֹיפֶען מִיט אַ הוֹרָא נָאךְ דֶעם דָארְטִיגֶען מְשׁוּגָענֶעם הָאט מֶען מִיךְ גֶעלָאזְט לוֹיפֶען פָארְאוֹיס, אָדֶער אַז מֶען הָאט בֶּעדַארְף עֶמִיצֶען מַאכֶען אַ פָּאנְפֶּע פְּלֶעגְט מֶען דֶערְצוּ נֶעהְמֶען קְלִיאָטְשֶׁע בַּייא מִיר פוּן דֶער קַאפָּאטֶע אוּנ וֶוען סְ'אִיז אַ מָאל גֶערָאטֶען אַרוֹיסְצוּגַנְבֶהְנֶען פוּנֶם שַׁמָשׁ שַׁאפֶּקֶעלֶע דֶעם שׁוֹפָר פְּלֶעגְט מֶען מִיךְ מְכַבֵּד זַיין מִיט דֶעם עֶרְשְׁטֶען בְּלָאז. עֶס וָואלְט מִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען אֲפִילוּ צוּ וֶוערֶען גוּט. נָאר וָואס הֶעלְפְט עֶס אָבֶּער, אַז סְ'אִיז נִישְׁטָא קַיין מַזָל!

הֶערְט נָאר מַיין סוֹף בַּיים זָן. רֹאשׁ הַשָּׁנָה קֶענְט אִיהר זִיךְ פִירְשְׁטֶעלֶען וִויא מַיין חַזָן גֶעבִּיךְ הָאט נֶעהָארֶעוֶועט. עֶר הָאט גֶעאַרְבֵּייט, וִויא מֶען זָאגְט, אוֹיף אַלֶע זַאסְטֶעוֶוקֶעס, גֶעדְרֶעהְט אִיטְלִיכְס וָוארְט אַ מָאל צֶעהְן אַרוֹיף אוּנ אַרָאפּ, אוֹיסְגֶעטַייטְשְׁט מִיט דֶעם פִינְגֶער, פוּן דֶער גֶעמְבֶּע פְּלוּצְלִים אַרַיין אִין דֶעם בַּייא קוֹל, הַיידִי־דִי־דִי אַהֶער, הַיידִי־דִי־דִי אַהִין אוּנ אִיז שִׁיֶער נִישְׁט גֶעקְרָאכֶען אוֹיף דִיא וֶוענְד. דֶער בַּאס אִיז אַחֲרִיפְּנֶעט גֶעוָוארֶען פוּנֶם שְׁטַייגֶער מַאכֶען בַּיים אִיטְלִיכְס שְׁטִיקֶעל אַ נַייא שְׁטַייגֶעריל, נָאךְ אַ מָאל לַאטוּמְדוּם־דוּם־דוּם, וִוידֶער אַ מָאל לַאטוּמְדוּם־דוּם־דוּם! עֶר אִיז אָפְּגֶעגַאנְגֶען מִיט שְׁוַויס אוּנ זִיךְ אַלְץ גֶעוְוישְׁט מִיט דֶעם פַּאטְשַׁיילְכֶען, וָואס אִיז אִיהְם נִישְׁט אַרוֹיס פוּן דֶער הַאנְד. דֶעם פְלֵייטֶער גֶעבִּיךְ הָאט שׁוֹין נִישְׁט גֶעדִינְט דֶער קוֹל, עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט אַרִיבֶּערְשְׁרַייעֶן דֶעם בַּאס, נָאר עֶפִּיס אַ פַּייף, אַ קְוִויטְשׁ אוּנ אִיךְ, שְׁלִימַזָל, הָאבּ כִּמְעַט אַלֶע רֶגַע בֶּעדַארְפְט אַקְוִויטְשׁ טָאן טַאטֶענְיָא! אָדֶער אַ לַאנְגֶען טְרַאטַאטַאטִי! אַזְשׁ נוּא. . . . . הַכְּלָל מֶען הָאט גֶעאַרְבֵּייט, זִיךְ גֶערִיסֶען אוֹיף וָואס דִיא וֶועלְט שְׁטֶעהְט. אִין דֶער שׁוּל הָאט גֶעדַאוֶוענְט אַיוּנְגֶער מַאן אַ נָגִיד, עֶר אִיז גֶעוֶועֶן אַבִּיסִיל פוּן הַיינְטִיגֶער וֶועלְט, אַ דִיקֶער, אַ גֶעזוּנְטֶער, אַ שְׁטִיקֶעל לֵץ אוּנ זֶעהְר אַ גוּטֶער מֶענְשׁ. עֶר פְלֶעגְט לִיבּ הָאבֶּען זִיךְ נַארֶעשׁ צוּמַאכֶען מִיט קִינְדֶער

אוּנ הָאט שְׁרֶעקְלִיךְ פַּיְנְט גֶעהַאט דֶעם חַזָן פַאר זַיְינֶע מִיאוּסֶע הֲוָיוֹת • אַז דֶער חַזָן אִיז אַבִּיסִיל זִיךְ צוּפָאהְרֶען אִין דֶעם „אַתָּה זוֹכֵר“ וָואס אִין דֶער מוּסַף־דִיגֶער שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה, זִיךְ גֶענַאנְגֶען וִוי אוֹיף אַ פָּאטְשְׁטָאוֶוען וֶועג אוּנ פְלֶעגְט אַרוֹיסְוַוארְפֶען גֶעטָאקְטֶע וְנֶאֱמַרְלִיךְ פָּא מַאלַאדֶעצְקִי, אִיז צוּ מִיר שְׁטִילֶערְהַייט צוּגֶענַאנְגֶען דֶער לֵץ, דֶער נָגִיד, אוּנ הָאט מִיךְ עֶפִּיס גַאנְץ עֶרְנְסְט אַ פְרֶעג גֶעטָאן : זָאג נָאר קְלֵיינֶער, קֶענְס־דוּא מַאכֶען אַ וַוייְנְשֶׁעל ? אוּנ מְנֵיה־וּבֵיה טַאקִי אִיז שׁוֹין בַּייא אִים אוֹיף דִיא לִיפֶּען פַּארְטִיג גֶעוָוארֶען אַ יַויינְשֶׁעל, אַזַא גְרוֹיסֶע, אַזַא רוֹיטֶע, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ שְׁטַארְק צוּלַאכְט • אָבֶּער דֶענְכְּמָאל גְרָאד הָאט דֶער חַזָן שׁוֹין אוֹיסְגֶעטָאקְט אַ וְנֶאֱמַרִיל אוּנ גֶעוַוארְט אִיךְ זָאל מַאכֶען טְרַאטַא־טַא־טִי ! אַז דֶער עוֹלָם הָאט גֶעזֶעהֶן, דֶער חַזָן אִיז עֶפִּיס גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטִיל וִויא דֶערְוָוארְגֶען, הָאט מֶען אָנְגֶעהוֹיבֶּען פַּאטְשֶׁען אוֹיף דִיא שְׁטֶענְדֶערְס • דֶער חַזָן הָאט מִיט כַּעַס זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט צוּ מִיר, גְלַייךְ וִויא אִיךְ וָואלְט אִיהְם גֶענַאזֶעלְט, אָדֶער נִישְׁט גֶעוָואלְט אָפְּגֶעבֶּען וָואס אִיהְם קוּמְט • דִיא אוֹיגֶען הָאבֶּען אִיהְם גֶעפַּייֶערְט אוּנ זַיין פָּנִים אִיז גֶעוֶוען רוֹיט, אוֹיסְגֶעפְּרִיעֶט וִויא אַ צִימֶעס • דֶער בַּאס הָאט אוֹיסְגֶעדְרֶעהְט דֶעם קָאפּ צוּ מִיר מִיט אַ בְּרוּם, וִויא אַ קִיה צוּ אַ קֶעלְבֶּעל, אִיךְ זָאל שׁוֹין אָפְּעֶנְטְפֶערֶען, מַיין טְרַאטַא־טַא־טִי ! נָאר קוֹים וָואס אִיךְ הָאבּ סִיךְ גֶענוּמֶען קְוִויטְשֶׁען הָאט דֶער נָגִיד אַקֶעגֶען מִיר גֶעמַאכְט נָאךְ אַ מָאל אַ וַויינְשֶׁעל אוּנ אִיךְ הָאבּ פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט אוֹיסְגֶעשָׁאסֶען אַ גֶעלֶעכְטֶער הוֹיךְ אוֹיף אַ קְוִויטְשׁ ! דֶער חַזָן הָאט זִיךְ רַאסְפָּאלָאשֶׁעט, פַּארְפּוּטֶעט אוּנ פַּארְפְלוּטֶעט, אִיז אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פוּן דִיא הָאלָאבְּלֶעס, אַרָאפּ פוּנֶם גְלַייכֶען שְׁלְיַאךְ, הָאט אִיבֶּערְגֶעהִיפֶּערְט אַ שְׁטִיק שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה אוּנ דֶערְצוּ נָאךְ גֶעמַאכְט עֶטְלִיכֶע גְרַייזֶען, דֶער עוֹלָם הָאט פוּן אַלֶע זַייטֶען גֶעמַאכְט פַּארְוואוּנְדֶערְט אִי, אִי, גֶעקְלַאפְּט אוּנ גֶעסְטוּקֶעט • דִיא וַוייבֶּער דָארְט אִין דֶער וַוייבֶּערְשֶׁער שׁוּל הָאבֶּען זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ אִין אֵיין אָטְהֶעם אַ גֶעשְׂרֵייא גֶעטָאן : אוֹי, עֶס בְּרֶענְט ! • • • דָא הָאבֶּען שׁוֹין ווִידֶער דִיא מַאנְסְבִּילֶען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען, זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטוּפֶּען אוּנ אַרוֹיסְלוֹיפֶען פוּן דֶער שׁוּל • דֶער כְּלַל ס׳אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אַ צֶערִידֶערְט דַאוְונֶען • דֶער עוֹלָם אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ נִישְׁט צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען • אוֹיף מָארְגֶען נָאךְ רֹאשׁ הַשָּׁנָה הָאט דֶער חַזָן מִיךְ אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען אוּנ אַלֵיין אִיז עֶר נֶעבִּיךְ בְּבוּשָׁה וַחֲרְפָּה אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען, זִיךְ וַוייטֶער עֶרְגִיץ אַרוּמְשְׁלֶעפֶּען • אִיךְ, שְׁלִימַזָל, בִּין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין צְוִויַאטְשִׁיץ וִויא אוֹיפְן וַואסֶער •

---

דער

## ז.

דֶער רָב, זָאל לֶעבֶּען, הָאט אִין מִיטֶען עֶנֶין אַנִידֶערְגֶעלֶייגְט דִיא פַּאפִּירֶען אָפְּצוּרוּהֶען זִיךְ אַבִּיסִיל אוּנ צוּחַאפֶּען דֶעם אָטְהֶעם. עֶר הָאט אַ קוּק גֶעטָאן אוֹיף דִיא נְגִידִים אוּנ גֶעזָאגְט צוּ זַייא מִיט דִיא וֶוערְטֶער:

— אִיךְ בֶּעט אִיבֶּער אַייעֶר כָּבוֹד, רַבּוֹתַי, וָואס אִיךְ פַארְנֶעהְם אַייךְ מִיט אַזַא מַעֲשֶׂה, אִיהְר זֶענְט דָאךְ מֶענְשֶׁען, סוֹחֲרִים, אִיטְלִיכֶער פוּן אַייךְ אִיז אַ טָרוּד פַארְדְרֶעהְט אִין זַיינֶע עֲסָקִים אוּנ הָאט אַוַודַאי קֵיין צַייט נִישְׁט! נָאר וָואס זָאל אִיךְ טָאן ס'אִיז דָאךְ אַ מִצְוָה מְקַיֵים צוּזַיין צַוָאַת הַמֵת. עֶר, עָלָיו הַשָׁלוֹם, הָאט עֶס פוּן מִיר פַארְלַאנְגְט אוּנ פַארְדִינְט טַאקִי מִיט רֶעכְט מֶען זָאל מְמַלֵא זַיין דִיא בַּקָשָׁה זַיינֶע, אַזוֹי וִויא אִיהְר וֶועט צוּם סוֹף אַלֵיין אַרוֹיסְזֶעהְן. זַייט־זְשֶׁע מִיר הוּנְדֶערְט מָאל מוֹחֵל רַבּוֹתַי!

— נִישְׁקָשֶׁה, נִישְׁקָשֶׁה! הָאבֶּען דִיא אַלֶע נְגִידִים זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען. אַדְרַבָּה, רֶבִּי, דִיא מַעֲשֶׂה גֶעפֶעלְט אוּנְז זֶעהְר. מִיר וָואלְטֶען נִישְׁט מִיהְד גֶעוָוארֶען זִיא צוּהֶערֶען בִּיז אִין סוֹף אַרַיין, הָאטְשׁ אַ טָאג מִיט אַ נַאכְט, אַזוֹי שֵׁיין גֶעפֶעהְלְט זִיא אוּנְז. דֶער בַּייא הָאט יִצְחָק אַבְרָהָם עֶס טַאקִי בַּייא אוּנְז אַלֶע פַארְדִינְט, מִיר זָאלֶען פוּן זַיינֶעט וֶועגֶען אַוֶועקְלֵייגֶען אַבִּיסִיל צַייט אוּנ הֶערֶען זַיין בֶּעשְׁרַייבּוּנְג. מִסְתָּמָא וֶועט דָאךְ עֶס צוּ עֶפִּיס פִיהְרֶען. דֶער סוֹף מוּז אַוַודַאי זַיין ווּאוּנְדֶער שֵׁיין אוּנ מִיר וֶועלֶען־קֵיין חֲרָטָה נִישְׁט הָאבֶּען, וָואס מִיר הָאבֶּען אַזוֹינְס גֶעהֶערְט.

פְּלוּצְלִים הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט דִיא טִיהְר, דִיא רֶבִּיצֶען הָאט אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט דֶעם קָאפּ מִיט אַ פְרֶעג: אוֹיבּ עֶמִיצֶער קֶען אִיצְט צוּם רֶב אַרַיינְגֶעהְן, עֶפִּיס זֶעהְר מִיט אַ גֶענֵייטִיגֶער זַאךְ, אוּנ אַז זִיא הָאט בֶּעקוּמֶען אַיין עֶנְטְפֶער: יָא! הָאט זִיא בַּאלְד טַאקִי אַרַיינְגֶעפִיהְרְט אִין שְׁטִיבֶּעל עֶפִּיס אַ יוּדֶענֶע אַ בִּילְד שֵׁיינֶע, אַ שְׁוַוארְצְהֶעגֶעוְודִיקֶע, מִיט אַ פָּאר אוֹיגֶען וִויא דִיא קַארְשֶׁען, נָאךְ אִין דִיא מִיטֶלֶע יָאהְרֶען. דִיא נְגִידִים הָאבֶּען פוּן דֶער זַייט דֶערְלַאנְגְט אַ גֶעשְׁמַאקֶען קוּק מִיט אַפֶּעטִיט אוּנ גֶעגֶעסֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען דִיא אוּמְבֶּעקַאנְטֶע, שֵׁיינֶע יוּדֶענֶע, וָואס אִיז אַקֶעגֶען אַ פָּאר מִינוּט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן מְבוּלְבָּל אִין דֶערְמִיט שְׁטִיבֶּעל אוּנ דִיא פַארְבּ אִיז אִיהְר גֶעשְׁטַאנֶען אִין פָּנִים. דֶערְנָאךְ אִיז זִיא מִיט אַ פַארְנֵייג צוּגֶעגַאנְגֶען צוּם רָב אוּנ גֶעזָאגְט אוֹיף אַבִּיסִיל אַ צִיטֶערְדִיגֶען קוֹל, אַז זִיא הָאט צוּ אִיהְם עֶפִּיס אַ זַאךְ, זִיא קֶען אָבֶּער מִיט אִיהְם דֶער פוּן נִישְׁט רֵיידֶען נָאר אוּנְטֶער פִיעֶר אוֹיגֶען. דֶער רָב הָאט זֶעהְר שֵׁיין אִיבֶּערְגֶעבֶּעטֶען דֶעם עוֹלָם אוּנ אִיז מִיט דֶער יוּדֶענֶע אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אִין אַיין אַנְדֶער חֶדֶר אַרַיין.

— אַ רֶבּ מֶענְדֶעלִי! וָואס מַאכְט אִיהְר גוּטְס? הָאט דִיא רֶבִּיצֶען

צוּ

צוּ מִיר זִיךְ גְעוֶוענְדֶעט נָאכְדֶעם אַז דֶער רֶב אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. שׁוֹין אַ לַאנְגֶע צַייט, רֶבּ מֶענְדֶעלִי, זֶענְט אִיהְר הִיא בַּייא אוּנְז נִישְׁט גֶעוֶועזֶען, הָאט אִיהְר עֶפִּיס גֶעבְּרַאכְט נַייס? דִיא מַאנְסְבִּיל מֵיינֶען, אַז נָאר פוּן זַייעֶרְט וֶועגֶען בֶּעדַארְף מֶען דְרוּקֶען סְפָרִים, אַלְכְּדִינְג פוּן זַייעֶרְט וֶועגֶען, וַוייבֶּער הָאבֶּען גָאר קֵיין נְשָׁמָה נִישְׁט, זַייא זֶענִין גָאר קֵיין מֶענְשֶׁען נִישְׁט אוּנ בֶּעדַארְפֶען קֵיין זַאךְ נִישְׁט הָאבֶּען, גֶענוּג פוּן זַייעֶרְט וֶועגֶען אִי דָאס וָואס זַייא לֶעבֶּען, וָואס זַייא טְרָאגֶען, הָאבֶּען קִינְדֶער, הָאדֶעוֶוען זַייא, קָאכֶען וַוארְמֶעס, הִיטֶען אָפּ דִיא מַאגֶען אוּנ וֶוערֶען פַארְשְׁוַוארְצְט.

— גֶעלוֹיבְּט אִיזְט גָאט, וָואס מֶען זֶעהְט זִיךְ גֶעזוּנְט! הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט. נִישְׁקָשֶׁה רֶבִּיצֶען, אִיךְ הָאבּ אִין אַייךְ נִישְׁט פַארְגֶעסֶען. אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעבְּרַאכְט אַ „תְּחִינַת אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל“ גָאר אַ שְׁפָּאגֶעל נַייֶע. זֶעהְט אִיהְר, רֶבִּיצֶען קְרוֹין, אִיהְר בֶּעשׁוּלְדִיגְט אוּמְזִיסְט דִיא מַאנְסְפַּארְשׁוֹינֶען, מֶען הָאט אַייךְ הֶלֶעבִּין אוֹיךְ אִין זִינֶען. קוּקְט, זַייט מוֹחֵל, אוּנ בֶּעטְרַאכְט דִיא תְּחִינוֹת וָואס מֶען מַאכְט פַאר אַייךְ אָן. וָואס ווִילְט אִיהְר הָאבֶּען? מִיר דַאכְט זִיךְ, מֶען הָאט שׁוֹין גֶענוּג, אִיבֶּערְגֶענוּג אַייךְ, וַוייבֶּער, אָנְגֶעמַאכְט.... נִישְׁט דָאס בִּין אִיךְ אוֹיסֶען.

— אֵייאֵי רֶבִּיצֶען! הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא נְגִידִים מִיט אַ שְׁמֵייכֶעלֶע זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען. אִיהְר ווִילְט הֶלֶעבִּין מַאכֶען אַ מְרִידָה אוּנְטֶער דִיא וַוייבֶּער! הֶערֶענְדִיג אַייךְ וֶועלֶען דָאךְ אוּנְזֶערֶע וַוייבֶּער פַארְרַייסֶען דִיא נֶעז, אָנְהוֹיבֶּען פָאדֶערֶען עֶפִּיס גָאר נַייֶע זַאכֶען אוּנ אוּנְז נָאךְ חָלִילָה וֶועלֶען גַטֶען! נָאר אִיךְ פְרֶעג אַייךְ רֶבִּיצֶען, אַז ס׳אִיז שׁוֹין יָא גֶעקוּמֶען צוּא רֵייד, זָאגְט זְשֶׁע, זָאלְט אִיהְר מִיר גֶעזוּנְד זַיין, פַאר וָואס זְשֶׁע הָאט פָארְט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען, אַז אֲפִילוּ אוּנְטֶער טוֹיזֶענְט וַוייבֶּער הָאט עֶר נִישְׁט גֶעפוּנֶען אִי אֵיינֶע אַ רֶעכְטֶע?

— טַאקִי דְרִיבֶּער הָאט עֶר נִישְׁט גֶעפוּנֶען, אִיז דִיא רֶבִּיצֶען אַרוֹיס מִיט אַ תִּירוּץ, וַוייל עֶר הָאט גֶעהַאט מְחִילָה טוֹיזֶענְט וַוייבֶּער, מַאנְסְבִּיל, וָואס זוּכֶען צוּהָאבֶּען אַ סַךְ וַוייבֶּער קֶענֶען טַאקִי אֵיינֶע אַ רֶעכְטֶע אוֹיךְ נִישְׁט הָאבֶּען, זָאגְט מִיר, אִיהְר וָואלְט אוֹיף זַייעֶר שְׁטֶעלֶע בֶּעסֶער גֶעוֶועזֶען, מַאנְסְבִּיל?....

— נָאר פַאר וָואס אָבֶּער, הָאט נָאךְ אֵיינֶער זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, שְׁטֶעהְט אִין אוּנְזֶערֶע סְפָרִים, אַז דִיא גַאנְצֶע חָכְמָה פוּן אַיין אִשָּׁה בֶּעשְׁטֶעהְט אִין גַאנְצֶען נָאר אִין דֶעם שְׁפִּינְדֶעל?

— ס׳אִיז דֶערִיבֶּער, הָאט דִיא רֶבִּיצֶען גֶעעֶנְטְפֶערְט, וַוייל דָאס הָאט אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ מַאנְסְבִּיל. אַוַודַאי זֶענְט אִיהְר חֲכָמִים, אַז אִיהְר גֶעוֶועלְטִיגְט אוּנ הַאלְט דִיא וַוייבֶּער נֶעבִּיךְ אִין אַייעֶרֶע הֶענְד. דֶער שְׁטַארְקֶער בְּלַייבְּט תָּמִיד דֶער קְלוּגֶער, דֶער גֶערֶעכְטֶער, ווִיא זָאגְט מֶען:

עֶפִּים: דֶער מַלְאַךְ־הַמָּוֶת שֶׁעבְּט אוּנ בְּלַייבְּט גֶעהֶעבְּט. נָאר וֶוערְטְלִיךְ אִין דֶער זַייט. אִיךְ פְרֶעג אַייךְ נִישְׁט מֶעהְר, וִויא קֶענְט אִיהְר אוּנְז אָפְּפַּסְקֶענֶען אַזוֹינְס, וָואס מִיר ווַייסֶען אוּנ מִיר זֶעהְן מִיט אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען אַז ס'אִיז נִישְׁט אַזוֹי! וֶוויינִיג ווַייבֶּער נְבִיאוֹת אִי חֲכָמוֹת זֶענִין בַּייא אוּנְז יוּדֶען גֶעוֶועזֶען אַ מָאל אִין דִיא אַלְטֶע צַייטֶען אוּנ וֶוויינִיג ווַייבֶּער חֲכָמוֹת, בְּרִיוֹת זֶענִין דָא בַּייא אוּנְז אוֹיךְ הַיינְטִיגֶע צַייטֶען, וָואס שְׁטֶעהְן אַ סַךְ הֶעכֶער פוּן אַנְדֶערֶע מַאנְסְבִּיל? מִיר דַאכְט זִיךְ, אַז טַאקִי דָא בַּייא אוּנְז אִין דֶער שְׁטָאדְט קֶען מֶען אוֹיפְצֶעהְלֶען פִיל ווַייבֶּער, וָואס נָאר זַייעֶר בְּרֵיהשַׁקַייט אוּנ חָכְמָה אַלַיין הָאבֶּען דִיא מַאנֶען צוּפַארְדַאנְקֶען אַלְסְדִינְג, זַייעֶר כָּבוֹד אִי זַייעֶר עֲשִׁירוֹת. וֶוען נִישְׁט דִיא ווַייבֶּער וָואלְט פוּן זַייא גָארְנִישְׁט גֶעוָוארֶען. פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען זָאל אוֹיסְקוּמֶען אַ מָאל עֶפִּים בַּייא אַ שְׁטָאדְט זַאךְ אָדֶער בַּייא עֶפִּים אַיין אַנְדֶערֶען וִויכְטִיגֶען עִנְיָן, ווַייסְט מֶען נִישְׁט מֶעהְר וִויא דִיא דָאזִיגֶע בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים, וָואס טוֹיגֶען נִישְׁט מְחִילָה אַ קַאטְץ אַ נֶעק צוּבִּינְדֶען, דִיא ווַייבֶּער זֶענִין פַאר־רֶעכֶענְט וִויא גָארְנִישְׁט. אַלְץ בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים, בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים, אֲפִילוּ אִין מֶרְחָץ אַרַיין מְחִילָה רוּפְט מֶען אוֹיךְ נָאר בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים. בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים אִין בָּאד אַרַיין! . . . .

— עֶפִּים זֶענְט אִיהְר מִיר הַיינְט רֶבִּיצֶען זֶעהְר שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט, הָאט דֶער נָגִיד ווַייטֶער זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען. עֶפִּים רֶעדְט אִיהְר מִיט פַארְדְרָאס, ס'אִיז אַייךְ עֶפִּים נִישְׁט גוּט אוֹיפְן הַארְצֶן אוּנ אִיהְר לָאזְט אוֹיס אַייעֶר כַּעַס צוּ דִיא מַאנְסְבִּיל גֶעבִּיךְ!

— גְלוֹיבְּט מִיר, הָאט דִיא רֶבִּיצֶען גֶעזָאגְט אוּנ אִין דִיא אוֹיגֶען הָאבֶּען אִיהְר זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט טְרֶעהְרֶען, גְלוֹיבְּט מִיר, וִויפִיל אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט אִיז נָאךְ קַיין מַעֲשֵׂר מִן הַמַּעֲשֵׂר נִישְׁט וִויפִיל אִיךְ הָאבּ נָאךְ בֶּעדַארְפְט רֵיידֶען, אַזוֹי פַארְבִּיטֶערְט אִיז מִיר דָאס הַארְץ. דִיא בִּידְנֶע יוּדֶענֶע נֶעבִּיךְ, וָואס אִיהְר הָאט זִיא דָא עֶרְשְׁט נִישְׁט לַאנְג גֶעזֶעהְן, זִיא הָאט בַּייא מִיר הַיינְט אַ שְׁטִיק גֶעזוּנְט צוּגֶענוּמֶען אוּנ מִיר גֶעוִויזֶען מִיט אִיהְר גְרוֹיס אוּמְגְלִיק, וֶועלְכֶעס הָאט זִיא גֶעטְרָאפֶען, וָואס מַאנְסְבִּיל זֶענִין, וָואס זַייא זֶענִין אִין שְׁטַאנְד צוּטָאן, אוּנ וִויא פִינְסְטֶער אוּנ בִּיטֶער אוּנְזֶער ווַייבֶּערְשֶׁע לַאגֶע אִיז נֶעבִּיךְ. אַז אַךְ אוּנ וֶועה אִיז אוּנְז, וָואס מִיר זֶענִין אוֹיף דֶער וֶועלְט נָאר גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען! הָאט דִיא רֶבִּיצְען טִיף פוּנֶם הַארְץ אַ זִיפְץ גֶעטָאן אוּנ מִיט אַ טִיכֶעל זִיךְ גֶעווִישְׁט דִיא אוֹיגֶען.

— נַאט רֶבִּיצֶען! הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ אִיהְר גֶעגֶעבֶּען דִיא תְּחִנָּה וֶועלְכֶע אִיךְ הָאבּ אַרוֹיסְדֶערְטַאפְּט פוּנֶעם פֶּעקִיל, אִיךְ ווַייס, אַז דִיא תְּחִנָּה אִיז פַאר אַייךְ גוּט, פַאר אַייךְ אִיז טַאקִי הָלֶעבִּין גוּט דִיא תְּחִנָּה . . .

אמת

— אֶמֶת טאַקי רֵב מֶענְדעלִי ! האָט דִיא רֶבִּיצֶען זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען . פַאר אוּנְז בִּידְנֶע וַוייבֶּער נֶעבִּיךְ אִיז טַאקי גוּט נָאר תְּחִינוֹת אֵיין אֵיינְצִיגֶע רְפוּאָה צוּ הֶערְצֶער פוּל מִיט מַכּוֹת מִיט וואוּנְדֶען ; אַיין אֵיינְצִיג מִיטֶעל אוֹיס צוּ וויינֶען זִיךְ הָאטְשׁ אַ מָאל אוּנ אוֹיסְצוּגִיסֶען דָאס שְׁוֶוער בִּיטֶער גֶעמִיטְה אִין הֵייסֶע וַוארֶעמֶע קְוואלֶען טְרֶערֶען . . . . ס'אִיז נָאר אַ וָועהְטִיג , אַ צוּזֶעטְצֶענִישׁ וִויא דִיא מַאנְסְבִּיל , וָואס פַארְשְׁטֶעהֶן נִישְׁט אוּנ ווילֶען גָאר נִישְׁט פַארְשְׁטֶעהֶן אוּנְזֶער הָארֶץ , לַאבֶען , שְׁפָּאטֶען פוּן דִיא וַוייבֶּערְשֶׁע תְּחִינוֹת אוּנ פַארְגִינֶען אוּנְז נִישְׁט אוֹיךְ דִיא דָאזִיגֶע אֵיינְצִיגֶע רְפוּאָה . זֵייא זָאלֶען זִיצֶען אַ מָאל אִין דֶער וַוייבֶּערְשֶׁער שׁוּל אַ שַׁבָּת אָדֶער אַ יוֹם טוֹב אוּנ צוּזֶעהֶען דָארְט אַ סַךְ בִּידְנֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע וַוייבֶּער , וָואס הָאבֶּען זִיךְ קוּים אַרוֹיסְגֶערִיסֶען פוּן דֶער הֵיים : דִיא מִיט אַ פִּינְסְטֶערֶער דָאלְיֶע פוּן אִיהְר מַאן , יֶענֶע אַ וִוידְטֶע עֲגוּנָה , אֵיינֶע מִיט אַ שְׁוֶוער טְרָאגֶען , דִיא אַנְדֶערֶע מִיט אַ פַארְבִּיטֶערְט גֶעמִיטְה פוּן אִיהְרֶם אַ זֵייגֶענְדִיגְס , קְרַאנְק קִינְד , וָואס לָאזְט זִיא דוּרְךְ דִיא נֶעכְט נִישְׁט שְׁלָאפֶן אוּנ פַארְמוּטְשֶׁעט זִיא נֶעבִּיךְ , דִיא מִיט גֶעשְׁוָואלֶענֶע , אָפְּגֶעבְּרִיהְטֶע הֶענְד פוּנֶם שְׁטֶעהֶן בַּיים אוֹיבֶן אוּנ דִיא מִיט אַ פַארְזָארְגְט , אוֹיסְגֶעבְּלֵייכְט פָּנִים פוּן דֶער שְׁוֶוערֶער פַאנְטְשְׁטְשֶׁענֶע , פוּנֶם שְׁטֶענְדִיגֶען גֶעהְן אִין יָאךְ , וִויא דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע פַארְאוּמֶערְטֶע דֶערְשְׁלָאגֶענֶע נֶעבִּיךְ שְׁטֶעהֶן אַרוּם דֶער זָאגֶערֶען דָארְט , יָאמֶערֶען , קְלָאגֶען מִיט אוֹיפְגֶעהֵייבֶּענֶע אוֹיגֶען צוּם בַּארֶעמְהַארְצִיגֶען , גֶעטְרֵייֶען פָאטֶער אִין הִימֶעל , בֶּעוַואשֶׁען זִיךְ מִיט טְרֶעהֶרֶען אוּנ וויינֶען פוּן זִיךְ אַרוֹיס דִיא נְשָׁמָה , ווען זֵייא , דִיא מַאנְסְבִּיל , זָאלֶען עֶס בֶּעטְרַאכְטֶען אוּנ צוּזֶעהְן מִיט זֵייעֶרֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען , וָואלְט הֶעלְפִין זֵייא זִיךְ נִישְׁט גֶעעֶפֶענְט דָאס מוֹיל צוּשְׁפֶּעטֶען פוּן דִיא וַוייבֶּערְשֶׁע תְּחִינוֹת . . . . אַ דַאנְק אֵייךְ רֵב מֶענְדֶעלִי ! וָואס אִיהְר הָאט אִין מִיר נִישְׁט פַארְגֶעסֶען . אִיךְ וֶועל אֵייךְ בַּאלְד אַרֵיינְשִׁיקֶען פַאר דֶער תְּחִינָה . אַזוֹי הָאט דִיא רֶבִּיצֶען אַ זָאג גֶעטָאן צוּם סוֹף , זִיךְ אוֹיסְגֶעוִוישְׁט דִיא אוֹיגֶען אוּנ שְׁטִילֶערְהֵייט אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען .

אַלֶע מֶענְשֶׁען אִין דֶעם שְׁטִיבֶּעל זֶענֶען אַ הִיבְּשֶׁע צַייט גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטִיל וִויא דָאס לָשׁוֹן הָאט זֵייא אָפְּגֶענוּמֶען . דִיא רֶבִּיצֶען מִיט אִיהְרֶע רֵייד הָאט אוֹיף זֵייא אָנְגֶעוָוארְפֶען עֶפִּיס אַ מָרָה־שְׁחוֹרָה , אִיךְ בִּין מִיר גֶעוֶועסֶען אוּמֶעטִיג אִין אַ ווינְקֶעל אוּנ צוּקֵייעֶט דֶער רֶבִּיצֶענְס אִיטְלִיכֶס וָוארְט . אִיהְרֶע ווערְטֶער זֶענִין גֶעוֶוען אָנְגֶעזַאפְּט וִויא אַ שְׁוָואם מִיט שַׁארְפֶע , בִּיטֶערֶע גֶעפִיהְלֶען אוּנ מִיךְ גֶעשְׁטָאכֶען , גֶעצוּפְּט אִי אָנְגֶעחַאפְּט בַּיים הַארְץ וָואס מֶעהְר אִיךְ הָאבּ זֵייא צוּקֵייעֶט . מִיר אִיז דֶעמְסְמָאל גֶעוֶוען צוּ־מוּטְה עֶפִּיס גְלַייךְ וִויא מֶען וָואלְט פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען גֶעפַּאלְמֶעסְט אַ לֶעבֶּעדִיגֶען מֶענְשֶׁען , אַרוֹיסְגֶענוּמֶען דָאס וַוארְעמֶע , נָאךְ צַאפְּלֶענְדִיגֶע

הארץ

הַארְץ, עֶס גֶעעֶפֶענְט, גֶעשְׁנִיטֶען אַרַיינְצוּקוּקֶען אוּנ זֶעהְן אַלְסְדִינְג, וָואס דָארְט אִינְוֶוענְדִיג גֶעהְט פִּיר. פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶערוּנֶען בְּלוּט, גַאל, טְרֶערֶען מִיט אֵייטֶער אוּנ אִין דִיא אוֹיעֶרֶען הָאט מִיר זִיךְ גֶעהֶערְט אַ זִיפְצֶען מִיט אַ קְרֶעכְצֶען. צְווִישִׁין אַ סַךְ מְשׁוּנֶּה טְרוֹיעֶרְדִיגֶע גֶעשְׁטַאלְטֶען הָאט מִיר זִיךְ אַלְץ גֶעדְרֶעהְט אִין קָאפּ דִיא בִּילְד־שֵׁיינֶע יוּדֶענֶע, וָואס דִיא רֶבִּיצֶען הָאט זִיא אַזוֹי בֶּעדוֹיעֶרְט, זִיא אִיז מִיר פִירְגֶעקוּמֶען וִויא זִיא וַויינְט, בְּרֶעכְט דִיא הֶענְט אוּנ בְּלוּט גִיסְט זִיךְ אִיהְר פוּן דִיא אוֹיגֶען וִויא דִיא קַארְשֶׁען. וָואס אִיז דָאס פַאר אַ יוּדֶענֶע? וָואס אִיז אִיהְר גֶעבִּיךְ אַזוֹינְס? וֶוער הָאט אַזֶעלְכֶע גֶעקֶענְט בֶּעלֵיידִיגֶען? אוּנ אִין וָואס בֶּעשְׁטֶעהְט אִיהְר אוּמְגְלִיק? דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע זַאכֶען הָאבּ אִיךְ אַלְץ גֶעטְרַאכְט בַּייא מִיר אִין דִיא גֶעדַאנְקֶען שְׁטַארְק פַארְטִיפְט, אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אַוֶועקְגֶעטְרַאכְט גַאנְץ הִיבְּשׁ בִּיז אִיךְ הָאבּ פְּלוּצְלִים מִיךְ אוֹיפְגֶעוַואכְט וִויא פוּן אַ שְׁלָאף אוּנ אַ קוּק גֶעטָאן אוֹיף דֶעם עוֹלָם.

— וָואס זִיפְצֶט אִיהְר אַזוֹי ר׳ חָנָא? הָאט אֵיין נָגִיד דֶעם אַנְדֶערֶען גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ זִיפְץ ר׳ בֶּערִישׁ, הָאט ר׳ חָנָא גֶעעֶנְטְפֶערְט, אוֹיף דֶער אֲבֵדָה, וָואס מִיר הָאבֶּען פַארְלָארֶען. יִצְחָק אַבְרָהָם אִיז גֶעוֶוען זֶעהְר אַ נוּטְצְלִיכֶער מֶענְשׁ, מִיר הָאבֶּען אַלֶע אִין אִיהְם גֶעהַאט אַ פְרַיינְד, אַ טְהוּעֶר אוּנ אַ בַּעל סוֹד. עֶר אִיז אוּנְז צוּפְרִיא אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען. עֶר הָאט בֶּעדַארְפְט חָאטְשׁ נָאךְ עֶטְלִיכֶע יָאהְר לֶעבֶּען. אַ שָׁאד הָלֶעבִּין! מִיר מֶעגֶען אַלֶע טַאקִי זִיפְצֶען אוֹיף אַזַא גְרוֹיסֶער אֲבֵדָה. קֵיינֶעם אִיז יִצְחָק אַבְרָהָם אַזוֹי נִישְׁט אָפְּגֶעשְׁטָארְבֶּען וִויא דֶער שְׁטָאדְט, אוּנְז אַלֶע מֵיין אִיךְ!

— טַאקִי גַאנְץ אֱמֶת ר׳ חָנָא, הָאבֶּען אַלֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ זִיךְ שְׁטַארְק פַארְטְרַאכְט.

אִיהְר ר׳ פַּייבּוּשׁ גֶעהֶערְט דָאךְ טַאקִי צוּ־וִויסֶען וֶוען דִיא קְבוּרָה וֶועט זַיין, הָאט אֵיינֶער אַ פְרֶעג גֶעטָאן. אִיהְר זֶענְט דָאךְ, ר׳ פַּייבּוּשׁ אַ טְהוּעֶר אִין דֶער חֶבְרָא קַדִישָׁא.

— דִיא קְבוּרָה, ר׳ אַבָּא, וֶועט עֶרְשְׁט זַיין מָארְגֶען. אֵיינְמָאל אִיז הַיינְט שְׁוֶוער גֶעוֶוען זִיךְ אוֹיסְצוּדְרֶעהְן, עֶס אִיז גֶעוֶוען אַיין עִיכּוּב מֵחֲמַת כַּמָה זַאכֶען, אוּנ צְווֵייטֶענְס טַאקִי הָאט חֶבְרָה זִיךְ נָאךְ נִישְׁט אוֹיסְגֶעגְלַייכְט.

— אִיךְ הָאבּ נָאךְ הַיינְט אַ חֲתוּנָה, הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אֵיין דַיָּין. אִיךְ בִּין מִיט מְסַדֵר קִידוּשִׁין.

— אוּנ מִיר חַלֶשְׁט גָאר דָאס הַארְץ, הָאט גֶעזָאגְט דֶער אַנְדֶערֶער דַיָּין. פוּן אַלֶע זַאכֶען וָואלְט אִיךְ גֶענוּמֶען עֶפִּיס אִין מוֹיל. מִיר אִיז שׁוֹין

טאכי

טַאקִי צַייט צוּעֶסֶען , אִיךְ הָאבּ נָאךְ הַיינְט חוּץ אַ גְלֶעזֶעל צִיקָארְיֶע נִישְׁט טָעֲם טַעַם גֶעוֶוען .

— מַיינֶע מֶערִידִין טְהוּעֶן מִיר אָן גָאר צָרוֹת ! אִיז אַרַיין אִין דֶער מִיט נָאךְ אַ דַין . זָאגְט מִיר , אִיךְ בֶּעט אַייךְ , וָואס טְהוּט אִיהְר עֶפִּיס צוּ אַייעֶרֶע מֶערִידִין ? מֶעהְרֶענְצִימֶעס , זָאגְט מֶען , זָאל דֶערְצוּ גוּט זַיין . וַויים אִיךְ ? אִיךְ הָאבּ אַלְץ בִּיז אַהֶער גֶעהַאלְטֶען פוּן גֶעקָאכְטֶע פְלוֹימֶען מִיט צְוֶענֶעס .

— צוּ מֶערִידִין אִיז דִיא בֶּעסְטֶע רְפוּאָה, הָאבֶּען בֵּיידֶע פְרִיהֶערְדִיגֶע זִיךְ גְלַייךְ אַרוֹיסְגֶעוֶערְדְט , זִיךְ גָאר נִישְׁט וִויסֶענְדִיג מַאכֶען אוּנ גָארְנִישְׁט טָאן. מִיר הָאבֶּען עֶס בְּקַבָּלָה פוּן אוּנְזֶערֶע טַאטֶעס . . . .

אִיךְ בִּין גֶעזֶעסֶען וִויא אוֹיף שְׁפִּילְקֶעס אוּנ גֶעצֵיילְט דִיא מִינוּטֶען דֶער רָב זָאל אַרַיינְקוּמֶען , אִיךְ זָאל שׁוֹין זוֹכֶה זַיין צוּהֶערֶען דֶעם סוֹף פוּן דֶער גַאנְצֶער מַעֲשֶׂה אוּנ צוּ וָואס בִּין אִיךְ דָא אַזוֹי נֵייטִיג גֶעוֶוען . סְ'אִיז מִיר צוּגְרוֹיס גֶעוֶוען אִיטְלִיכֶע רֶגַע אוּנ אִיךְ בִּין מִיד גֶעוָוארֶען וַוארְטֶענְדִיג . פְּלוּצְלִים אִיז אַרַיין דֶער רָב עֶפִּיס וִויא שְׁטַארְק צוּטְרָאגֶען מִיט אַ גֶעקְנֵייטְשְׁטֶען שְׁטֶערֶען , וָואס דָאס הָאט זֶעהְר גוּט בֶּעוִויזֶען , אַז אִינְוֶוענְדִיג אִין קָאפּ זֶענִין דָא פִיל מַחֲשָׁבוֹת אוּנ סְ'אִיז עֶפִּיס נִישְׁט גְלַאטִיק. עֶר הָאט עֶטְלִיכֶע מָאל אַ פִיהְר גֶעטְאן דִיא הַאנְד אִיבֶּער דֶעם פָּנִים אוּנ דֶערְבַּייא אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען דִיא הָאר פוּנֶם בָּארְד . דֶער נָאךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶעוֶוענְדְט צוּם עוֹלָם בְּזֶה הַלָּשׁוֹן :

— זַייט מִיר הוּנְדֶערְט מָאל מוֹחֵל רַבּוֹתַי , וָואס אִיךְ הָאבּ אַייךְ דָא גֶעלָאזְט אַזוֹי לַאנְג וַוארְטֶען . אִיךְ בִּין גֶעוֶוען טְרוּד מִיט דֶער דָאזִיגֶער יוֹדֶענֶע נֶעבִּיךְ , אַצִינְד בִּין אִיךְ זֶעהְר צוּטְרָאגֶען, עֶס טְהוּט מִיר , לֹא עֲלֵיכֶם , אַבִּיסִיל וֶועה דֶער קָאפּ . דֶערְבַּייא אִיז שׁוֹין טַאקִי אַבִּיסִיל שְׁפֶּעטְלִיךְ , דֶערִיבֶּער וָואלְט אִיךְ גֶעזָאגְט , לָאז דָאס לַייעֶנֶען פַאר הַיינְט גֶענוּג זַיין . אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם מָארְגֶען פְּרִיא , בֶּעט אִיךְ אַייךְ , זָאלְט אִיהְר מוֹחֵל זַיין קוּמֶען , וֶועלֶען מִיר בְּלִי נֶדֶר דֶערְלֵייעֶנֶען בִּיז אִין דֶעם סוֹף אַרַיין. נָאר אִיךְ בֶּעט אַייךְ צוּקוּמֶען , אוֹיבּ אַייעֶר גוּטֶער ווִילֶען וֶועט זַיין , פְּרִיא , טַאקִי גַאנְץ פְּרִיא , בַּאלְד נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען .

דֶער עוֹלָם אִיז זִיךְ צוּגַאנְגֶען . אַז אִיךְ בִּין צוּרִיקְגֶעקוּמֶען צוּם בֵּית הַמִּדְרָשׁ הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶען מַיין הוּנְגֶערִיג פֶערְדִיל נֶעבִּיךְ וִויא עֶר שְׁטֶעהְט מִיט אוֹיפְגֶעשְׁטֶעלְטֶע אוֹיעֶרֶען אוּנ קוּקְט אִין בֵּיידֶעל אַרַיין . נוּא חָכָם מַיינֶער , הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ אִיהְם אַ נֶעהְם גֶעטָאן פְרַיינְדְלִיךְ בַּייא דֶער טְשָׁאפְּרִינֶע , קוּם עֶסֶען סִיטְשְׁקֶע ! לֵעת עַתָּה , חָכָם מַיינֶער , בִּיסְט דוּא נִישְׁט קְרַאנְק צוּעֶסֶען סִיטְשְׁקֶע . מָארְגֶען אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם אַז דִיא

חכמה

חָכְמָה דַיינֶע וֶועט אַיינְגֶעהְן , דֶענְסְמָאל זֶעהְסְט דוּא , הָאסְט דוּא בַּייא מִיר אַ גַאנְץ מֶעסְטִיל הָאבֶּער .

---

## ח.

קוֹים וָואס אִיךְ הָאבּ דֶערְלֶעבְּט מָארְגֶען פְרִיא אָפְּצוּדַאוְונֶען הָאבּ אִיךְ עֶפִּיס אִיבֶּערְגֶעהַאפְּט אִין דֶער גִיךְ , אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען וַוייטֶער אוֹיף דֶעם שַׁמָשׁ מַיין בַּיידֶעל מִיט דֶעם פֶערְדִיל אוּנ מִיךְ גֶעיָאגְט גֶעשְׁוִוינְד צוּם רָב , וָואס אַהִינְצוּ אִיז בַּאלְד טַאקִי אָנְגֶעקוּמֶען דֶער אִיבֶּערִיגֶער גֶעבְּטִיגֶער עוֹלָם , הוּץ אֵיין ר׳ פַייבוּשׁ אַלֵיין הָאט גֶעפֶעלְט צוּם מִסְפָּר . אַלֶע הָאבֶּען פָּשׁוּט גֶעבְּרֶענְט הֶערֶען דֶעם סוֹף פוּן דֶער מַעֲשֶׂה אוּנ זִיךְ גֶערִיכְט אוֹיף עֶפִּיס נַייעֶס . דֶער רָב הָאט זִיךְ אַנִידֶערְגֶעזֶעצְט , גֶענוּמֶען אִין הַאנְט דִיא פַּאפִּירֶען אוּנ נָאכְדֶעם וִויא עֶר הָאט זִיךְ אַבִּיסִיל אוֹיסְגֶעהוּסְט הָאט עֶר גֶעזָאגְט :

— מִיר זֶענִין נֶעבְטֶען , דַאכְט זִיךְ גֶעבְּלִיבֶּען דֶער בַּייא : „אִיךְ, שְׁלִימַזְל , בִּין אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען אִין צְווִיַאטְשִׁיץ וִויא אוֹיפְן וַואסֶער״ , יָא טַאקִי דָא , דָא ! אַצִינְד רַבּוֹתַי , הֶערְט זַייט מוֹחֵל וַוייטֶער אוּנ זַייט מִיךְ נִישְׁט מַפְסִיק . אָט וָואס עֶר שְׁרַייבְּט וַוייטֶער :

רֹאשׁ הַשָּׁנָה הָאבּ אִיךְ אִין צְווִיַאטְשִׁיץ גֶעגֶעסֶען בַּייא אַ יוּדֶען, וָואס אִיז שְׁוֶוער אַקוּרַאט צוּבֶּעשְׁטִימֶען וָואס פַאר אַ מֶענְשׁ עֶר אִיז גֶעוֶוען : עֶפִּיס נִישְׁט קֵיין חָסִיד , נִישְׁט פוּן הַיינְטִיגֶער וֶועלְט , עֶפִּיס אִי אַהִין אִי אַהֶער אוּנ דַאכְט זִיךְ ווִידֶער טַאקִי נִישְׁט אַהִין נִישְׁט אַהֶער ; נִישְׁט גֶעקְלֵיידֶעט אַלְטְפֶּעטֶערִישׁ , נִישְׁט הַיינְטִיגֶע מָאדִישׁ , נִישְׁט , וִויא מֶען זָאגְט, פְלֵיישִׁיג , נִישְׁט מִילְכִיג . עֶפִּיס נָא הַאלְבְּגֶעבְּרָאטֶען , גְלַאט פַאר זִיךְ עֶפִּיס אַ מִין יוּד . אִיךְ הָאבּ דֶער נָאךְ אִין דֶער וֶועלְט בֶּעגֶעגֶענְט אַ סַךְ אַזֶעלְכֶע מִינֵי יוּדֶען, נָאר אִיךְ בִּין קֵיינְמָאל אוֹיף זֵייא קֵיין מֵבִין נִישְׁט גֶעוֶוען אוּנ נִישְׁט גֶעקֶענְט רֶעכְט פַארְשְׁטֶעהְן וָואס פַאר אַ מֶענְשֶׁען זֵייא זֶענִין . . . . אַז אִיךְ בִּין דָא גֶעבְּלִיבֶּען עֶלֶענְט , זִיךְ אַרוּמְגֶעבְּלַאנְקֶעט וִויא אַ שֶׁעפֶּעלֶע אֵיינֶער אַלֵיין , נִישְׁט גֶעהַאט מִיט וָואס אַ טָאג אִיבֶּערְצוּקוּמֶען , הָאבּ אִיךְ מִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶוען אוּנ בִּין גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶעם דָאזִיגֶען יוּדֶען אוּנ הָאבּ אִיהְם דֶערְצֵייהְלְט מַיין אוּמְגְלִיק , דִיא גְרוֹיסֶע צָרָה וָואס מִיךְ הָאט גֶעטְרָאפֶען . דֶער דָאזִיגֶער יוּד אִיז גֶעוֶוען בְּטֶבַע נִישְׁט קֵיין שְׁלֶעכְטֶער , אַ שׁוֹתֵק , אַ רֶעדְנִיל אַ וָוארְט , עֶר הָאט מִיךְ שְׁוַוייגֶענְדִיג אוֹיסְגֶעהֶערְט אוּנ אַלְץ גֶעגְלֶעט דִיא וָואנְטְשֶׁעס . דֶערְנָאךְ הָאט עֶר פַארְטְרַאכְטֶערְהֵייט אַ מַאךְ גֶעטָאן , אִיךְ זָאל בְּלַייבֶּען בַּייא אִיהְם אִין שְׁטוּבּ אוּנ גֶעהֵייסֶען מֶען זָאל מִיר גֶעבֶּען עֶפִּיס עֶסֶען . בַּייא דֶער נַאכְט

ארום

אַרוּם זֵייגֶער צֶעהְן, עֶלְף, אַז אוֹיף דֶער גַאס הָאט מְען שׁוֹין נִישְׁט גֶעזֶעהְן קֵיין מְשׁוּגָעֶנֶעם הוּנְד אוּנ אִין דְרוֹיסֶען אִיז גֶעוֶוען אַזוֹי פִינְסְטֶער הָאטְשׁ אַיין אוֹיג אַרוֹיסְצוּנֶעהְמֶען אִיז עֶר מִיט מִיר גֶעגַאנְגֶען הֶעט הֶעט אִין עֶק שְׁטָאדְט, עֶרְגִיץ אִין אַ פַארְוָואָרְפֶן גֶעסֶעל. אִין דֶעם דָאזִיגֶען גֶעסֶעל, אִיז גֶעוֶוען רוּהִיג, שְׁטִיל וִויא אוֹיף אַ בֵּית־עוֹלָם, עֶס הָאט נָאר זִיךְ גֶעהֶערְט דָארְט אַ רוֹישֶׁען פוּן בֵּיימֶער, וָואס דֶער וִוינְד הָאט מִיט זַייא גֶעטְרֶעשְׁטְשֶׁעט וִוי אוֹיךְ אַ גֶעשׁוּשְׁקֶעדַייא פוּן עֶטְלִיכֶע אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּענֶע דַארֶע בְּלֶעטְלִיךְ עֶרְגִיץ דָארְט אוֹיף אַ בֵּיימֶעל אוּנ אַ קוֹיל פוּן אַ דְרִיבְּנֶע־אָפֶּענְדִיג רֶעגֶענְדֶעל, וָואס הָאט צוּ־וַוייֶלֶען גֶעקְרָאפֶּעט אוֹיף אַרָאפְּגֶעפַאלֶענֶע בְּלֶעטֶער אִי אוֹיף פַארְטְרִיקֶענְטֶע גְרָאז פוּן אַלֶערְלֵייא מִינֵי גָארְטֶענְוַוארְג. אִיז דֶער וִוינְד אוֹיף אַ רֶגַע אַנְשְׁוִויגֶען גֶעוָוארֶען הָאט פוּן דֶערְוַוייטֶענְס זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אַ גֶעקְלַאפֶּערַייא עֶרְגִיץ פוּן אַ מִיהְל אוּנ אַ לֵיארֶעם, אַ גֶערֵייש פוּן אַ בִּיסְטֶערֶע פְלֵייצֶענְדִיג וַואסֶער. קוֹים הָאט דְער וִוינְד וִוידֶער אוֹיף דָאס נַייא אָנְגֶעהוֹיבֶּען, הָאבֶּען מִיט אִיהְם, בַּיים אָנְהוֹיבּ, פוּן דֶער שְׁטָאדְט זִיךְ פַארְטְרָאגֶען מְטוּשְׁטֶשְׁע, פַארְמִישְׁטֶע מִינֵי קוֹלוֹת: אַ קְרֶעה פוּן אַ הָאהְן, אַ מְרִיקֶען פוּן אַ קִיה, אַ סְקְרִיפּ פוּן אַהִינ־אוּנ־אַהֶער זִיךְ שְׁלַיידֶערֶענְדִיגֶען טוֹיעֶר, אַ גֶערִידֶער, אַ גֶעטִימֶעל פוּן אַ בַּעל־הֶעגָלִישֶׁער פָארֶענְדִיגֶער יַאזֶדע אוּנ אַ בִּילֶען, אַ הַאוֶוקֶען פוּן אַ בַּעל־הַבַּתִישֶׁען הוּנְד. אַ פָּנִים אַז אִין יֶענֶעם גֶעסֶעל זֶענִין נִישְׁט גֶעזֶעסֶען קֵיין יוּדֶען, זִיסְט וָואלְט דָאךְ דָארְט נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין גֶערְטְנֶער מִיט בֵּיימֶער, אוֹיף דֶער עֶרְד וָואלְט דָאךְ נִישְׁט גֶעוֶוען צוּזֵייעֶט, צוּ שְׁפְּרֵייעֶט קֵיין בְּלֶעטֶער אוּנ מַיין יוּד וָואלְט דָאךְ גֶעמוּזְט טַאפֶּען דֶעם וֶועג עֶר זָאל חָלִילָה אִין דֶערְמִיט גַאס נִישְׁט אַרוֹיף אוֹיף אַ קִיה, אָדֶער נִישְׁט אָנְשְׁלָאגֶען זִיךְ אִין צוּבְּרָאכֶענֶע טְרֶעפְּלִיךְ פַאר אִיטְלִיכֶער טִיהְר. מַיין יוּד אִיז מִיט מִיר אַלְיין גֶעגַאנְגֶען גֶעגַאנְגֶען, נִישְׁט צוּרֵיידֶען אֲפִילוּ אֵיין וָוארְט בִּיז צוּם סוֹף זֶענִין מִיר צוּגֶעקוּמֶען צוּ אַ הֵייפֶּעל אוּנ אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען דָארְט אִין אַ נִידֶערִיגְס, נִישְׁט קֵיין גְרוֹיס הַייזֶעל. אִין אַ קְלֵיין פָאר חֶדֶר הָאט גֶעצַאנְקְט אַ לֶעכְט, דָארְט הָאט מַיין יוּד אוֹיסְגֶעטָאן זַיין אוֹיבֶּערְקְלֵייד אוּנ אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין צְוֵויטֶען חֶדֶר, מִיר אָבֶּער הָאט עֶר גֶעהֵייסֶען וַוארְטֶען דָא אִין דֶעם פָאר חֶדֶר. מִיר אִיז גְרָאד אוֹיסְגֶעקוּמֶען דָארְט שְׁטֶעהְן הִינְטֶער דֶער צוּגֶעמַאכְטֶער טְהִיר הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט אָט אַזַא מִין שְׁמוּעֶס:

— גוּטֶען אַבֶּענְד הֶערְר גוּטְמַאנְן!

— ווִילְקָאמְמֶען הֶערְר יַאקָאבְּזָאהְן! אָ, וָואס פַאר אַ גַאסְט! שָׁאן זַייט דְרַייא וָואכֶען וַוארֶען זִיא נִיכְט בַּייא מִיר. וָואס זָאל עֶס בַּדַייטֶען הֶערְר יַאקָאבְּזָאהְן?

— לִיבֶּער הֶערְר גוּטְמַאנְן וִויא הָאבּ אִיךְ גֶעקָאנְט? זִיא וִויסֶען דָאךְ,

הײנט

היינט איז דיא הייליגע פייערטאגע יום טובים צייט אונ דיא היעזיגע יודען זענין אצונד נאך מעהר פאנאטיש וויא איין אנדערש מאל, זיא קענען דאך מיין לאגע וויא אבהענגיג איך בין פון דיזע לייט. זייא זאלען מיך א שטייגער דערזעהן געהן צו איהנען. . . .

— זיא האבען פאללקאממען רעכט העדר יאקאבזאהן. אויב אזוי האבען זיא רעכט. יא זיא זינד אבהענגיג, זיא האבען פאמיליע.

— האט איהר שוין געענדיגט אייער ווערק, העדר גוטמאנן?

— א, יא, דאס בוך איזט מערקווערדיג געלונגען. זעהר א גיטצליכער ספר! שאדע נור, דאס בייא אונז זעהר ווענינ מענשען זינד, וועלכע העברייאיש לעזען.

— זאגען זיא בעססער העדר גוטמאנן, דאס איהר קיין בעלוינונג פאר אייער ארבייט האט אונ זיא מיסען אפטמאל געביך דארבען אונ דערצו נאך אומפערדינט ליידען פעראכטונג אונ רדיפות.

— גלויבען זיא מיר, העדר יאקאבזאהן. דער שרייבער, דער דיכטער, ברויכט אייגענטליך קיינען אנדערן לאהן אויסער פערשטאנדען צו ווערדען. פעראכטונג, רדיפות, מאנגעל, דיזע שפארנען נור זיין גייסט צור ארבייט אן. ערסט דענקמאל גלוכט זיך ארבייטען אונ־פערדינטע פעראכטונג, אומכבוד, איזט עבען זא דעם מענשען אנגענעהם ליעב, וויא פערדינטע אכטונג, פיר דיא װארהייט, דעם אמת, צו ליידען איזט אייגענטליך קיין ליידען. ליידען הייסט הנפעהגען, צוויאטשען, זיך זעלבסט פערלייגנען, זיין געוויסען, זיין הערץ, זיין שכל צו פערקויפען, זיא מיינען, איין הנף, איין פאלשער מענש צו זיין איזט איינע גרינגע, לייכטע ארבייט? חלילה! עס איזט אבער עבען זא שווער וויא איין גנב צו זיין. דער הנף, דער צביאק, דער פאלשער מוז אימער זא פירכטען, אימער זא אויף דער הוט זיין, זיך שטענדיג זא היטען וויא דער גנב. גלויבען זיא דען, דאס אלע מיינע פערפאלגער, וועלכע מיך רודפען, רעליגיאז, אמת פרום אונ גליקליך זינד? א, ניין, ניין! איין געוויססער טהייל פון זייא רודפען, פערפאלגען מיך בלאס אויס נייד, אויס קנאה. גאנץ פשוט, זייא פיהלען זיך פאר ליידיגע, אונוויססענדע, אוניטצליכע מענשען, זייא שטעכט פאר וואס איז דא איין פערשטענדיגער מענטש, וועלכער אויף זייא א מבין איזט אונ נעהמט זייא דורך אונ דורך מיט אפענע אויגען. זייא שייען זיך פאר אפענע אויגען זא וויא פלעדער מייזע פאר דיא שטראהלען פון דער ליכטיגער זון.

— ווירקליך, העדר גוטמאנן, מיט זעלכע אייגענשאפטען אונ זעלכע גוטע מחשבות זינד זיא באמת טאקי בעניידענסווערטה. מען דארף זיא טאקי מקנא זיין. וויססען זיא, וואס אייגענטליך בין איך יעצט צוא

איהנען

אִיהֶנֶען גֶעקָאמְמֶען ? אִיהְר הָאט מִיר שׁוֹין אֵיינִיגֶע מָאל גֶעזָאגְט , אַז אִיהְר בְּרוֹיכְט נֵייטִיג אַ יוּנְגֶעל , צוּשִׁיקֶען אַ מָאל אַ גַאנְג . אִיצוּנְד הָאבּ אִיךְ אַזֶעלְכֶען בֶּעקָאמְמֶען אוּנ הָאבּ אִיהְם גֶעבְּרַאכְט . עֶס שַׁיינְט , עֶר אִיז אַיין עֶהְרְלִיךְ יוּנְגֶעל , הָאטְשֶׁע אַבִּיסִיל אַ לֶעקִישׁ , נִיט גֶעשְׁלִיפֶען .

אִיךְ הָאבּ דֶעם דָאזִיגֶען שְׁמִיעֶס כִּמְעַט אִין גַאנְצֶען פַארְשְׁטַאנֶען , דָאס הֵייסְט נִישְׁט דֶעם גֶעדַאנְק , דֶעם פְּשַׁט דֶערְפוּן , דָאס אִיז גֶעוֶוען נִישְׁט פַאר מַיין מוֹחַ , אִיךְ הָאבּ נָאר פַארְשְׁטַאנֶען וֶוערְטֶער . אַ טְהֵייל וֶוערְטֶער זֶענִין גֶעוֶוען פוּן אוּנְזֶער לָשׁוֹן יוּדִישׁ־דַייטְשׁ , אוּנ אוֹיפֶן בִּיסֶעל דַייטְשֶׁע וֶוערְטֶער הָאבּ אִיךְ שׁוֹין גֶעקֶענְט וִויא סְ'אִיז מִיךְ אָנְשְׁטוֹיסֶען , מַחְמַת אַרוּמְפָּאהְרֶענְדִיג מִיט דֶעם חַזָן הָאבּ אִיךְ אַלֶערְלֵייא סָארְטֶען מֶענְשֶׁען גֶעהֶערְט רֵיידֶען . דֶער חַזָן אַלֵיין פְלֶעגְט אוֹיךְ לִיבּ הָאבֶּען אַרַיינְצוּוַארְפֶען אַ מָאל אִין זַיין שְׁמִיעֶס עֶפִּיס אַ דַייטְשׁ וָוארְט וֶוען עֶס הָאט אִיהְם גֶעפַּאסְט . אַ מָאל פְלֶעגְט אִיהְם נָאךְ גָאר אוֹיסְקוּמֶען צוּזָאגֶען , אַז עֶר זִינְגְט נָאךְ נָאטֶען אוּנ קָארְהִישׁ דַאוֶונֶען קֶען עֶר אוֹיךְ . . . . דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה הָאט מִיר אוֹיךְ גֶעגֶעבֶּען אַבִּיסִיל דַייטְשׁ פוּן דִיא טַייטְשְׁוֶוערְטֶער אִין חוּמָשׁ , וִויא אַשְׁטֵייגֶער : „וַעֲלָטָה“ אוּנ אַ נֶעפִּיל . „וְסַעֲדוּ לִבְּכֶם“ אוּנ לֶעהֶענְט אוּנְטֶער אַייֶער הַארְץ . „יְרֵכִי“ מַיין דִיךְ . „מַחְשׂף“ עֶנְטְפְּלֶעקְט . „בָּאָחוּ“ אוֹיפֶן גֶעמֵייזַאכְץ . „בֵּין הַמִּשְׁפְּתָיִם“ צְוִוישֶׁן דִיא גֶעמַארְקֶען . „וַתְּהַלֶּלֶהָ“ אוּנ דוּא הָאסְט זִיא פַארְשְׁוֶועכְט . „קוֹמְמִיוּת“ הָאפֶערְלִיךְ . וְכַדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע טַייטְשֶׁען . אִין דֶער צֶעלְנִיק קְלֵייט הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ גֶעחַאפְּט עֶטְלִיכֶע דַייטְשֶׁע וֶוערְטֶער פוּן דִיא עֶלְטֶערֶע מְשָׁרְתִים , וָואס פְלֶעגֶען אַ מָאל אִין אַ שְׁמִיעֶס מִיט אַ קוֹנֶה זִיךְ צוּלָאזֶען אוֹיף דַייטְשׁ : „מַיין הַאר , קוּקֶען זֵייא אָן דִיא וַוארֶע ! אִיךְ הָאבּ בְּנֶאֱמָנוּת נִיכְט טְהַייֶער גֶעבִּיטֶען . שׁוֹין וֶועלְוֶועלֶער פוּן בַּארְשְׁטְשׁ זָאג אִיךְ אִיהְנֶען . זֵייא וֶועלֶען , מַיין הַאר , קֵיין חֲרָטָה נִיכְט הָאבֶּען .“ נָאר חוּץ דֶעם גָאר פַארְשְׁטֶעהֶן טַאקִי אַלֶע יוּדֶען דַייטְשׁ . סְ'אִיז דָאךְ פָּארְט זֵייעֶר מוּטֶערְשְׁפְּרַאכֶע . . . .

דִיא טִיר הָאט פְלוּצְלִים זִיךְ אוֹיפְגֶעעֶפֶענְט אוּנ מֶען הָאט מִיךְ אַרַיינְגֶערוּפִין אִין דֶעם צְוֵוייטֶען חֶדֶר . מַיין יוּד אִיז דָארְט גֶעזֶעסֶען אָן דֶעם הִיטִיל . דֶר דַייטְשׁ הָאט מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד אוּנ גֶעזָאגְט צוּ מִיר גָאר פְרַיינְדְלִיךְ :

— נוּא לִיבֶּער , יוּנְגֶער מֶענְשׁ ! דוּא ווִילְסְט בַּייא מִיר אִין הוֹיז זִיךְ שְׁטֶעלֶען ? בַּייא מִיר וֶועסְט דוּא נִישְׁט הָאבֶּען קֵיין שְׁוֶוערֶע מְלָאכוֹת . דוּא וֶועסְט בֶּעדַארְפֶען טָאן גֶעוֵוינְטְלִיכֶע זַאכֶען אוּנ גֶעהְן אַ מָאל אַ גַאנְג .

אִיךְ הָאבּ אוֹיסְגֶעטַאלֶעפְּטְשֶׁעט אַ פָּאר אוֹיגֶען אוּנ עֶפִּיס אַזוֹי תְּמֶעוּוַאטֶע גֶעקוּקְט , אַז דֶער דַייטְשׁ הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט זִיךְ אַיינְהַאלְטֶען אַ שְׁמֵייכֶעל צוּטָאן . עֶר אִיז מִיר אָבֶּער בַּאלְד זֶעהְר גֶעפֶעלֶען . זַיין פָּנִים הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶן עֶפִּיס אַזוֹי גוּט אוּנ עֶר הָאט מִיט מִיר עֶפִּיס אַזוֹי

פֿרַיינדליך גערעדט, נישט וויא אַלע אַנדערע, וויא דער שניידער, דער חזן אַ שטייגער אונ וויא דיא מאַמע מיינע אֶפּילוּ, אונ געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ רוהיגער גוטער מינע, אַז עס האט מיך צוּ איהם עפּיס געצויגען. איך האב אויפגעהויבען דיא האַנד צוּ מיין שמייסען מיטצעל (וואָרום איך בין שטענדיג געגאַנגען אין אַ שמייסען מיטצעל, סיי ווינטער סיי זומער אין די גרויסע היטצען, בשעת אֶפּילוּ איך בין געגאַנגען באָרפיס) האב עס אַ קאַפּ אונטערגעהויבען אונ געהאַלטען איבער דעם קאָפּ, דערנאָך האב איך עס אַ ריק געטאָן אויף איין זייט, אויף דער אַנדערער זייט קאָפּ, אַביסיל אַ בייג געגעבען צום פּנים, אַ שלעפּ געטאָן פון הינטען, אַהין אַהער, אַ קאַפּעטשקע העכער, אונ מיט דער אַנדערער האַנד אַ טאַפּ געגעבען דיא פּאות, אַ קראַטץ דיא פּאטיליצע. איך האב פּשוט אַליין נישט געוואוסט וואס צוטאָן מיט דעם קאָפּ אונ מיט דעם מיטצעל, ביז לסוף האב איך מיר געמאַכט אַ האַרץ אונ האב עס אויף גאַטס בעראָטה ראַפּטאם אַראַפּגעהאַפּט פונם קאָפּ. איך האב בשעת מעשה געפיהלט וויא איבער מיין הוילען קאָפּ וועהט עפּיס אַ קיהל ווינטעלע, גלייך מען וואָלט מיך געשוירען, אַלע רגע האב איך געמוזט מיך בייא איהם אַ טאַפּ טאָן. ס'איז מיר פירגעקומען עפּיס ווילד משונה!

— נוא, מיין ליבעס קינד, האט דער דייטש געזאָגט אונ מיר אַרויפגעלייגט זיין האַנד אויף דעם אַקסעל. דוא ביסט אַ גוטער בורש! וויא הייסט דוא?

איך בין געשטאַנען פּאַרדולט, אַקוראַט וויא אַ מאָל פאַר יענעם דייטש אין דער תלמוד־תורה, האב געעפענט אַ מויל, אויסגעשטעלט דיא אויגען אונ געקוקט לעקישעוואטע נאר וויא איין אָנגעמאַהלטער גולם.

— וויא הייסטו דו? האט דער דייטש מיך נאָך אַ מאָל אַפּרעג געטאָן.

— איך ווייס?!

— שטייטש, דוא ווייסט נישט וויא דוא הייסט? ווער דען זשע ווייסט?

— דיא מאַמע, האב איך געענטפערט, דיא מאַמע מיינע פלעגט מיך רופען יצחק אַברהמצע; דער תלמוד־תורה מלמד — איטצע אַברהמעלע; דער שניידער: ממזרוק איציק אַברהמעל; דער שוסטער, בשעת ער פלעגט מיר צו ווינטשעווען ווען איך האב געטראָגען דיא פּאַמייניצע, האט מיך גערופען איטצוניא אַברהמוניא, אונ דער חזן — אַברהמקע. היינט וויא זאָל איך וויסען וויא אַזוי איך הייס?

— געבעכט! האט דער דייטש געזאָגט מיט אַ שמייכעל, נאָר זיבען נעמען וויא יתרו האסט־דוא פּאָרט נישט. דוא האסט נאָר איין

צונויפגעפּאַרטען

צוּנוֹיפְגֶעפָּארְטֶען נָאמֶען : יִצְחָק־אַבְרָהָם זֶעהְר אַ שֵׁיינֶער , נָאךְ דִּיא אָבוֹת . אִיךְ וֶועל דִּיךְ טַאקִי אַזוֹ רוּפֶען . דוּא הַייסְט בַּייא מִיר אִיזַאק אַבְּרַהַאם , אָדֶער אַבְּרַהַאם . נוּא , וִוילְסְט דוּא בַּייא מִיר זַיין אַבְּרַהַאם ?

— אִיהְר זָאלְט מִיךְ אָבֶּער נִישְׁט הַרְגֶענֶען , שְׁלָאגֶען . אִיךְ הָאבּ שׁוֹין הָלֶעבֶּען קַיין גַאנְץ בֵּיינֶדֶעל נִישְׁט .

— בַּייא דֶעם דַייטְשׁ הָאבֶּען טְרֶערְהֶרֶען זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא אוֹיגֶען . עֶר הָאט מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער פְּלֵייצֶע אוּנ אַרַיינְקוּקֶענְדִיג מִיר אִין פָּנִים גֶעמַאכְט אַזוֹי : נֶעבִּיךְ , נֶעבִּיךְ ! עֶס וַוייזְט אוֹיס עֶר הָאט זֶעהְר פִיל גֶעלִיטֶען . אַזוֹי יוּנְג אוּנ הָאט שׁוֹין נֶעבִּיךְ קַיין גַאנְץ בֵּיינְדֶעל נִישְׁט ! יַא , יַא , הָאט עֶר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דֶער נָאךְ צוּ מַיין יוּדֶען , יַא , עֶר אִיזְט וִוירְקְלִיךְ פְּלוּמְפּ , זֶעהְר נַאאִיווּ , תְּמֶעוַואטֶע , אָבָּער אַיין גוּטֶער בּוּרְשֶׁע .

מַיין יוּד הָאט גֶעשְׁווִיגֶען אוּנ נָאר גֶעגְלֶעט דִיא וָואנְטְשֶׁעס .

— נַיין ! הָאט דֶער דַייטְשׁ ווִידֶער צוּ מִיר גֶעזָאגְט . אִיךְ וֶועל דִיךְ אוֹיף מַיין וָוארְט , נִישְׁט אָנְרִירְהֶרֶען , דוּא בִּיסְט דָאךְ אַזַא מֶענְשׁ וִויא אִיךְ , חוּץ דֶעם בִּיסְט דוּא נָאךְ אַיין עֶלֶענְדֶער אוֹיךְ . זַייא רוּהִיג , אִיךְ וֶועל דִיךְ נִישְׁט שְׁלָאגֶען , נוּא בְּלַייבְּסְט דוּא בַּייא מִיר ?

— יַא ! הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען בַּיים דַייטְשׁ .

דֶער דַייטְשׁ אִיז נֶעבִּיךְ גֶעוֶוען זֶעהְר אָרֶעם , נָאר דִיא אָרֶעמְקַייט אָבֶּער הָאט בַּייא אִיהְם אִין הוֹיז קַיין שְׁלִיטָה נִישְׁט גֶעהַאט אַרוֹיס צוּ וַוייזֶען זִיךְ מִיט אִיהְר אוּמְרֵיינְקַייט , פוֹילְקַייט , אָפְּגְלָאזֶענְהַייט אוּנ מִיט אַלֶע אִיהְרֶע אִיבְּרִיגֶע מִיאוּסֶע סִימָנֵי דַלוּת וִויא גֶעוֶועהְנְטְלִיךְ בַּייא אַלֶע אַנְדֶערֶע , אוּנ בִּפְרַט נָאךְ בַּייא יוּדִישֶׁע אָרֶעמֶע נִישְׁט קַיין פַארְמֶעגְלִיכֶע לַייט . אִין שְׁטוּבּ בַּייא אִיהְם אִיז גֶעוֶוען רֵיין , אַלְסְדִינְג אוֹיף זַיין אָרְט . עֶס הָאט גֶעלוֹיכְטֶען גֶעפִינְקֶעלְט אִין אִיטְלִיכְס ווִינְקֶעלֶע . דִיא מַאדַאם זַיין וַוייבּ , הָאט אַכְטוּנְג גֶעגֶעבֶּען אִין אִיטְלִיכֶער שְׁפַּארִינֶע , נִישְׁט גֶעזֶעסֶען קַיין רֶגַע לֵיידִיג : גֶעקָאכְט , גֶעבַּאקֶען , גֶעשְׁמִירְט , גֶערֵיינִיגְט , גֶעאַרְבַּייט גֶענֶעהְט , פַארְרִיכְט גְרֶעט , אוּנ בַּייא דִיא אַלֶע דָאזִיגֶע מְלָאכוֹת , וָואס מַאכֶען אַיין אַנְדֶערֶע בֵּייז וִויא אַ רוּחַ , אִיז זִיא שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶוען רוּהִיג שְׁטִיל , מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ פָּנִים . צוּ אַלְסְדִינְג הָאט זִיא גֶעהַאט צַייט , וִויא פַארְטְרָאגֶען זִיא אִיז גֶעוֶוען אִיז אִיר נָאךְ אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען צַייט צוּהַאלְטֶען אַ מָאל אַ בּוּךְ צוּלֵייעֶנֶען אוּנ ווִיסֶען וָואס טְהוּט זִיךְ וָואס הֶערְט זִיךְ אוֹיף דֶער וֶועלְט . דֶער מַאן אִיז בַּייא אִיהְר גֶעוֶוען גֶעהוֹיכְט אוּנ גֶעקְרוֹינְט , זִיא הָאט פוּן אִים אִי פוּן זַיין שְׁרַייבֶּען גֶעהַאלְטֶען עוֹלָם־וּמְלוֹאָה , נִישְׁט צוּגֶעלָאזֶען צוּ אִיהְם קַיין שׁוּם עָגְמַת־נֶפֶשׁ , וָואס הָאט אִיהְם גֶעקֶענְט שְׁטֶערֶען פוּן דֶער אַרְבַּייט אוּנ אִיז גֶעוֶוען מִיט אִיהְם בֶּאֱמֶת אַיין גוּף ,

צַיין

אַיין נְשָׁמָה. זֵייעֶר עֶלְטְסְטֶע טָאכְטֶער, אַ פַיינֶע אַיין אַיידֶעלֶע, פְּלֶעגְט צוּהֶעלְפֶען דֶער מוּטֶער, פְלֶעגְט וַואשֶׁען, פְּרֶעסֶען, טָאן וָואס מֶען בֶּעדַארְף אוּנ זֶעהְר שֵׁיין שְׁטְרִיקֶען. זִיא הָאט גֶעהַאט אוֹיף אִיבֶּערְצוּבַּייטֶען נָאר אֵיין קְלֵייד, אָבֶּער וִויא שֵׁיין אוּנ רֵיין אִיז עֶס תָּמִיד גֶעוֶועזֶען, נָאר שְׁפָּאגֶעל-נַייא וִויא עֶרְשְׁט פוּן דֶער נָאדֶעל! אַלֶע טָאג אִין אַיין בֶּעשְׁטִימְטֶער צַייט פְּלֶעגְט זִיא לֶערְנֶען מִיט אִיהְרֶע צְוֵוייא קְלֵיינֶע שְׁוֶועסְטֶערְלִיךְ, וֶועלְכֶע זִיא הָאט מַדְרִיךְ גֶעוֶוען, גֶעגֶעבֶּען אַ גוּטֶע עֶדוּקַאצְיָע, זַייא תָּמִיד גֶעצְוָואגֶען אוּנ גֶעפִיהְרְט רֵיין וַוייס אָנְגֶעטָאן. — דֶער עֶלְטֶערֶער זוּן הָאט גֶעלֶערְנְט אִין אוּנִיוֶוערְסִיטֶעט, וָואס פוּן דָארְט פְּלֶעגְט עֶר אָפְּט שִׁיקֶען צוּ דִיא עֶלְטֶערֶען הֵייסֶע וַוארֶעמֶע בְּרִיוֶעף, אִין וֶועלְכֶע עֶר פְּלֶעגְט זַייא טְרֵייסְטֶען אוּנ בֶּעטֶען, זַייא זָאלֶען זִיךְ נִישְׁט זָארְגֶען, אָפְּשֶׁר וֶועט דַאס הַארְץ דֶערְפוּן, וָואס זַייא זֶענִין נִישְׁט בִּיכוֹלֶת אִיהְם צוּהֶעלְפֶען מִיט עֶפִּיס גֶעלְד אוֹיף זַיינֶע הִצְטַרְכוּת. אֶמֶת טַאקִי, עֶר לַיידְט אַבִּיסִיל דַחֲקוּת, אָבֶּער עֶר הָאפְט, אַז עֶר וֶועט וִויא עֶס אִיז זִיךְ אוֹיסְדְרֶעהְן אוּנ נִישְׁט שְׁטַארְבֶּען פַאר הוּנְגֶער. נִישְׁקָשֶׁה, פְלֶעגְט עֶר אוֹיסְלָאזֶען מִיט אַ טְרֵייסְט, דָאס וָואס אִיהְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען הָאבֶּען עֶס אַנְדֶערֶע רַייכֶע טַאטֶעס אוּנ מַאמֶעס זֵייעֶרֶע קִינְדֶער בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט גֶעגֶעבֶּען, אִיהְר הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען אַ סַךְ מֶעהְר פוּן גֶעלְד — אִיהְר הָאט מִיךְ גֶעלֶערְנְט, אוֹיסְגֶעאַיידֶעלְט מַיין הַארְץ, אַרַיינְגֶעלֵייגְט אִין מִיר גוּטֶע גֶעפִיהְלֶען: לִיבְּשַׁאפְט צוּ מֶענְשֶׁען, רַחֲמָנוּת צוּ בִּידְנֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע לַייט, אוּנ מִיךְ גֶעוֵוייהְנְט זִיךְ צוּבֶּעגְנִיגֶען מִיט וֵוייְנִיג, אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען צָרוֹת אוּנְטֶער אַ שְׁלֶעכְטֶע צַייט מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ גֶעמִיטְה. אַזֶעלְכֶע מִדּוֹת טוֹבוֹת, וָואס רַייכֶע עֶלְטֶערֶען קֶענֶען זַייא מִיט גָאר זַייעֶר גֶעלְד אוּנ דֶעם גַאנְצֶען פַארְמֶעגֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער נִישְׁט גֶעבֶּען.... דֶעם זוּהְנְס דָאזִיגֶע בְּרִיוֶעף פְלֶעגֶען אַלֶע אִין שְׁטוּב זֶעהְר אָפְּט לֵייעֶנֶען הוֹיךְ, זִיךְ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה פְרֵייעֶן אוּנ צוּגְלֵייךְ זִיךְ בֶּעוַואשֶׁען מִיט טְרֶעהְרֶען. הַכְּלָל דָאס אִיז גֶעוֶועזֶען זֶעהְר אַ טְהַייעֶרֶע, זֶעלְטֶענֶע פַאמִילְיֶע. אִיךְ הָאבּ דֶענְסְמָאל אָבֶּער נָאךְ גָאר אַזוֹי וַוייט קֵיין שֵׂכֶל נִישְׁט גֶעהַאט דָאס אַלְסְדִינְג צוּפַארְשְׁטֵיין אַקוּרַאט וִויא עֶס אִיךְ הָאבּ אִיצְט דָא בֶּעשְׁרִיבֶּען, אִיךְ הָאבּ נִישְׁט מֶעהְר וִויא גֶעפִילְט, אַז גוּטְמַאן אוּנ זַיין וַוייבּ זֶענִין עֶפִּיס גָאר אַנְדֶערֶע מִינֵי מֶענְשֶׁען, נִישְׁט אַ שְׁטֵייגֶער וִויא לֵייזֶער דֶער שְׁנַיידֶער מִיט לֵייזֶערִיכֶען. וִויא ר' עֲזְרִיאֵל דֶער מְלַמֵּד מִיט זַיין פְּלוֹנִיתְטֶע אוּנ אוֹיךְ נִישְׁט אֲפִילוּ וִויא דֶער רַייכֶער צֶעלְנִיקֶער מִיט זַיין דִיקֶער, גֶעזוּנְטֶער צֶעלְנִיקֶערֶען, דִיא אֵשֶׁת חַיִל, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ פִּסְק אוֹיף שְׁרוֹיפֶען, גֶעטְרָאגֶען אַ הַאלְז פֶּערֶעל, אַ זֵיידֶען קְלֵייד אוּנ אִין גַאנְצֶען אִיז זִיא גֶעוֶוען פַארְשְׁמִירְט, פַארְשְׁלוּמְפֶּערְט. הָאבּ מֶעהְר נִישְׁט וִויא גְלַאט גֶעזֶעהְן,

אז

אַז דָאס אִיז נִישְׁט דָאס הויז , נִישְׁט , מִישְׁטֶעהֶנֶעס גֶעזָאגְט, יֶענֶע יוּדִישֶׁע אָפְּגֶעלָאזֶענֶע , צוּקְרָאכֶענֶע קִינְדֶערְלִיךְ, נָאר אִין תּוֹךְ אַרַיין צוּפַארְשְׁטֶעהְן דָעם וועֶרְטְה זַייעֶרֶען , דָאס אִיז דֶענְסְמָאל נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶועןְ פַאר מַיין מוֹחַ .

דֶער דַייטְשׁ מַיינֶער אִיז גֶעזֶעסֶען טָאג וִויא נַאכְט אִין זַיין בֶּעזוּנְדֶער חֶדֶר , אַרוּם אִיהְם הָאבֶּען זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט בִּיכֶער אוֹיפְן טִישׁ אוּנ אוּנְטֶער דֶעם טִישׁ אוּנ עֶר הָאט אַלְץ גֶעשְׁרִיבֶּען . עֶר אִיז גֶעוֶועןְ אִין דֶעם שְׁרַייבֶּען זֶעהְר פַארְטִיפְט אוּנ מֶען הָאט בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ גֶעזֶעהְן, אַז עֶר הָאט דֶערְפוּן הִיוּת . עֶר פְּלֶעגְט דֶערְבַּייא אַ מָאל רֶעדֶען צוּ זִיךְ אַלַיין , לַאכֶען אָדֶער קְרִיטְצֶען מִיט דִיא צֵיין גְלַייךְ וִויא עֶר וָואלְט מִיט עֶמִיצֶען עֶפִּיס גֶעהַאט וָואס צוּטָאן . הָאט מֶען אִיהְם אַ מָאל אִין דֶערְמִיט מַפְסִיק גֶעוֶועןְ מִיט עֶפִּיס אַ זַאךְ , הָאט עֶר זִיךְ אַ הַאפּ גֶעטָאן פְּלוּצְלִים גְלַייךְ וִויא עֶר וָואלְט אַרָאפְּגֶעפַאלֶען פוּנֶם הִימֶעל , גֶעקוּקְט עֶפִּיס צוּטְרָאגֶען אוּנ גֶעעֶנְטְפֶערְט בּוֹידֶעם נִישְׁט גֶעשְׁטוּיגֶען , נִישְׁט גֶעפְלוֹיגֶען . אִיךְ פְּלֶעג נִישְׁט אֵיין מָאל מַאכֶען מִיט דִיא אַקְסְלֶען אוּנ אַוֶועקְגֶעהְן, נִישְׁט צוּ וִויסֶען וָואס עֶר הָאט גֶעזָאגְט . שְׁטִיוֶועל הָאבּ אִיךְ אִים פַארְשְׁפָּארְט צוּפוּטְצֶען , וָוארִים עֶר אִיז זֶעהְר זֶעלְטֶען אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען , דֶערְפַאר הָאט בַּייא אִיהְם דֶער הַאלַאט אוּנ דִיא שְׁטֶעקְשִׁיךְ שְׁטַארְק מִיאוּס קְרִיעָה גֶערִיסֶען . מַיין עִיקָר אַרְבַּייט אִיז גֶעוֶועןְ פָאלְגֶען אַ גַאנְג . עֶר פְּלֶעגְט מִיךְ אָפְט שִׁיקֶען אוֹיף דֶער פָּאסְט , אָפְּצוּנֶעהְמֶען אוּנ אוֹיפְצוּלֵייגֶען בְּרִיעף אָדֶער פַּאסִילְקֶעס . אַ מָאל פְּלֶעגְט עֶר מִיךְ שִׁיקֶען צוּ אֵיינֶעם מִיט אַ קְוִויטֶעל אָדֶער מִיט אַ בּוּךְ וּכְדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע גֵיינְג . דַאכְט זִיךְ אִין פְּלוּג וָואס אִיז דָאס פַאר אַיין אַרְבַּייט ? זֶעהְר אַ גְרִינְגֶע זַאךְ . נָאר אָבֶּער נֵיין , ס'אִיז נָאךְ אַזַא בִּיטֶערֶע , מִיאוּסֶע שְׁוֶוערֶע אַרְבַּייט גָאר נִישְׁטָא ! אַז אִיךְ פְּלֶעג אַ מָאל אָפְּטְרָאגֶען אֵיינֶעם אַ קְוִויטֶעל פְּלֶעגְט עֶר פַארְדְרֶעהְן שְׁטַארְק מִיט דֶער נָאז , גְלַייךְ וִויא ס'אִיז אִיהְם פֵארְגַאנְגֶען אַ רֵיחַ פוּן שַׁארְפֶען עֶרְשְׁט אָנְגֶערִיבֶענֶעם חְרֵיין , אוּנ מִיט אַ בֵּייז פָּנִים מִיר הֵייסֶען קוּמֶען מָארְגֶען , מָארְגֶען הָאט עֶר גֶעזָאגְט אִיבֶּערְמָארְגֶען , אִיבֶּערְמָארְגֶען הָאבּ אִיךְ אִיהְם אִין דֶער הֵיים נִישְׁט גֶעטְרָאפֶען , אוּנ בַּיים קוּמֶען צוּ אִיהְם שְׁפֶּעטֶער נָאךְ אַ מָאל פְּלֶעגְט עֶר שׁוֹין אוֹיף מִיר אַ הִיק טָאן : וָואס וִויל אָט־אָ־דָאס יוּנְגֶעל פוּן מִיר הָאבֶּען ? עֶפִּיס אִיז דָאךְ פוּן אִיהְם נִישְׁט פָּטוּר צוּ וועֶרֶען ! אַיין אַנְדֶערֶער פְּלֶעגְט פָּשׁוּט אָנְזָאגֶען זַיינֶע מְשָׁרְתִים מֶען זָאל מִיךְ נִישְׁט לָאזֶען אוֹיף דֶער שְׁוֶועל ; אַ דְרִיטֶער פְּלֶעגְט אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען דָאס קְוִויטֶעל , קְווֵיינְקְלֶען זִיךְ אוּנ אַוֶועקְגֶעהְן , מִיר נִישְׁט צוּזָאגֶען אֲפִילוּ אַ וָוארְט ; אַ פֶערְטֶער פְּלֶעגְט זִיךְ אָנְרוּפֶען ): זָאג דָעם הֶערְר דַיינֶעם אַז אִיךְ בִּין נִישְׁטָא אִין דֶער הֵיים ! פַארְשְׁטֶעהְסְט־

דוא ? — הַכְּלָל מֶען פְלֶעגְט מִיךְ טְרַייבֶּען , אוֹיסְרַייבֶּען וְוִיא אַיין עָפּוּשׁ . אַז מֶען הָאט מִיךְ נָאר דֶערְזֶעהְן פוּן דֶערְוַוייטֶענְס מִיט אַ קְוִויטֶעל צוּ מִיט אַ בִּיכֶעל פְלֶעגְט מֶען פְרָאכְט דִיא טְהִיר פֶערְשְׁלִיסֶען, אָדֶער אָנְרֵייצֶען אוֹיף מִיר אַ הוּנְד , אַ מְשָׁרֵת . . . מֶען הָאט גֶעזֶעהְן אַז פִיל בֶּעקוּמֶען פְּשׁוּט דֶעם שְׁלַאק , דֶער רוּחַ נֶעהְמְט זַייא צוּ פַאר אַ בִּיכֶעל , עֶס מָארְדֶעוֶועט עֶפִּיס מִיט זַייא דִיא בֵּייגֶער . פַאר וָואס זַייא הָאבֶּען דֶערְפַאר אַזוֹי מוֹרָא ? דָאס הָאבּ אִיךְ דֶענְסְמָאל נִישְׁט גֶעקֶענְט פַארְשְׁטֶעהְן . הָאט אֵיינֶער אוּנְטֶער צֶעהְן אַ מָאל זִיךְ שׁוֹין דֶערְבַּארֶעמְט אוּנ צוּגֶענוּמֶען אַ בִּיכֶעל פְלֶעגְט עֶר עֶס בַּאלְד טַאקִי אַ שְׁלַיידֶער גֶעבֶּען צוּ אַלֶערְ־שְׁוַוארְץ יָאהְר עֶרְגִיץ אוּנְטֶער אַ בֶּעט , אָדֶער אוּנְטֶער אַ בַּאנְק אוּנ מִיר גֶעבֶּען אַ צֶערְרִיסֶען קֶערְבִּיל אָהְן אַ נוּמֶער . . . . יֶענֶע צַייט אִיז פַאר מִיר גֶעוֶוען זֶעהְר אַ בִּיטֶערֶע . אִיךְ וִוינְשׁ , אַלֶע מַיינֶע שׂוֹנְאִים זָאלֶען גֶעפְּרִיפְט וֶוערֶען , גֶעהְן מִיט בִּיכְלִיךְ צוּ יוּדִישֶׁע נְגִידִים , הֶערֶען דֶערְבַּייא זַייעֶרֶע שְׁטֶעכְוֶוערְטְלִיךְ , זֶעהְן וְוִיא עֶס עֶנְדֶערְט זִיךְ זַייא דָאס גֶעשְׁטַאלְט , וְוִיא זַייא בְּלָאזֶען זִיךְ אָן , וֶוערֶען אַשׁ־לֶהָבָה אוּנ אָנְקוּקֶען זַייעֶר פִינְסְטֶער פַּרְצוּף־פָּנִים !

מַיין יוּדִיל , אָדֶער הֶערְר יַאקָאבְּזָאהְן , פְלֶעגְט אָפְט קוּמֶען צוּם דַייטְשׁ שְׁפֶּעט בַּייא דֶער נַאכְט , זִיטְצֶען דָארְט אַבִּיסִיל אוּנ שְׁמִיעֶסְן . אוּנ וֶוען אִיךְ בִּין נָאר נִישְׁט מִיד גֶעוֶוען פְלֶעג אִיךְ אַ מָאל זִיךְ צוּהֶערֶען אוּנְטֶער דֶער טְהִיר צוּ זַייעֶר שְׁמִיעֶס , גְלַאט אַזוֹי אַבִּי דִיא צַייט צוּפַארְטְרַייבֶּען . אֵיינְמָאל הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט וְוִיא יַאקָאבְּזָאהְן הָאט עֶפִּיס דֶערְצֶעהְלְט פוּן אַ דָאקְטָאר שְׁטַיינְהֶערְץ אוּנ זִיךְ אַלְץ שְׁטַארְק גֶעחִידוּשְׁט . עֶט, הָאט גוּטְמַאן זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, וָואס חִידוּשְׁט אִיהְר זִיךְ דָא אַזוֹי אוּנ וֶוערְט נִתְפַּעֵל ? דֶער דָאקְטֶער שְׁטַיינְהֶערְץ אִיז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אוּנ דֶערִיבֶּער טַאקִי אִיז עֶר אַזוֹי רַייךְ אוּנ בַּייא אַלֶע גָאר דִיא נְשָׁמָה. אִיז דֶען בַּייא אַייךְ נַיים , אַז מֶען וֶוערְט אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אִיז מֶען דָאס לֶעבֶּען אוּנ מֶען דֶערְגְרֵייכְט אַלְסְדִינְג אוֹיף דֶער וֶועלְט ? — אִיךְ בִּין דֶערְצַאפֶּעלְט גֶעוָוארֶען הֶערֶענְדִיג דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער ! סְטַייטְשׁ , גוּטְמַאן , מַיין הֶערְר גוּטְמַאן זָאגְט אוֹיךְ , אַז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אִיז דִיא נְשָׁמָה אוּנ אִיז רַייךְ ! . . . אִיךְ הָאבּ פַאר גְרוֹיס וואוּנְדֶער אַ שְׁפְּרוּנְג גֶעטָאן , זִיךְ אָנְגֶעהַאפְּט בַּיים קָאפּ אוּנ בִּין גֶעוֶוען שְׁטַארְק צוּטְרָאגֶען . גוּטְמַאן אָבֶּער הָאט מִיךְ גְרַאד אַרוֹיף גֶעגֶעבֶּען , אוּנ אַז עֶר הָאט דֶערְזֶעהְן מַיין נַארֶעשׁ פָּנִים דֶענְסְמָאל אִיז אִיהְם אוּמְמֶעגְלִיךְ גֶעוֶוען זִיךְ אַיינְצוּהַאלְטֶען נִישְׁט צוּא טָאן אַ שְׁמֵייכֶעל . מַיין יוּדֶעל הָאט אָנְקוּקֶענְדִיג מִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעמַאכְט : עֶיעֶ ! עֶר אִיז נָאךְ טַאקִי אַלְץ תְּמֶעוַואטֶע , דֶער אֵיינְגֶענֶער לֶעקִישׁ וָואס פְּרִיהֶער ! . . . . אִין אַ קוּרְצֶער צַייט אַרוּם הָאבּ

איך

אִיךְ ווִידֶער גֶעהֶערְט אוּנְטֶער דֶער טְהִיר, וִויא יַאקָאבְזָאהְן הָאט אַיְן אַ שְׁמִיעֶס גֶערֶעדְט פוּן אִיסֶר וַוארְגֶער, וִויא רַייךְ אוּנ גְלִיקְלִיךְ עֶר אִיז, אִין שְׁטָאט דֶער גַאנְצֶער פִיהְרֶער. זַיין חֲשִׁיבוּת, זַיין שְׁטַארְקַייט אִיז עֶפִּיש גָאר שֶׁלֹא כְּדֶרֶךְ הַטֶבַע! — סְ'אִיז גַאנְץ פָּשׁוּט, הָאט דַארוֹיף גוּטְמַאן גֶעזָאגְט: אִיסֶר וַוארְגֶער אִיז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. אוּנ אִיז בַּייא דֶעם גְבִיר דִיא נְשָׁמָה. דָאס אַלְסְדִינְג אִיז דַוְקָא כְּדֶרֶךְ הַטֶבַע, סְ'אִיז גַאנְץ נַאטִירְלִיךְ אוּנ מֶען הָאט זִיךְ דָא גָאר נִישְׁט צוּחִידוּשֶׁען. — יָא, טַאקִי זֶעהְר אֱמֶת גוּט אוֹיף דֶער וֶועלְט אִיז טַאקִי נָאר אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע! הָאט יַאקָאבְזָאהְן גֶעזָאגְט מִיט אַ זִיפְץ, זִיךְ בַּאלְד טַאקִי גֶעזֶעגֶענְט אוּנ אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען.

---

# ט.

בָּרוּךְ הַבָּא קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע! ווִידֶער דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע, נָאךְ אַ מָאל טַאקִי מַיינֶע עֶרְשְׁטֶע פְרִיהֶערְדִיגֶע גֶעדַאנְקֶען! דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע אִיז מִיר גֶעוֶוען זֶעהְר אַיין אָנְגֶעלֵייגְטֶער גַאסְט, פוּנְקְט וִויא גֶעוואוּנְשֶׁען אִין דֶער רֶעכְטֶער צַייט ווֶען אִיךְ בִּין גֶעוֶוען זֶעהְר צוּבְּרָאכֶען, פַארְאוּמֶערְט, דֶערְשְׁלָאגֶען פוּן דִיא צָרוֹת, וָואס אִיךְ בִּין אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ בִּין שְׁטַארְק גֶערֶען גֶעוֶוען חָאטְשׁ אַבִּיסִיל זִיךְ אוֹיסְצוּרוּהֶען. אַ גַאנְצֶע נַאכְט, נָאךְ דֶעם פְרִיהֶערְדִיגֶען שְׁמִיעֶס, הָאבּ אִיךְ שְׁטַארְק אוּמְרוּהִיג מִיךְ גֶעווָארְפֶען פוּן אֵיין זַייט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער אוּנ בַּייא מִיר אַלְץ גֶעטְרַאכְט אַזוֹי: אִיסֶר וַוארְגֶער אִיז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אַ נְשָׁמָה, אוּנ אַ רַייכֶער גְלִיקְלִיכֶער מֶענְשׁ. הֵייסְט דָאךְ אַ־פָּנִים, אַז מֶען אִיז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אִיז מֶען אַ רַייכֶער, אַ גְלִיקְלִיכֶער! אוּנ אַ פָּנִים טַאקִי, וִויא סְ'אִיז מַשְׁמַע, קֶענֶען מֶענְשֶׁען וֶוערֶען קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ ווִיעְן זֵייא ווִילֶען, אוּנ אַז זֵייא וֶוערֶען קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ וֶוערֶען זֵייא אִי רַייךְ אִי גְלִיקְלִיךְ אוּנ דֶערְגְרֵייכֶען אַלְסְדִינְג אוֹיף דֶער וֶועלְט, הָאבּ אִיךְ דָאךְ טַאקִי הָאט אַ־פָּנִים זֶעהְר רֶעכְט, וָואס מִיר הָאט תָּמִיד זִיךְ אַלְץ גֶעגְלוּסְט וֶוערֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. יָא, דָאס אַלְץ אִיז זֶעהְר רֶעכְט, טַאקִי זֶעהְר גוּט! דִיא שַׁאֲלָה אִיז אָבֶּער וִויא אַזוֹי וֶוערְט מֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע? וִויא קוּמְט דִיא קַאטְץ אִיבֶּערְן וַואסֶער? ווֶען אֲפִילוּ אִיךְ זָאל מִיךְ דָא אֲפִילוּ בֵּייגֶען, קְרִימֶען, אַיינְהוֹיקֶערֶען זִיךְ אִין צֶעהֶנְטֶען וֶועל אִיךְ דָאךְ פָּארְט נִישְׁט וֶוערֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. אַ־פָּנִים אַז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע צוּ זַיין אִיז אַ גְרוֹיסֶע קוּנְץ טַאקִי אַ קוּנְץ וָואס אַ קוּנְץ הֵייסְט, נָאךְ אַ סַךְ אַ גְרֶעסֶערֶע וִויא צוּ מַאכֶען מִיט דֶער רֵייף אוּנ אַלֶע אַנְדֶערֶע קָאמֶעדְיַאנְטְסְקֶע שְׁטוּקֶעס, דְרִינֶען מוּז

אודאי

אַוודַאי שְׁטֶעקֶען עֶפִּים אַ גְרוֹיסֶע הַמְצָאָה , וואָרים זִיכְט , וואָלְטֶען דָאךְ אַלֶע גֶעקֶענְט זַיין קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ , נְשָׁמָהלִיךְ , רַייכֶע אוּנ גְלִיקְלִיכֶע לַייט ! . . . אָט דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבּ אִיךְ זֶעהְר לַאנְג אַלְץ גֶעטְרַאכְט , גֶעטְרַאכְט אוֹיף מַיין גֶעלֶעגֶער אוּנ אַז אִיךְ בִּין לְסוֹף אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוואָרֶען הָאט מִיר זִיךְ גֶעחָלוֹמְט וואוּנְדֶער שֵׁיינֶע זַאכֶען : וִויא אִיךְ בֶּעגֶעגֶען אוֹיף דֶער גַאס אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע , וָואס אַרְבֵּייט מַעֲשִׂים דְרֶעהְט זִיךְ אוּנ וַוארְפְט זִיךְ אוֹיף אַלֶע זַייטֶען . אָט שְׁפְּרִינְגְט עֶר צוּ צוּם קָהָל־שְׁטִיבֶּעל , חַאפְּט זִיךְ דָארְט אַרַיין צְווִישֶׁין אַ גֶעזֶעמֶעל קָהָלְס־לַייט, דְרֶעהְט אוּנ מַאכְט מִיט זֵייא נֶעבִּיךְ דִיא קַאמֶעדְיֶע . דֶער עוֹלָם לָאזְט זִיךְ נִישְׁט לַאנְג בֶּעטֶען , נֶעהְמְט זִיךְ צוּם בֵּייטֶעל אוּנ בֶּעצָאהְלְט אִיטְלִיכֶען גַאנְץ פַּיין פַאר דִיא אָנְשְׁטֶעלֶען . . . . פוּן דַאנֶען אִיז עֶר וִויא אַ גִלְגוּל אַרַיין צוּ דֶעם בַּעַל־טַאקְסֶע אִין בּוּזֶעם , אִיהְם גֶעטָאן אַ גֶעשְׁמַאקֶען קִיטְצֶעל , בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעלַאכְט , עֶס הָאט זֵייא עֶפִּים מְשׁוּנֶה הֲנָאָה גֶעטָאן , אוּנ אִיז דֶערְנָאךְ אַרוֹיסְצוּרִיק אִין גַאנְצֶען וִויא אֶפְּגֶעגִילְדְט , פוּנֶם בַּעַל־טַאקְסֶעס קֶעשֶׁענֶע . דֶער בַּעַל־טַאקְסֶע נֶעבִּיךְ הָאט דְרַייא מָאל אוֹיסְגֶעשְׁפִּיגֶען אוּנ בַּאלְד טַאקִי זִיךְ גֶעמַאכְט גָאר אַנְדֶערֶע קֶעשֶׁענֶס ! . . . פוּנֶם בַּעַל טַאקְסֶעס קֶעשֶׁענֶע אִיז עֶר פוּטְץ אַרַיין אִין דֶעם מוֹיל פוּן אַ פָאר שֵׁיינֶע נְפָשׁוֹת , בְּשַׁעַת זֵייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעטְצְט מַאכֶען „סְפְּרַאוֶועטְצְנֶע צֶענֶעס“ אוֹיפְּן פְלֵיישׁ , נָאר וָואס זֵייא זֶענִין בְּרֵייט גֶעוֶוען אַרוֹיסְזָאגֶען פִינְף־אוּנ־פֶערְצִיג גְרָאשֶׁען אַיין אֶקֶע , הָאט עֶר זֵייא עֶפִּים אַ שְׁמִיר גֶעגֶעבֶען אַרַיינְגֶעהַאפְּט זֵייעֶר צוּנְג אִין זַיין הֶענְטִיל , זֵייא נֶעבִּיךְ הָאבֶּען זִיךְ פַארְאִיֶקעט אוּנ גָאר אַ זָאג גֶעטָאן זֶעבְּטְצִיג !... פוּן זֵייעֶר מוֹיל. וָואס אִיז גֶעוָוארֶען נִישְׁט פַאר קֵיין יוּדֶען גֶעדַאכְט , אַ חָאלֶעוֶע הָאט עֶר וִויא אַ דִבּוּק זִיךְ אָנְגֶעטְשֶׁעפֶּעט אִין עֶפִּים אַ גְבִירִיל , מִיט אִיהְם גֶעדְרֶעהְט גֶעדְרֶעהְט , גֶעקֶעהְרְט וֶועלְטֶען אוּנ גֶעמַאכְט פוּן אִיהְם אַ לֶעדֶערְנֶעם דִישֶׁעל . . . פוּן דֶעם לֶעדֶערְנֶעם דִישֶׁעל אִיז עֶר מְגוּלְגָל גֶעוָוארֶען אִין אַ „קָאכְלֶעפֶּעל“ , פוּנֶם קָאכְלֶעפֶּעל אִין אַ טַלִית־קָטָן , פוּן אַ טַלִית־קָטָן אִין אַ קוּרְץ רֶעקִיל, אוּנ פְּלוּצְלִים זִיצְט עֶר גָאר רַייטֶענְדִיג אוֹיף דֶעם קָהָלְשֶׁען צַאפּ , וָואס פַּאשֶׁעט זִיךְ גֶעוֶועהְנְטְלִיךְ צְווִישֶׁין דֶער טְשֶׁערֶעדֶע שְׁטָאט דְ ט־ב הַמוֹת!. . . . הַכְּלַל דָאס קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלֶע הָאט גֶעאַרְבֵּייט , גֶעטָאן אוּנ וָואס עֶר הָאט גֶעטָאן אִיז עֶפִּים אוֹיסְגֶעקוּמֶען נָאר גוּט , גוּט אוּנ גוּט . אִיךְ הָאבּ אִיהְם אַזוֹי שְׁטַארְק מְקַנֵא גֶעוֶוען , אַז אִיךְ הָאבּ אַזְשׁ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיךְ צוּנוֹפְּצִיהֶען , הָאבּ אַרוּנְטֶער גֶענוּמֶען דִיא פִיס אוּנְטֶער זִיךְ , זִיךְ גֶעקְרִימְט , גֶעקְוֶועטְצְט אוּנ אַיינְגֶעהַאלְטֶען דֶעם אָטְהֶעם בִּיז אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּדֵיינְקֶען , צוּפִּיהְלֶען , צוּזֶעהְן אוּנ צוּהֶערֶען , אוּנ פְּלוּצְלִים בִּין אִיךְ , אַז וואוֹיל אִיז מִיר , גֶעוָוארֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע, אַזוֹי קְלֵיין וִויא אַ פְלוֹיא ! אִיךְ

האב

הָאבּ מִיךְ פָּשׁוּט מְחַיֶה גֶעוֶועֶן.ס'אִיז מִיר אָפְּגֶעגַאנְגֶען דִיא בֵּיְנֶער , לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען אִין אַלֶע רמ"ח אֵבְרִים , בַּאלְד טַאקִי בִּין אִיךְ גֶעוָוארֶען אַ נְשָׁמָה , בַּייא אִיטְלִיכֶען דָאס לֶעבֶּען, אוּנ דָאס גְלִיק הָאט מִיר אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּגֶעהְן פוּן אַלֶע זַייטֶען , אִיךְ בִּין גֶעפָאהְרֶען אִין אַ קַארֶעטֶע אָנְגֶעטָאן וִויא אַ שְׂרָרָה , אַלֶע הָאבֶּען מִיר אָפְּגֶעגֶעבֶּען כָּבוֹד , מִיר צוּגֶעטְרָאגֶען דָאס שֶׁעהְנְסְטֶע דָאס בֶּעסְטֶע , מַיין קְוִויטֶעל אִיז גֶעגַאנְגֶען . אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן וָואס אִיךְ וִויל אוּנ גֶעפִירְט דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט בַּייא דֶער נָאז , אִיטְלִיכֶער הָאט פוּן דֶער וַוייטֶען אוֹיף מִיר גֶעטַייטִי מִיט דִיא פִינְגֶער : אָט פָאהְרְט דִיא נְשָׁמָה , אָט גֶעהְט דִיא נְשָׁמָה , אָט רֶעדְט דָארְט עֶפִּים דִיא נְשָׁמָה , אַךְ , קוּקְט נָאר אָן דִיא נְשָׁמָה ! שַׁא , וָואס זָאגְט עֶפִּים דִיא נְשָׁמָה ? וָואס , אִיהְר הָאט נַדְן־גֶעלְט ? לִייגְט עֶס אַיין בַּייא דֶער נְשָׁמָה ! אִיהְר הָאט עֶפִּים אַ מִשְׁפָּט , אַ בּוֹרְרוּת ? גֶעהְט הֶלֶעבִּין צוּ דֶער נְשָׁמָה ! אִיהְר בֶּעדַארְפְט אֶפְשַׁר אַ טוֹבָה הָאבֶּען ? צוּ אַ טוֹבָה אִיז נָאר דִיא נְשָׁמָה ! אַ חָכָם , אַ בַּעַל עֵצָה , אַ חָשׁוּב , אַ מַאכֶער , אַ גַבַּאי , אַ צוּנוֹיפְנֶעהְמֶער אִיז טַאקִי נָאר דִיא נְשָׁמָה ! . . . . פְּלוּצְלִים אָבֶּער הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען זִיךְ אוֹיסְצוּגְלַייכֶען , אוֹיסְצוּצִיהֶען , עֶפִּים הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען לִיכְטִיג צוּ וֶוערֶען מִיר אִין דִיא אוֹיגֶען אוּנ גוּט מָארְגֶען דִיר מִמְזְרוּק אִיצִיק אַבְרָהָמֶעל ! אִיךְ אַלֵיין טַאקִי לִיג צוּלֵייגְט , וִויא בַּיים טַאטֶען אִין וַוייגְהוֹיז , אוֹיף מַיין גֶעלֶעגֶער . אִיךְ טַאפּ מִיךְ , דָא אַ טָאפּ , דָארְט אַ טַאפּ , יָא , וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד , אִיךְ בִּין עֶס טַאקִי אַלֵיין ! אִיךְ שְׁלִימְמַזָל מִיט מַיין אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד , אִין גַאנְצֶען וִויא גְרוֹיס אִיךְ בִּין . פוּן וַואנֶען הָאבּ אִיךְ פְּלוּצְלִים דָא מִיךְ גֶענוּמֶען ? אַךְ , הָאבּ אִיךְ עֶס אַבִּיסִיל מִיךְ פַּיינְט גֶעהַאט פַאר וָואס אִיךְ בִּין אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ פַאר וָואס אִיךְ בִּין עֶס טַאקִי אִיךְ אַלֵיין ! . . . נוּא , הָאבּ אִיךְ דֶערְנָאךְ בַּייא מִיר גֶעטְרַאכְט , נִישְׁקָשֶׁה ! אִיךְ וֶועל שׁוֹין דֶערְגֶעהְן וִויא אַזוֹי מֶען וֶוערְט אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע . מַיין טוֹיט זָאל דָא אֲפִילוּ זַיין מוּז אִיךְ עֶס דֶערְגֶעהְן . דָא הָאבּ אִיךְ בַּאלְד אָנְגֶעהוֹיבֶּען ווידֶער זִיךְ צוּבֶּעטְרַאכְטֶען אַזוֹי : בְּשַׁעַת מִיר הָאט זִיךְ גֶעחָלוֹמְט אַז אִיךְ בִּין גֶעוָוארֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע , אַ רַייכֶער , אַ גְלִיקְלִיכֶער , אַ פַיינֶע־בְּרְיָה אוּנ אַ גַאנְצֶער מַאכֶער אִין דֶער שְׁטָאט הָאבּ אִיךְ דֶענְסְמָאל , דַאכְט זִיךְ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּדַיינְקֶען , צוּפִיהְלֶען , צוּזֶעהְן אוּנ צוּהֶערֶען , אִיז דָאךְ אַ פָּנִים מַשְׁמַע , אַז מֶען קֶען אַנְדֶערְשׁ נִישְׁט זַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע סַיידֶען טַאקִי מֶען מוּז פְרִיהֶער אוֹיפְהֶערֶען צוּדַיינְקֶען אוּנ צוּפִיהְלֶען , דָאס הֵייסְט פָּשׁוּט אִיז פָּשׁוּט מֶען זָאל לְגַמְרִי גָאר נִישְׁט דַיינְקֶען , גָאר נִישְׁט פִיהְלֶען , יֶענֶער זָאל אֲפִילוּ דָא פַאר דִיר דִיא כַּפָּרָה וֶוערֶען אוּנ זִיךְ אַ מַעֲשֶׂה אָנְטָאן . נָאר וָואס טְהוּט מֶען אָבֶּער דֶערְצוּ ? וִויא אַזוֹי הֶערְט מֶען עֶס אוֹיף צוּ דַיינְקֶען אוּנ צוּ פִיהְלֶען ? דָאס אִיז דָאךְ

טאקע

טאקע דיא גאנצע מלאכה, דרינען ליגט דאך טאקי דער הונד בעגראבען! איך בין געפאלען אויף א המצאה — פרעגען מיין הער. איך האב אבער קריק טאקי זיך מישב געוועזן, סטייטש! ווען גוטמאן זאל וויסען דעם סוד דער פון וואלט ער דאך אליין נעביך געווארען א קליין מענשעלע!! ער וואלט דאך געוועזן רייך. זיך נישט אזוי געמוטשעט און פארשפארט זיך נעביך שווארצען דאס פנים, שיקען ביכליך און אונטערוואַרפען זיין דיא מיינונגען פון איטליכען בעזונדער. איך האב איבערגעקלערט דיא זאך אויף אלע זייטען און בין געבליבען ביי גארנישט.

דעם גאנצען טאג דער נאך בין איך ארומגעגאנגען וויא א דולער, דער קאפ האט מיר זיך געשפאלטען, איך האב נישט געוואוסט וואס איך טהוא און אויף וואס פאר א וועלט איך בין. צו וואס איך האב מיך צוגעריהרט האב איך אנגעמאכט שאדען, איך האב יענעם טאג צובראכען צווי טהע־גלעזער, עטליכע פארצעלאַנענע טעלער זענין מיר פון דער האנד ארויסגעפאלען, איבערגעקעהרט א טינטער מיט טינט און פארביטען דיא יוצרות ביים סאמאוואר אויפשטעלען: אין דעם ארט פונם וואסער האב איך אריינגעשאטען קוילען און אין דעם ארט פון דיא קוילען אריינגעגאסען וואסער, אלע אין שטוב האבען מיך אנגעקוקט עפיס שטארק פארוואונדערט, זיך געשושקעט און געפיהלט א־פנים, כ'איז מיט מיר עפיס נישט גלאטיג. גוטמאן האט אנווייזענדיג אויף מיר דער מאדאם זיינער, אנידערגעלייגט א פינגער אויפן שטערען און איהר געזאגט שטיל: ביים יונגעל איז דא, אין קאפ, עפיס נישט רוהיג. נארעש המעוואטע האט ער תמיד אויסגעזעהן, נאר היינט זעהט ער עס נאך מעהר אויס. ער איז נעביך וויא שטארק דערשלאגען. ער איז נאך גאר א קינד! . . . א לאנגע צייט בין איך געוועזן עפיס ביז וויא צעהן רוחות, זיך אלץ געקרימט און נישט געוועזן צופרידען. דאס הארץ האט מיר געקלאפט שרעקליך שטארק, עס האט מיר דארט אינוועניג גערוישט, זיך געדרעהעט וויא אין א מיהל, עפיס וויא א קול האט מיר אלץ געשריגען: יצחק אברהם! וואס וועט פון דיר זיין דער תכלית? ביז וואנען וועסט־דוא אזוי פארשווארצט ווערען און זיין פארוואגעלט? ווער א קליין מענשעלע יצחק אברהם! טהוא אלעדינג וואס דוא קענסט און ווער א קליין מענשעלע, וועסט־דוא לעבען גליקליך, אין עושר, אין כבוד און אויסגלייכען דיר דיינע ביינער! . . . דאס קול האט נישט אויפגעהערט קיין רגע מיר צופיקען דעם קאפ. איך בין ארומגעגאנגען וויא א נעבעטיגער, שטארק צומישט און מיר קיין עצה נישט געקענט געבען וואס מען טהוט, וואס מען הייבט אן. פלוצלים איז מיר וויא א בליץ אריין דער געדאנק — זיך שטעלען פאר א משרת ביים

דאקטאר

דָאקְטָאר שְׁטֵיינְהֶערְץ ! בַּייא אִיהְם וֶועל אִיךְ גַאנְץ גוּט מִיךְ צוּקוּקֶען צוּא אֶיטְלִיכְם פִּיטְצֶעלֶע אוּנ מִיט דֶער צַייט דֶערְגֶעהְן דֶעם סוֹד וְויא אַזוֹי מֶען וֶוערְד אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע . מֶען בֶּעדַארְף זַיין אַזַא מֶענֶעגֶע , אַזַא דֶערְשְׁלָאגֶען יוּנְגֶעל וִויא אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶן , צוּפַארְשְׁטֶעהְן דֶענְסְמָאל מַיין הַארְץ אוּנ דִיא מְשׁוּנֶה שְׁטַארְקֶע גֶעפִּיהְלֶען, וָואס דֶער דָאזִיגֶער גֶעדַאנְק הָאט אִין מִיר אוֹיפְגֶעוֶועקְט . אִיטְלִיכֶער אוֹיף דֶער וֶועלְט , אֲפִילוּ אַזֶעלְכֶע וָואס פַארְשְׁטֶעהְן אַיין עֵסֶק אוּנ קְלוּגֶע אִין מְלֵי־דְעָלְמָא זַאכֶען , טַאקִי אִיטְלִיכֶער בֶּעזוּנְדֶער הָאט זִיךְ זַיינֶע מַאנְקָאלִיעֶס , זַיינֶע זַאבַּאבָאנֶעס , זַיינֶע נַארֶעשְׁקַייטֶען , שְׁמָאכְטֶעס , וָואס רֶעדְט זִיךְ זַייא אַיין , וָואס לִיגֶען אִיהְם אַיינְגֶעבַּאקֶען אִין הַארְץ , אוּנ אִיטְלִיכֶענְס אַיינְגֶערֶעדֶטֶע זַאכֶען קוּמֶען פִיר דֶעם אַנְדֶערֶען עֶפִּיס מְשׁוּנֶה ווִילְד , אָהְן טַעַם אָהְן רֵיחַ . קֵיינֶער קֶען נִישְׁט אוּנ ווִיל נִישְׁט אַרַיין אִין יֶענֶעמְס לַאגֶע , פִיהְלֶען זַיין הַארְץ אוּנ פַארְטְרָאגֶען זַיינֶע נַארֶעשְׁקַייטֶען , אִיטְלִיכֶער נֶעהְמְט נָאר אַ רְאָיָה פוּן זִיךְ . אֵיינֶער לַאכְט פוּנֶעם אַנְדֶערֶען אוּנ אַלֶע זֶענִין מְשׁוּגָע ! . . . .

אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעזוּכְט אַ מֶעקְלֶער , אִיהְם צוּגֶעזָאגְט אַ שֵׁיין מֶעקְלֶערַייא , אַז עֶר זָאל מִיךְ אַרַיינְדְרֶעהְן פַאר אַ מְשָׁרֵת בַּיים דָאקְטָאר שְׁטֵיינְהֶערְץ . עֶס הָאט נִישְׁט גֶעדוֹיעֶרְט לַאנְג הָאבּ אִיךְ אָפְּגֶעטְרָאטֶען פוּן מַיין גוּטֶען הֶער גוּטְמַאן , כִּמְעַט פוּן אִיהְם זִיךְ אָפְּגֶעטְרָאגֶען , פַארְגֶעסֶען דֶעם זַייא גֶעזוּנְד אוּנ אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אוֹיף מַיין נַייא אָרְט צוּם דָאקְטָאר !

•

מִיט מַיין אַרִיבֶּערְטְרֶעטֶען דָאס עֶרְשְׁטֶע מָאל דִיא שְׁוֶועל פוּנֶם דָאקְטָארְס הוֹיז בִּין אִיךְ גֶעגְלִיכֶען גֶעוֶועזֶן נָאר צוּ אַ וַואנְץ , וָואס הַאפְּט זִיךְ אַרַיין צוּגַאכְט אִין אַ שְׁפֶּעלְטִיל פוּן אוּנְזֶער בֶּעט , זִיטְצְט דָארְט אִיבֶּער דֶעם גַאנְצֶען טָאג אוּנ נֶעהְמְט זִיךְ אַרוֹיס דִיא אוֹיגֶען קוּקֶענְדִיג וֶוען וֶועלֶען מִיר , מֶענְשֶׁען , זִיךְ שׁוֹין אָפְּפַּארְטִיגֶען פוּן אוּנְזֶערֶע גֶעשֶׁעפְטֶען , זִיךְ אַרַיינְלֵייגֶען אִין בֶּעט . זִיא זָאל שׁוֹין קֶענֶען לְמַזָל מַאכֶען מִיט אוּנְז בֶּעקַאנְטְשַׁאפְט , אִיבֶּערְשְׁמִיעֶסִין אַבִּיסִיל מִכֹּחַ דֶער פַּרְנָסָה , דִיא גַאנְצֶע כַּוָּנָה פוּן אִיהְר קוּמֶען אִיז דָאךְ טַאקִי נָאר דָאס שְׁטִיקֶעל פַּרְנָסָה — צוּ הָאבֶּן פוּן אוּנְז , פַיינֶע בְּרִיוֹת . דִיא יְנִיקָה . . . . דֶער דָאקְטָאר שְׁטֵיינְהֶערְץ , דֶער פַיינֶע בְּרִיָה , אִיז פַארְטְרָאגֶען גֶעוֶועזֶן עֶרְגִיץ אִין ווִיכְטִיגֶע זַאכֶען , גֶעשַׁארְט גָאלְד פוּן אַלֶע זַייטֶען אוּנ אִיהְם אִיז נָאר אוֹיף דֶעם זִינֶען נִישְׁט גֶעקוּמֶען , אַז הַיינְט פְרִיא הָאט צוּ אִיהְם אִין הוֹיז זִיךְ פֶערְקְלִיבֶּען

עפּים

עֶפּיס אַ וואַנְץ — מַמְזְרוּק אִיצִיק אַבְרָהָמֶעל , וָואס וֶועט אִיהְם דָא גוּט נָאכְקוּקֶען אַלֶע זַיינֶע גֵיינְג , חַאפֶּען דֶעם סְטְרִיה זַיינֶעם אִין דֶער פַּרְנָסָה אוּנ לֶערְנֶען זִיךְ בַּייא אִיהְם דִיא קוּנְץ, וִויא צוּפַארְוַוארְפֶען זִיךְ אִין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע . אַ גַאנְצֶען טָאג הָאבּ אִיךְ גֶעאַרְבֵּייט , גֶעטָאן דִיא מְלָאכוֹת , וֶועלְכֶע דִיא מַאדַאם הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען אוּנ שְׁטִילֶערְהֵייט אִין הַארְץ אַלְץ גֶעוַוארְט , אִיךְ זָאל שׁוֹין דֶערְלֶעבֶּען זֶעהְן דָאס קְלֵיינֶע דָאקְטָארִיל ! מִיט־אַ־מָאל עֶפֶענְט זִיךְ פַּאר נַאכְט אוֹיף דִיא טְהִיר אוּנ עֶס קוּמְט אַרַיין אַ הוֹיכֶער מֶענְשׁ , אַ בּוּרְלַאק מִיט אַ בּוֹיךְ , הוֹיךְ אוּנ גְרוֹיס וִויא גוֹג־מָגוֹג . וִויא אִיךְ הָאבּ אִיהְם נָאר דֶערְזֶעהְן הָאבּ אִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט אַ פָּאר אוֹיגֶען אוּנ נָאךְ מַיין שְׁטֵייגֶער נָאךְ אִיהְם אָנְגֶעקוּקְט שְׁטַארְק תַּמְעוַואטֶע . דֶעם בּוּרְלַאק אִיז מַיין קוּקֶען נִישְׁט גֶעפֶעלֶען , עֶר הָאט מִיךְ דוּרְכְגֶעשְׁטָאכֶען מִיט זַיינֶע אוֹיגֶען אוּנ אוֹיף מִיר בֵּייז אַ הִיק גֶעטָאן : טְשְׁטָא טִי טַאק סְמָאטְרִישׁ בָּאלְוַואן ! אַזַא לָשׁוֹן הָאבּ אִיךְ נָאךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעהֶערְט אוּנ הָאבּ גָאר נִישְׁט פַארְשְׁטַאנֶען דֶעם פֵּירוּשׁ דֶערְפוּן . אוֹי , אוֹי ! הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צִיטֶערֶען , פְלַאטֶערֶען , גְלַייךְ וִויא עֶר וָואלְט מִיךְ גֶעוָואלְט קוֹילֶען , אִיךְ הֵייס אִיצִיק אַבְרָהָמֶעל , הֵייס אִיךְ , אַבְּרַהַאמֶקֶע ! . . . אִיךְ בִּין אַ יָתוֹם . . . דָא אַ מְשָׁרֵתִיל בִּין אִיךְ דָא ! . . . „וִוידְנָא טְשְׁטָא טִי בַּאלְשָׁאִי דוּרַאק ! הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען דֶער בּוּרְלַאק , נוּא־זְשֶׁע דוּא , פוּן הַיינְט אָן סְמָאטְרִי , אַז אִיךְ וֶועל קוּמֶען זָאלְסְט־דוּא פוּן מִיר גֶעשְׁווִינְד צוּנֶעהְמֶען דֶעם פֶּעלְץ , דִיא קַאלָאשֶׁען , קְלִישֶׁעס ?!‟ אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַאר אִים עֶפִּיס אַזוֹי אִיבֶּערְגֶעשְׁרָאקֶען , אַז אִיךְ הָאבּ אִין גַאנְצֶען וִויא גְרוֹיס אִיךְ בִּין מִיךְ דֶערְלַאנְגְט אַ וָוארְף אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנ שְׁטַארְק אַרוּמְגֶעחַאפְּט מִיט מַיינֶע הֶענְטְלִיךְ דֶעם בּוּרְלַאקְס גֶעזוּנְטֶע פִּיס , אוֹיסְצוּטָאן אִיהְם דִיא קַאלָאשֶׁען . גָאט הָאט מִיר גֶעהָאלְפֶען אִיבֶּערְצוּקוּמֶען בְּשָׁלוֹם דֶעם דָאזִיגֶען שְׁרֶעק אוּנ דֶער בּוּרְלַאק אִיז אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען אִין דֶעם זַאל . אִיךְ הָאבּ שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסִיל אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט דֶעם סַאמָאוַואר אוּנ אַ גַאנְצֶען אָוֶוענְט דֶעם שֵׁיינֶעם פַּארְשׁוֹין מִיט דֶער מַאדַאם בֶּעדִינְט . בַּייא דֶער נַאכְט הָאבּ אִיךְ אוֹיף מַיין גֶעלֶעגֶער אַלְץ גֶעטְרַאכְט , וֶוער זָאל עֶס זַיין אָט דֶער דָאזִיגֶער בּוּרְלַאק , אָט־אָ דֶער פֶּעמְפִּיק ? אַ גַאנְצֶע נַאכְט זִיטְצְט עֶר עֶפִּיס אַלֵיין מִיט דֶער מַאדַאם אוּנ מַאכְט מִיט אִיהְר קוּטְצִיוּנְיוּא־מוּצוּנְיוּא , עֶר זִיא — לְיוּבֶּענְיוּא , אוּנ זִיא אִיהְם צוּרִיק — קֶעטְצֶעלֶע . וָואס אִיז דָאס עֶפִּיס פַאר אַ מִין קֶעטְצֶעלֶע ? אוּנ וואוּ אִיז עֶרְגִיץ דֶער דָאקְטָאר אַלֵיין — אַזוֹי הָאט אַ פָּאר טֶעג כְּסֵדֶר דֶער פֶּעמְפִּיק גֶעמַאכְט זַיינֶע לַאנְגֶע וִויזִיטֶען . וִויא עֶר אִיז נָאר אָרוֹיס אָדֶער אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד , אָנְצוּטָאן אָדֶער אוֹיסְצוּטָאן אִיהְם דִיא קַאלָאשֶׁען , עֶר פְלֶעגְט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה

זִיךְ

זִיךְ הַאלְטֶען בַּייא דִיא זַייטֶען אוּנ קוּקֶען מִיט גַדְלוּת אוֹיף דֶער שְׁטֶעלְיֶע, ס'אִיז אִיהְם קֵיין פִּיטְצֶעל אֲפִילוּ נִישְׁט אָנְגֶעגַאנְגֶען, אַז עֶר הָאט מִיט זַיינֶע גְרָאבֶּע פִּיס וִויא דִיא קָאפִּיטֶעס מִיר צוּגֶעקְלֶעהְמְט דִיא פִינְגֶער. אִיךְ הָאבּ טַאקִי לְעֵת עַתָּה נָאךְ אַלְץ נִישְׁט גֶעוואוּסְט וֶוער זָאל עֶס אַזוֹינְס דֶער פֶּעמְפִּיק זַיין, אָט־אָ דֶער גֶעזוּנְטֶער עֵשָׂו? אָפְּגֶעפַּארְטִיגְט זִיךְ אֵיינְמָאל אִין אָוֶועְנְט פוּן מַיין אַרְבַּייט אוּנ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט דָאס קֶעטְצֶעלֶע שְׁפִּילֶענְדִיג זִיךְ מִיט דֶער לִיוּבֶּעְנִיוּא בִּין אִיךְ מִיר אַרוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען אוּנְטֶען אִין דֶער קֶעךְ, אַבִּיסֶעל בֶּעסֶער בֶּעקַאנְט צוּ וֶוערֶען מִיט דֶער קֶעכְנֶע אוּנ הָאבּ זִיא דָארְט אַנַב עֶפִּיס מִיט אַ רַחֲמָנוּת־פְּנִימֶעל גֶעטָאן אַ פְרֶעג:

— זָאגְט מִיר, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, וֶוער אִיז עֶס אָט־אָ דֶער, וָואס קוּמְט אָפְּט צוּ גַאסְט, אִיז עֶפִּיס אַ גַאנְצֶער שְׁמֶעלְקֶע מִיט דֶער מַאדַאם אוּנ שְׁלָאפְט אִין דֶער סְפַּאלְנְיֶע?

— הַא, וָואס?! הָאט דִיא קֶעכְנֶע גֶעמַאכְט אוּנ מִיךְ אָנְגֶעקוּקְט פַארְווּאוּנְדֶערְט, וָואס זָאגְסְט־דוּא? סְטַייטְשׁ, עֶמִיצֶער שְׁלָאפְט אִין דָער סְפַּאלְנְיֶע! וָואס הֵייסְט עֶמִיצֶער?

— וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד! הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּשְׁוֶוערֶען, זָאל אִיךְ אַזוֹי אוֹיפְגֶערִיכְט וֶוערֶען! זָאל אִיךְ אַזוֹי הֶערֶען שׁוֹפָר שֶׁל מָשִׁיחַ, וִויא אִיךְ אַלֵיין מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען אוּנ אוֹיעֶרֶען הָאבּ אִיהְם גֶעזֶעהְן אוּנ גֶעהֶערְט אַרַיינְגֶעהְן אַהִין! סְטַייטְשׁ, אַוַודַאי, אִיךְ זָאל מִיט אַייךְ טַאקִי אַזוֹי גֶעזוּנְט אוּנ גְלִיקְלִיךְ זַיין! וִויא הֵייסְט עֶר עֶפִּיס דָארְט בַּיים שְׁפִּיטְץ־נָאמֶען, קֶעטְצֶעלֶע, צִי קָאטֶערִיל? וֵוייסְט אִיהְם דֶער שְׁוַוארְץ יָאהְר!

— נוּא, אוּנ דֶער בַּעַל־הַבַּיִת? הָאט דִיא קֶעכְנֶע גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ פָּנִימֶעל אוּנ דִיא אֵייגֶעלִיךְ הָאבֶּען אִיהְר זִיךְ צוּפְלַאקֶערְט אַזוֹי וִויא אִין אוֹיוֶוען בִּשְׁעַת חַלָּה בַּאקֶען.

— דֶער בַּעַל־הַבַּיִת! הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ בַּייא דֶעם נָאמֶען עֶפִּיס אַבִּיסִיל גֶעשְׁטַאמֶעלְט, וִויא אֵיינֶער וָואס וֶוערְגְט זִיךְ אוּנ וִויל פַאר יֶענֶעם עֶפִּיס נִישְׁט אַרוֹיסְרֵיידֶען. דֶער בַּעַל־בַּעַל־הַבַּיִת נֶעכְטִיגְט אַ פָּנִים נִישְׁט אִין דֶער הֵיים. עֶר הָאט גֶעמוּזְט עֶרְגִיץ אַוֶועקְפָאהְרֶען אַרְבַּייטֶען אִין זַיין עֵסֶק...

— נוּא, אַז ס'אִיז יָא אַזוֹי דִיא מַעֲשֶׂה, הָאט דִיא קֶעכְנֶע גֶעזָאנְט מִיט עֶפִּיס אַ וִוילְד גֶעלֶעכְטֶערִיל, בִּין אִיךְ טַאקִי אַ בַּאלֶען אַלֵיין אַרוֹיפְצוּגֶעהְן זֶעהְן. אִיךְ וָועל מִיר אוֹיסְזוּכֶען עֶפִּיס אַיין אוֹיסְרֵייד. ס'אִיז כְּדַאי חְלֶעבִּין צוּזֶעהְן, אַז דִיא דַאמֶעס זֶענִין נִישְׁט בֶּעסֶער פוּן דִיא דִינְסְטֶען... זָאלֶען זַייא נִישְׁט מַאכֶען אַזוֹי קֵיין חֵן!

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז דִיא קֶעכְנֶע צוּרִיק אַרָאפְּגֶעקוּמֶען

פארפלאבט

פַּארְפְלַאמְט , רוֹיט אָנְגֶעצוּנְדֶען וִויא אַ הֶעלִישׁ פַייֶער אוּנ הָאט אוֹיף מִיר נֶעבִּיךְ גֶעעֶפֶּענְט אַ פִּיסְק מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת :

— אָ דוּא עַבְבְרָאשׁ, יוּנְגַאטְשׁ אֵיינֶער ! בִּיסְט דָאךְ וֶוערְטְה מֶען זָאל דִיךְ דָא צֶערַייסֶען וִויא אַ הֶערִינְג , ס'אִיז דָאךְ אַ הָעזֶה פוּן אַזַא סְמָארְקַאטְשׁ , פוּן אַזַא פַּארְשְׁטוּנְקֶענֶע נְשָׁמָה , פוּן אַזַא שְׁטִיק פְלֵיישׁ אַ וֶוערֶעמְדִיג בָּחוּרִיל ! אַבְרָהָם עַזוּת פָּנִים צוּ דַיין קָאפּ צוּ'דַיין לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען ! וָואס עֶס הָאט גֶעזָאלְט זַיין מִיר אוּנ כָּל יִשְׂרָאֵל , רִבּוֹנִי שֶׁל עוֹלָם , טַאקִי צוּ דַיין קָאפּ ! פַּארְהַאפְּט זָאלְסְט דוּא וֶוערֶען , רִבּוֹנִי שֶׁל עוֹלָם • אַ קַיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים זָאלְסְט דוּא נִישְׁט אוֹיפְשְׁטֶעהְן ! אַזוֹי יוּנְג אוּנ קֶען שׁוֹין צוּנוֹיפְפִיהֶרֶען פְּלָאטֶעקְעס לָאקְשׁ בּוֹידֶעם פָּאלֶעצֶע ! סְטַייטְשׁ אוֹיף קַיין גוּט אָרְט זָאלְסְט דוּא נִישְׁט לִיגֶען, דֶער הֶערְר אַלֵיין סְטַייטְשׁ , זִיטְצְט דָאךְ עֶס מִיט דֶער מַאדַאם דָארְט אִין סְפַּאלְנִיֶע !

— גָאט אִיז מִיט אַייךְ , וָואס זָאגְט אִיהְר ? בִּין אִיךְ אַרוֹיס מִיט דֶער שְׁפְּרַאבֶע — פַּארִיכְטֶען מַיין מַזָל בַּייא דֶער קֶעכְנֶע , בֶּעטְרַאכְט זִיךְ נָאר וָואס אִיהְר רֶעדְט . סְטַייטְשׁ אָט־אָ דֶערְהוֹיכֶער בּוּרְלַאק , אָט־אָ דֶער גְרָאבֶּער פֶּעמְפִּיק ! • • • •

אַ רוּחַ אִין דַיין טַאטְעְנְס־טַאטֶעְנְס־טַאטֶעְנְס טַאטֶען אַריין שִׁיינֶעץ ! הָאט דִיא קֶעכְנֶע זִיךְ צוּשְׁרִיגֶען אוֹיף אַ קְוִויטְשׁ אוּנ אַ הַאפּ גֶעטָאן דִיא קָאטְשֶׁערֶע , סְטַייטְשׁ שֵׁיינֶעץ , דֶעם בַּעַל־הַבַּיִת רוּפְסְט דוּא בּוּרְלַאק ! אַרוֹיס שֵׁיינֶעץ , וָוארִים אִיךְ וֶועל דִיר דָא פְלֶעטֶען דֶעם קָאפּ !

אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַרוֹיסְגֶערִיקְט גֶעשְׁווִינְד פוּן דֶער קֶעךְ אוּנ בִּין מִיר ווִידֶער אַרוּפְגֶעגַאנְגֶען אוֹיבֶען שַׁא קִיטְשׁ . אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַנִידֶער גֶעלֵייגְט אִין דֶער פֶעֶרעדְנֶע שְׁלָאפֶען הָאבּ אִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט פַאר גְרוֹיס וואוּנְדֶער קַיין אוֹיג צוּמַאכֶען אוּנ אַלְץ בַּייא מִיר גֶעטְרַאכְט : וָואס הֶער אִיךְ אוּנ וָואס זֶעה אִיךְ ? דֶער דָאקְטָאר אִיז גָאר אַ הוֹיכֶער, אַ גְרוֹיסֶער , אַ דִיקֶער ! הַיינְט וָואס־זְשֶׁע הָאט גוּטְמַאן גֶעזָאגְט , עֶר אִיז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע ?! זָאל גוּטְמַאן זָאגֶען אַ לִיגֶען , אַזַא גְרָאבֶּען לִיגֶען ? נֵיין , עֶס קֶען נִישְׁט זַיין ! גוּטְמַאן הָאט קַיינְמָאל קַיינֶעם נִישְׁט אָפְּגֶענַארְט , וָואס גוּטְמַאן הָאט גֶעזָאגְט אִיז תָּמִיד אֱמֶת גֶעוֶוען . וָואס טְהוּט זִיךְ דָא אַזוֹינְס ? דָא מוּז אַוַדַאי עֶפִּיס זַיין • • • אֶפְשַׁר גָאר שְׁטֶעקְט דְרִינֶען כִּשׁוּף , אַקַאמֶעדְיֶע ? ווִיא בַּאלְד אַז מֶענְשֶׁען קֶענֶען אַ מָאל זִיךְ פַּארְוַוארְפֶען אִין אַ וָואלְף , אִין אַ וָואקֶעלַאק אוּנ אָנְנֶעהְמֶען אַלֶערְלֵייא גֶעשְׁטַאלְטֶען , וָואס דָאס אִיז דָאךְ אַ גֶעווִיסֶע זַאךְ, אַזוֹי קְלָאהְר ווִיא דֶער טָאג אוּנ אִיךְ הָאבּ עֶס אַ סַךְ מָאל גֶעהֶערְט דֶערְצֶעהְלֶען פוּן אַלְטֶע יוּדֶען מִיט גְרַייז גְרוֹיֶע בֶּערְד , מֵילָא אִיז דָאךְ גַאנְץ גְרִינְג צוּגְלוֹיבֶּען , אַז מֶענְשֶׁען קֶענֶען אוֹיךְ אַ מָאל זִיךְ פַּארְוַוארְפֶען אִין קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ אוּנ

דורכדעם

דורכדעם מאכען א גליק! נאך א מאל, אז א מענש קען ווערען א וואלף — א חיה רעה, וואס לויפט ארום משוגענער ווייס און בילט, וואס פרעסט און איז מזיק וועמען ער בעגעגענט, איז דאך נאך דעם פון א מענשען אין א קליין מענשעלע זיך צופארקעהרען עפיש גאר נישט אזוי שווער. מען בלייבט דאך טאקי ביי דעם פריהערדיגען מענשליכען געשטאלט, מיט דעם אייגענעם פנים וויא איטליכער, נאר פון גרויס ווערד מען קליין . . . יא, איך געה דאנקען גאט, דאכט זיך, אויף א שטיקעל דרך. דיא מעשה דער פון איז א־פנים טאקי אזוי. דא שטעקט הוקעס־פוקעס! מען מוז דיא זאך בעטראכטען, גוט נאכקוקען און דערגעהן דעם סוד, דיא וועלט זאל אפילו זיך איבערקעהרען!

מיט דעם דאזיגען נייעם געדאנק מיינעם, האט מיין קינדערשער שכל, וויא איהר זעהט, געשטעלט פעסטער א פיסעל און שוין געמאכט א טריט ווייטער. אנשטאט וואס פריהער איז מיין גלויבען אין דעם קליינעם מענשעלע געוועזען מגושם גראב, שטארק קינדעריש, גלאט בפשטות עס קומען אויף דער וועלט אראפ פארטיגע קליינע מענשעליך, איז ער איצט שוין אויסגעפיינטער, אויסגעאיידעלטער, עס ליגט שוין אין איהם א כונה, עפיס א כח, א רוחניות זאך מיט א דרך הטבע, דאס הייסט: קומען אויף דער וועלט קומען מענשען טאקי אלע גלייך וויא זייא זענען, נאר א טהייל מענשען קענען זיך פארוואנדלען און ווערען א מאל קליינע מענשליך דורך שמות, דורך רוחות. דרינען ליגט שוין גאר עפיס אין אויבערהסברא! . . .

אז איך בין אין עטליכע טעג ארום געשטאנען הינטער דער טהיר, וואס געהט אריין פון דער פערעדנע אין דעם דאקטארס קאבינעט איז מיר אויסגעקומען צוהארכען אזא מין שמיעס צווישען דעם דאקטאר און זיין רופא.

— היינטיגע וואך, דאקטאר, האט איהר געהאט אהן עין־הרע זעהר א גוטע. איך האב אייך נישקשה א סך צוגעשארט. איך טהוא פאר אייך דאס מייניגע בשלמות. צופויק אומעטום אייער גרויסקייט, וואס נאר עפיס זאג איך, מען בעדארף האבען אייך, אייך, נאר אייך, און איהר פאר מיר מאכט זיך נישט וויסענדיג.

— וואס זאגסט־דוא געטצעל? סטייטש און נעכטען, ערסט נעכטען?

— וואס דאקטאר נעכטען? וואס איז אזוינס געוועזען נעכטען?

— ער האט א קורצען זכרון! וויא הייסט, דוא האסט פארגעסען געטצעל? צוליב וועמען האב איך נעכטיגען קראנקען געהייסען שטעלען א דרייסיג פיאווקעס? צווישען אונז גערעדט, ער האט אזוי בעדארפט דיינע פיאווקעס וויא איך מיט דיר, א נאס טיכעל צום קאפ וואלט גאנץ

גענוג

גְנוּג גֶעוֶוען . פֶּע , מֶעגְסְט זִיךְ חָלֶעבִּין שֶׁעהְמֶען גֶעטְצֶעל ! נָאר צוּלִיבּ דִיר , וָוארְהַאפְּטִיג בִּין אִיךְ נֶעבְּטֶען גֶעוֶוען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע ! . . .

—- אִיהְר , דָאקְטָאר , זֶענְט גֶעוֶוען נֶעבְּטֶען:אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע , וִויא אִיהְר זָאגְט , אוּנ אִיךְ בִּין גֶעוֶוען צוּ לִיבּ אַייךְ אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע תָּמִיד , אִי אֵייֶערְנֶעבְּטֶען , אִי נֶעבְּטֶען אִי הַיינְט . צְוִוישִׁין אוּנְז גֶערֶעדְט , הָאט דֶער הַיינְטִיגֶער הוֹלֶה בֶּעדַארְפְט אַ דָאקְטָאר ? עֶר הָאט פְּרָאסְט דֶעם קָאטֶער . אוֹיף מִיר קוּקֶענְדִיג נָאר הָאט עֶר אַייךְ גֶערוּפֶען אוּנ אִיצוּנְד אִיז שׁוֹין דָא אַ הָאפֶענוּנְג , אַז עֶר וֶועט אַייךְ טַאקִי שׁוֹין בֶּעדַארְפֶען אַקְעגֶען אַ פְּאר וָואכֶען רוּפֶען אוּנ נָאךְ צְוֵוייא מָאל אִין טָאג . . . .

— נוּא , נוּא , וָואס־זְשֶׁע ווִילְשְׁט־דוּא גֶעטְצֶעל ?

— פְּיַאווֶקֶעס , דָאקְטָאר ! אִיךְ הָאבּ אַ סַךְ פְּיַאוִוקֶעס ! . . .

— זַייא רוּהִיג גֶעטְצֶעל ! דוּא וֶועסְט שׁוֹין שְׁטֶעלֶען פְּיַאוִוקֶעס . שַׁא ! הָאסְט־דוּא נָאר גוּטֶע סְחוֹרָה גֶעטְצֶעל ? דוּא וֵוייסְט דָאךְ , אִיךְ בִּין אַ מַקְפִּיד אִין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען .

— עֶכְט פְרִישֶׁע פְּיַאוִוקֶעלִיךְ דָאקְטָאר, גָאט זָאל מִיר אַזוֹי הֶעלְפֶען ! אִיךְ אַלֵיין הָאבּ אוֹיךְ פַּיינְט יֶענֶעם צוּנַארֶען . . . .

הֶע־הֶע ! אַזוֹי אִיז גָאר דִיא מַעֲשֶׂה ?! הָאבּ אִיךְ גֶעטְרַאכְט בַּייא מִיר אִין הַארְץ נָאכְדֶעם וִויא אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט אַזַא שְׁמִיעֶס אוּנ דִיא זַאךְ אַבִּיסִיל בֶּעסֶער צוּנוּמֶען לִיגֶענְדִיג בַּייא דֶער נַאכְט אוֹיף מַיין גֶעלֶעגֶער . אַ־פָּנִים וִויא אִיךְ הֶער דָא אוּנ זֶעה הֵייסְט אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע נִישְׁט פָּשׁוּט זַיין אַ קְלֵיינֶעטְשְׁקֶער , וִויא אִיךְ נַארֶעלֶע הָאבּ פְרִיהֶער גֶעמֵיינְט . מֶען קֶען גָאר זַיין אַ גְרוֹיסֶער,אֲפִילוּ אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶער אוּנ פָּארְט אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. מֶען קֶען דֶר בַּייא טַאקִי אֲפִילוּ בְּלַייבֶּען אַגְרוֹיסֶער,תָּמִיד טַאקִי אַגְרוֹיסֶער. . . . אִיךְ בִּין מִיר מְשַׁעֵר,אַז אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע הֵייסְט גָאר צַאפֶּען פְּרֶעמְד בְּלוּט אוּנ אוֹיסְנַארֶען גֶעלְד . אָט וואוּ דֶער הוּנְד לִיגְט בֶּעגְרָאבֶּען ! אִיצְט־אָ הָאבּ אִיךְ אַבִּיסִיל שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעכְט צוּפַארְשְׁטֶעהְן אוּנ קוּמֶען צוּם אֱמֶתְן שֵׂכֶל . אָט וָואס הֵייסְט רַייבֶּען זִיךְ אִין דֶער וֶועלְט , צְוִוישִׁין לַייט ! נָאר וָואס הֶעלְפְט עֶס אָבֶּער וָואס אִיךְ וֵוייס שׁוֹין פוּן דֶעם סוֹד אַז אִיךְ בִּין דָאךְ נִישְׁט קַיין דָאקְטָאר , קַיין רוֹפֵא אוּנ קֶען נִישְׁט שְׁטֶעלֶען קַיין פְּיַאוִוקֶעס ? מֶען מוּז זוּכֶען עֶפִּיס אַנְדֶערֶע מִיטֶעל , עֶפִּיס כְּמוֹ אַזוֹי וִויא אַזַא וֶועג נָאר אוֹיף אַיין אַנְדֶער אוֹפָן , עֶפִּיס צַאפֶּען אוּנ פָּארְט נִישְׁט צַאפֶּען פָּשׁוּט בְּלוּט . דֶערְצוּ מוּז אַוַדַאי זַיין נָאךְ אַ סַךְ אַנְדֶערֶע מִינֵי תַּחְבּוּלוֹת , וָואס מֶען מוּז זַייא דֶערְגֶעהְן . דָא הָאבּ אִיךְ שׁוֹין פָּשׁוּט מֶעהְר נִישְׁט וָואס צוּטָאן . וָואס־זְשֶׁע טְהוּט מֶען וַוייטֶער ? הַא ! חָלֶעבִּין דָאס אִיז גָאר נִישְׁט קְרוּם , דָאס אִיז חָלֶעבִּין גַאנְץ גְלַייךְ . טַאקִי אִיסֶר וַוארְגֶער ! מֶען בֶּעדַארְף זִיךְ אַרַיינְדְרֶעהֶן צוּ אִיסֶר וַוארְגֶער . וִויא אִיךְ

בִּין

בִּין אַ יוּד צוּ אִיסֶר וַוארְגֶער ! דָאס הַארְץ זָאגְט מִיר עֶפִּים צוּ אִיהְם, צוּ אִיסֶר וַוארְגֶער ! אִיסֶר וַוארְגֶער אִיז דָאךְ אוֹיךְ אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אוּנ זֶעהְר אַ גְרוֹיסֶער פָּארְנֶעהְם . הַא ? ! • • •

אָט אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעדְרֶעהְט אִין דֶעם קָאפּ אוּנ מִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזֶען שְׁלָאפֶען כִּמְעַט דִיא גַאנְצֶע נַאכְט . אִיךְ בִּין דִיא נַאכְט עֶלְטֶער גֶעוָוארֶען מִיט עֶטְלִיכֶע יָאהְר מֶעהְר אוּנ גֶעפִיהְלְט אִין מִיר עֶפִּים אַ פַארְעֶנְדֶערוּנְג . אוֹיף מָארְגֶען הָאבּ אִיךְ נִישְׁט גֶעמַאכְט לַאנְג שִׁיהוֹת, אוֹיפְגֶעזוּכְט מַיין בֶּעקַאנְטֶען מֶעקְלֶער, אִיהְם צוּגֶעזָאגְט נָאךְ אַ בֶּעסֶער מֶעקְלֶערַייא וִויא פְרִיהֶער אוּנ נָאךְ אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אַרוּם הָאט עֶר מִיךְ אַרַיינְגֶעשְׁלֵייעֶרְט צוּ אִיסֶר וַוארְגֶער

---

## יא.

אִיסֶר וַוארְגֶער אִיז גֶעוֶועזֶען אֵיינֶער פוּן דִיא פָארְנֶעמְסְטֶע בַּעַל־הַבַּתִּים אִין צְוִויַאטְשִׁיץ, אַלֶע הָאבֶּען פַאר אִיהְם גֶעהַאט דָאס נַיינְיֶעהְרִיגֶע קַדַּחַת אוּנ עֶס הָאט מִיט אִיטְלִיכֶען גֶעוָוארְפֶען אַז עֶר הָאט אַרוֹיסְגֶערֶעדְט אַ וָוארְט . וָואס טַייטְשׁ אִיסֶר, עֶפִּים אַ קְלֵיינִינְקַייט אִיסֶר ! אִיסֶר אַלֵיין הָאט נִישְׁט גֶעהַאנְדֶעלְט, נִישְׁט אַרַיינְגֶעטָאן קַיין הַאנְד אִין קַאלְטֶע וַואסֶער אוּנ פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט בַּייא אִיהְם אִין שְׁטוּבּ תָּמִיד גֶעקָאכְט וִויא אִין אַ קֶעסֶעל, דֶער אַרַיין יֶענֶער אַרוֹיס, קִינְד אוּנ קַייט אַלֶע בַּייא רֶבּ אִיסֶרְן . מֵיינְט אִיהְר אֶפְשַׁר, אִיסֶר אִיז גֶעוֶועזֶען אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן, אַ גְרוֹיסֶער יַחְסָן ? חָלִילָה ! אֲפִילוּ נִישְׁט קַיין קְלֵיינֶער . עֶר הָאט קוּים קוּים גֶעקֶענְט דַאוְונֶען אוּנ אִיז גֶעוֶועזֶען וִויא מֶען זָאגְט „הַמַּכֶּה בְּעֶבְרָתוֹ“ דָאס הֵייסְט שְׁטוּמְפִּיג אוֹיף דֶער עִבְרִי . פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט עֶר גֶעהַאט אַ טַלִּית־אוּנ תְּפִילִין זַאק זֶעהְר אַ גְרוֹיסֶען, זֶעהְר אַ גְרָאבֶּען פוּן עֶטְלִיכֶע בְּנֵי־פְּקוּעֶהְלִיךְ, אַרוּמְגֶעלַאמֶעוֶועט מִיט רוֹיטֶע קְרַייקֶעס . דָארְט אִינְוֶוענְדִיג הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אִי אַ סִידוּר „דֶרֶךְ הַחַיִּים“ מִיט אַלֶע נֵייטִיגֶע דִינִים, אִי אַ תְּהִלִּים מִיט מַעֲמָדוֹת, אִי אַ „הוֹקִיל“ אוּנ אַ „שַׁעֲרֵי צִיּוֹן“ . אַ הַאנְד צוּם שְׁרַייבֶּען הָאט עֶר גֶעהַאט זֶעהְר אַ שְׁוֶוערֶע, דִיא פֶּען הָאט וִויא אוֹיף צוּ־לְהַכְעִיס בְּשׁוּם אוֹפֶן נִישְׁט גֶעוָואלְט בַּייא אִיהְם גֶעהְן אִין זַיינֶע שְׁלִיחוּת, עֶר הָאט זִיא גֶעשְׁטוּפְּט אַהִין אוּנ זִיא אִיז גָאר פַארְקְרָאכֶען קַיין בּוֹיבֶּערִיק, זִיא הָאט גֶעשְׁפְּרִיצְט, גֶעמַאכְט קְלֶעקֶען, גֶעקְרִיצְט, גֶעדְרִיגֶעט אוּנ זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט דִיבָּאם . עֶר הָאט אִיהְם נֶעבִּיךְ גֶענוּג צָרוֹת גֶעקָאכְט אִיטְלִיכְס וָוארְט אוּנ אֵיידֶער עֶר הָאט בַּייא אִיהְר אַרוֹיסְבֶּעקוּמֶען שְׁוַוארְץ אוֹיף וַויים זַיין חֲתִימָה „אִיסֶר“ זֶענִין אִיהְם דִיא אוֹיגֶען פוּנֶם קָאפּ שִׁיעֶר נִישְׁט אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען אוּנ אִיז פָּשׁוּט אָפְּגֶעגַאנְגֶען מִיט שְׁוֵייס .

ער פלעגט דערנאך זיך ווישען דעם שטערען מיט דעם ארבעל פונם העמד אדער פון דער קאפאטע און סאפען גלייך וויא ער וואלט געהאקט האלץ. דיא מעלה קען מען אויף איהם זאגען, אז אין דעם אויסלייגען איז ער נישט געוועזן וויא אנדערע א שטארקער מחמיר, איין אות האט ביא איהם נישט געשפילט אזא וויכטיגע ראליע שטעה פארענט צי הינטען אדער שטעה אפילו גאר ניט מאכט אויך נישט אזוי אויס, מען וועט זיך אנשטויסען נישקשה, און ווען ער פלעגט דרינען א מאל עפים מסופק זיין, דא איז איהם דיא פען דווקא ביינעשטאנען אין דיא נויטען, זיא פלעגט זיך טאן א יאג מאכען א צוק מיט א קלעק און דערמיט האט ער שוין געקענט יוצא זיין לכל הדעות, פון זיינע אלע זאכען שטעל איך דא אייך ארויס זיין "קוויאב" מיט זיבען גרייזען און זיין עברי זעטצען אין דער הגדה: "תרח אבי, אברהם ואבי, נחור ויעבדו" וועלכם דערפון וועט אייך בעסער געפעלען ווייס איך נישט, מיר אבער זענין ביידע גלייך זעהר געפעלען. מילא דאס האט איהר זיין לומדות, און וואס אנבעלאנגט זיין יחוס איז נישט געוועזן מיט וואס זיך איבערצונעהמען, ער האט נישט געשטאמט פון דער גילדענער פאן און האט אין דער יוגענט־קיין פלעצעליך מיט פוטער נישט געגעסען, דער אמת טאקי איז, אזוי וויא איך בין עס שפעטער דערגאנגען, ער איז געוועזן א קליין מענשעלע און דער מיט האט ער א ים בעסער געמאכט וויא איין אנדערער מיט זיין תורה אדער מיט זיין סחורה. ביא דעם צוויאטשער גביר איז ער באמת טאקי געוועזן גאר דיא נשמה, גאר עפים — איסר. הכלל איסר, איסר, גאר איסר! איסר איז געוועזן זיין נשמה, זיין פוס זיין האנד, זיין אלץ מיט אנאנדער און דורכדעם ממילא א גרויסער חשוב דער גאנצער כל־ווך אין דער שטאדט. אט פון דעם רב איסרן האב איך א סך זאבען מיך אויסגעלערענט. ער, טאקי נאר ער איז מיין אמתער רבי. ער האט מיר געעפענט דיא אויגען; ער האט מיר אין דעם מויל א פינגער אריינגעלייגט און מיר געגעבען צופארשטעהן זעהר פיל זאכען, וואס געהן אין דער וועלט פיר, מיר פארענטפערט הארבע קשיות, דערקלעהרט גוזמות רעטעטנישען ביא אונז אין דער פיהרונג; ער האט מיך געשטעלט אויף א שטייגער, מיך אויסגעריבען, אויסגעשליפען און געמאכט פון מיר א כלי, קורץ, ער האט מיר געוויזען א וועג און ענטפלעקט דעם סוד וויא צו־ווערען א קליין מענשעלע.

בטבע איז איסר געוועזן א פארביסענער, זעהר א באהאלטענער מענש, מען האט ביא איהם קיינמאל נישט געקענט וויסען דאס מינדעסטע וואס ער דיינקט און וויא מען האלט מיט איהם. וואס ער האט געמיינט האט ער נישט גערעדט און וואס ער האט גערעדט האט ער נישט געמיינט.

אפילו

אפילו דאס ווייב זיינס האט ביי איהם גארנישט געוואוסט, ער האט פון איהר אונ פון זיינע קינדער זיך געהאלטען תמיד וייט, אלע אין שטוב האבען פאר איהם געהאט דרך ארץ, ער האט נישט גערעדט, נישט געטענהט קיין סך אונ קוים האט ער עפיס ארויסגערעדט א ווארט האט עס געמוזט בעשאפען ווערען טאקי גיך אין דער הייסער רגע. זיין פנים איז שטענדיג געווען אלץ איינס, תמיד ערענסט אונ וויא עפיס פארטראכט. קיין הויך געלעכטער האט מען פון איהם קיינמאל נישט געהערט זעלטען נאר פלעגט ער מיט א פארמאכט מויל טאן עפיס א שמייכעל, נאר דאס זויערע שמייכעלע איז אבער געווען נישט מעהר וויא א ציה מיט איין זייט פון דיא דינע ליפען, דער איבעריגער טהייל פנים האט דערפון אפילו נישט געהאט קיין רמז דרמיזה, איז געבליבען אייז־קאלט, דיא אויגען גלעזערנע אזוי וויא פריהער. א גוטען ברודער אבער האט ער געהאט, אין וועלכען ער האט געקלעפט מיט לייב אונ לעבען, מיט איהם איז ער שוין געווען בערײדעווידיג זיך נישט פארשטעלט אויף קיין האר, מיט איהם האט ער ליב געהאט צופארברײנגען אפט דיא צייט ביי א גלעזיל וויין אונ אריינצולאזען זיך אין א שמיעס, מיט איהם איז איסר עפיס וויא איבערגעביטען געווארען אונ איז נישט געווען גאר דער איסר. פאר איהם איז געווען זיין הארץ אפען אויף ביידע טויערען אונ ער האט אהין געקענט אלע צייט פראנק אונ פרייא אריינגעהן, איבערלייענען דארט אונ וויסען איסר'ס אלע סודות. ווער שמיעסט אז איסר איז נאך געווען א קאפ פארלעקט, דענסמאל פלעגט ער שוין גאר אוועקנעהמען דיא האנד פונם הארצען אונ וואס אויף דער לונג דאס אויף דער צונג. ער פלעגט געוועהנטליך מיט זיין גוטען ברודער זיך פארקלייבען אין זיין בעזונדער חדר, אוועקשמיעסין אונ אויסריידען זיך פרייא דאס הארץ. איך האב שוין לאנג בעקומען דיא נאטור צושטעהן הינטער דר טהיר אונ זיך צו הערן צו דעם וואס מען רעדט. איך וויל דא אייך איבערגעבען א מקצת פון איסר'ס שמיעסין מיט זיין גוטען ברודער צו וועלכע איך האב מיך אונטערגעהערט, וואס דאס וועט אייך אביסיל תאמיש דערקלערען איסר'ס גאנג, איסר'ס שיטה אין דעם לעבען אונ איסר'ס בליק אויף דער וועלט, אונ וועלכע איך האב איינגעפעסט מיך געהאלטען.

— הער נאר אויס גוטער ברודער! האט איסר ווארגער איינמאל זיך אנגערופען אז ער איז געקומען מיט זיין גוטען ברודער עפיס פרעהליך, אביסיל פארקנאקט אונ מיט אים זיך אנידערגעזעצט ביי זיך אין חדר. הער נאר, דוא, טפוש איינער! איך זאג דיר, אז אזא טהייער, אזא גוט פאלק וויא יודען זענין איז אויף דער גאנצער וועלט נישטא, טאקי

זעהר אַ גוּט פָאלְק, אַ גָאלְדֶענֶס, בְּנֶאֱמָנוּת, מֶען קֶען פוּן זֵייא הָאבֶּען — אַ גְרָאשֶׁען! . . . .

— זָאג בֶּעסֶער, אִיסֶר, אַ נַארֶעשׁ פָאלְק. סְ'אִיז נָאךְ אַזֶעלְכֶע נַארָאנִים וִויא יוּדֶען אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט גָאר נִישְׁטָא!

— גֶערֶעכְט, גוּטֶער בְּרוּדֶער! וָואס אֱמֶת אִיז טַאקִי אֱמֶת, סְ'אִיז נָאךְ אַזַא טְהַייֶער, אַזַא גוּט, אַזַא נִיטְצְלִיךְ אַזַא גָאלְדֶען אוּנ אַזַא נַארֶעשׁ פָאלְק וִויא אוּנְזֶערֶע אַתָּה־בְחַרְתָּנִיקֶעס גָאר נִישְׁטָא, נִישְׁטָא, נִישְׁטָא!

— וָואס הָאסְט־דוּא עֶפִּיס אַזוֹי זִיךְ צוּרֶעדְט, אִיסֶר, אִין דִיא שְׁבָחִים פוּן דִיא כְּנֶסֶת יִשְׂרָאֵל? גֶענוּג גֶערֶעדְט! דֶערְצֶעל נָאר בֶּעסֶער מִיט וָואס הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזֶען דֶער סוֹף פוּן דֶער הַיינְטִיגֶער אֲסִיפָה?

— וָואס פַאר אַיין אֲסִיפָה?! וָואס פְלוֹידֶערְסְט־דוּא מִיר עֶפִּיס גוּטֶער בְּרוּדֶער!

— רֶעדְט דִבּוּרִים, אִיסֶר! וָואס הֵייסְט, דוּא הָאסְט פַארְגֶעסֶען דִיא אֲסִיפָה? הַיינְטִיגֶע אֲסִיפָה מִכֹּחַ דֶעם פְלֵייש!

— וֵייס אִיךְ פוּן וָואס דוּא רֶעדְסְט, טִפֵּשׁ אֵיינֶער! אַ וִויכְטִיגֶע זַאךְ אַבִּיסִיל דִיא אֲסִיפָה! זִיא הָאט גֶעהַאט אַזַא מַמָשׁוּת, מִישְׁטֶעהֶענֶעס גֶעזָאגְט, וִויא אַלֶע אַנְדֶערֶע זֵייעֶרֶע אֲסִיפוֹת, דוּא הָאסְט בֶּעדַארְפְט שְׁטֶעהֶן דָארְט אוּנ זֶעהֶן עֶפִּיס שֵׁיינְס. אַרַיינְקוּמֶענְדִיג אַהִינְצוּ הָאבּ אִיךְ גֶעטְרָאפֶען אַ גֶערִידֶער. דֶער עוֹלָם הָאט עֶפִּיס גֶעזוּשֶׁעט גֶעזוּוְשֶׁעט וִוי דִיא פְלִיגֶען. אִיךְ הָאבּ זִיךְ מְיַשֵׁב גֶעוֶוען, וָואס וֶועל אִיךְ דָא מִיךְ שְׁטֶעלֶען אַ יַם בְּרַייֶען מִיט דֶעם גַאנְצֶען פֶּעקִיל, אוּנ נִישְׁט לַאנְג גֶעטְרַאכְט הָאבּ אִיךְ הוֹיךְ אַ זָאג גֶעטָאן, גְלַאט אַזוֹי אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין: מַה רַעַשׁ אַז מֶעהְר מִיט עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען? סְ'אִיז נָאךְ נִישְׁט גָאר אַזַא אוּמְגְלִיק. גְלוֹיבְּט מִיר יוּדֶען, אַ סַךְ אַ גְרֶעסֶער אוּמְגְלִיק וֶועט זַיין, אַז דֶער בַּעַל טַאקְסֶע וֶועט אִין כַּעַס וֶוערֶען אוּנ חָלִילָה זִיךְ וֶועלֶען אָפְּזָאגֶען! גְלוֹיבְּט מִיר יוּדֶען סְ'אִיז אַזוֹי. — טָאמִיר מֵיינְסְט־דוּא, אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט וָואס אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט פַאר וָואס סְ'אִיז אַזוֹי? אָסוּר! נוּא, הָאסְט־דוּא בֶּעדַארְפְט זֶעהֶן וִויא עֶטְלִיכֶע שֵׁיינֶע בַּעֲלֵי־הַבָּתִּים, וָואס הַאלְטֶען זִיךְ פַאר קְלוּגֶע, גֶענִיטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען גֶעמַאכְט עֶרֶענְסְטֶע פָּנִימְלִיךְ, זִיךְ גֶענוּמֶען פַאר דִיא בֶּערְדְלִיךְ אוּנ מִיט אַ נַארֶעשׁ קְנֵייטְשֶׁעלֶע זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען: טַאקִי אֱמֶת סְ'אִיז אַזוֹי. מֶען הָאט גָאר נִישְׁט צוּרֵיידֶען, סְ'אִיז גֶעוִויס אַזוֹי. . . . דֶער אִיבֶּערִיגֶער עוֹלָם הָאט אַקֶעגֶען דֶעם נִישְׁט גֶעהַאט וָואס צוּעֶנְטְפֶערֶען גְלַייךְ וִויא אַקֶעגֶען אַ גֶעוִוּיסֶער, שׁוֹין אַיין אוֹיסְגֶעמַאכְטֶער זַאךְ אוּנ זֶענִין אַלֶע בִּמְעַט גֶעבְּלִיבֶּען עֶפִּיס וִויא דֶערְוָוארְגֶען, עֶמִיצֶער זָאל עֶס זִיךְ בֶּערֶעכֶענֶען, הָאטְשׁ זִיךְ אַלֵיין פְרֶעגֶען: פַאר וָואס אִיז עֶס אַזוֹי? אֵיינֶער נָאר, עֶפִּיס אַ שֵׁייגֶעץ, אַ מַמְזֵר בֶּן־הַנִדָּה, אוֹיף וֶועלְכֶען אִיךְ הָאבּ שׁוֹין לַאנְג אַיין אוֹיג, הָאט

נישט

נִישְׁט גֶעוָואלְט נָאכְגֶעגֶעבֶּען אוּנ אַלְץ גֶעטַעֲנֶהְט . סְ'אִיז גָאר נִישְׁט אַזַא אוּמְגְלִיק , אַדְרַבָּה , אַדְרַבָּה . . . . אָהְן אַ בַּעַל טַאקְסֶע קֶענֶען מֶענְשֶׁען אוֹיף דֶער וֶועלְט אוֹיךְ לֶעבֶּען . נָאר דִיא קְלוּגֶע , גֶענִיטֶע בַּעֲלֵי הַבָּתִּים , וָואס פַאֲרְשְׁטֶעהְן אַיין עֵסֶק הָאבֶּען אוֹיף אִיהְם גֶעקוּקְט וִויא אוֹיף אַ יוּנְגֶעל , נִישְׁט קֵיין גֶענִיטֶען מֶענְשֶׁען , מִיט וֶועמֶען סְ'אִיז גָאר נִישְׁט כְּדַאי צוּרֵיידֶען אוּנ הָאבֶּען אִיהְם אֲפִילוּ נִישְׁט מְזַכֶּה גֶעוֶוען מִיט אַ וָוארְט . פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וִויל אִיךְ דֶעם דָאזִיגֶען שֵׁייגֶעץ פֶערְזָארְגֶען , דוּא וֶועסְט מִיר מוּזֶען , גוּטֶער בְּרוּדֶער , אוֹיף אִיהְם אָנְשְׁרַייבֶּען אַ שִׁיר הַמַּעֲלָה צוּלֵייגֶען אִיהְם אַ גוּט קְנֵייטֶעל עֶס זָאל גוּט אָנְרַייסֶען . . . . דוּא וַוייסְט דָאךְ אִיךְ הָאבּ דֶערְצוּ אַ שְׁוֶוערֶע הַאנְד .

— דָאס , אִיסֶר , אִיז אַ שְׁפֶּעטֶערְדִיגֶע זַאךְ . מִסְתָּמָא וֶועט שׁוֹין זַיין רֶעכְט . לָאם אִיךְ שׁוֹין נָאר דֶערְלֶעבֶּען הֶערֶען מִיט וָואס דִיא אֲסִיפָה הָאט הַיינְט זִיךְ אוֹיסְגֶעלָאזֶען .

— וָואס פַאֲרְשְׁטֶעהְסְט־דוּא דָא נִישְׁט טִפּוּשׁ אֵיינֶער ! סְ'אִיז דֶען נָאךְ אַזַא גוּט , אַזַא גָאלְדֶען פָאלְק וִויא יוּדֶען עֶרְגִיץ דָא ? מֶען הָאט אַלְסְדִינְג נָאכְגֶעגֶעבֶּען אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען נָאךְ עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען , מֶעהְר נָאךְ וִויפִיל מִיר הָאבֶּען אַלֵיין זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען , אוּנ מֶען אִיז זִיךְ פַאנַאנְדֶער־גֶעגַאנְגֶען שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען . אִיךְ בִּין , טִפּוּשׁ אֵיינֶער , אַוַדַאי צוּפְרִידָען .

— אַוַדַאי אִיסֶר מֶעגְסְט־דוּא צוּפְרִידֶען זַיין , אָבֶּער . . . .

— וָואס אָבֶּער ? טִפּוּשׁ אֵיינֶער ! וָואס אָבֶּער ? אָבֶּער אַ רַחֲמָנוּת ! וִוילְסְט דוּא אֶפְשַׁר זָאגֶען , אַ רַחֲמָנוּת אוֹיף אַ שְׁטָאדְט אָרֶעמֶע לַייט ! גֶעה שׁוֹין גֶעה נַארֶעלֶע אֵיינֶער מִיט דַיין נַארֶעשֶׁען פּוּסְטֶען וָוארְט רַחֲמָנוּת ! רַחֲמָנוּת , הָאבֶּען אוֹיסְגֶעטְרַאכְט נָאר שְׁלַאפֶע , שְׁלִימְמַזָלְנִיקֶעס , שָׁאף , וָואס וַוייל זַייא פִּיהְלֶען זַייעֶר שְׁלַאפְּקַייט , אַז זַייא זֶענִין טוֹיגֶענִיכְטְסֶען , אָהְן כֹּחַ אָהְן בְּרֵיְהְשַׁקַייט צוּדֶערְלַאנְגֶען זַייעֶר ווּאוּנְשׁ , צוּנֶעהְמֶען אַלְסְדִינְג וָואס זַייא פַארְלַאנְגֶען אַז זַייא פֶעהְלֶען אִי נֶעגֶעל אִי צַיין זִיךְ צוּרַאנְגְלֶען אוּנ וֶועהְרֶען , דֶערִיבֶּער הָאבֶּען זַייא אוֹיסְגֶעטְרַאכְט דָאס וָוארְט רַחֲמָנוּת , עֶס גִינוּמֶען פַאר אַ כְּלִי־זַין , שְׁרַייעֶן מוּסֶרֶען בֶּעטֶען רַחֲמִים , מַאכֶען רַחֲמָנוּת־פְּנִימְלִיךְ אוּנ מֵיינֶען דֶערְמִיט צוּפּוּעֶלִין . סְ'אִיז אָבֶּער שְׁוִוינְדֶעל , גוּטֶער בְּרוּדֶער , לוֹיטֶער שְׁוִוינְדֶעל ! מֶען פַאֲרְשְׁטֶעהְט נִישְׁקָשֶׁה אַזֶעלְכֶע אָנְשְׁטֶעלֶען , אַזַא מוּסָר מִיט אַזֶעלְכֶע מוּסָר־זָאגֶער , אִיךְ בִּין שׁוֹין בְּרוּדֶער אַיין אָנְגֶעלֶערֶענְטֶער , אַיין אוֹיסְגֶעקֵייכֶערְט לוּלְקֶעלֶע , אַ שְׁטִיקֶעל מֵבִין בְּרוּךְ־הַשֵּׁם אִין דֶעם סֵדֶר הָעוֹלָם חָאטְשֶׁע נִישְׁט אַזַא גְרוֹיסֶער לַמְדָן . מֶען בְּרוֹיכְט גָאר דֶערְצוּ נִישְׁט קֵיין גְרוֹיסֶע לוּמְדוֹת , גֶענוּג הָלֶעבִּין נָאר אַ גְלַייכֶען שֵׂכֶל , אַ שְׁטִיקֶעל תְּפִיסָה קֶען מֶען שׁוֹין תּוֹפֵס זַיין אִין וָואס דִיא

נאנצע

גַאנְצֶע וֶועלְט בֶּעשְׁטֶעהְט . זִיא בֶּעשְׁטֶעהְט פוּן צְוֵוייא צְדָדִים : פוּן שְׁטַארְקֶע אוּנ פוּן שְׁלַאפֶע , פוּן וֶועלְף , חַיוֹת רָעוֹת אוּנ פוּן שָׁאף , בְּהֵמוֹת טְהוֹרוֹת , דִיא נֶעהְמֶען אוּנ יֶענֶע גִיבֶּען דָאס הַייטֶעל . אַנְדֶערְשׁ קֶען עֶס גָאר נִישְׁט זַיין , בַּייט אִיבֶּער דִיא יוֹצְרוֹת וֶועט אוֹיסְקוּמֶען פּוּנְקְט דָאס אֵייגֶענֶע . לָאז דֶער שְׁלַאפֶער נָאר בֶּעקוּמֶען כֹּחַ , שְׁווִימְט עֶר אַרוֹיף פוּן אוֹיבֶּן , וֶוערְד עֶר דֶער פָּרִיץ אוּנ צוּפִיהְרְט זִיךְ דִיא הֶענְטְלִיךְ ; לָאז דָאס שֶׁעפֶּעלֶע דֶערְטַאפֶּען נֶעגֶעל אוּנ צֵיין , וֶועט עֶר שְׁטַארְק קְרַאטְצֶען , שַׁארְפֶּען דִיא צֵיין אוּנ אַרָאפְּצִיהֶען דִיא הוֹיט . פְּרִיוו אַ שְׁטֵייגֶער אֵיינֶעם פוּן דִיא רַחֲמָנוֹת־שְׁרַייֶער , פוּן דִיא שְׁלִימַזֲלְנִיקֶעס אוּנ מוֹסָר־זָאגֶער גֶעבֶּען עֶפִּיס אַ הִתְמַנוּת אִין קָהָל אוֹיף אַיין אַנְדֶערֶענְס אַ שְׁטֶעלֶע , אַבִּי עֶר וֶועט נָאר דֶערְשְׁמֶעקֶען זַיין כֹּחַ , אַז עֶר הַאלְט דִיא בַּייטְשׁ , הֵייבְּט עֶר שׁוֹין אָן צוּשְׁמַייסֶען אוּנ צוּגֶעוֶועלְטִיקֶען בְּיָד רָמָה . נֶעהְם אֵיינֶעם אַ נֶעבֶּעכִיל אוּנ גִיבּ דִיא טַאקְסֶע אִיהְם אִיבֶּער , הֵייבְּט עֶר דָאס אֵייגֶענֶע אָן , לֶערְנֶען בְּלָק מִיט דֶעם עוֹלָם — צוּפֶּען , רַייסֶען אוּנ אַרוֹיסְצִיהֶען דִיא קְלֵייא פוּן דִיא בֵּיינֶער . „נִי דַאי בָּאךְ אִיז אִיוַואנַא פַּאנַא !“ אִיז דָא אַ וֶוערְטִיל . זֶעהְר אַ גְלַייךְ , אֱמֶתְדִיג וֶוערְטִיל ! מְשׁוּגָע צִי חָסֵר דֵעָה הָאט פַּאן בֶּעדַארְפְט זַיין אִיוַואנֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען דִיא לֵייצֶען . בְּלַייבּ דִיר בַּייא דַיין רַחֲמָנוֹת־פֶּנִימֶעל דוּא גוּטֶע כָּשֵׁרֶה נְשָׁמָה , דוּא פְּרִים שֶׁעפֶּעלֶע , זָאג דִיר מוֹסָר וִויפִּיל דוּא וִוילְסְט , פוּן דַיינֶע נֶעגֶעל אוּנ צֵיין , וֶוען דוּא זָאלְסְט זֵייא נָאר בֶּעקוּמֶען , וָואלְט חָלֶעבִין טוֹיזֶענְטֶער מָאל נָאךְ עֶרְגֶער גֶעוֶוען ! . . . .

— חָלִילָה , אִיסֶר ! וָואס פַאלְט דִיר אַיין ? אִיךְ מֵיין גָאר נִישְׁט קֵיין רַחֲמָנוֹת , נַאט אַייךְ גָאר רַחֲמָנוֹת ! עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ גָאר מֵיין אִיךְ , דוּא אִיסֶר , זָאג אִיךְ , מֶעגְסְט אַוַדַאי זַיין צוּפְרִידֶען , מְהֵיכָא־תֵּיתִי . אָבֶּער . . . . אִיךְ !

— רֶעדְט־זְשֶׁע , טִפּוּשׁ אֵיינֶער , וֶוערְטֶער ! אַזוֹי דוּא וִוילְסְט אוֹיךְ צוּפְרִידֶען זַיין ! גֶעה זְשֶׁע , זַייא מוֹחֵל , צוּ אַלְדֶע שְׁוַוארְצֶע יָאהְר אַהִין . . . . שְׁטֶעק אַרַיין דִיא לַאפֶּע , וֶועסְט־דוּא אוֹיךְ הַאפֶּען אַ לֶעק . בִּיסְט נִישְׁט קְרַאנְק חָלֶעבִין אַלֵיין צוּבֶּעשְׁטֶעהְן דַיין שְׁטֶעטִיל . דֶער רוּחַ נִישְׁקָשֶׁה הָאט דִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט גֶענוּמֶען . מָארְגֶען , בְּרוּדֶער , גֶעהְט אַ נַייֶע סֶדְרָא פוּן קָהָלְשֶׁע עֲנְיָנִים , מֶען וֶועט מוּזֶען אַבִּיסִיל צוּקְנֶעלֶען . הַיינְטִיגֶע וָואךְ גֶעהְט בַּייא אוּנְז תְּרוּמָה , וֶוען , זָאגְסְט־דוּא טִפּוּשׁ אֵיינֶער , הָאבֶּען מִיר פַּרְשָׁה שְׁקָלִים ? . . . .

— זֶעהְר קְלוּג טִפּוּשׁ אֵיינֶער , הָאבְּט־דוּא גֶעטָאן , וָואס דוּא בִּיסְט אַצִינְד גֶעקוּמֶן , הָאט אֵיינְמָאל אִיסֶר אִין אַיין אַנְדֶער שְׁמִיעֶס גֶעזָאגְט צוּ זַיין גוּטֶען בְּרוּדֶער . אִיךְ גֶעה אַרוּם מִיט אַ פוּל הַארְץ מַחֲשָׁבוֹת , וִויא אַ קִיהְ

מִיט

מִיט פוּלֶע אַייטֶער , אוּנ קֶען אִין מִיר שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט אַיינְהַאלְטֶען . אִיךְ מוּז שְׁטִילֶערְהֵייט אַ מָאל הָאטְשׁ דָאס הַארְץ אָפְּרֵיידֶען , אַזוֹי פִּיל הֶערֶען אוּנ זֶעהֶן וִויא אִיךְ אוּנ שְׁטֶענְדִיג שְׁוַייגֶען , טְרָאגֶען אִין זִיךְ אִיז אִיבֶּער אַלֶע מֶענְשְׁלִיכֶע כֹּחוֹת . זָאל אִיךְ נִישְׁט הָאבֶּען צוּ אַלְדֶע שְׁוַוארְץ יָאהְר אַזַא שְׁווֶערֶע הַאנְד וָואלְט אִיךְ אוֹיף פַּאפִּיר מִיךְ אַ מָאל אוֹיסְגֶעגָאסֶען אוּנ אָנְגֶעשְׁרִיבֶּען אַ שֵׁיין טְרַיַאטֶער חִלֶעבִּין . פַּארְזִיךְ נָאר דֶעם וַויין . הַא , וָואס זָאגְס דוּא אוֹיף אִיהְם ? דָאס הָאבּ אִיךְ הַיינְט בֶּעקוּמֶען אַ מַתָּנָה פַאר עֶפִּים אַ גֶעשֶׁעפְּטִיל .

— זֶעהְר אַ גוּט גְלֶעזִיל וַויין אִיסֶר . נָאר דֶערְצֶעהְל מִיר , וָואס אִיז דָאס גֶעוֶוען פַאר אַ גֶעשֶׁעפְט .

— עֶט , אַ גֶעשֶׁעפְּטִיל , לֶעמִילְס עֶפִּים אַ דְיֶעלֶע . עֶר הָאט מִיךְ שׁוֹין לַאנְג גֶעבֶּעטֶען אִיךְ זָאל אִים דְרִינֶען אַ טוֹבָה טָאן , גְלַייךְ וִויא אִיךְ וָואלְט גֶעוֶוען אַ זַאקָאנְטְשִׁיק . נָאר דִיא נַארָאנִים אָבֶּער בַּייא אוּנְז אִין שְׁטָאט מֵיינֶען , אַז אַלְסְדִינְג אִיז אַנְבֶּעלַאנְגְט אִין מִיר , אַבִּי אִיךְ וִויל נָאר , קֶען אִיךְ הֶעלְפֶען , אַז עֶטְלִיכֶע שְׁרַייבֶּערְלִיךְ עֶסֶען בַּייא מִיר אַ מָאל שַׁבָּת פִישׁ , וַוייל דָאס חִיוּת גֶעהְט זַייא אוֹיס נָאךְ יוּדִישֶׁע פִּישׁ , מֵיינֶען זַייא שׁוֹין , אַז אִיךְ בִּין מִיט אַלֶע טְשִׁינָאוְונִיקֶעס פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין אֵיין לֶעבֶּען אוּנ אַלְכְּדִינְג גֶעוֶוענְדְט זִיךְ אִין מִיר . נָאר זָאל זַיין אַזוֹי טִיפּוּשׁ אֵיינֶער זָאלֶען זַייא , דִיא נַארָאנִים , טַאקִי אַזוֹי זִיךְ מֵיינֶען אוּנ מִיךְ קוּמֶען אַלְץ בֶּעטֶן טוֹבוֹת . בַּייא מִיר אִיז פַאר זַייא תָּמִיד אֵיין עֶנְטְפֶער : מִיר וֶועלֶען זֶעהְן , מִיר וֶועלֶען זֶעהְן . מִיט אַ מְמָה נַפְשָׁךְ זָאג אִיךְ עֶס , שְׁפִּילְט יֶענֶער אוֹיס , הֵייסְט עֶס אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהְן , חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ אַזוֹי פִּיל גֶעזֶעהְן וִויא אִיךְ זֶעה מַיינֶע אוֹיעֶרֶען אוּנ נֶעהְם דֶערְפַאר אַרָאפּ פוּן אוֹיבֶּען אַ מָנָה יָפָה . אַי וָואס יֶענֶער פַּארְשְׁפִּילְט , פַּארְלִיהְר אִיךְ דָאךְ נִישְׁט מַיין וֶוערְטְה , מַיינֶע תְּקִיפוּת . יֶענֶער דֵיינְק זִיךְ עֶר הָאט פַּארְשְׁפִּילְט נָאר וַוייל אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעוָואלְט זֶעהְן , אָבֶּער וֶוען אִיךְ וָואלְט טַאקִי בֶּאֱמֶת גֶעוָואלְט זֶעהְן , וָואלְט אִיךְ גַאנְץ זִיכֶער טַאקִי אוֹיסְגֶעפִירְט . נוּא הָאט יֶענֶער אוֹיף מִיר אַבִּיסִיל תַּרְעוּמוֹת , לָאז עֶר מִיךְ קוּמֶען וַוארְגֶען , לָאז עֶר מִיךְ רוּפֶען קְנַאקְנִיסֶעל , אָבֶּער אִיךְ הָאבּ מַיין שֵׁם «תַּקִיף» נִישְׁט פַּארְלוֹירֶען . עֶט , עֶר וֶועט זִיךְ אִיבֶּערְבְּרוֹגֶזֶען , נָאךְ אַ מָאל טַאקִי קוּמֶען בֶּעטֶען מַיין לַאסֶקֶע אוּנ אִיךְ וֶועל אִיהְם וִוידֶער נָאךְ אַ מָאל טַאקִי עֶנְטְפֶערֶען : מִיר וֶועלֶען זֶעהְן , מִיר וֶועלֶען זֶעהְן . פַּארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא ? — לֶעמְלִין הָאבּ אִיךְ אוֹיךְ אַזוֹי גֶעעֶנְטְפֶערְט : מִיר וֶועלֶען זֶעהְן אוּנ אִיהְם דֶערְבַּייא טַאקִי בְּתוֹרַת עֵצָה אָנְצוּהֶערֶענִישׁ גֶעגֶעבֶּען , אָפְּצוּשְׁטֶעקֶען דָארְט עֶפִּים , פַּארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא ? דָארְט וואוּ מֶען בֶּעדַארְף . . . . . אִיךְ הָאבּ זֶעהְר גוּט גֶעזֶעהְן , אַז מַיין זֶעהְן אַלַיין קֶען אִיהְם אַזוֹי פִּיל הֶעלְפֶען וִויא אַ טוֹיטֶען בַּאנְקֶעס .

לעמיל

לֶעמִיל אָבֶּער אִיז בַּייא זִיךְ גֶעוֶועזֶען גַאנְץ זִיכֶער , אַז אִיךְ זֶעה אוּנ בֶּעט דֶעם גְבִיר עֶר זָאל אוֹיךְ זֶעהְן . הַיינְט בַּייא טָאג גֶעהֶענְדִיג אִין דֶער גַאס הָאסְט־דוּא בֶּעדַארְפְט זֶעהְן , וִויא לֶעמִיל מִיטְן ווַייבּ זֶענִין בֵּיידֶע מִיךְ בֶּעפַאלֶען פַאר אַיין עֵדָה יוּדֶען מִיט אַ שִׂמְחָה אוּנ מִיט טְרֶעהְרֶען אוֹיף דִיא אוֹיגֶען : „רֶבּ אִיסֶר , טַאטֶעניָא , נְשָׁמָהנְיָא ! טַאטִקִי פְרִיהֶער גָאט דֶערְנָאךְ אַייךְ , נְשָׁמָהנְיָא , הָאבֶּען מִיר צוּפַארְדַאנְקֶען מִיט אוּנְזֶער עֵסֶק וָואס מִיר הָאבֶּען הַיינְט אוֹיסְגֶעשְׁפִּילְט , וֶוען אִיהְר רֶבּ אִיסֶר זָאלְט זִיךְ דָא נִישְׁט גֶעוֶועזֶען אַרַיינְלֵייגֶען וָואלְטֶען מִיר נֶעבִּיךְ גֶעקֶענְט גֶעהְן מִיט דִיא הָאר . מִיר וֶועלֶען עֶס טַאטִקִי דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט זָאגֶען , רֶבּ אִיסֶר !״ פַארְשְׁטַאנֶען הָאבּ אִיךְ , אַז דָא הָאט גֶעהָאלְפֶען מַיין אָנְצוּהֶערֶענִישׁ , לֶעמִיל הָאט אַ־פָּנִים גוּט אוֹיסְגֶעפָאלְגְט מַיין עֵצָה . הָאסְט בֶּעדַארְפְט זֶעהְן בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה וִויא זֵייא הָאבֶּען מִיר דָא אַזוֹי גֶעדַאנְקְט וָואס פַאר אַ קְרִים אִיךְ הָאבּ זִיךְ גֶעטָאן , גְלַייךְ וִויא אֵיינֶער רֶעדְט : וִויפִיל גֶעזוּנְט אוּנ לֶעבֶּען הָאט מִיךְ אַייעֶר עֵסֶק גֶעקָאסְט ! וִויפִיל מִיה הָאבּ אִיךְ דֶערְבַּייא גֶעהַאט בִּיז אִיךְ הָאבּ גֶעפּוּעֶלְט ! — לֶעמִיל הָאט מִיר שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסִיל אָפְּגֶעשִׁיקְט אַ הֵיים מַיין רח״ש אוּנ דֶערְצוּ נָאךְ עֶטְלִיכֶע פְלֶעשְׁלִיךְ גוּטֶען ווַיין . נוּא , טִיפּוּשׁ אֵיינֶער , וָואס זָאגְסְט־דוּא אוֹיף דֶעם ווַיין ?

— הַלְוַואי אִיסֶר , לָאז מֶען אַזוֹי הָאבֶּען צוּזָאגֶען אוֹיף דִיר , אוֹיף דַיינֶע נַארָאנִים אוּנ אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען שְׁווִינְדֶעל . . . . לְחַיִים !

— וֶוער דֶער וָוארְגֶען טִיפּוּשׁ אֵיינֶער ! שְׁווִינְדֶעל , זָאגְט עֶר שְׁווִינְדֶעל ! פַאר וָואס הֵייסְט דָאס בַּייא דִיר שְׁווִינְדֶעל ? וָואס זֶענִין דֶען דִיא אַלֶע עֲסָקִים , אַלֶע מִסְחָרִים , הַאק־אוּנ־פַּאק פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאפּ , נִישְׁט קַיין שְׁווִינְדֶעל ? אִיךְ זָאג דִיר אַלֶע עֲסָקִים , אַלֶע אֲפִילוּ אִין עוֹלָם־הַבָּא זַאכֶען . פַארְשְׁטֶעסְט־דוּא ? אוֹיף וָואס בֶּעשְׁטֶעהֶען דִיא אַלֶע מִסְחָרִים נָאךְ גָאר פוּן דֶער הַתְחָלָה , וִויא אַזוֹי וֶוערֶען זֵייא גֶעפִיהְרְט אוּנ מִיט וָואס לָאזֶען זֵייא זִיךְ אוֹיס לְסוֹף ? אֶפְשַׁר אוֹיף דֶעם אֱמֶת מוּזְט־דוּא זִיכֶער מֵיינֶען ? נֵיין , בְּרוּדֶער ! אֱמֶת אִיז נָאר אַ וֶוערְטִיל , וָואס אִיטְלִיכֶער פַארְשְׁטֶעהְט עֶס אוֹיף זַיין גַאנְג , אוֹיף אַיין אַנְדֶער אוֹפֶן וִויא עֶס פַּאסְט צוּם עִנְיָן . דֶער אֱמֶתֶר אֱמֶת אִיז גָאר נִישְׁטָא אוּנ קֶען טַאטִקִי גָאר נִישְׁט זַיין , ווַייל אוּנְזֶער שֵׂכֶל קֶען אִיהְם נִישְׁט מַשִּׂיג זַיין אוּנ עֶר וָואלְט אוֹיךְ פַאר אוּנְזֶערֶע מִסְחָרִים גָאר נִישְׁט גֶעוֶועזֶען קַיין גוּט אַרְטִיקֶעל . טוֹיזֶענְטֶער קַאנְטָארֶען , טוֹיזֶענְטֶער קְלֵייטֶען אוּנ טוֹיזֶענְטֶער אַנְדֶערֶע מִסְחָרִים , וֶועלְכֶע דוּא זֶעהְסְט הַיינְט בַּייא אוּנְז וָואלְטֶען וִויא פּוֹיטִינֶע זִיךְ פַאנַאנְדֶער גֶעפְלוֹיגֶען אוּנ עֶס וָואלְט פוּן זֵייא קַיין זֵכֶר , קַיין שָׂרִיד וּפָלִיט נִישְׁט אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען . אַ סַךְ נְגִידִים אוּנְזֶערֶע וָואלְטֶען מִיט דִיא טָארְבֶּעס זִיךְ אַרוּמְגֶעשְׁלֶעפְּט . — אֶפְשַׁר אוֹיף אַרְבַּייטֶען , מֵיינְסְט דוּא , בֶּעשְׁטֶעהְט עֶס אַלְסְדִינְג ! חָלִילָה ,

ארבייטען ארבייט א האלץ־העקער, א וואסערפיהרער, א טרעגער,
א בעל מלאכה וכדומה, מיט ארבייט וועסט־דוא קיין סך נישט פארדינען,
דוא זאלסט אפילו צוזעצטערהייט ארבייטען וועסט־דוא פארט צעהן מאל
אין טאג פגרען פאר הונגער. געה גיב זיך טאקי אפ, א שטייגער, מיט
לעמילס א דיעלע, וועסט־דוא דארויף פארברייגגען א סך צייט וועסט
האבען דאס לויפעניש, זיך אפשרייבען דיא פינגער אונ לסוף, אז וועט
דיר שוין געראטען אויסצופיהרען עס, וואס וועט דיר קלעקען דאס
פארדינסט? דיא חלה וועט דיר נישט קלעקען אויף דער המוציא. חלילה
אבער אז געראטה דיר נישט, איז פארלוירען דיין מיה אונ בלייבסט
נאך ביא דער וועלט א קאילעקע, א טויגעניכט, וואס פארשטעהט
נישט מאי דקא־אמרי רביצען אונ קען א קאטץ איין עק נישט
צובינדען, דוא האסט פוילע פיש אונ פארשטונקענעם הערינג....
קנייטש ברודער נישט אזוי דעם שטערען! איך זאג דא דיר גאר נישט
אזא פילוסופיא, נאר פראסטע, ריינע ווערטער. פילוסופיא טויג אויף
אויף כפרות. צוגרויסע חכמות איז דוקא א גרויסער חסרון, דיא וועלט
האט עס פיינט אונ היט זיך דערפאר וויא פאר פייער. גרויסע בריות,
געלערענטע מענשען געהן ארום אין צעריסענע שטיוועל אהן פאדעשוועס.
א סך, גאר נישט דער ערך בעסער געהט עס אין דער וועלט דעם קליינעם
מענשעלע. מען בעדארף גאר אזוי נישט טויגען זיין א בריה, דער
עיקר וואס מען מוז אבער קענען איז: חנפהנען, צוויאטשען, ליגנערען,
ווארפען זיך אהין אונ אהער וויא עס קומט אויס צום עסק. וואס זאל
מען טאן? געלד מוז מען האבען, אהן געלד ביסט־דוא דאך אנדאי
גארניש, נאך טויזענט מאל קליינער וויא דאס קליינסטע קליינע מענשעלע.
דוא ביסט אי קליין אי געמיין. וואס איז, ברודער, אין דער וועלט
א קבצן? דוא קענסט דען דיר גאר אזוי משער זיין א־פנים וויא נגידים
האבען פיינט א קבצן! דאכט זיך זייא ריידען א מאל מיט אים אונ האבען
אויף איהם א מאל קלאמפערשט רחמנות, אין אמת'ן אבער קענען זייא
איהם נישט ליידען, ער איז זייא גרויס אין דיא אויגען אונ טראכטען
צו־וואס דרעהט זיך גאר ארום אזא נפש אויף דער וועלט. עפיס קומט
ער זייא פיר וויא א קאלטען, איין איבעריג ביינדעל, א שטיק ווילדפלייש,
אפגע,איין אנשיקעניש אונ עס גיט זייא עפיס א שטאך אין הארץ אז זייא
דערזעהן איהם. זייא דאכט זיך אלץ, אז ער איז אויסען אויף זייער
לעבען — אויף זייער בייטעל, אז ער איז להוט נאך זייער נשמה —
נאך זייער געלד. איך האב אסור נישט קיין ווערטער איך זאל דיר עס
אזוי ווייט ארויסזאגען. ביסט דוא ברודער א קבצן, ביסט דוא
אפגעשטארבען פון דער וועלט. דיינע פריהערדיגע פריינד, באם זייא זעניָ
רייך

רַייך, הַאלְטֶען זִיךְ פוּן דִיר וַייט , מַאכֶען זַייא דִיר אַ מָאל אַ וִויזִיט , הָאט עֶס נָאר אַ פָּנִים וִויא אַיין אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶע גְבִירָה חַאפְּט זִיךְ אַ מָאל אַרָאפּ עֶרְגִיץ אִין אַ קְלֵיין שְׁטֶעטִיל אוֹיף ַקֶבֶר אָבוֹת צוּ אַ גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם טַאטֶען אַ ַקַבְּצָן אוּנ פּוּצְט זִיךְ דֶער בַּייא אוֹיס אִין פֶּערִיל אִין דִימֶענְטֶען , דָאס אָרֶעמֶע קְלֵיינֶע שְׁטֶעטִיל זָאל פוּן אִיהְר הֲנָאָה הָאבֶּען . . . . אִין חוּמָשׁ צִי אִין שִׁיר הַשִּׁירִים דַאכְט זִיךְ שְׁטֶעהְט אוֹיךְ וִויא זָאגְט מֶען עֶפִּיס : הֶעְנִי חַסִיֶע נִתְחַמֶּעם (עָנִי הָשׁוּב כְּמֵת) דָאס הֵייסְט : אַ ַקַבְּצָן שְׁמֶעקְט מִיט קְבָרוֹת־בְּלֶעטְלִיךְ . אִין גֶעלְד בְּרוּדֶער בֶּעשְׁטֶעהְט דִיא גַאנְצֶע חָכְמָה , אַלְסְדִינְג . . . . הָאסְט־דוּא גֶעלְד הָאסְט־דוּא דִיא אוּנ יֶענֶע וֶועלְט . נָאר בַּייא דֶער צַייט גֶעלְד צוּהָאבֶּען הֵייסְט , צוּזַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אוּנ אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע הֵייסְט תַנְפֶהֶנֶען צְוִוישַׁאטְשֶׁען ,-וָואס אִין דֶער ָקארְט . . . לְחַיִים גוּטֶער בְּרוּדֶער !

— לָאמִיר זַיין גֶעזוּנְד , אִיסֶר, אוּנ הָאבֶּען תָּמִיד אַזֶעלְכֶע לֶעמְלִיךְ : נוּא אִיסֶר , דַיין גְבִיר , בַּייא וֶועלְכֶען דוּא בִּישְׁט דִיא נְשָׁמָה, וָואס אִיז עֶר אַזוֹינְס ?

— אָט כּוּן אִיהְם בְּרוּדֶער וִויל אִיךְ נִישְׁט רֵיידֶען . פַארְשְׁטֶעסְט־דוּא ? אִיךְ וִויל פוּן אִיהְם נִישְׁט רֵיידֶען , פוּן דֶער צַייט , וָואס אִיךְ הַאלְט אִיהְם אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע וִויל אִיךְ פוּן אִיהְם נִישְׁט רֵיידֶען .

— וָואס הֵייסְט , אִיסֶר , אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע ? נַאט אַייךְ גָאר אַ נַיִים ! וָואס הֵייסְט דוּא הַאלְסְט דַיין גְבִיר אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע ? אַ מִיהְל אִיז עֶר , צוּ אַלְדֶע שְׁוַוארְץ־יָאהְר , אָדֶער אַ קְרֶעטְשְׁמֶע , וָואס דוּא הַאלְטְסְט אִיהְם אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע ?

— וָואס מַאכְט עֶס אוֹיס , טִיפּוּשׁ אֵיינֶער ? וָואס אִיז דִיא נַפְקָא־מִינָא אַ גְבִיר , אַ מִיהְל , אַ קְרֶעטְשְׁמֶע , אַ רוּחַ , אַ טַייפֶעל אוּנ דֶער שְׁוַוארְץ־יָאהְר וֵוייסְט וָואס נָאךְ אַזֶעלְכֶעס ? אַבִּי אַיין אַרֶענְדֶע ! . . . הֶע־עֶ־עֶ , בְּרוּדֶער ! דוּא בִּיסְט נָאךְ גָאר אַ מְלַמֵּד , אַ פְּרִיץ . מֶען מוּז דִיר נָאךְ אַלְסְדִינְג אוֹיסְטַייטְשֶׁען . נוּא אִיךְ וֶועל עֶס דִיר אִיצְט דֶער וַוייל וִויא ס'אִיז ד,עֶרְקְלֶעהְרֶען . לָאמִיר טַאקִי אָנְהוֹיבֶּען פוּן אַ מִיהְל : אַ וַואסֶער אָדֶער אַ וִוינְט אִיז אוֹיף דֶער וֶועלְט אַ גְרוֹיסֶער כֹּחַ , קוּמְט דָאס מֶענְשֶׁעלֶע וָואס וִויל מִיט אַלְסְדִינְג זִיךְ בֶּענוּטְצֶען , שְׁטֶעלְט אַנִידֶער אַ גֶעבַּייא מִיט רֶעדֶער אִי שְׁטֵיינֶער אוּנ מַאכְט אַז דָאס וַואסֶער אָדֶער דֶער וִוינְט זָאל דְרֶעהְן דִיא רֶעדֶער . דִיא רֶעדֶער דְרֶעהְן דִיא שְׁטֵיינֶער אוּנ עֶס מָאהְלְט זִיךְ . פַארְשְׁטֶעסְט־דוּא ? הַיינְט טִיפּוּשִׁיל מַיינֶער לָאמִיר גֶעהְן וַוייטֶער . רֵאשִׁית חָכְמָה אִיז כֹּחַ , דַארוּיף שְׁטֶעהְט דִיא וֶועלְט מִיט אַלֶע זַאכֶען . אַ נָגִיד אִיז אִין דֶער וֶועלְט אוֹיךְ אַ גְרוֹיסֶער כֹּחַ . אַלֶע וֶוערֶען פַאר דֶעם נָגִיד בָּטֵל . אַלֶע קְרִיכֶען אוּנ שַׁאפְּקֶעוֶוען פַאר דֶעם רַייכֶען אִי אַזֶעלְכֶע

אֲפִילוּ, וָואס זַייא קוּמְט פוּן אִיהְם לַחֲלוּטִין גָאר נִישְׁט אַרוֹיס, וָואס זַייא הָאבֶּען פוּן אִיהְם נִישְׁט גֶעהַאט אַ מָאל, הָאבֶּען פוּן אִיהְם נִישְׁט אַצִּינְד אוּנ וֶועלֶען קֵיינְמָאל פוּן אִיהְם נִישְׁט הָאבֶּען אִי שְׁפֶּעטֶער אֲפִילוּ אַ טְרוּנְק וַואסֶער, גְלַאט וַוייל אַ רַייכֶען קוּמְט כָּבוֹד, וַוייל אַ נְגִיד קוּמְט אַלְסְדִינְג. חָאטְשׁ אִיךְ אִיסֶר זָאג: דֶער עִיקָר וָואס אִין אַ נְגִיד בֶּעדַארְף מֶען שֶׁעטְצֶען אִיז נָאר זַיין גֶעלְד. פַארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא? זַיין גֶעלְד אִיז נוּמֶער 1 אוּנ עֶר אַלֵיין אִיז נוּמֶער 2 אַזַא נְגִיד, וָואס נִיטְצְט דִיר כְּלַל נִישְׁט, עֶר זָאל בַּייא דִיר אַזַא אָרְט פַארְנֶעהְמֶען וִויא גָארְנִישְׁט, וִויא בַּאלְד אַז נִישְׁט דֶער עִיקָר וָואס־זָשֶׁע אִיז מִיט אִיהְם דֶער יִחוּס? קוּק זִיךְ אוֹיף אִיהְם אֲפִילוּ נִישְׁט אוּם אוּנ הֶער אִיהְם אַזוֹי וִויא אִין טְשֶׁערְנִיוִויטְץ דִיא מְגִילָה . . . הַיינְט בֶּעדַארְפְסְט־דוּא וִויסֶען וַוייטֶער, אַז אַ קְלוּגֶער בֶּעדַארְף מִיט אַלְסְדִינְג אִין דֶער וֶועלְט זִיךְ בֶּענוּטְצֶען. פַארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא? אַצִּינְד וֶועל אִיךְ דִיר עֶס אִיבֶּערְחַזֶרֶען נָאךְ אַ מָאל, זָאג־זָשֶׁע טִיפּוּשִׁיל אֵיינֶער זָאג: אוֹיף כֹּחַ בֶּעשְׁטֶעהְט אַלְסְדִינְג, אַ נְגִיד מִיט גֶעלְד אִיז אִין דֶער וֶועלְט אַ גְרוֹיסֶער כֹּחַ, אוּנ אַ קְלוּגֶער בֶּעדַארְף מִיט אַלְסְדִינְג אִין דֶער וֶועלְט זִיךְ בֶּענוּטְצֶען, בְּכֵן בֶּעדַארְף מֶען פוּנֶם רַייכֶען קֶענֶען מַאכֶען אַ נוּטְצֶען. וָואס מֵיינְסְט־דוּא, מֶען זָאל בַּייא אִיהְם נֶעהְמֶען נָאר גֶעלְד? ניין! מֶען בֶּעדַארְף אוֹיךְ לֶעבִּין אִיהְם קֶענֶען שְׁטֶעלֶען אַ וִוינְטְמִיל, עֶר זָאל מִיט זַיין וִוילְדֶען כֹּחַ טְרַייבֶּען אוּנ דְרֶעהְן אַיְיעֶרֶע רֶעדֶער. עֶס זָאל זִיךְ מָאהְלֶען. אָדֶער לֶעבִּין אִיהְם זַיין אַזוֹי וִויא אַ קָאמֶעדְיַאנְט לֶעבִּין דֶער קַאמֶעדְיָא, אָדֶער וִויא אַ צִיגַאנֶער לֶעבִּין זַיין בֶּער. הָאסְט דוּא מִיר אָפְּגֶעמַאסְטֶען אַ גוּט מֶעסְטִיל מִיט אַ וֶוערְךְ, נוּא, גֶעה מָאהְל דִיר גֶעזוּנְטֶערְהֵייט אִין מַיין וִוינְטְמִיהְל. הָאסְט דוּא בֶּעצָאהְלְט פַאר אַ בִּילֶעט, גֶעה־זָשֶׁע דִיר אַרַיין אִין דֶער קַאמֶעדְיֶע אוּנ זֶעה דִיא שֵׁיינֶע אָנְשְׁטֶעלֶען, אָדֶער הָאסְט־דוּא מִיר גֶעגֶעבֶּען עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען וֶועל אִיךְ דִיר הֵייסֶען מַיין בֶּער טַאנְצֶען. פַארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא? אִיךְ הַאלְט מַיין גְבִיר אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע. דוּא ווִילְסְט צוּם גְבִיר — צוּ מַיין וִוינְטְמִיהְל, גִיבּ זָשֶׁע מִיר מֶעסְטֶעל, אִיךְ בִּין דֶער אַרֶענְדַאר. דוּא ווִילְסְ מֶען זָאל פַאר דִיר מַאכֶען דִיא קַאמֶעדְיֶע, דִיךְ "אוּנְטֶערְהַאלְטֶען" אַבִּיסִיל מִיט אָנְשְׁטֶעלֶען, בֶּעצָאהְל מִיר פְרִיהֶער פַאר אַ בִּילֶעט, אִיךְ בִּין דֶער קַאמֶעדְיַאנְט, אָדֶער ווִילְסְט דוּא אֶפְשַׁר מַיין גְבִיר זָאל זִיךְ פַאר דִיר שְׁטֶעלֶען אוֹיף דִיא לַאפֶּעס, לֵייגֶען זִיךְ פַאר דִיר אִין דֶער לֵיינְג אִין דֶער בְּרֵייט אוּנ בְּרוּמֶען, אַרוֹיס פְרִיהֶער מִיט עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אוּנ גִיבּ מִיר זַייא מוֹחֵל וָואס מַיין גוּטֶער ווִילֶען ... עט זיין, אִיךְ בִּין זַיין צִיגַאנֶער! . . . הַיינְט פַארְשְׁטֶעהְסְט־דוּא טִיפּוּשִׁיל? גֶענוּג פַאר הַיינְטִיגֶעס מָאל גֶעלֶערְנְט! . . . לְחַיִּים, גוּטֶער בְּרוּדֶער!

יְחִיים

— לְחַיִים, אִיסֶר, פַאר דַיין ווינְטְמִיהְל, פַאר דַיין קָאמֶעדְיֶע אוּנ פַאר דַיין בֶּער! דַיינֶע רֶעדֶער זָאלֶען זִיךְ דְרֶעהְן, דַיין קָאמֶעדְיֶע זָאל אָנְגֶעהְן אוּנ דַיין בֶּער זָאל טַאנְצֶען . . . . . .

---

## יב.

עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אִיסֶר'ס דֶרֶךְ, אִיסֶר'ס בְּלִיק אוֹיף דֶער וֶועלְט אִיז פַאר מִיר תְּחִלַת גֶעוֶוען צוּהוֹיךְ אוּנ אַ סַךְ וֶוערְטֶער גָאר תַּרְגוּם. אִיךְ הָאבּ גָאר נִישְׁט גֶעוואוּסְט מִיט וָואס מֶען עֶסְט עֶס. נָאר דָאס אָבֶּער הָאבּ אִיךְ בַּאלְד אִין דֶער רֶגַע אוֹיפְגֶעהַאפְּט: "בַּייא דֶער צַייט גֶעלְט צוּהָאבֶּען הֵייסְט, צוּ זַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע, אוּנ אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע הֵייסְט הַנְפָּהנֶען, צְוִויַאטְשֶׁען, וָואס אִין דֶער קָארְט". אַט-אָ דָא בִּין אִיךְ שׁוֹין דֶערְגַאנְגֶען דֶעם רֶעכְטֶען סוֹד. אָבֶּער וָואס הֵייסְט אַזוֹינְס חַנְפֶהנֶען צְוִויַאטְשֶׁען הָאבּ אִיךְ נָאךְ לְעֵת-עַתָּה נִישְׁט רֶעכְט פַארְשְׁטַאנֶען. אִיךְ מוּז אַייךְ דָא בֶּעמֶערְקֶען, אַז דֶענְסְמָאל הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִישְׁט גוּט גֶעוואוּסְט בִּכְלַל צווּאוּנְטֶערְשֵׁיידֶען וָואס מֶען מֶעג אוּנ וָואס מֶען טָאר נִישְׁט. אַיין עֲבֵרָה הָאט בַּייא מִיר גֶעהֵייסֶען: קוּקֶען אוֹיף דִיא כֹּהֲנִים בִּשְׁעַת דוּכֶנֶען; נִישְׁט שְׁלָאגֶען קֵיין כַּפָּרוֹת, נִישְׁט גֶעהְן צוּם תַּשְׁלִיךְ, שְׁנַיידֶען דִיא נֶעגֶעל כְּסֵדֶר, נִישְׁט אִיבֶּערְהִיפֶּערֶען אַ פִינְגֶער אִיבֶּער אַ פִינְגֶער, אוּנ נִישְׁט צוּלֵייגֶען צוּ דִיא אָפְּגֶעשְׁנִיטֶענֶע נֶעגֶעל דְרַייא פִּיטְצְלִיךְ שְׁטִיקְלִיךְ הָאלְץ, אָפְּגֶעשְׁנִיצְט פוּן אַ שְׁטֶענְדֶער צִי פוּן אַ טִישׁ, זַייא זָאלֶען דִינֶען פַאר כְּשֵׁרָה עֵדוּת, נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אִין אַ בַּעַל שֵׁם, נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אִין אַ לֶץ, נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אַז אִין דֶער גְרוֹיסֶער שׁוּל דַאוְונֶען בַּייא דֶער נַאכְט מֵתִים, נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אִין עוֹלָם-הַתּוֹהוּ, דָאס הֵייסְט נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אַז אַ סַךְ מֶענְשֶׁען גֶעהְן אַרוּם צְווִישִׁין אוּנְז, זַייא הַאנְדְלֶען דַאכְט זִיךְ, זַייא מַאכֶען גֶעשֶׁעפְטֶען, זַייא פָאהְרֶען אוֹיף יְרִידִין, קוֹיפֶען אוּנ פַארְקוֹיפֶען, הוּא-הַא-הוּא! אוּנ בֶּאֱמֶת זֶענִין זַייא גָאר מֵתִים, טוֹיטֶע-גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע נֶעבִּיךְ אוֹיף דֶעם עוֹלָם-הַתּוֹהוּ . . . . נִישְׁט גְלוֹיבֶּען, אַז צוּם בֶּעזְלִיוִדְרֶעוֶוער רַב פְּלֶעגֶען קוּמֶען מֵתִים צוּם מִשְׁפָּט אוּנ דֶער מַלְאַךְ-הַדּוּמָה הָאט זַייא אַהִין גֶעפִירְט וִויא אַ פַארְטֶיע רֶעקְרוּטֶען, אָדֶער נִישְׁט צוּ גְלוֹיבֶּען אַז דֶער דָאזִיגֶער רַב טַאקִי הָאט גֶעהַאט קְפִיצַת הָאָרֶץ, גֶעוֶוען אַ חָשׁוּב אִין הִימֶעל אוּנ גֶעהַאט אִין דֶער הַאנְד דֶעם שְׁלִיסִיל פוּן קִינְדֶער, פוּן שְׁנֵייא אוּנ רֶעגֶען, נִישְׁט גְלוֹיבֶּען אִין אַ גִלְגוּל, דָאס הֵייסְט נִישְׁט גְלוֹיבֶּען, אַז דֶעם מֶענְשֶׁענְס הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה וֶוערְד מְגוּלְגָל אִין בְּהֵמוֹת, חַיּוֹת אוּנ עוֹפוֹת, אַז אַ גֶעווִיסֶער עוֹשֶׁר אִיז גֶעוֶוארֶען אַ מָאל אַ חָזִיר; אֵיינֶער, עֶפִּים אַ פֵיינֶע-בְּרִיָה — אַ קֶעלְבִּיל, נִישְׁט פַאר אוּנְז גֶעדַאכְט; נָאךְ אֵיינֶער, עֶפִּים

אַ גְרוֹיסֶער פָּאדְרַאטְשִׁיק — אַ פוֹיגֶעל , וָואס הָאט שְׁטַארְק אָנְגֶעפַּייפְּט , נִישְׁט פַּאר יוּדִישֶׁע קִינְדֶער גֶעדַאכְט ; וַוייטֶער אֵיינֶער , עֶפִּים אַ גְלַאכְגֶע אִיז גֶעוֶוארֶען אַ פִּישׁ נֶעבִּיךְ , פּוּנְקְט מִיט אַזַא גָאלָאס , אַזַא שְׁטִימֶע וְוִיא פוּן אַ שְׁלַייֶען , אוּנ נָאךְ אֵיינֶער אַ בַּעַל טוֹבָה עֶפִּים גָאר אַ קַאטְץ , רַחֲמָנָא לִיצְלַן . . . . קוּרְץ , אָט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען הָאבֶען בַּייא מִיר גֶעהֵייסֶען עֲבֵרוֹת, אָבֶער חַנְפֶּהנֶען , צְווִיַאטְשֶׁען אוּנ זַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע דָאס אִיז אִין מַיין צֶעטִיל נִישְׁט גֶעשְׁטַאנֶען . מֵהֵיכָא-תֵּיתֵי פַאר וָואס נִישְׁט זַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע ? מֶען אִיז דָאךְ רַייךְ אוּנ גְלִיקְלִיךְ . אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע הָאט מֶען נִישְׁט דִיא הָעֲזָה , צוּהַרְגֶענֶען , צוּשְׁלָאגֶען אוּנ אַז מֶען שְׁלָאגְט טְהוּט דָאךְ עֶפִּים אַזוֹי וֶועה ! אַ שְׁנַיידֶער, אַ שְׁנַיידֶערְקֶע אַז דֶערְלַאנְגְט אַ טֶעלֶעמֶעטְשֶׁע וֶוערְד דָאךְ אַזְשׁ פִינְסְטֶער אִין דִיא אוֹיגֶען . וֶוער שְׁמִיֶעסְט אַז אַ חַזָן דְרֶעהְט בַּיים אוֹיֶער קֶען מֶען טַאקִי יָאהְרְצַייט פַארְגֶעסֶען , אוּנ אוֹיסְצִיהֶען זִיךְ אוֹיף דֶער עֶרְד אָנְצוּטָאן אָדֶער אוֹיסְצוּטָאן יֶענֶעם קַאלָאשֶׁען בְּשַׁעַת יֶענֶער הַאלְט זִיךְ בַּייא דִיא זַייטֶען אוּנ קוּקְט אוֹיף דֶער סְטֶעלְיֶע דָאס אִיז חָלֶעבִּין אוֹיךְ עֶפִּים נִישְׁט קַיין גֶעשְׁמַאקֶע זַאךְ . אַוַדַאי הָאט מִיר זִיךְ גֶעגְלוּסְט זַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע מִיט דִיא אַלֶע פִּישְׁטְשֶׁעוֶוקֶעס , פָּטוּר וֶוערֶען מִיט אַ מָאל פוּן אַלֶע צָרוֹת אוּנ לֶעבֶּען גְלִיקְלִיךְ אִין עוֹשֶׁר אוּנ אִין כָּבוֹד . דֶערִיבֶּער טַאקִי פְלֶעג אִיךְ בֶּעסְטֶענְדִיג מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק מִיךְ אוּנְטֶערְהֶערֶען הִינְטֶער דֶער טְהִיר בְּשַׁעַת אִיסֶר וַוארְגֶער פְלֶעגְט שְׁמִיֶעסֶען מִיט זַיין גוּטֶען בְּרוּדֶער . אִיךְ הָאבּ זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט זֶעהְר פִיל זַאבֶען אוּנ דֶערְנָאךְ טַאקִי זוֹכֶה גֶעוֶועהן צוּפַארְשְׁטֶעהְן זַיינֶע וֶוערְטֶער . אִיךְ הָאבּ אִיהְם מִיט דֶער צַייט אַ סַךְ בֶּעסֶער פַארְשְׁטַאנֶען וְוִיא דֶעם תַּלְמוּד-תּוֹרָה מְלַמֵד .

אֱמֶת טַאקִי אַ לֶעקִישׁ בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אִין דֶער יוּגֶענְד , זֶעהְר נַארֶעשֶׁעוַואטֶע , נָאר וְוִיא שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִיזֶען בִּין אִיךְ נִישְׁט גֶעוֶוען אַ נַאר פוּן דֶער נַאטוּר , וָואס דֶען-זְשֶׁע ? דִיא מַעֲשֶׂה דֶערְפוּן אִיז גָאר גֶעוֶוען וָואס תָּמִיד פוּן דֶער קִינְדְהַייט אָן בִּין אִיךְ גֶעוֶוען פַארְוִויסְט, פַארְוָואגֶעלְט אוּנ דֶער שְׁלָאגֶען . מֶען הָאט מִיךְ אוֹיפְגֶעהָאדֶעוֶועט מִיט שְׁמִיץ מִיט קְלֶעפּ , מִיט קוּלַאקֶעס אוּנ מִיט טוּיטְשְׁלֶעגְק . וֶוער עֶס הָאט נָאר גֶעוָואלְט הָאט אִין מִיר אַרַיינְגֶעלֵייגְט אוּנ גֶעבְּרָאכֶען מִיר דִיא דַארֶע בֵּיינֶער . נוּא וְוִיא זָאגְט מֶען עֶפִּים ׳ פוּן עַל חֵטְא וֶוערְד מֶען נִישְׁט פֶּעט . פוּן אַ סַךְ שְׁלָאגֶען ווֶערְט מֶען טַאקִי דֶערְשְׁלָאגֶען . אַ קַאטָעוֶועס עֶפִּים וָואס מַיין לַייבּ , דָאס אוֹיסְגֶעמָארֶעטֶע , אוֹיסגֶעדֶעוֶוערְטֶע לַייבּ מַיינְס הָאט אִין זִיךְ נֶעבִּיךְ אַרַיינְגֶענוּמֶען ! אִיךְ נֶעבִּיךְ לַייד הוּנְגֶער , קֶעלְט , פִּיהְל אַז גֶעהְן מִיר אוֹיס דִיא כֹּחוֹת עֶס שְׁטֶעכְט מִיךְ אִין אַלֶע גְלִידֶער סְ׳אִיז מִיר נִישְׁט גוּט , אָנְשְׁטָאט מֶען זָאל זָאגְן אַרַחֲמָנוּת , אַקִינְד נֶעבִּיךְ גֶעהְט אוֹיס, אַ מֶענְשׁ, אָדֶער לָאז זִיךְ זַיין אֲפִילוּ גָאטְס אַ גֶעשֶׁעפֶענִישׁ צַאנְקְט נֶעבִּיךְ וְוִיא

אַלִיכְט , עֶר אִיז הוֹיט אוּנ בֵּיין , נֶעהְמְט מֶען נָאךְ אוּנ מֶען רַייכְט מִיר מַיין דַארֶע קְוַואַרֶע שְׁטִיקֶעל פְלֵייש , נֶעהְמְט מֶען נָאךְ אוּנ מֶען גִיט מִיר נָאךְ וֶועהְטִיג אִי שְׁטֶעכֶענִיש , נֶעהְמְט מֶען נָאךְ אוּנ מֶען צוּפְּט מִיר דָאס אִיבֶּערִיגֶע שְׁטִיקֶעל הוֹיט אוֹיס ! . . . . אִיךְ בִּין פָּשׁוּט גֶעוֶוען דֶערְטְשְׁמֶעלֶעט, פַארְטוּמֶעלְט אוּנ פַארְמַארַאטְשֶׁעט . הַיינְט דֶערְצוּ נָאךְ בִּין אִיךְ גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען אִין בֶּעזְלִיוּדֶעווּ , וָואס אִין תּוֹךְ אַרַיין אִיז זִיא אַ קְלֵיין שְׁטֶעטִיל , אוּנ אַ קְלֵיינְשְׁטֶעטִילְדִיגֶער בְּלַייבְּט טַאקִי אַ קְלֵיינְשְׁטֶעטִילְדִיגֶער . דִיא קְלֵיינְשְׁטֶעטִילְדִיגֶע לַייט זֶענִין חָלֶעבִּין עֶפִּיס נָאר אַנְדֶערֶע מִינֵי מֶענְשֶׁען מִיט אַנְדֶערֶע חוּשִׁים,מִיט אַיין אַנְדֶער טַעַם,אַיין אַנְדֶער רֵיחַ,אַיין אַנְדֶער מוֹחַ,זֵייא שְׁמִיגְקֶען נִישְׁט, זֵייא שְׁמֶעקֶען נִישְׁט,נִי מֶע, נִי מוּ , נִי קַאקִירִיקוּא, נִישְׁט פִּישׁ נִישְׁט פְלֵייש , עֶפִּיס מִינֵי בְּרוּאִים . . . . אִיךְ ווִיל דֶערְמִיט אַייךְ נִישְׁט מֶער אוֹיסְבְּרַייטֶען , אַז אִיהְר זָאלְט זִיךְ נִישְׁט וואוּנְדֶערֶען ווִיא אַזוֹי אַ נַאר ווִיא אִיךְ פְלֶעג אַמָאל פָארְט פַאלֶען גְלַייךְ אוּנ דַיינְקֶען מִיט אַ גַאנְג . אֱמֶת טַאקִי , אַ נַאר בִּין אִיךְ גֶעוֶוען אוּנ בִּין מִיט מַיין נַארֶעשְׁקַייט גֶעפַאלֶען אִיטְלִיכֶען אִין דִיא אוֹיגֶען , אָבֶּער פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען נִישְׁט קֵיין נַאטוּרְלִיכֶער, נָאר גְלַאט אַפַּארְדוּלְטֶער אַפַּארְלָאזְטֶער , אַ דֶערְהַרְגֶעטֶער . עֶס הָאט מִיר אִין קָאפּ נִישְׁט גֶעפֶּעהְלְט קֵיין קְלֶעפֶּקֶע , נָאר דִיא קְלֶעפֶּקֶע אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעוֶוען אָפְּגֶעטֶעסְיֶעט . אָט-אָ דָאס בִּין אִיךְ גֶעוֶוען . דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ מִיךְ נָאךְ גֶעקֶענְט עֶפִּיס אוֹיסְלֶערְנֶען , מִיךְ עֶפִּיס אָנְשְׁטוֹיסֶען אוּנ דֶערִיבֶּער הָאבּ אִיךְ גֶעקֶענְט אִיבֶּערְנֶעהְמֶען רֶב אִיסֶר וַוארְגֶערְס תּוֹרוֹת .

בַּייא אִיסֶר וַוארְגֶער הָאבּ אִיךְ אַוֶועקְגֶעדִינְט אַ סַךְ יָאהְרֶען , אִין דֶער צַייט הָאבּ אִיךְ מִיךְ אוֹיסְגֶעשְׁלִיפֶען , הָאבּ נוּט פַארְשְׁטַאנֶען אוּנ גֶעקֶענְט אַלְסְדִינְג וָואס אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע בֶּעדַארְף צוּקֶענֶען , וָוארִים אִיךְ פְלֶעג זִיךְ שְׁטַארְק צוּהֶערֶען מִיט קָאפּ אוּנ בִּין גֶעוֶוען אַ מַתְמִיד . אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גֶעקֶענְט אִין מַיין גְרַאד אָפְּאַרְבַּייטֶען מַעֲשִׂים , מַאכֶען פוֹילֶע תְּנוּעוֹת אוּנ נֶעהְמֶען אַלֶץ מִיט שְׁפִּיטְצְלִיךְ . דִיא גְרֶעסְטֶע הֲנָאָה הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט אָפְּצוּטָאן אֵיינֶעם אוֹיף טֶערְקִישׁ , גְלַייךְ ווִיא אִיךְ וָואלְט מִיךְ אִין אִיהם נוֹקֵם גֶעוֶוען , אוּנ זִיךְ אוֹיסְדְרֶעהֶן גְלַאט ווִיא אוֹיף אַ טֶעלֶער . דָאס גֶעפִיהל פוּן יוֹשֶׁר , פוּן רַחֲמָנוּת הָאט בַּייא מִיר נִישְׁט דֶערְלָעבְּט רֶעכְט אוֹיסְצוּוַואקְסֶען . יוֹשֶׁר הָאט רֶב אִיסֶר וַוארְגֶער גֶעזָאגְט , אִיז אַ שְׁטִיקֶעל גוּמִילַאסְטִיק , וָואס לָאזְט זִיךְ צִיהֶען ווִיא מֶען ווִיל , דָאס אִיז אַ כִּי הִנֵּה כַּחוֹמֶר . פוּן וֶועלְכֶען דֶר מֶענְשׁ הָאט בְּיַד צוּמַאכֶען עֶפִּיס , נָאךְ זַיין פַארְלַאנְגֶען אוּנ צוּבַּייגֶען עֶס אַזוֹי צִי אַזוֹי ; רַחֲמָנוּת — דָאס אִיז אַיין אוֹיסְגֶעטְרַאכְט , פּוּסְט וָוארְט , אִין גַאנְצֶען נָאךְ אַשְׁווִינְדֶעל ! אִיךְ אַז אִיךְ בִּין שְׁטַארְקֶער פוּן דִיר אִיז בַּייא מִיר דֶער יוֹשֶׁר אוּנ דוּא אַז-דוּ בִּיסְט שְׁלַאפֶער פוּן מִיר מִילְסְט-דוּא מִיךְ אַיינְרֵיידֶען עֶפִּיס רַחֲמָנוּת . אַזוֹי אִיז גֶעוֶוען בַּייא זִיךְ

אִיסֶרְ׳ס אַ וֶוערְטִיל . אִיךְ בִּין גֶעוֶועֶן אִיסֶרְ׳ס אַיין אֶמֶתֶער תַּלְמִיד , הָאבּ מִיר
אַלְץ גֶעגֶעבֶּען מִיה מַיין רֶבִּין צוּפְרִידֶען צוּשְׁטֶעלֶען , טָאן אַלְסְדִינְג נָאךְ זַיין
גֶעשְׁמַאק , אִיהְם אִין אַלְץ צוּפָּאטְרַאפֶּען , אִיךְ בִּין אִיהְם שְׁטַארְק גֶעפֶעלֶען
אַז עֶר וָואלְט פַאר מִיר וִויא מֶען זָאגְט קַיין זַאק בָּארְשְׁטְש נִישְׁט גֶענוּמֶען .
אַז אִיךְ בִּין עֶלְטֶער גֶעוָוארֶען הָאבּ אִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיךְ אַלְץ צוּבֶּעטְרַאכְ־
טֶען אוּנ זִיךְ אַלֵיין צוּפְרֶעגֶען : „מָתַי אֶעֱשֶׂה לְבֵיתִי ?‟ דָאס הֵייסְט , וְוען
וֶועל אִיךְ שׁוֹין אָנְהוֹיבִּין עֶפִּיס צוּטָאן , אִיךְ זָאל אוֹיפְגֶערִיכְט וֶוערֶען ?
„וַאֲנִי בָּאתִי בַּיָּמִים‟ אוּנ אִיךְ בִּין דָאךְ שׁוֹין אַ בָּחוּרִיל ! אֱמֶת טַאקִי ,
אִיסֶרְ׳ס תּוֹרָה קֶען אִיךְ גוּט מִיט אַלֶע פְּשָׁטְלִיךְ , נָאר „לֹא הַמִּדְרָשׁ .עִקָּר‟
נִישְׁט דָאס לֶערְנֶען אִיז דִיא קוּנְץ , דֶער.עִקָּר .אִיז דָאךְ דִיא מְלָאכָה .
אִיךְ הָאבּ אַלְץ זִיךְ מְיַשֵּׁב גֶעוֶועֶן אַזוֹי לַאנְג אַזוֹי בְּרֵייט בִּיז אִיךְ בִּין
גֶעפַאלֶען אוֹיף אַזַא הַסְבָּרָה . סְטַייטְשׁ , הָאבּ אִיךְ צוּ מִיר אַלֵיין גֶעזָאגְט ,
וָואס פַאר אַ נַאר אִיךְ בִּין ! אִיסֶר אַלֵיין זָאגְט : „אַ קְלוּגֶער בֶּעדַארְף מִיט
אַלְסְדִינְג אוֹיף דֶער וֶועלְט זִיךְ בֶּענוּטְצֶען אוּנ דֶעם נָגִיד בֶּעדַארְף מֶען
גֶעהְמֶען אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע מִיט אִיהְם צוּשְׁפִּילֶען דִיא קָאמֶעדְיֶע אוּנ
צוּמַאכֶען דִיא קָאפֶּעקֶע‟ אִיסֶר אַלֵיין אִיז דָאךְ אוֹיךְ אַ נָגִיד , סְטַייטְשׁ ,
אִיךְ וֶועל אִיהְם נֶעהְמֶען אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע אוּנ וֶועל וֶוערֶען אִיסֶרְ׳ס
אַרֶענְדַאר , אִיסֶרְ׳ס נְשָׁמָה ! אִיסֶר אַלֵיין אִיז דָאךְ אוֹיךְ אַ כֹּחַ , נוּא , וֶועל
אִיךְ מִיר שְׁטֶעלֶען אַוִוינְטְמִיהְל , אִיסֶר זָאל דְרֶעהֶען מַיינֶע רֶעדֶער ! סְטַייטְשׁ,
גֶעבְּרָאטֶענֶע טוֹיבֶּען פְלִיהֶען מִיר אִין מוֹיל,אִין דֶער הַאנְט הַאלְט אִיךְ אַיין
אָפְּגֶעשֵׁיילְט אֵייֶעלֶע אוּנ שְׁרַייא עֶסֶען ! . . . אִיךְ וִויל אַייךְ דָא נִישְׁט אַ יַם
בְּרַייֶען , אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צְוִוִיאטְשֶׁען אוּנ אִיסֶרְ׳ן חַנְפֶּהְנֶען , מִיר
אוֹיסְגֶעזוּכְט טוֹיזֶענְטֶער וֶועגֶען וִויא צוּ אִיהְם זִיךְ צוּ־צוּשְׁמֵייכְלֶען , וִויא
אַרַיינְצוּקְרִיכֶען אִינְוֶוענִיג אִיהְם אִין הַארְץ בִּיז אִיךְ הָאבּ אִיהְם לְמַזָל דֶער
טַאפְּט אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אִין אַ גוּטֶער שָׁעָה וֶוערֶען זַיין נְשָׁמָה ! אִיסֶר אִיז
דָאךְ נִישְׁט מֶעהְר גֶעוֶועֶן וִויא אַ מֶענְשׁ , עֶר הָאט אוֹיךְ לִיבּ גֶעהַאט מֶען
זָאל אִיהְם חַנְפֶּהְנֶען , קֶעטְשְׁקֶען , אִיהְם בֶּעוואוּנְדֶערֶען אוּנ פוּן אִיהְם
שְׁטַארְק הֲנָאָה הָאבֶּען ; הֲגַם עֶר הָאט זֵייעֶר גוּט גֶעוואוּסְט וָואס פַאר
אַ הַאפְּט , פַאר אַ מַמָשׁוּת דָאס חַנְפֶּהְנֶען הָאט . עֶר אַלֵיין אַשְׁטֵייגֶער אַז
עֶר זָאגְט אֵיינֶעם : אִיהְר זֶענְט דָאךְ אַ חָכָם , אַ גוּטֶער , אַ פְרוּמֶער ,
אַ בַּעַל־צְדָקָה , אַ כָּשֶׁרֶער , עֶהְרְלִיכֶער מַאן , הֵייסְט עֶס גָאר קַאפּוֹיר :
אִיהְר זֶענְט אַ פְּרָאסְטֶער נַאר , אַיין .אַכְזָר , אַ צְוִוִיאַק , אַ קַארְגֶער הוּנְד
אוּנ אַ גַנָב שֶׁבְּגַנָבִים , דָאס שְׁוַוארְצַאפֶּעלֶע פוּנֶם אוֹיג ! אַזוֹי אִיז שׁוֹין
אַ־פָּנִים אוֹיף דֶער וֶועלְט , אַז אִיטְלִיכֶער לָאזְט זִיךְ אַיינְרֵיידֶען , אִיטְלִיכֶער
הָאט לִיבּ זִיךְ צוּנַארֶען . . . . נָאר נִישְׁט אַזוֹי גִיךְ טוּט זִיךְ וִויא עֶס רֶעדְט
זִיךְ . עֶס הָאט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט בִּיז מִיר אִיז גֶערָאטֶען צוּ־וֶוערֶען אִיסֶרְ׳ס

חָשׁוּב . אַיךְ וֶועט אֶפְשַׁר קָשֶׁה זַיין וִויא אַזוֹי וֶוערְד עֶס פוּן אַ מְשָׁרֵת אַ חָשׁוּב ? אַי , הָאט מִיר קֵיין פַארְאִיבֶּעל נִישְׁט , אוֹיבּ אַזוֹי, קֶענְט אִיהְר דָאךְ נִישְׁט דִיא וֶועלְט ! כִּמְעַט אַלֶע מְשָׁרְתִים זֶענִין חֲשׁוּבִים אוּנ כִּמְעַט אַלֶע חֲשׁוּבִים זֶענִין מְשָׁרְתִים.... אַז דֶער עוֹלָם הָאט דָא אַרוֹיסְגֶעזֶעהֶן מַיין חֲשִׁיבוּת , אַז אִיךְ בִּין אִיסֶר'ס נְשָׁמָה , זַיין חָשׁוּבֶער מְשָׁרֵת , הָאט מֶען מִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּגְלֶעטֶען , אָפְּצוּגֶעבֶּען מִיר אַבְּרֵייטֶען גוּט מָארְגֶען , וִויא אוּמֶעטוּם אִין דֶער וֶועלְט פִיהְרְט זִיךְ, אַז מֶען בֶּעדַארְף עֶפִּים הָאבֶּען צוּ דֶעם פָּרִיץ זֶעהְט מֶען פְרִיהֶער זִיךְ צוּ-צוּשַׁארֶען צוּ זַיינֶע חָשׁוּבֶע מְשָׁרְתִים , זַייא צוּגֶעפֶּעלֶען , אַרַיינְצוּלָאזֶען זִיךְ מִיט זַייא אִין עֶפִּים אַשְׁמִיעֶס מִיט זִיסֶע רֵיידֶעלִיךְ , וֶוערֶען קְלָאמְפֶּערְשְׁט מִיט זַייא נָאהֶענְטֶע שְׁמֶעלֶקְעס אוּנ אַגַב טַאקִי אַרַיינְשְׁטוּפֶּען זַייא עֶפִּים אִין הֶענְטִיל , מֶען טְרַאכְט זִיךְ דֶערְבַּייא , לָאמִיךְ זַייא פַארְשְׁטוּפֶּען דָאס מוֹיל , לָאזֶען זַייא זִיךְ נִישְׁט קְרִימֶען , נִישְׁט בִּילֶען . אָדֶער גָאר אַזוֹי : נִישְׁקָשֶׁה , לָאזֶען זַייא דֶעם פָּרִיץ בַּיים וֶועג גֶעהֶענְדִיג אַרַיינְלָאזֶען אִין אוֹיעֶר אַ גוּט וָוארְט , אַ מְשָׁרֵת קֶען בַּייא זַיין אָדוֹן אַ מָאל זֶעהְר פִיהְל הֶעלְפֶען , דָאס וָואס אַ מְשָׁרֵת פּוֹעֶלְט אַ מָאל קֶענֶען עֶס גְרוֹיסֶע לַייט נִישְׁט פּוֹעֶלִין . דֶער מְשָׁרֵת וֵוייסְט בַּיים אָדוֹן דָאס הַארְץ אוּנ פַארְזֶעהְט אִיהְם מִיט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען , וָואס מֶען טָאר נִישְׁט זָאגֶען .... הָאט אֵיינֶער בֶּעדַארְפְט עֶפִּים צוּ אִיסֶר'ן (אוּנ וֶוער הָאט דֶען נִישְׁט בֶּעדַארְפְט צוּ אִיסֶר'ן ?) דָא הָאט עֶר שׁוֹין פְרִיהֶער אָפְּגֶעגְנִיטְצְט מַיין לַאסְקֶע , אִיךְ זָאל בֶּעטֶען פַאר אִיהְם סְטַאנְצְיֶע אוּנ דֶערְמָאהְנֶען אִיהְם צוּם גוּטֶען בַּייא אַ שְׁמִיעֶס . פוּן גֶעלְט אוּנ מַתָּנוֹת אִיז שׁוֹין קֵיין רֵיידֶע נִישְׁט גֶעוֶוען . יֶענֶער הָאט גֶעמֵיינְט , אַבִּי בַּייא מִיר הָאט עֶר גֶעפּוֹעֶלְט , אַז אִיךְ זָאל בַּייא מַיין רֶבּ אִיסֶרְן פַארְוַוארְפֶען פַאר אִיהְם אַ וָוארְט אִיז עֶר שׁוֹין גֶעהָאלְפֶען , חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעווּאוּסְט מַיינְס , אַז אִיסֶר אַלֵיין קֶען אִיהְם אַזוֹי-פִּיל הֶעלְפֶען , טַאקִי אוֹיף אִיסֶר'ס רֵייד , וִויא אַ טוֹיטֶען בַּאנְקֶעס . וָואס אַרְט עֶס מִיךְ ? לָאז עֶר מֵיינֶען אוּנ גֶעבֶּען גֶעלְד . אוּנ וֶוען אֲפִילוּ ס'אִיז אַ-מֶעגְלִיכְקַייט גֶעוֶוען צוּהֶעלְפֶען , וֶועט דָאךְ אִיסֶר נֶעהְמֶען גֶעלְד אוּנ טָאן זַיינְס גָאר אָן מַיין שְׁתַּדְלָנוּת . יִהְיֶה-אֵיךְ-שֶׁיִּהְיֶה אַזוֹי צִי אַזוֹי , וֶועט דָאךְ אִיסֶר אַלְץ נֶעהְמֶען גֶעלְד אוּנ מַאכֶען וִויא דֶער שְׁטֵייגֶער זַיינֶער : מִיר וֶועלֶען זֶעהֶען , מִיר וֶועלֶען זֶעהְן ! הַיינְט צוּ-וָואס טוֹיג אִיךְ נָאךְ דָא אִין דֶערְמִיט ? נָאר וַייטֶער טַאקִי , וָואס אַרְט עֶס מִיךְ ? לָאז יֶענֶער מֵיינֶען אוּנ גֶעבֶּען גֶעלְד . אָט אוֹיף אַזַא אוֹפֶן הָאבּ אִיךְ מִיר אָנְגֶע- הוֹיבֶּען בִּיסְלִיכְוַויִס נִתְגַדֵל צוּ-וֶוערֶען , צוּנֶעהְמֶען אוֹיף זִיךְ לַייבּ אוּנ טַאקִי צוּנוֹיפְגֶעקְלִיבֶּען שַׁיינֶע עֶטְלִיכֶע גִילְדֶען .

---

## י״ג.

— נָאר אֵיין וָוארְט, נִישְׁקָשֶׁה. נִישְׁט מֶעהְר וִויא אֵיין וָוארְט! הָאט זִיךְ גֶעהֶערְט הִינְטֶער דֶער טְהִיר עֶפִּיס אַ גְרָאבּ קוֹל אוּנ בַּאלְד טַאקִי אִיז אַרַיין גֶעגַאנְגֶען אִין שְׁטִיבֶּעל אַ גֶעשְׁפִּיקֶעוֶועט יוּדִיל אָהְן אַקַאפָּאטֶע נָאר אִין אַ פֶּערְלַאטֶעט לַייבֶּעל, פוּן וֶועלְכֶען עֶס הָאבִּין אַרוֹיס גֶעקוּקְט שְׁטִיקְלִיךְ פַארְשְׁמִירְטֶע צִיצִית, וָואס הָאבֶּען זִיךְ גֶעבַּאמְבֶּעלְט אוֹיף דִיא קְנִיע, אוּנ אִין גְרָאבֶּע תַּחְתּוֹנִים מְחִילָה מִיט גְרוֹיסֶע מְגוּשֶׁמְדִיגֶע שְׁטִיוֶועל, אוֹיף וֶועלְכֶע סְ׳אִיז גֶעלֶעגֶען אֶפְשַׁר אַפּוּד בְּלָאטֶע אוּנ וָואס הָאבֶּען פוּן זִיךְ אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען אַ שְׁטַארְקֶען רֵיחַ עֶפִּיס פוּן שְׁוַויים אִין-אֵיינֶעם מִיט דְיָאד.

— אַ, בֶּענִי! הָאט דֶער רָב גֶעזָאגְט אַ קוּק גֶעבֶּענְדִיג אוֹיף דֶעם דָאזִיגִין פָּארְשׁוֹין. וָואס וֶועסְט-דוּא עֶפִּיס זָאגֶען בֶּענִי?

— וָואס זָאל אִיךְ זָאגֶען? הָאט בֶּענִי גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ זִיךְ אַ קְרַאטְץ גֶעגֶעבֶּען אִין דֶער פַּאטִילִיצֶע. עֶט, גָארְנִישְׁט זָאג אִיךְ. גֶעלְד פַאר הַיינְטִיגִין חֹדֶשׁ, הָאבּ אִיךְ שׁוֹין בַּייא אַייךְ אָפְּגֶענוּמֶען, וַואסֶער הָאבּ אִיךְ נָאךְ גֶעכְטִין בַּייא דֶער נַאכְט אָפְּגֶעגֶעבֶּען. אִיךְ הָאבּ גֶעכְטִין דִיא גַאנְצֶע נַאכְט כִּמְעַט גֶעהַאט דָאס פִּיהְרֶענִישׁ. יִצְחָק אַבְרָהָם׳ס שְׁטַארְבּ הָאט מִיךְ גוּט אָפְּגֶעפִיהְרְט. מַיינֶע בַּעֲלֵי-הַבָּתִּים, וָואס לֶעבִּין אִיהְם אִין שְׁכֵנוֹת, הָאבֶּען דָאס וַואסֶער אוֹיסְגֶענָאסֶען, גֶעבְּלִיבֶּען אַ גַאנְצֶען טָאג אָהְן וַואסֶער. נִישְׁט גֶעהַאט מִיט וָואס צוּקָאכֶען. וֶוער אִיז שׁוּלְדִיג? דֶער וַואסֶערְפִיהְרֶער. יֶענֶעם גְלוּסְט זִיךְ שְׁטַארְבֶּען אוּנ אוֹיסְגֶעהְן גֶעהְט עֶס אוֹיס צוּם וַואסֶערְפִיהְרֶערְס קָאפּ. גֶעה פִיהְר זַייא דִיא גַאנְצֶע נַאכְט וַואסֶער! אַז אִיךְ הָאבּ אַקֶעגֶען טָאג צוּגֶעמַאכְט אֵיין אוֹיג קוּמְט דִיא מַאמֶע זָאל לֶעבֶּען אוּנ וֶועקְט מִיךְ: בֶּענִי, בֶּענִי! שְׁטֶעה אוֹיף, פַארְקַייטֶעל דִיא טְהִיר, אִיךְ גֶעה צוּם עֶרְשְׁטִין מִנְיָן הֶערֶען קְדוּשָּׁה, פוּן דֶער שׁוּל גֶעה אִיךְ אוֹיפִין הֵיילִיגֶען אָרְט, הַיינְט הָאבּ אִיךְ יָאהְרְצַייט. גִיבּ דָא אַכְטוּנְג צוּם טֶעפִּיל קָאלִישׁ, וָואס אִיךְ הָאבּ צוּגֶעשְׁטֶעלְט אוֹיפִין פְּרִיפֶּעטְשִׁיק. אִיךְ פַּטֶר אַרוֹיס דִיא מַאמֶע אוּנ לֵייג מִיךְ וִוידֶער צוּ. קוֹים וָואס אִיךְ חַאפּ אַ דְרֶעמִיל הֶער אִיךְ פִּיק, פִּיק, פִּיק. דֶער הָאהְן מִיט דִיא הִיהְנֶער זֶענִין אַרָאפּ פוּן דֶער סִידֶעלְיֶע. שְׁטֶעהְן אוּנ פִּיקֶען גֶעשְׁמַאק אַ רִיפְּטֶעל בְּרוֹיט אוֹיפִן טִישׁ. אַ קִישׁ, אַ קִישׁ, אַ קִישׁ! שְׁרַייא אִיךְ. אַ קִישׁ אַהִין, אַ קִישׁ אַהֶער זַייא פִּיקֶען טַאקִי אַלְץ. לֶעבִּין מִיר אִיז גְרָאד גֶעלֶעגֶען אַ הִילְצֶערְן לֶעפִיל, אַ פְלֵיישִׁיגְס, חַאפּ אִיךְ דָאס לֶעפֶּעל אוּנ לָאז מִיךְ צוּ דִיא הִיהְנֶער. פְּלוּצְלִים הָארְךְ אִיךְ, אוֹיפִן פְּרִיפֶּעטְשֶׁעק לוֹיפְט דָאס טֶעפִּיל, מַיינֶער הַאפְּט אִין אֵיילֶענִישׁ אוּנ שְׁטֶעקְט אַרַיין אִין דֶעם מִילְכִיגֶען טֶעפִּיל דָאס פְלֵיישִׁיגֶע לֶעפֶּעל אוּנ מַאךְ אָן אַ שַׁאֲלָה! דֶער לֶעפֶּעל אִיז פְלֵיישִׁיג, נָאר

ווייל ס'איז נישט געקארבט מיט דרייא קארבען . חלילה נישט ווייל מען עסט דערמיט פליישיגס . איך זאל אזוי בעהיט ווערען פון קריינק! דאס טעפיל ווידער איז מילכיג , נאר ווייל מען האט דרינען קיינמאל נישט געקאכט קיין פלייש . זינט מיין ציג איז מיר געפגרט קומט אפילו אין מיין גבול קיין מילך נישט אריין . איהר מעגט מיר גלויבען אויף מיין יודעשקייט . . . היינט , רבי , פסקעט מיר א שאלה !

— עפים א גרויס טעפיל ? האט דער רב געפרעגט .

— גרעסער פון מיין קאפ , האט בעני געענטפערט , אפשר אקעגען איין איימער . איך זופ מיך דערמיט אן פול וויא א פעסעל אונ ארבייט אוועק דעם גאנצען טאג אהן א פאפאס .

— כשר . האט דער רב געזאגט , אונ איידער בעני איז ארויסגעגאנגען איז אריינגעלאפען עפים אווייבעל מיט א יאמער , א קלאג :

— רבי , איך האב שוין מער קיין כח נישט אויסצוהאלטען ! איהר האט אודאי זעהר גוט געמיינט , וואס איהר האט צווישען אונז געמאכט א לעבען אונ נישט צוגעלאזט קיין גט , נאר אזא לעבען אויף אלע מיינע שונאים געזאגט געווארען . אייערע טהייערע ווערטער זענין צוא איהם אזוי פיל צוגעשטאנען וויא איין ארבעס צו דער וואנד . ער טהוט זיך טאקי זיינס אונ מאכט מיר אלץ דעם טויט . איך שווארץ דאס פנים , לייא , בארג קויף-איין אויפן מארק אייער , היהנער , וויא ס'איז עפים צופארדינען אבי צודערהאלטין דיא נשמה פון דיא הונגעריקע , אפגעריסענע , אפגעשליסענע קינדערליך , אונ ער ווייסט נישט מעהר וויא דיא חסידארניע , וואו ער פארברייגנט דיא גאנצענע טעג מיט זיינע לייט אונטערן אויווען , טרינקען , שמיעסין פאטשטען , אונ אז ער קומט א היים מוז איהם אלעדינג זיין . ער זאל עס האטש א קוק טאן אויף דיא קינדער . זייא געהן איהם כלל נישט אן , וויא זייא וואלטען געווען פרעמדע . צוא מיר רעדט ער נישט קיין גוט ווארט , גלייך וויא איך וואלט געווען צו איהם פארקויפט , זיינס א דינסט , וואס איך בין נישט ווערטה צו-וואשען איהם דיא פיס אונ טרינקען דאס וואסער , איך הער נישט מעהר פון איהם אלץ שטיא , טפושטע , שפלה ! אונטער עפים א יום-טוב פאהרט ער זיך אוועק צו זיין רבין , נעהמט ביא מיר צו דאס לעצטע אונ ליגט דארט אפ א צייט מיט זיין קומפאניע , אזעלכע וויא ער . עס זאל עס איהם אנהויבין ארען א היים , עפים א ווייב מיט קינדער , וואס זענין זשעדנע א שטיקעל ברויט אונ קומען נעביך אפ . רוף איך א מאל מיך אן אקעגען דעם עפים א ווארט סטראשעט ער מיך , ער מוז מיך נאר אוועקוואָרפען מיך מאכען פאר אוויסטע עגונה , אונ ווייזען מיר ווער עלטער איז , וואס א יודענע איז אזוינס . היינט אין דער פריא

קומט

קוּמְט עֶר פוּן דֶּ קְלֵייזֶעל, אִין שְׁטוּבּ אִיז קַאלְט, חָאטְשׁ וֶועלְף צוּטְרֵייבֶּען,
שׁוֹין מֶער פוּן צְווֵייא טֶעג אִיז קֵיין רוֹיךְ פוּן מֵיין קוֹימֶען נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען,
דִיא קִינְדֶער דְרָאזְשֶׁען, צִיטֶערֶען אוּנ בֶּעטֶען עֶסֶען. דָאס קְלֵיינֶע קִינְד
אִין וִויג אִיז שׁוֹין הֵייזֶעריג שְׁרַייֶענְדִיג, ווִיל נֶעבִּיךְ זֵיינֶען אוּנ בַּייא מִיר
אִיז נִישְׁטָא קֵיין קַאפּ מִילְךְ. פוּן וַואנֶען זָאל עֶס זִיךְ נֶעהְמֶען אַז אִיךְ
דַארְבּ אוּנ צְווֵייא טֶעג אִיז אִין מֵיין מוֹיל קֵיין לֶעפֶעל גֶעקֶעכְטְס נִישְׁט
גֶעקוּמֶען. שְׁטָיָא, מַאכְט עֶר מִיט אַ קַאלְט גֶעמִיטְה, לֵייג מִיר אַרַיין אִין
קְלוֹימְפֶּעקִיל אַהֶעמְד מִיט דֶער שַׁבָּתְדִיגֶער קַאפָּאטֶע. אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁטַאנֶען
אַז עֶר קְלֵייבְּט זִיךְ פָאהְרֶען אַהִין מִיט זֵיין כְּנוּפְיָא. עֶס גֶעהְט דָאךְ אַחֲנוּכָּה.
דָאס הַארְץ אִיז מִיר גֶעוֶועֶן זֶעהְר פַארְבִּיטֶערְט נֶעהְם אִיךְ אוּנ רוּף מִיךְ
אָן: גַּזְלָן אֵיינֶער! וָואס טְרַאכְסְט דוּא זִיךְ? קוּק חָאטְשׁ אָן דֵיינֶע קִינְדֶער,
וִויא זֵייא בִּידֶעוֶוען, לֵיידֶען אוּנ דוּא הָאסְט אִין זִינֶען פּוּסְטֶע, נַארֶעשֶׁע
זַאכֶען! מֵילָא דָאס וַוייבּ אִיז אַ גָארְנִישְׁט, אַ שְׁטָיָא, אַ יוּדֶענֶע, אַ צְוִויג,
אָבֶּער דִיא קִינְדֶער, גְּוַואלְד דֵיינֶע קִינְדֶער!.... וִויא אִיךְ הָאבּ עֶס אִיהְם
נָאר אַרוֹיסְגֶערֶעדְט אַז עֶר פַאלְט עֶס אוֹיף מִיר אָן מִיט אַ כַּעַס, מִיט
אַ גֶעפִּילְדֶער: אַזוֹי שְׁטָיָא! דוּא וֶועסְט עֶס מִיךְ אַזוֹי זִידְלֶען אוּנ אָנְרוּפֶען
נַארֶעשְׁקֵייטֶען אַזֶעלְכֶע הוֹיכֶע זַאכֶען, וָואס זֶענִין נִישְׁט פַאר דֵיין וַוייבֶּערְשֶׁען
מוֹחַ! אַזוֹי דוּא שְׁפֵלָה אֵיינֶע! נוּא הַיינְטִיגְס מָאל אִיז אַיין עֶק, אִיךְ מוּז
דִיךְ אוֹיף אֵייבִּיג, טַאקִי אוֹיף אֵייבִּיג אַוֶועקְוַוארְפֶען, אַז דוּא זָאלְסְט
בְּלַייבֶען אַוִויסְטֶע עֲגוּנָה. נִישְׁקָשֶׁה אִיךְ וֶועל מִיר דָארְט עֶרְגִיץ חֲתוּנָה
הָאבֶען, אִיךְ מֶעג נִישְׁקָשֶׁה, אוּנ דִיךְ מוּז אִיךְ אָנְלֶעהְרֶנֶען, דוּא זָאלְסְט
וִויסֶען וָואס אִיז אַזוֹינְס אַ יוּדֶענֶע.... עֶר הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקִיהֶלְט מִיט
דִיא רֵייד אוּנ מִיךְ נָאךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּקְנַייפֶּען. נַאט, זֶעהְט זַייט מוֹחֵל
וִויא עֶר הָאט מִיר צוּקְנִיפֶּען דִיא הֶענְד. בְּרוֹין אוּנ בְּלוֹיא מִיר גֶעמַאכְט
דָאס לֵייבּ! גְּוַואלְד רֶבִּי, רַאטֶעוֶועט מִיךְ! לָאז עֶר מִיר גֶעבֶּען גֵט. אִיךְ
הָאבּ שׁוֹין מֶעהְר קֵיין כֹּחַ נִישְׁט אוֹיסְצוּהַאלְטֶען!...

— גֶעה שׁוֹין, גֶעה אַ הֵיים! הָאט דֶער רַב גֶעזָאגְט. אִיךְ וֶועל נָאךְ
הַיינְט שִׁיקֶען דֶעם שַׁמָשׁ, עֶר זָאל אִיהְם צוּ מִיר בְּרֵיינְגֶען.

— קוֹים אִיז דָאס וַוייבֶּעל אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען הָאט דִיא שָׁמְשְׁטֶע זִיךְ אַרַיין
גֶעחַאפְּט, אָנְגֶעטָאן דִיא יָפֶע אוֹיף אֵיין אַרְבֶּעל מִיט אַלֵיילֶעךְ
אוּנְטֶערְן אָרֶעם.

— גָאט הֶעלְף! הָאט זִיא גֶעזָאגְט צוּם רַב נָאכְדֶעם וִויא זִיא הָאט
פְרִיהֶער מִיט דֶער הַאנְד אָנְגֶעריהְרְט דִיא מְזוּזָה אוּנ אַ קִישׁ גֶעטָאן דִיא
פִינְגֶער. אִיךְ הָאבּ אֵייךְ גֶעוָואלְט אוֹיף אַ רֶגַע מַטְרִיחַ זַיין מִיט אַ „שְׁאֵלַת
נָשִׁים״. נַאט אֵייךְ זַייט מוֹחֵל דֶעם לֵיילֶעךְ.

אִין דֶער צַייט וֶוען דֶער רַב אִיז בֶּעשֶׁעפְטִיגְט גֶעוֶועֶן מִיט זֵיינֶע

רבנישע

רַבָּנִישֶׁע זַאכֶען אִיז דֶער עוֹלָם אִין שְׁטִיבֶּעל גֶעזֶעסֶען עֶפִּים מְשׁוּנֶה פַאר טְרַאכְט. דִיא נְגִידִים הָאבֶּען זִיךְ גֶעבְּלָאזֶען, גֶעקוּקְט מִיט פַארְדְרָאס אוּנ זֶענִין גֶעוֶועזֶען עֶפִּים שְׁטַארְק צוּקָאכְט, גְלַייךְ וִויא אֵיינֶער וָואלְט פְּלוּצְלִים פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט אוֹיף זַייא אָנְגֶעפַאלֶען אוּנ זַייא גֶערוּפֶען שְׁווִינְדְלֶער פַאר אַ וֶועלְט מֶענְשֶׁען.

— וָואס זִיפְצְט אִיהְר אַזוֹי ר׳ חָנָא? הָאט אֵיין נָגִיד זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אוּנ אַלֵיין אוֹיף עֶפִּים וִויא אַ קְרֶעכְץ גֶעטָאן.

— עֶט, ר׳ בֶּערִישׁ, הָאט ר׳ חָנָא גֶעמַאכְט מִיט אַ קְנֵייטְשֶׁעל. אִיךְ וַוייס הֶלֶעבִּין נִישְׁט, וָואס יִצְחָק אַבְרָהָם וִויל הָאבֶּען מִיט זַיין מַעֲשֶׂה. עֶפִּים קוּמְט דָא פִיר אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער, וָואס פַאסֶען כְּלַל נִישְׁט פַאר אִיהְם. וָואס זָאגְט אִיהְר ר׳ בֶּערִישׁ צוּ דִיא שְׁטֶעכְוֶוערְטְלִיךְ? אִיהְר זֶענְט אַ מֵבִין וָואהִין זַייא דֶערְלַאנְגֶען? וֶוער וַוייסְט בִּיז וַואנֶען דָאס לֵייעֶנְן וֶועט נָאךְ גֶעדוֹיעֶרְן, אִיךְ הָאבּ הַיינְט אָסוּר נִישְׁט קַיין צַייט. אִיךְ זִיץ דָא וִויא אוֹיף שְׁפִּילְקֶעס.

— אִיךְ זִיטְץ אוֹיךְ הֶלֶעבִּין וִויא אוֹיף שְׁפִּילְקֶעס, הָאט ר׳ בֶּערִישׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט. אוֹיבּ אִיךְ בִּין אַ מֵבִין, פְרֶעגְט אִיהְר, וָואהִין דִיא שְׁטֶעכְ-וֶוערְטְלִיךְ גֶעהְן, וָואהִין זַייא דֶערְלַאנְגֶען? אָי-אָי בִּין אִיךְ אַ מֵבִין ר׳ חָנָא! פֶּע, פֶּע. אִיךְ וָואלְט מִיךְ אַזוֹינְס פוּן יִצְחָק אַבְרָהָם קַיינְמָאל נִישְׁט גֶערִיכְט! עֶר אִיז, דַאכְט זִיךְ נִישְׁט גֶעוֶועזֶען קַיין נַארֶעשֶׁער מֶענְשׁ אוּנ פַארְשְׁטַאנֶען אַיין עֵסֶק.... אֶפְשַׁר וָואלְט אַ סְבָרָא גֶעוֶועזֶען מִיר זָאלֶען אִיצְט טַאקִי אַוֶועקְגֶעהְן. מִיר זֶענִין דָאךְ בֶּעשֶׁעפְטִיגְטֶע מֶענְשֶׁען. אָט הֶלֶעבִּין, פָאלְגְט מִיךְ לָאמִיר אַוֶועקְגֶעהְן.

— חָלִילָה, חָלִילָה! הָאבֶּען זִיךְ עֶטְלִיכֶע נְגִידִים אָנְגֶערוּפֶען, עֶס וֶועט אוֹיסְזֶעהְן אַז מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען גֶעטְרָאפֶען. אַדְרַבָּה, דַוְקָא זִיצֶען אוּנ אוֹיסְהֶערֶען בִּיז אִין סוֹף אַרַיין.

ר׳ חָנָא הָאט וַוייטֶער אַ זִיפְץ גֶעטָאן אוּנ ר׳ בֶּערִישׁ הָאט מִיט דֶער הַאנְד זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער נָאז אוּנ גֶעבְּרוּמְט עֶפִּים אוּנְטֶער זִיךְ וִויא אֵיינֶער וָואס אִיז שְׁטַארְק בְּרוֹגֶז.

— אַ, גוּט מָארְגֶען, גוּט מָארְגֶען! הָאט ר׳ פַייבוּשׁ גֶעזָאגְט אַרַיינְ-קוּמֶענְדִיג אִין שְׁטִיבֶּעל זֶעהְר פְרֶעהְלִיךְ אוּנ דָאס פָּנִים הָאט אִיהְם גֶעפְּלַאמְט וִויא בַּייא אֵיינֶעם, וָואס אִיז אַבִּיסִיל פַארְלֶעקְט. אִיךְ בִּין בִּיז אִיצְט טְרוּד גֶעוֶועזֶען אוּנ נִישְׁט גֶעקֶענְט מִיךְ אוֹיסְרַייסֶען אַהֶער. וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה? הָאט עֶר גֶעמַאכְט אַ קוּק גֶעבֶּענְדִיג אוֹיף דִיא נְגִידִים, וָואס זִיצְט אִיהְר עֶפִּים אַזוֹי אוּמֶעטִיג?

— וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה, ר׳ פַייבוּשׁ, וָואס אִיהְר זֶענְט אַזוֹי פְרֶעהְלִיךְ? הָאבֶּען דִיא נְגִידִים צוּ אִיהְם זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען.

— מְען הָאט שׁוֹין אַ-פָּנִים דֶערְוַייל אָפְּגֶעלֵייעֶנְט אָהְן מִיר, הָאט ר׳ פַּייבוּשׁ גֶעזָאגְט, אַ שָׁאד חָלֶעבִּין, וָואס אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעהֶערְט. עֶס הָאט גֶעמוּזְט זַיין זֶעהְר שֵׁיין.

״אַזַא יָאהְר זָאלְט אִיהְר הָאבֶּען״ הָאט ר׳ בֶּערִישׁ גֶעבְּרוּמְט אוּנְטֶער זִיךְ.

— נִישְׁקָשֶׁה ר׳ פַּייבוּשׁ ס׳אִיז פַאר אַייךְ נָאךְ אוֹיךְ גֶענוּג אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען. הָאט אֵיינֶער פוּן דִיא נְגִידִים זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען.

אַ, גוּט מָארְגֶען רֶבִּי! הָאט ר׳ פַּייבוּשׁ גֶעזָאגְט צוּם רָב, וָואס אִיז צוּגֶעקוּמֶען צוּם טִישׁ. זַייט מִיר מוֹחֵל, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַארְזַאמְט, אִיךְ בִּין בִּיז אַצִינְד פַּארְטְרַאגֶען גֶעוֶוען אַלִין וֶועגֶען יִצְחָק אַבְרָהָם׳ן. חֶבְרָה הָאט עֶרְסְט זִיךְ אוֹיסְגֶעגְלַייכְט וֶועגֶען דֶעם קְבוּרָה גֶעלְד. בֵּיידֶע צְדָדִים הָאבֶּען אַבִּיסִיל זִיךְ אַיינְגֶעשְׁפַּארְט, פַּארְעַקְשֶׁהְנְט. חֶבְרָה אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען גֶערֶעכְט אוּנ הָאט טַאקִי אוֹיסְגֶעפִיהְרְט. פוּן וֶועמֶען דֶען זָאל חֶבְרָה אָפְּלֶעקֶען אַ בֵּיינְדֶעל אַז נִישְׁט פוּן אַזַא פֶּעטֶען בַּר-מִינָן? אַ שָׁאד חָלֶעבִּין רֶבִּי, וָואס אִיהְר הָאט דֶער וַוייל גֶעלֵייעֶנְט אוּנ נִישְׁט גֶעהֶערְט אַזַא מַעֲשֶׂה חָלֶעבִּין מֶעג מֶען הֶערֶען, זִיא אִיז מָתוֹק מִדְּבַשׁ. אִיךְ הָאבּ מִיךְ נֶעכְטֶען פָּשׁוּט מְחַיֶה גֶעוֶוען זִיא הֶערֶענְדִיג פוּן אַייעֶר כָּשֵׁר׳ן מוֹיל. דֶער סוֹף מוּז זַיין נָאר אַנְטִיק אָ-וַוא, אַ שָׁאד חָלֶעבִּין וָואס אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעהֶערְט!

אַוַדַאי ר׳ פַּייבוּשׁ, הָאט דֶער רָב גֶעזָאגְט, הָאבֶּען מִיר דֶערְוַייל אָהְן אַייךְ דָא הִיבְּשׁ אָפְּגֶעלֵייעֶנְט, נָאר ס׳אִיז נָאךְ גֶעבְּלִיבֶּען שִׁירַיִם. אָט וֶועל אִיךְ מִיךְ טַאקִי נֶעהְמֶען לֵייעֶנֶען בִּיז אִין דֶעם סוֹף אַרַיין.

---

## יד.

דֶער רָב הָאט נִישְׁט גֶעמַאכְט לַאנְג קֵיין שְׁהִיוֹת אוּנ אָנְגֶעהוֹיבֶּען וַוייטְער לֵייעֶנֶען אַזוֹי:

פּוּצֶען אוּנ קְלֵיידֶען זִיךְ דָאס אִיז גֶעוֶוען מַיין בֶּעסְט פַארְגְנִיגֶען וִויא דֶער שְׁטֵיינֶער אִיז פוּן אַלֶע אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶע מְשָׁרְתִים, וָואס הָאבֶּען לִיבּ אַרוֹיפְצוּצִיהֶען אוֹיף זִיךְ אַלְכְדִינְג וָואס נוּר זֵייא קָענֶען, צוּגֶעהְן בֶּעהַאנְגֶען מִיט בְּלִישְׁטְשֶׁענְדִיגֶע קִיטֶעלִיךְ אוּנ פִּינְגֶערְלִיךְ אוּנ זֵייעֶרֶע שְׁטִיוֶועל זָאלֶען גְלַאנְצֶען וִויא דִיא שְׁפִּיגֶעלִיךְ, בִּכְדֵי דִיא וֶועלְט זָאל זִיךְ אוֹיף זֵייא װאוּנְדֶערִין אוּנ חִדוּשִׁין. שַׁבָּת פְלֶעג אִיךְ גֶעוֶועהְנְלִיךְ מִיךְ אוֹיסְפּוּטְצֶען וִויא אַ טָאק אוּנ דוּרְכְגֶעהְן זִיךְ מִיט מַיינֶע חֲבֵרִים צוּ-וַוייזֶען זִיךְ אוֹיף חִדוּשִׁים פַּאר דֶער וֶועלְט אוּנ צוּבֶּעטְרַאכְטֶען דִיא אַלֶע ווייבְּלִיךְ אוּנ מֵיידְלִיךְ, וָואס גֶעהְן קוֹמְפַּאנְיֶעסְוַויִים שְׁפַּאצִירֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְט אִין

דער

דער שטאט כּמעט אַלע דינסטען אונ געוואוסט היסטאריעס פון אַ כּך וויבּליך, צווישען וועלכע איך האב געהאט זעהר פיל בּעקאנטע. אַז איך האב איינמאל שבת נחמו געשפּאצירט מיט חברה אין דער שטאדט, וואו עס האבען זיך געשאטען יודישע טעכטער אין זיידענע אונ סאמעטענע מלבושים, בּעהאנגען מיט פּערעל אונ מיט אַלערליא מיני צירונג איז מיר אַקעגען געקומען עפּיס אַ מיידעל, אָנגעטאן זעהר פּראסט אין אַ ציטצען קליידעל, ריין וויא זילבער, איהר פּנים האט געשיינט וויא דער ליכטיגער מארגענשטערען אונ פּארטונקעלט אַלע אַנדערע מיט זייערע פּערעל אונ דימענטען, זיא האבען אַקעגען איהר זיך אָנגעזעהן וויא אַ ליכט אַקעגען דער זון. בּיא דער זייט איז איהר געגאנגען אַ יונגער מאן אַ סטאטעטשנער זעהר שיין געוואקסען, איהר שיינקייט האט מיר פארנומען דיא אויגען, איך בּין געבּליבּען אַ היבּשע צייט שטעהן וויא צוקאכט אונ נישט געהערט נישט געזעהן וואס אַרום מיר טהוט זיך. אַז איך האב שפּעטער אַבּיסיל מיך פּאמיעטענט האב איך זיא מעהר שוין נישט געזעהן, זיא איז דורכגעגאנגען צווישען דעם עולם אונ פארשווינדען געווארען אַזוי וויא אַ פליהענדיגער שטערען אין דיא זומער נעכט נאר איהר בּילד אָבער איז מיר געבּליבּען איינגעבּאקען טיף אין הארצען אונ פון יענער צייט אָן האב איך זיא נישט געקענט אויף אַ רגע ארויס־שלאגען פונם קאפּ. עס האט תּמיד פאר מיר זיך אויסגעמאהלט איהר פּנים איהר געשטאלט אונ בּייא דער נאכט אין דער פינסטער האבען אַקעגען מיר געפינקעלט געלויכטען איהרע בּרענענדיגע אויגען וויא צוויא אָנגעצונדענע סטעאריגאווע ליכט. עס האט מיר זיך אַלץ געדאכט, אַז זיא איז מיר שוין לאנג בּעקאנט, איך האב זיא אין מיין לעבען שוין אַ מאל געזעהן, נאר ווען אונ וואו האב איך נישט געקענט מיך דערמאהנען. איך האב מיר פירגענומען, אַז איך מוז מיך דערגעהן ווער זיא איז אונ אויפזוכען זיא וואו זיא זיטצט.

אַ מאל בּין איך צווישען טאג אונ נאכט גראד געגאנגען ערגיץ אין אַ פארלעגען געסעל. דער בּלויער לויטערער הימעל האט בּייא דיא בּרעגען זיך בּעדעקט מיט שווארצע פּאסען חמארע, אין וועלכע עס האבען ציטערנווייס זיך דורכגעווארפען בּליטצען וויא לאנגע פייערדיגע שטריפּע־ליך. אין דעם געסיל איז געווען שטיל, נישט קיין פּוס פון אַ מענשען אונ איך בּין מיר געגאנגען זעהר פארטראכט, עפּיס שטארק מורה־שחורהדיג. פּלוצלים דערהער איך אַ ביטער געשריא, וואס האט מיך אָנגעהאפּט בּיים הארץ. איך גיב אַ בּליק, אַקעגען מיר לויפט איינער מיט אַ פּעקיל גיך אונ געשווינד וויא אַ גנב, וואס וויל אַנטרינען ווערען. שטעה! האב איך אַ געשריא געטאן, זיך געשטעלט בּעהארצט איהם

אַ[illegible]

אַקְעגֶען און אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוֹיף אִיהְם מַיין גְרָאבֶּען שְׁטֶעקֶען. יֶענֶער הָאט זִיךְ שְׁטַארְק דֶערְשְׁרָאקֶען, אַרוֹיסְגֶעלָאזְט פוּן דִיא הֶענְד דֶעם פֶּעקִיל און אַלֵיין אִיז עֶר אַנְטְלוֹיפֶען, גִיךְ פַארְשְׁווּינְדֶען גֶעוָוארֶען. נִישְׁט וַויים פוּן מִיר לֶעבִּין אַ פְּלַייט אִיז גֶעלֶעגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד עֶפִּיס אַ מֶענְשׁ. אַז אִיךְ בִּין צוּגֶעלָאפֶען צוּ אִיהְם מִיט דֶעם פֶּעקִיל הָאט עֶר אֲפִילוּ קֵיין רִיהְר זִיךְ נִישְׁט גֶעטָאן. אִין דְרוֹיסֶען אִיז טוּנְקֶעל גֶעוָוארֶען פוּן אַ שְׁטִיק שְׁוַוארְצֶע הְמַארֶע וָואס הָאט זִיךְ אָנְגֶערוּקְט אוֹיבֶּען אִין הִימֶעל. אִיךְ חַאפּ אִין אַיילֶענִישׁ אָן דֶעם מֶענְשֶׁען בַּיים קָאפּ און מִינְטֶער אִיהְם. פְּלוּצְלִים הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּבְּלִיטְצֶען, אֵיין בְּלִיטְץ נָאךְ דֶעם אַנְדֶערֶען און אִיךְ דֶערְזֶעה אַקְעגֶען מִיר אַ פָּאר אָפֶּענֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגֶען. עֶס הָאט מִיר אַ קְלַאפּ גֶעגֶעבֶּען אִין הַארְץ, דֶער קָאפּ הָאט מִיר זִיךְ פַארְדְרֶעהְט און אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן שְׁטַארְק פַאר מִישְׁט, אִיךְ הָאבּ דֶערְקֶענְט זִיא. דָאס אִיז גֶעוֶוען זִיא. . . . .

זִיא הָאט מִיר דֶערְצֶעהְלְט, אַז בְּשַׁעַת זִיא אִיז פְרִיהֶער אַבִּיסִיל גֶעגַאנְגֶען אַלֵיין דָא אִין דֶעם גֶעסִיל אִיז אוּנְטֶערְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען עֶפִּיס אַ מֶענְשׁ, עֶר הָאט אִיהְר דֶערְלַאנְגְט אַ שְׁטַארְקֶען זֶעטְץ אִיבֶּער דֶער הַאנְד און גֶעשְׁווִינְד אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט בַּייא אִיהְר דָאס פֶּעקֶעל מִיט הֶעמְדֶער, וָואס זִיא הָאט אָנְגֶענוּמֶען עֶרְגִיץ אִין אַיין אָרְט צוּנֶעהֶען. וֶוען אִיךְ זָאל נִישְׁט זֶעוֶוען אוּנְטֶערְקוּמֶען, הָאט זִיא גֶעזָאגְט מִיט טְרֶערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען, און אָפְּנֶעהְמֶען בַּיים גַנָב דִיא זַאכֶען וָואלְט זִיא גֶעבְּרָאכֶען גֶעוָוארֶען פוּן בְּרוֹיט און נָאךְ אַרַיין אִין אַ מִיאוּסִין רוּף בַּייא לַייט, קֵיינֶער וָואלְט אִיהְר מֶעהְר נִישְׁט גֶעגֶעבֶּען קֵיין שְׁטָאךְ אַרְבַּייט. זִיא הָאט מִיר גִידַאנְקְט פוּנְס גַאנְצֶען הַארְץ, דָאס פָּנִים הָאט אִיהְר דֶערְבַּייא גֶעפְלַאמְט און אִיטְלִיכֶער בְּלִיק פוּן אִיהְרֶע פַייעֶרְדִיגֶע אוֹיגֶען הָאט מִיךְ גֶעסְמַאלְיֶעט, גֶעבְּרִיהְט, אִיךְ הָאבּ גֶעפִיהְלְט, אַז דָאס הַארְץ וֶוערְד מִיר אִינְוֶוענִיג צוּשְׁמָאלְצֶען וִויא וַואקְס. גָאט זָאל אַייךְ בֶּעצָאהְלֶען! הָאט זִיא צוּלֶעצְט גֶעזָאגְט מִיט אַ צִיטֶערְדִיג קוֹל און גֶעוָואלְט גֶעהְן אִיהְר וֶועג. — נַיין, נַיין! הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנְגֶערוּפֶען צוּקָאכְט, אִיךְ וֶועל אַייךְ בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט לָאזֶען גֶעהְן אִיצְט אֵיינֶע אַלֵיין, אִיךְ מוּז אַייךְ אוּנְטֶערְפִיהְרֶען בִּיז צוּ אַייעֶר הֵיים. זִיא הָאט זִיךְ עֶפִּיס וִויא גֶעקְוֵוינְקֶעלְט, דָאס פָּנִים אִיהְרֶער הָאט גֶעזָאגְט, אַז אִיהְר אִיז עֶפִּיס פְּרִיקְרֶע צוּגֶעהְן אִין דֶער צַייט מִיט אַ פְּרֶעמְדֶען יוּנְגֶען מַאן, נָאר אִיךְ הָאבּ זִיא נִישְׁט גֶעלָאזְט קוּמֶען צוּם וָוארְט, גֶעשְׁווִינְד גֶענוּמֶען צוּ מִיר אִין הַאנְד אִיהְר פֶּעקִיל הֶעמְדֶער און בִּין מִיט אִיהְר גֶעגַאנְגֶען וַוייטֶער דוּרְךְ גֶעסְלִיךְ, וָואהִין זִיא הָאט מִיךְ גֶעפִיהְרְט. דֶעם גַאנְצֶען וֶועג הָאבֶּען מִיר נִישְׁט גֶערֶעדְט כִּמְעַט קֵיין וָוארְט. אִיךְ הָאבּ נָאר הִינְטֶערְוַויילֶעכְס אוֹיף אִיהְר גֶעקוּקְט און גֶעצִיטֶערְט וִויא אִין אַ קַדַחַת,

און

אוּנ װֶען זִיא הָאט מִיךְ אָנְגֶעריהְרְט בַּייא דֶער הַאנְד בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה, אַז זִיא פְלֶעגְט אַלְץ װֶעלֶען צוּנֶעהְמֶען בַּייא מִיר דֶעם פֶּעקִיל, אִיז מִיר דוּרְךְ דֶעם גַאנְצֶען לַייבּ דוּרְכְגֶעלָאפֶען עֶפִּיס אַ דְרָאזְשׁ, דָאס בְּלוּט אִיז מִיר גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן פַארְגְלִיװֶערְט אִין דִיא אָדֶערֶען אוּנ עֶס הָאט מִיר פַארְנוּמֶען דֶער אָטְהֶעם. אַזוֹי זֶענֶען מִיר בֵּיידֶע גֶעגַאנְגֶען בִּיז זִיא הָאט מִיךְ צוּגֶעפִיהְרְט צוּ אַ שְׁטוּבּ, װָאס אוֹיף דֶעם טְהִירִיל אִין הוֹיף אַרַיין אִיז גֶעהַאנְגֶען אַ קְלֵיינֶע װַייסֶע װִיװֶעסְקֶע מִיט שְׁװַארְצֶע כְּתִיבְהְטֶע אוֹתִיוֹת: „דָא זִיטְצְט גָאלְדֶע יַאקָאבְּזָאהְן דִיא נֶעהְטָארִין“. יַאקָאבְּזָאהְן! הָאבּ אִיךְ אַ זָאג גֶעטָאן פַארְװאוּנְדֶערְט אוּנ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאהְנְט אִין יַאקָאבְּזָאהְן, װָאס הָאט מִיךְ אַ מָאל אַרוֹיסְגֶעהָאלְפֶען אִין דֶער נוֹיט. יָא, הָאט זִיא זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, אִיךְ הֵייס גָאלְדֶע יַאקָאבְּזָאהְן, װָאס אִיז עֶס עֶפִּיס אַייךְ אַזַא װאוּנְדֶער? — אַייעֶר טַאטֶע אִיז מִיר פוּן גַאנְץ לַאנְג בֶּעקַאנְט, הָאבּ אִיךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, עֶר הָאט מִיר אַ מָאל גֶעהָאלְפֶען אִין אַ שְׁלֶעכְטֶע צַייט. — מַיין טַאטֶע אִיז שׁוֹין עֶטְלִיכֶע יָאהְר טוֹיט, הָאט זִיא גֶעזָאגְט מִיט אַ זִיפְץ. אוּנ אֵיידֶער מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט הָאט אַ שְׁטַארְקֶער דוּנֶער גֶעטָאן אוּנ אַ שְׁלַאקְס רֶעגֶען הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּפְלַייצֶען װִיא אַ מַבּוּל. זִיא הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אַרַיינְצוּגֶעהְן מִיט אִיהְר צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּבּ אִיבֶּערְוַוארְטֶען דָארְט דֶעם רֶעגֶען. עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ, אַז אִיךְ הָאבּ עֶס גֶעטָאן בְּשִׂמְחָה אוּנ בִּין פוּן דֶעם רֶעגֶען זֶעהְר שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען גֶעװֶען. פוּן מַיינֶעטְװֶעגֶען הָאט גֶעמֶעגְט גִיסֶען אַ מַבּוּל, גָאר קֵיינְמָאל נִישְׁט אוֹיפְהֶערֶען אוּנ אִיךְ זָאל בְּלַייבֶּען מִיט אִיהְר אִין אֵיינָעם אִין שְׁטוּבּ װִיא אִין נֹחַ'ס תֵּבָה.

דִיא שְׁטוּבּ, אִין װֶעלְכֶער אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, אִיז בֶּעשְׁטַאנֶען פוּן אַיין חֶדֶר אִיבֶּערְגֶעטְהֵיילְט אִין דֶערְמִיט מִיט שְׁפַּאנִישֶׁע װֶענְטְלִיךְ. אַיין הֶעלְפְט אִיז גֶעװֶען אַ סְפַּאלְנִיֶע אוּנ דִיא אַנְדֶערֶע הֶעלְפְט — אַ חֶדֶר אוֹיף צוּזִיטְצֶען. בַּיים עֶרְשְׁטֶען אָנְבְּלִיק הָאט מֶען גֶעקֶענְט זֶעהְר גְרִינְג אַרוֹיסְזֶעהְן, אַז דָארְט װאוֹינֶען מֶענְשֶׁען אָרֶעמֶע אָבֶּער נִישְׁט קֵיין פוֹילֶע, אָפְּגֶעלָאזֶענֶע. דָארְט הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען עֶטְלִיכֶע אַלְטֶע בֵּיינֶקְלִיךְ מִיט אַ קַאנַאפֶּקֶעלֶע אִיבֶּערְגֶעצוֹיגֶען מִיט אַ גֶעלְבְּלִיכֶען, אָפְּגֶעבְּלַאקֶעװֶעטֶען סִיטְץ. לֶעבִּין װַאנְט אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ קַאמָאדֶע אִיבֶּערְגֶעדֶעקְט מִיט אַ טִישְׁטוּךְ, װַייס װִיא שְׁנֵייא אוּנ דַארוֹיף אִיז גֶעװֶען אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט: שְׁמָאכְטֶעלַייעֶן: אַ פָּאר קְלֵיינֶע פַארְצֶעלַאנֶענֶע שֶׁעלְכְלִיךְ מִיט רוֹיטֶע קְװֵייטֶען, אַ צְװֵייא בְּלוֹיֶע גֶעשְׁלִיפֶענֶע קֶעלִישְׁקֶעלִיךְ אוּנ אַ פוּשְׁקֶעלֶע פוּן טְשֶׁערֶעפַּאשְׁקֶעס, אַ שְׁפִּיגֶעלֶע מִיט קְלֵיינֶע פַארְפִּימֶע-פְלֶעשְׁלִיךְ וּכְדוֹמֶה. נָאךְ אַזֶעלְכֶע קְלֵיינִיגְקֵייטֶען, װָאס זֶענֶען גֶעװֶען דָאס גַאנְצֶע צִיהְרוּנְג דָאס שֵׁיינְדֶעל אִין דֶער שְׁטוּבּ, הֶערְצוּ הָאט מֶען נָאךְ גֶעקֶענְט צוּרֶעכֶענֶען

דיא

דִיא עֶטְלִיכֶע בְּלוּמֶענְטֶעפְּלִיךְ אוֹיף דִיא פֶענְסְטֶער אוּנ דֶעם אוֹיסְגֶעשְׁטְרִיק-
טֶען פָּארְטְרֶעט פוּן מֹשֶׁה רַבֵּינוּ מִיט דִיא לוּחוֹת אִין דֶער הַאנְד . לֶעבִּין
פֶענְסְטֶער אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ טִישׁ , אָנְגֶעלֵייגְט מִיט לַיינְוַואנְד , מִיט
פַּאסְמֶעס פֶעדֶעמְלִיךְ אוּנ מִיט אַלֶע אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס צוּ דֶער אַרְבַּייט .
אַרַיינְקוּמֶענְדִיג אִין שְׁטוּב הָאט גָאלְדֶע מִיךְ פָּארְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר אִיהְר
מוּטֶער , אַ דַארֶע , אַ שְׁלַאפֶע יוּדֶענֶע פוּן אַ יָאהְר פוּפְצִיג , אוּנ אִין
קוּרְצֶען אִיהְר דֶערְצֶעהְלְט דָאס גַאנְצֶע בֶּעגֶעגֶענִיס אִיהְרֶס , עֶרְשְׁט נִישְׁט
לַאנְג . דִיא מוּטֶער הָאט מִיר גֶעמַאכְט אַ שֵׁיינֶעם בָּרוּךְ-הַבָּא אוּנ מִיךְ
גֶעבֶּעטֶען זִיצֶען . לֶעבִּין עֶק טִישׁ אוֹיף אַ בֵּיינְקֶל אִיז גֶעזֶעסֶען אַ קְלֵיין
מֵיידֶעלֶע פוּן אַ יָאר אַכְט , זִיא הָאט קְלָאמְפֶּערְשְׁט עֶפִּיס וִויא גֶענֶעהְט
אוּנ הִינְטֶערְוַויילֶעכְס אוֹיף מִיר גֶעקוּקְט מִיט חִיטְרֶע אֵייגֶעלִיךְ . גָאלְדֶע
הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעזֶעצְט לֶעבִּין טִישׁ אוּנ פַאנַאנְדֶערְגֶענוּמֶען דָאס פֶּעקִיל ,
וָואס זִיא הָאט גֶעבְּרַאכְט . עֶטְלִיכֶע מִינוּט בִּין אִיךְ גֶעזֶעסֶען שְׁטִיל וִויא
אַ חָתָן-בָּחוּר אוּנ נִישְׁט גֶערֶעדְט קֵיין וָוארְט . אוֹיפְן הַארְץ אִיז מִיר גֶעוֶועֶן
עֶפִּיס פְרֶעהְלִיךְ , אִיךְ הָאבּ גֶעקוּקְט וִויא גָאלְדֶע אַרְבַּייט מִיט אִיהְר וַויסֶע
פוּתְקֶע הֶענְדְלִיךְ אוּנ עֶס הָאט מִיר עֶפִּיס שְׁטַארְק הֲנָאָה גֶעטָאן . דֶערְנָאךְ
אִיז גֶעוָוארֶען אַ רֵייד אִיבֶּער דֶער פָּאגָאדֶע , וִויא נֵייטִיג דֶער רֶעגֶען אִיז .
דִיא אַלְטֶע הָאט אֶפְשֶׁר אַ מָאל צֶעהְן אִיבֶּערְגֶעחַזֶרְט , אַז דָאס גֶעהְט
נִישְׁט-קֵיין רֶעגֶען נָאר בְּרוֹיט אוּנ הָאט גֶעמַאכְט הָאפְנוּנְגֶען , אַז נָאךְ דֶעם
רֶעגֶען וֶועט מִיט עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען זִיכֶער וָועלְוֶועלֶער וֶוערֶען דֶער מֶקַח
פוּנֶם פוּד מֶעהְל . גָאלְדֶע הָאט עֶפִּיס זִיךְ אִיבֶּערְגֶעוִוינְקֶען מִיט דֶער מוּטֶע-
אוּנ אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען . דִיא אַלְטֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען לֶעבִּין מִיר , הָאט
אַלְץ גֶערֶעדְט אוּנ אַרוּפְגֶעקוּמֶען אִין שְׁמִיעֶס דַארוֹיף , וִויא דֶער מַאן
אִיהְרֶער הָאט אַ צַייט נֶעבִּיךְ גֶעקְרֵיינְקְט אוּנ פַארְקְרֵיינְקְט דֶעם לֶעצְטֶען
גְרָאשֶׁען בִּיז עֶר אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען אוּנ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט זִיא , וִויסְטֶע אַלְמָנָה,
מִיט צְוֵייא קִינְדֶער וִויא אוֹיף דֶעם וַואסֶער . נָאר גָאט אָבֶּער הָאט זִיא
גֶעבֶּענְטְשׁ מִיט אַ טָאכְטֶער , וָואס אִיז וַוייט אִין דֶער וֶועלְט צוּזוּכֶען אִיהְר
גְלַייכֶען , אִיהְר גָאלְדֶענְיוּא אִיז גוּט אִי פְרוּם מִיט אַלֶע מַעֲלוֹת . זִיא אַרְבַּייט
נֶעבִּיךְ טָאג וִויא נַאכְט , נֶעהְט , שְׁטִיקְט אוּנ נֶעהְמְט זִיךְ דִיא אוֹיגֶען אַרוֹיס
אִיבֶּער דֶער נָאדֶעל וִויא סְ'אִיז אַרוֹיסְצוּבְּרֵיינְגֶען דָאס שְׁטִיקֶעל פַּרְנָסָה .
מֶען לֶעבְּט טַאקִי אִין דַחֲקוּת אִין צָרוֹת , אִיהְר בִּיטֶערֶע , שְׁוֶוערֶע אַרְבַּייט
קְלֶעקְט קוֹים קוֹים אוֹיף דִיא נֵייטִיגְסְטֶע בֶּעדֶערְפֶענִישׁ , נָאר נִישְׁט צוּ-
פַארְזִינְדִיגֶען , מֶען לֶעבְּט דָאךְ פָּארְט , גָאט וַוייסְט וָואס פוּן אוּנְז וָואלְט
גֶעוָוארֶען וֶוען נִישְׁט גָאלְדֶענְיוּא . אַוַדַאי מֶעג אִיךְ מִיךְ פְרֵייעֶן , זִיךְ
שֶׁעטְצֶען גְלִיקְלִיךְ מִיט אַזַא מַתָּנָה פוּן זַיין לִיבֶּען נָאמֶען , נָאר וִויא וַוייגְט
אִין מִיר אָבֶּער דָאס הַארְץ , הָאט זִיא גֶעזָאגְט מִיט אַ שְׁטַארְקֶען זִיפְץ

אונ

און טרערין האבען איהר זיך געשטעלט אין דיא אויגען, קוקענדיג וויא גאלדעניווא ארבייט אויף אונז אלע מיט נויט־שוויים נעביך, שטעלט איין דאס געזונט, דאס לעבען און פארגינט נישט אויף זיך אליין אויס־ צוגעבען א מאל, איהר זאלט זאגען אפילו א צובראכענעם שילינגער. וואס איך בעט זיא א מאל: גאלדעניווא סערצע! האב רחמנות אויף דיין לעבען, קויף דיר עפיס אויף צודערקוויקען זיך און רוה זיך אביסיל אויס, נשמה מיינע, ענטפערט זיא אלץ מיט א געלעכטער: איך בעדארף מיך נישט קוויקען, מאמע, עס נידעט מיך חלילה נישט ביים הארץ. לאזען זיך קוויקען יענע וואס זיטצען פארלייגט דיא הענד און ווייסען אליין נישט וואס געהט זייא אפ. אויף אויסרוהען זיך איז דא ביא אונז א גרויסער טאג שבת. אזוי ענטפערט זיא אפ תמיד מיט א ווערטיל און טהוט מאקי ווייטער דאס איהריגע שטיל, פיין וויא א שטילע טויב, לאז מיר זיין פאר איהר קאפ!...

אין מיטען שמיעס איז אריינגעקומען גאלדע און אנידערגעשטעלט אויפען טיש א טאץ מיט פיער גלעזער טהעע.

אז מיר האבען אפגעטרונקען טהעע האט דער רעגען אויפגעהערט, גאלדע האט געהייסען איהר שוועסטעריל זיך געהן לייגען שלאפען. גיה שיינדעלע, האט זיא צו איהר געזאגט און זיא א גלעט געטאן איבער דעם קעפעלע, דיר איז שוין צייט צושלאפען. דוא וועסט בעסער פריהער אויפשטעהן. דיין לעהרער וועט שוין היינט נישט קומען. — שיינדעלע האט א קיש געטאן דיא מוטער אי דיא שוועסטער, געזאגט איטליכען א גוטע נאכט און געגאנגען שלאפען. מיר איז שוין אויך צייט געוועזען צוגעהן, איך האב מיך אויפגעהייבען פונם ביינקעל זיך געזעגענט און אוועקגעגאנגען.

דיא האלבע לבנה האט געשיינט און איז וויא א גילדען שיפעלע זיך געשווימען אין דעם גרויסען, בלויען ים פון דער לופט. וואס איז געוועזען רוהיג, שטיל אהן א שום ווינטעלע. דער הימעל האט מיט טויזענטער ליכטיגע שטערען אראפגעקוקט וויא א פארליבטער חתן אויף דער געליבטער ערד, וואס איז געוועזען אנגעטאן אין א גרין קלייד פון גראז, פארפוטצט מיט אלערלייא שיינע בלומען, פון וועלכע עס האבען געשמעקט זיסע, געשמאקע ריחות וויא פון דיא טהייערסטע פארפימעס. זשאבעס האבען לוסטיג געקוואקעט אין דיא טייכליך און ערגיץ פון א גארטען האט זיך אנגערופען אויף זיין קול א סאלאוייא, איין בריה אויף דער וועלט. א כפרה אלע חזנים... מיר האט עפיס אויך זיך געזונגען אויפן הארץ. איך האב געהענדיג אונטערגעזונגען און אליין נישט געהערט וואס, נאר צוקומענדיג נאהענט לעבין דער היים

האב

האב איך מיך עפיס וויא א חאפ געטאן אונ דערהערט אז איך זינג לייזער דעם שניידערס א ניגונדיל וויא מען בעזעטצט א כלה . א , אין דער ערד אריין פאלגע ! האב איך אין שפאס געשאלטען לייזערן אונ מיט א פרעהליך שמייכעלע איהם אפגעשיקט צו אלדע שווארץ־יאהר .

הערט א מעשה ! נאך אזא פרעהליך בעגעגעניש האט די גאנצע נאכט מיר זיך גאר געחלומט עפיס טרויערדיגע סצענעס , וויא מען וויינט מיך אפ מיט טרעהרען אונ קולות פון מענשען שרייען עפיס ארוים וויא פון דער ערד , גוואלד וואס האט מען צו אונז געהאט ! . . . . . .

---

# ט״ו.

איך האב אנגעהויבען צו־ווערען ביי גאלדען אין שטוב איין אפטער גאסט , עס האט מיך געצויגען אהינצו עפיס וויא א מאגנעט . מיך האט געצויגען צו איהר נישט איהרע מעלות אונ מדות טובות וויא זיא דערנעהרט זיך כשר אונ האלט אויס שיין פיין איין אלטע מוטער אונ א שוועסטעריל מיט איהר ארבייט , ניין , אזעלכע זאכען האט איבר׳ם א תלמיד נישט געקענט שעטצען . געלד , דאס איז געוועהן ביי מיר דער ערשין אויף־צומעסטען דעם מענשענס מעלות וויא אויך דאס עכטע געוויכט אפצו־וויגען אלע מיני מדות טובות , א קלוגער א בריה , א מענש האט ביי מיר געהייסען דער וואס האט געלד אונ לעבט אין וואוילטיג , וויא אזוי ער האט עס בעקומען אונ אויף וועמענס הוצאות ער לעבט , דאס מאכט גאר נישט אויס , אין אזעלכע זאכען גיהן אריין פאדראבנע נאר ארמעלייט , שלימזלניקעס מחמת קנאה אונ פארדראס , וויא אויך מחמת דעם , בכדי מיט זייער בערייד־ען יענעם צופארגלעטען דערווייל זייערע אייגענע פעהלער , וואס זייא זענין שלימזלניקעס , טויגעניכטסען אונ צוקיהלען זיך אביסיל דאס הארץ , צוטרייסטען זיך קלאמפערשט פאר דער וועלט , אז זייער ארעמקייט איז נאר פאר זייער גוטען חאראקטער , דערפאר וואס זייא קענען נישט וויא אנדערע זיין פאלשע , נידעריגע מענשען . ניין , נישט גאלדעס שיינע גוטע מעלות זענין מיר געפעלען , מיר איז געפעלען געוועהן נאר איהר שיין פנים , מיך האט געצויגען צו איהר א מגושמדיגע ווילדע ליבשאפט . וואס איך האב מיט דער ליבשאפט געמיינט דאס האב איך מיר נאך אליין קיין חשבון נישט געקענט אפגעבען , איך בין דערווייל צו גאלדען געגאנגען , תחלת האב איך איהר געבראכט ארבייט , מיר געלאזט נעהן ביי איהר העמדער,

מאַנישקעס און דערנאך פלעג איך מיר שוין אזוי קומען גלאט וויא א
גוטער בעקאנטער .

אין דער גאנצער צייט וואס איך בין געגאנגען צו גאלדען פלעג
איך דארט אלין טרעפען יענעם יונגען מאן , וועלכען איך האב דאס
ערשטע מאל בעגעגענט שבת געהענדיג מיט איהר שפאצירען . ער איז
געוועזען דארט זעהר היימיש וויא איין איינענער , א גאנצער בן-בית .
ער פלעגט לעהרנען מיט שיינדעלען , העלפען אין שטוב , בריינגען א מאל
מיט זיך פונם מארק ביטיגע זאכען , אויך א מאל לייען און געבען
אונטער איין איינגער צייט , קיינער אין שטוב האט איהם נישט געהירצט
און איהם גערופען פראסט ביים נאמען מיכיל . מיכיל איז געוועזען א
שרייבער , וואס פלעגט לערנען מיידליך און יונגליך שרייבען און ציהען
דערפון זיין שטיקעל פרנסה . פון א שמיעס א מאל מיט דער אלטער
האב איך מיך דערגאנגען , אז מיכיל איז דער פאמיליא א גאנצע
אנהאלטעניש, א גרויסע פאדפארע , אהן איהם וואלט אויסגעקומען א
מאל זעהר שלעכט , ער איז איהרע א ווייטער קרוב און איז גאלדעניוס
שוין כמעט א חתן . לעת-עתה איז דאס נאך פאר דער וועלט בסוד , נאר
אין א קורצער צייט פארהאפט זיא אם-ירצה-השם מאכן תנאים און ברעכען
טעפ . דיא דאזיגע ווערטער האבען מיך געשטאכען אין דער זיבעטער
ריפ , נאר איך האב מיר געמאכט נישט וויסענדיג , גלייך וויא עס געהט
מיך גאר נישט אן . פון יענער צייט האב איך געהאלטען מיכלען פאר
מיין ערגסטען שונא , וואס שטעהט מיר אין וועג און האב אלין געטראכט
וויא איהם בייא צוקומען . איך פלעג מיך וויא א קעטצעלע צושארען צו
גאלדען אי צו דער מוטער מיט גוטע, זיסע ריידעליך , שפילען זיך מיט
שיינדעלען און בריינגען איהר אפט א צוקערקעלע אדער עפיס א שפילכען,
אין דער האפענונג צו-ווערען דורכדעם א חשוב און אראפשטופען מיכלען,
אוועקשטעלען איהם אין דער זייט . איינמאל האב איך מיך אפילו
געפריפט צוגעבען עפיס געלד , אז איך האב בעמערקט , אין שטוב איז
עפיס איינג , נאר גאלדע האט מיר געהייסען צוריקגעהמען דאס געלד
עפיס מיט אזא שמייכעלע , וואס האט מיך געלעהרענט דרך ארץ און
וואס איז א סך ערגער געוועזען פון א פאטש . דאס האט נאך טויזענט
מאל מעהר פארשטארקערט מיין שנאה צו מיכלען , עס האט מיך געברענט
וויא א העלעש פייער , נאר וואס מער אבער דיא שנאה מיינע צו איהם
איז געווארען אלין שטארקער , האב איך מיך אלין מעהר פארשטעלט ,
גערעדט מיט איהם זיס און געוויזען איהם תמיד א פרעהליך פנים .
פארשטעלען זיך , דאס האב איך שוין אין יענער צייט זייער גוט געקענט,
ווייל דאס איז דיא ערשטע זאך , וואס א קליין מענשעלע בעדארף קענען.

אז

אַז אִיסֶר הָאט שׁוֹין פִירְגֶענוּמֶען זִיךְ, אֵיינֶעם צוּבֶּעגְרָאבֶּען פְּלֶעגְט עֶר אִיהְם אוֹיפְנֶעהְמֶען זֶעהְר פְרַיינְדְלִיךְ, לוֹיפֶען אִיהְם אַקֶעגֶען מִיט אַ שִׂמְחָה אוּנ זִיךְ קִישֶׁען מִיט אִיהְם אִין דִיא פִּיסְקְלִיךְ. מַאכֶען יֶענֶעם דִיא מִיתָה בִּנְשִׁיקָה, דָאס הֵייסְט קוּשֶׁענְדִיג בַּייא יֶענֶעם דִיא נְשָׁמָה צוּנֶעהְמֶען, אִיז אִי פִיל זִיכֶערֶער אִי מֶען אִיז נָאךְ מְקַיֵים דִיא מִצְוָה פוּן „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ“ לוֹיט אֵיין חָכָם הָאט גֶעזָאגְט, דֶערְמִיט, וָואס מֶען קְלַייבְּט אוֹיס פַאר דֶעם חַבֵר אַ שֵׁיינֶע מִיתָה, אַ שְׁטִילֶען טוֹיט, אַז קֵיין הָאהְן אֲפִילוּ זָאל נִישְׁט קְרֶעהְן... אִיךְ פְלֶעג קוּמֶען צוּ גָאלְדֶען אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט אוּנ אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט דִיא הָאר מִיט אַ סַךְ פָּאמַאדֶע בִּכְדֵי דֶערְמִיט צוּגֶעפֶעלֶען אוּנ אַרָאפְּוַוארְפֶען אִין אִיהְרֶע אוֹיגֶען מִיכְלֶען, וָואס אִיז גֶעגַאנְגֶען פְּרָאסְט גֶעקְלֵיידְט, נָאר בַּייא גָאלְדֶען הָאבֶּען קְלֵיידֶער גָאר נִישְׁט אַזוֹי אוֹיסְגֶעמַאכְט, זִיא הָאט מִיר גָאר אֵיינְמָאל דֶעלִיקַאט אָנְצוּהֶערֶענִישׁ גֶעגֶעבֶּען, אַז פוּן אוֹיסְגֶעפְּרִיעֶטֶע פָּאמַאדֶע אוֹיף יֶענֶעמְס קָאפּ בֶּעקוּמְט מֶען דֶעם קַאטֶער. מִיכִיל הָאט דֶערְבַּייא אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעטָאן אוּנ אִינְוֶוענִיג אִין מִיר הָאט גֶעקָאכְט, גֶעזָאטֶען אוֹיף אִיהְם דָאס בְּלוּט. שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט אַ מָאל זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען: פֶע, מִיכִיל, וִויא דוּא גֶעהְסְט! ר׳ אִיצִיק אַבְרָהָמִיל שַׁיינְט טַאקִי, עֶר אִיז אוֹיסְגֶעפּוּטְצְט, אוֹיסְגֶעצְוָואגֶען מִיט רוֹיטֶע בֶּעקֶעלִיךְ אוּנ פָּאמְסֶענֶע לִיפֶּעלִיךְ וִויא אַ שֵׁיין מֵיידֶעל. — נַארֶעלֶע, הָאט מִיכִיל אִיהְר גֶעעֶנְטְפֶערְט גַאנְץ רוּהִיג, וָואס זָאל אִיךְ טָאן, אַז אִיךְ בִּין אָרֶעם אוּנ הָאבּ נִישְׁט אַזַא דִ י ע נְ ס ט, וָואס זָאל מִיר אוֹיף אַלְסְדִינְג טְרָאגֶען. — מִיר הָאט זִיךְ גֶעדַאכְט, אַז מִיכִיל גִיט מִיר אַ שְׁטֶעכְוֶוערְטִיל, אַז אִיךְ בִּין אַ מְשָׁרֵת אוּנ וִויל מִיךְ דֶערְמִיט בַּייא אִיטְלִיכֶען שְׁטַארְק אַרָאפְּוַוארְפֶען. אִיךְ הָאבּ עֶס אָבֶּער אַרָאפְּגֶעשְׁלוּנְגֶען, פַארְבִּיסֶען דִיא לִיפֶּען אוּנ נִישְׁט אָפְּגֶעעֶנְטְפֶערְט קֵיין קְרוּם וָוארְט.

אוֹיף אַזַא אוֹפֶן אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען דֶער גַאנְצֶער זוּמֶער אוּנ אַ שְׁטִיק פוּנֶם אָסְיֶען. אִיךְ בִּין שִׁיעֶר אוֹיס דֶער הוֹיט נִישְׁט גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פַאר גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט נָאר ס׳אִיז גָאר נִישְׁט גֶעוֶוען צוּמַאכֶען. מִיכִיל אִיז מִיר גֶעשְׁטַאנֶען וִויא אַ בֵּיין אִין הַאלְז. אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען, אַז וֶוען אִיךְ וֶועל מִיךְ נִישְׁט אַיילֶען דֶעם בֵּיין אַרוֹיסְנֶעהְמֶען וֶועל אִיךְ דֶערְוָוארְגֶען וֶוערֶען. עֶס הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען, אַז אָט אָט וֶוערְד מִיכִיל אַ חָתָן פַאר גָאלְדֶען. דִיא אַלְטֶע הָאט אִיהְם לִיבּ׳ גֶעהַאט וִויא אַיין אֵייגֶען קִינְד אוּנ זִיא הָאט גֶעוָואלְט דֶערְלֶעבֶּען דֶעם טָאג צוּזֶעהֶען אִיהְם פַארְבּוּנְדֶען מִיט אִיהְר טָאכְטֶער אוֹיף אֵייבִּיגֶע יָאהְר. זִיא הָאט אַ פָּאר מָאל גֶעמַאכְט אַ שְׁמִיעֶס פוּן דִיא הֲכָנוֹת, וָואס מֶען בֶּעדַארְף דֶערְצוּ הָאבֶּען אוּנ אַלֶע אִין שְׁטוּבּ זֶענִין גֶעוֶוען פְרֶעהְלִיךְ. שֵׁיינְדֶעלֶע אִיז אַזְשׁ גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען פַאר פְרֵייד, גֶעשְׁטִיפְט, זִיךְ גֶערֵייצְט מִיט מִיכְלֶען אוּנ גֶעפַאלֶען אִיהְם דֶערְנָאךְ אוֹיפֶן

הַאלְז אַרוּמְנֶעהֶמֶענְדִיג אִיהְם מִיט בֵּיידֶע הֶענְטְלִיךְ • גָאלְדֶע הָאט גֶעקוּקְט אוֹיף זֵייא מִיט פַייכְטֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגֶען , וָואס הָאבֶּען אוֹיסְגֶעדְרוּקְט זָעהְר פִיל תַּעֲנוּג אוּנ אִיז רוֹיט גֶעוָוארֶען וִויא פַייעֶר • סְ'אִיז אִיהְר דֶענְסְמָאל אִין פָּנִים נִישְׁט גֶעוֶועזֶען אַרֵיינְצוּקוּקֶען וִויא אִין דֶער לִיכְטִיגֶער זוּן , אַזוֹי שֵׁיין אִיז זִיא גֶעוֶועזֶען • אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ גֶעמַאכְט אַ פְרֵיינְדְלִיךְ פָּנִים , וִויא אַ הֵיימֶעשֶׁער מֶענְשׁ . וָואס טְהוּט אִיהְם הֲנָאָה אַז אִין הוֹיז אִיז אַ שִׂמְחָה , נָאר אִין הַארְץ אָבֶּער הָאט מִיר גֶעבְּרֶענְט אַ גֵיהִנֹם • אַוֶועקְגֶעהֶענְדִיג פוּן דָארְט הָאבּ אִיךְ גֶעקְרִיצְט מִיט דִיא צֵיין אוּנ גֶעשְׁוָוארֶען , אַז אִיךְ מוּז זוּכֶען עֶפִּיס אַ תַּחְבּוּלָה וִויא צוּם גִיכְסְטֶען אָפְּרוּימֶען מִיר דֶעם וֶועג צוּ גָאלְדֶען •

עֶס הָאט נִישְׁט לַאנְג גֶעדוֹיעֶרְט אוּנ דִיא תַּחְבּוּלָה אִיז מִיר גֶעקוּמֶען אִין הַאנְד אַרֵיין • אִין יֶענֶער צֵייט גְרָאד אִיז גֶעוֶועזֶען אַ נַאבָּאר • אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעאַרְבֵּייט שְׁטִילֶערְהֵייט דוּרְךְ אִיסֶערֶען אוּנ מֶען הָאט מִיכְלֶען גֶענוּמֶען פַאר אַ רֶעקְרוּט ! • • • • • •

אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען צוּ גָאלְדֶען אִיז דָארְט אִין הוֹיז גֶעוֶועזֶען תִּשְׁעָה-בְּאָב • דִיא אַלְטֶע אִיז גֶעלֶעגֶען אִין בֶּעט , קְרַאנְק , צוּבְּרָאכֶען אוּנ אוֹיפְן קָאפּ אַ נַאס טִיכֶעל מִיט קַאלְט וַואסֶער • גָאלְדֶע אִיז גֶעוֶועזֶען בְּלֵייךְ וִויא דִיא וַואנְד מִיט רוֹיטֶע גֶעשְׁוָואלֶענֶע אוֹיגֶען אוּנ זִיךְ אַרוּמְגֶעדְרֶעהְט לֶעבִּין דֶער מוּטֶער צוּפַּאטֶעלְט דִיא הָאר , פַארְזָארְגְט , פַארְאוּמֶערְט וִויא אַדֶערְשְׁלָאגֶענֶע • שֵׁיינְדֶעלֶען אִיז גָאר נִישְׁט גֶעוֶועזֶען צוּדֶערְקֶענֶען , זִיא אִיז אַיינְגֶענוּרֶעט גֶעזֶעסֶען אִין אַ וִוינְקֶעלֶע , פַארְלֵייגְט דִיא הֶענְטְלִיךְ אוּנ גֶעקוּקְט מִיט אַרָאפְּגֶעלָאזֶענֶע אוֹיגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד • בַּייא מַיין אַרֵיינְקוּמֶען הָאבֶּען אַלֶע מִיט אַ מָאל זִיךְ צוּ-וַויינְט מִיט הֵייסֶע טְרֶעהְרֶען , אָהְן וֶוערְטֶער , וִויא אוּמְגְלִיקְלִיכֶע בְּשַׁעַת זֵייא דֶערְזֶעהְן זֵייעֶר בֶּעסְטֶען פְרֵיינְד • — וָואס אִיז אַזוֹינְס גֶעשֶׁעהֶען ? הָאבּ אִיךְ וִויא אַ תָּם אַ פְרֶעג גֶעטָאן אוּנ גֶעבְּלִיבִּין שְׁטֶעהְן פַארְווּאוּנְדֶערְט • אַקֶעגֶען אַ פָּאר מִינוּט אִיז גֶעוֶועזֶען שְׁטִיל , דֶערְנָאךְ הָאט דִיא אַלְטֶע אוֹיף אַ וַויינֶענְדִיג קוֹל אַרוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ זִיךְ גֶעוָוארְגֶען מִיט טְרֶעהְרֶען : אָךְ וֶועה אוּנ וִוינְד אִיז מִיר , מִיכִיל • • • נִישְׁטָא מִיכִיל • • • דִיא חַאפֶּערְס הָאבֶּען גֶענוּמֶען מִיכְלֶען ! • • • עֶס הָאט אִיהְר זִיךְ גֶעעֶפֶּענְט אַ פְרִישֶׁער קְוַואל טְרֶעהְרֶען , גָאלְדֶע אִיז לֶעבִּין אִיהְר אוֹיפְן בֶּעט גֶעזֶעסֶען אָנְגֶעבֵּייגֶען , מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוֹיפְן פָּנִים , דִיא קְרַאנְקֶע מוּטֶער הָאט אִיהְר אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט דִיא הַאנְד אוֹיפְן קָאפּ אוּנ אַלֶע הָאבֶּען גֶעוַויינְט , גֶעיָאמֶערְט וִויא מֶען בֶּעקְלָאגְט אַ טוֹיטֶען • אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט אַ טְרוֹיעֶרְדִיג פָּנִים , גֶעזִיפְצְט , גֶעקְרֶעכְצְט אוּנ אִין הַארְץ הָאט מִיר הֲנָאָה גֶעטָאן קוּקֶענְדִיג אוֹיף גָאלְדֶען , וָואס צוּ אִיהְר פַארְשְׁטֶעלְט מִיר אִיצְט שׁוֹין קֵיינֶער נִישְׁט דֶעם וֶועג , אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעגֶעסֶען מִיט דִיא אוֹיגֶען , אָנְגֶעקוּקְט

זיא

זִיא פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאפּ וִויא אַ וָואלְף קוּקְט אוֹיף אַ שֶׁעפֶּעלֶע, אוּנ בַּייא מִיר אִין הַארְץ גֶעטְרַאכְט: נִישְׁקָשֶׁה, דוּא וֶועסְט זַיין מַיינְס, וֶועסְט פוּן מַיינֶע לַאפֶּעס זִיךְ שׁוֹין נִישְׁט אוֹיסְדְרֶעהֶן • • • •

אַפָּאר חֳדָשִׁים נָאךְ דֶער דָאזִיגֶער סְצֶענֶע זֶענִין פַארְגַאנְגֶען. מִיכְלֶען הָאט מֶען אָפְּגֶעגֶעבִּין אוּנ אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט וָואהִין מֶען בֶּעדַארְף. בַּייא גָאלְדֶען אִין שְׁטוּבּ אִיז גֶעוֶוען אַהוֹרְבָּן, אַלְכְּדִינְג הָאט גֶעטְרוֹיעֶרְט אוּנ פַארְלוֹירֶען זַיין גֶעשְׁטַאלְט. דִיא בְּלוּמֶענְטֶעפְּלִיךְ זֶענִין גֶעשְׁטַאנֶען פַארְדַארְט, וַוייל סְ'אִיז נִישְׁט גֶעלֶעגֶען אִין זִינֶען זַייא אִין דֶער גֶעהֶערִיגֶער צַייט צוּבֶּעגִיסֶען, דִיא קְלֵיינִיגְקֵייטֶען אוֹיף דֶער קָאמָאדֶע זֶענִין נִישְׁט אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט גֶעוֶוען מִיט אַ שֵׁיינֶעם סֵדֶר וִויא פְרִיהֶער אוּנ אוֹיף „משֶׁה רַבֵּנוּ" אִיז גֶעלֶעגֶען אַ גֶעדִיכְטֶער שְׁטוֹיבּ. עֶר הָאט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען עֶפִּיס מָרָה-שְׁחוֹרָהְדִיג אוּנ אַרוֹיסְגֶעקוּקְט פוּן אוּנְטֶער דֶעם גְלָאז עֶפִּיס וִויא סְטְרָאגֶע, זֶעהְר שְׁטַארְק בְּרוֹגֶז. מִיר וַוייניגְסְטֶענְס הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעדַאכְט אוּנ אִיךְ פְלֶעג מִיךְ הִיטֶען אוֹיף אִיהְם אַ קוּק צוּגֶעבֶּען. שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּלֶערְנֶען, נִישְׁט גֶעהַאט מֶעהְר מִיט וֶועמֶען זִיךְ צוּשְׁפִּילֶען, זִיא אִיז אַרָאפּ פוּנֶם לַייבּ אוֹיסְגֶעגַאנְגֶען וִויא אַ לֶעכְט אוּנ אִיז גֶעוָוארֶען גָאר אוֹיס קִינְד. אוֹיף גָאלְדֶען אִיז גֶעלֶעגֶען דִיא עֶרְד, קֵיין פְרֶעהְלִיכֶע מִינֶע הָאט מֶען פוּן אִיהְר נִישְׁט גֶעזֶעהֶן, סְ'אִיז אִיהְר עֶפִּיס וִויא נִישְׁט נִיחָא גֶעוֶוען דָאס לֶעבֶּען. דִיא אַלְטֶע פְלֶעגְט קוּקֶען אוֹיף אִיהְרֶע קִינְדֶער, שָׁאקְלֶען מִיטֶן קָאפּ אוּנ זִיךְ בֶּעוַואשֶׁען מִיט טְרֶעהְרֶען. זִיא פְלֶעגְט אַלֵיין אַיינְפַאלֶען אוּנ צַייטֶענְוַויים לִיגֶען אִין בֶּעט. אִיךְ פְלֶעג עֶפְּטֶערְס אַהִין קוּמֶען זִיצֶען בְּשַׁעַת גָאלְדֶע פְלֶעגְט אַרְבַּייטֶען, פְלֶעגְט זִיא שְׁטַארְקֶען מִיט גוּטֶע, זִיסֶע רֵיידֶעלִיךְ אוּנ מִיט מַיינֶע טְרֵייסְטְוֶוערְטֶער גֶעזוּכְט אַלֵיין וָואס וַוייטֶער זִיךְ אַרַיינְצוּגַנְבֶהְנֶען אִין אִיהְר הַארְץ. שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסִיל הָאבּ אִיךְ בֶּעמֶערְקְט אִין שְׁטוּבּ אַיין עֶלֶענְד. גָאלְדֶעס הַאנְד-אַרְבַּייט אַלֵיין, וִויא זִיא הָאט זִיךְ גֶעמוּטְשֶׁעט, גֶעפְּלָאגְט אוּנ קְרִיעָה גֶערִיסֶען, הָאט נִישְׁט מַשְׂפִּיק גֶעוֶוען אוֹיף דִיא אַלֶע לֶעבֶּענְס-בֶּעדֶערְפְנִישׁ, וַוייל דִיא בֶּעלוֹינוּנְג פַאר אִיהְר אַרְבִּייט אִיז גֶעוֶוען זֶעהְר קְלֵיין, דְרִינֶען הָאט בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ זִיךְ אַרוֹיסְגֶעוִויזֶען וִויא מִיכִיל גֶעהְט אָפּ, וִויא שְׁטַארְק נִיטְצְלִיךְ עֶר אִיז פַאר דֶער אָרֶעמֶער פַאמִילְיֶע גֶעוֶוען. זַיין הֵלֶק הִילְף הָאט אִיצְט גֶעפֶעהְלְט. דֶערְצוּ אִיז נָאךְ גְרָאד דֶענְסְמָאל גֶעוֶוען וֵויינִיג אַרְבַּייט מֶען הָאט בֶּעדַארְפְט גֶעהֶן אֵיינְמָאל אִין דֶער אַפְּטֵייק אַרַיין נָאךְ אַ רֶעצֶעפְּט פַאר דֶער אַלְטֶער אוּנ דַארוֹיף אִיז נִישְׁט גֶעוֶוען קֵיין גְרָאשֶׁען. אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ פָארְגֶעלֵייגְט גָאלְדֶען צוּנֶעהְמֶען בַּייא מִיר עֶפִּיס גֶעלְד. גָאלְדֶע אִיז רוֹיט גֶעוָוארֶען, הָאט אַרָאפְּגֶעלָאזְט דִיא אוֹיגֶען אוּנ נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט קֵיין וָוארְט. מֶען הָאט גֶעזֶעהֶן, אַז

בייא

ביא איהר אינוועניג אין הארץ איז נישט רוהיג , דארט רוישט א שרעקליכער שטורמווינד פון ביטערע געפיהלען . איך האב גאלדען געגעבען צופארשטעהן , אז איך ליא איהר עס נאר אויף א צייט אויס , זיא מוז עס נעהמען צוליב דער קראנקער מוטער , וואס זיא געניטיגט זיך אצינד אין דעם רעצעפט , וואס זעהר מעגליך דרינגען היינגט אפ איהר לעבען . דיא אלטע האט בשעת מעשה ביא איהר אין בעט גראד א שטארקען קרעכץ געטאן , גאלדע איז פארצאפעלט געווארען , גענומען ביא מיר מיט א ציטערדיגער אייז-קאלטער האנד דאס געלד , ארויפ-געכאפט אויף זיך א שאל אונ איז געשווינד ארויסגעלאפען פונם שטוב....

ביא מיר אין שטיבעל בין איך איינמאל שפעט ביא דער נאכט געלעגען אויף מיין געלעגער אונ נישט געקענט קיין אויג צוטאן . עס האט פון מיר זיך אפגעטאן דער שלאף . דיא ליבשאפט מיינע צו גאלדען האט מיך שרעקליך געמוטשעט , נישט געלאזט רוהען אונ איך האב מיך גענומען טראכטען וואס קען דערפון ווערען ? ביז וואנען נאך וועל איך מיך אזוי פייניגען אונ נישט בריינגען דיא זאך צו איין עק . נאר אויף וואס פאר איין אופן אבער בריינגט מען עס צו איין עק ? — חתונה האבען ? נאר דאס איז פאר מיר זעהר א שווערע זאך , דאס לוינט מיר נישט מכבה טעמים : ערשטענס , וועל איך דורכדעם מוזען אויסטרעטען פון דינסט ביא איסערען , אונ אוועקגעהן פון איסירען הייסט אזוי פיל וויא אויפהערען צוזיין א קליין מענשעלע , א חשוב , אפזאגען זיך פון פארדינען גרינג געלד , פון א גליקליך לעבען אהן צער אהן מיה אונ אויפגעבען אלע מיינע האפנונגען אויף שפעטער ; צווייטענס , וואס וועל איך ביא איהר נעהמען ? גארנישט ! זיא איז דאך הויל , נאקעט אזוי וויא דיא מאמע האט זיא געבוירען . זיא וועט מיר אנהאבען א סך קינדער , פופקעליך , וואס וועלען מיר פארדרעהן דעם קאפ , איך וועל אויפעסען דאס ביסעל געלד אונ וועל דערנאך בלייבען א קבצן , א טויגעניכטס , א לא יוצלח צו קיין זאך נישט אין דער וועלט , וועל ליידען , פארשווארצט ווערען וויא א מאל אין דער יוגענד איך בין פאר-שווארצט געווארען , אונ צוליב וואס ? צוליב א ליבשאפט ! . . . וואס א שטייגער , האב איך געטראכט , וואלט דערצו געזאגט איסר ? איסר וואלט זיכער געמאכט דעם גרעסטען געלעכטער אונ געזאגט , אז ליבשאפט איז נישט מעהר וויא א שיין פנימיל , א זייפענבולבע , וואס שפילט פארן אויג אין אלערליא וואונדער שיינע קאלירין אונ פלוצלים צושפריגנט עס , מען ווייסט נישט וואהין עס קומט אהין , דאס איז א שפילכען , א קליינינקייט , וואס מען בעדארף עס טאקי נאר פאר א קליינינקייט בעקומען אונ וואס עס לאזט זיך זעהר גרינג איינהאנדלען

אבי

אבי מען איז נאר קיין שוטה נישט. ליבשאפט דאס איז א שווינדעל זאך, וואו דעם מענשענס הארץ שווינדעלט אין דיא געפיהלען פונקט אזוי וויא דער קאפ שווינדעלט אין פראכטע סוחרישע געשעפטען. דער שפיטץ איז, דאס איז א מסחר, א דעליקאטע, קונצטיג אויס־געארבייטע נעטץ, צופאנגען דרינען נאראנים, שוואכע מענשליך, וואס צוקריכען וויא א שנייא און צוגיסען זיך וויא באלד מען גיט זייא נאר עפיס א ווארם.... וואס דען־זשע, זאל איך קיין נאר נישט זיין און דערגרייכען מיין וואונש גאר פראסט, אויף איין אנדער אופן? נאר דאס איז אבער א ריינע אוממעגליכקייט. וויא איך האב געקענט גאלדען איז גאר אוממעגליך געוועזן אזעלכעס אפילו צוטראכטען. זיא האט תמיד געקענט עפיס זיך אזוי האלטען, אז מען האט געמוזט האבען פאר איהר דרך ארץ און דיא צונג האט זיך נישט געלייגט ארויסריידען אין איהרע אויגען עפיס א מיאוס ווארט. איינמאל האב איך מיך ארויס־געהאפט מיט עפיס נישט אזא שיין ווערטיל, וואס ביי אנדערע געהט עס איין, נישט צומאכען דארויס קיין שום פרוש, האט זיא דערביי געמאכט עפיס אזא מינע, אז איך בין בטל געווארען און א קעלט איז מיר דורכגעלאפען אין אלע איברים. ניין, אזעלכע וויא גאלדע לאזט זיך נישט איינהאנדלען מען זאל אפילו קלוג זיין וויא צעהן רוחות. וואס־זשע דען, לאם איך אין גאנצען א שפייא טאן און זיא פארגעסען? דאס האב איך געפיהלט איז איבער מיינע כחות, גיכער וואלט איך מיך אפגעזאגט פון מיין לעבען איידער פון איהר. דיא ליבשאפט מעג זיך זיין אין גאנצען א שפילכען, אבער איך האב אזא שפילכען בשום אופן נישט געקענט אוועקווארפען. איך האב געטראכט, געטראכט און ווידער געקומען צום ערשטען. אין ברירה טאקי חתונה האבען. אי וואס, דאס קען מיר דאך שאדטען? נוא, דערצו ועט מען מוזען געפינען עפיס א תחבולה, מאכען עפיס א פשרה עס זאל אי אהין אי אהער גוט זיין. חתונה מוז מען האבען און וואס גיכער איז אלץ בעסער, מעהר פלאגען זיך האב איך שוין קיין כח נישט. עס מוז באלד נעהמען איין עק. גאלדע בעדארף זיין מיינע. מיט דעם דאזיגען געדאנק בין איך אנשלאפען געווארען און געהאט זיסע גוטע חלומות.

איך בין אויפגעשטאנען אביסיל שפעטליך אויפן טאג און ביי מיר אפגעמאכט עס זאל אפילו דונערען און בליטצען מוז איך היינט פארנאכט מיט גאלדען מיך דערקלעהרען. דענסמאל איז גראד געווען פאר פסח, גאלדען איז זעהר איינג געוועזן, זיא האט בעדארפט זעהר פיל האבען און נאך נישט געהאט קיין אנהויב אויף יום טוב. צו מיין זאך איז דאס געוועזן סאמע דיא בעסטע צייט. אז איך בין געקומען צו

נָאלְדֶען הָאבּ אִיךְ זִיא גֶעטְרָאפֶען אֵיינֶע אַלֵיין זִיטְצֶענְדִיג אִיבֶּער דֶער אַרְבַּייט, דִיא אַלְטֶע אִיז גֶעלֶעגֶען אִין בֶּעט אוּנְטֶער דִיא וֶוענְטְלִיךְ אוּנ שֵׁיינְדֶעלֶע לֶעבִּין אִיהְר, מֶען הָאט פוּן דָארְט נִישְׁט מֶעהְר גֶעהֶערְט וִויא אַ הִיסְטֶען, דָאס הָאט גֶעהִיסְט דִיא אַלְטֶע אוּנ דָאס שֵׁיינְדֶעלֶע, בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעקַייכְט אִין אֵיין אָטְהֶעם, גְלֵייךְ וִויא זַייא הָאבֶּען זִיךְ פַארְהֶערְט וֶוער פוּן זַייא קַייכְט שְׁטַארְקֶער, דֶערְצוּ הָאט נָאךְ צוּגֶעשְׁווִישְׁטְשֶׁעט אַ גְרִיל אוּנ אִין אֵיינֶעם אִיז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען עֶפִּים אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער קָאנְצֶערְט. גָאלְדֶע אִיז גֶעוֶוען פַארְזָארְגְט, אַלֶץ גֶעגֶעהְט, גֶעמַאכְט מִיט דֶער נָאדֶעל אוּנ נִישְׁט פַארְגִינֶען זִיךְ אֲפִילוּ אַ רֶגַע דֶעם קָאפּ אוֹיפְצוּהֵייבֶּען. אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעמַאכְט אַ שְׁמִיֶעס, זִיא גֶעמוּסֶרְט פַאר וָואס זִיא הָארֶעוֶועט אַזוֹי אִיבֶּער דִיא קְרֶעפְּטֶען, פַארְלִיהְרְט אִיהְר גֶעזוּנְט אוּנ הָאט נִישְׁט קַיין רַחֲמָנוּת נִישְׁט אוֹיף זִיךְ אַלֵיין, נִישְׁט אוֹיף אִיהְר פַאמִילְיֶע, וָואס הַאלְט זִיךְ אִין גַאנְצֶען נָאר אוֹיף אִיהְר, אוּנ נִישְׁט אוֹיךְ אוֹיף אִיהְרֶע גוּטֶע פְרַיינְד, וָואס אִיהְר גֶעזוּנְט אִיז זַייא שְׁטַארְק טְהַייעֶר אוּנ וָואלְטֶען פַאר אִיהְר דָאס לֶעבֶּען אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען... גָאלְדֶע הָאט בַּייא דִיא דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער אוֹיף מִיר אַ בְּלִיק גֶעטָאן אוּנ אִין דֶעם בְּלִיק אִיז גֶעלֶעגֶען עֶפִּים אַזוֹינְס וָואס אִיז שְׁוֶוער אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען. אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט נָאךְ מֶעהְר בֶּעהַארְצְט, וָואס וַוייטֶער וַוייטֶער אַלֶץ מִיט מֶעהְר פַייעֶר אוּנ אַרוֹיס לְסוֹף מִיט דֶער גַאנְצֶער שְׁפְּרַאכֶע, אַז זִיא אִיז מִיר לִיבּ וִויא דָאס לֶעבֶּען אוּנ אִיךְ וָואלְט מִיךְ גֶעשֶׁעטְצְט אִיבֶּערְגְלִיקְלִיךְ וֶוען אִיךְ זָאל מִיט אִיהְר הָתוּנָה הָאבֶּען. גָאלְדֶען אִיז דִיא נָאדֶעל פוּן דִיא פִינְגֶער אַרוֹיסְגֶעפַאלֶען אוּנ גֶעבְּלִיבֶּען זִיטְצֶען צוּמִישְׁט אָנְגֶעשְׁפַּארְט דֶעם קָאפּ אוֹיף בֵּיידֶע הֶענְד. אוֹיף אַ פָּאר מִינוּט לֶערֶךְ בִּין אִיךְ אַנְשְׁוִויגֶען גֶעוָוארֶען, עֶס הָאט מִיךְ בֶּעשְׁלָאגֶען אַ שְׁוֵייס אוּנ דָאס הַארְץ הָאט מִיר שְׁטַארְק גֶעקְלַאפְּט גְלֵייךְ וִויא אִיךְ וָואלְט אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען אַ הוֹיכֶען בַּארְג. דָאס הִיסְטֶען אוּנ קַייכֶען פוּן אוּנְטֶער דִיא וֶוענְטְלִיךְ אִיז אַלֶץ גֶעגַאנְגֶען שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער, אַ צוּבְּרָאכֶענֶע שׁוֹיבּ אִין דֶעם פֶענְסְטֶער הָאט זִיךְ גֶעשָׁאקֶעלְט אַהִין אוּנ אַהֶער פוּנֶם ווינְד אוּנ צוּגֶעקְלַאפְּט צוּם טַאקְט עֶפִּים זֶעהְר מָרָה-שְׁחוֹרָהְדִיג. מִיר הָאט זִיךְ גֶעעֶפֶענְט וַוייטֶער אַ מוֹיל, אִיךְ הָאבּ גֶערֶעדְט מִיט הִיטְץ, גֶערֶעדְט, גֶערֶעדְט אוּנ אַלֶץ אַיינְגֶערֶעדְט גָאלְדֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעשִׁילְדֶערְט אִיהְר אִיצְטִיגֶע לַאגֶע וִויא זִיא אִיז גֶעקְוֶועטְשְׁט פוּן אַלֶע זַייטֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְר אָנְגֶעוִויזֶען אוֹיף דֶער קְרַאנְקֶער, שְׁלַאפֶער מַאמֶע מִיט שֵׁיינְדֶעלֶען וִויא זַייא לַיידֶען נֶעבִּיךְ אוּנ קוּמֶען אָפּ. נָאר צוּלִיבּ זַייא אַלֵיין בֶּעדַארְף זִיא עֶס טָאן. בַּייא מִיר וֶועט דָאךְ אַלֶע אִם יִרְצֶה הַשֵׁם זַיין גוּט, מִיר וֶועלִין לֶעבִּין גְלִיקְלִיךְ אוּנ צוּפְרִידֶען, אַז נָאט אוּנ לַייט וֶועלֶען הַנָאָה הָאבֶּען. גָאלְדֶע הָאט מִיר

אריינגעקוקט

אַרַיינְגֶעקוּקְט אִין פָּנִים אוּנ הַייסֶע טְרֶעהְרֶען הָאבֶּען אִין גְרוֹיסֶע טְרָאפֶּענְס וִויא פֶּערֶעל אִיהְר גֶעקָאפֶּעט פוּן דִיא אוֹיגֶען . לָאזְט מִיךְ צוּרוּה אַ קוּרְצֶע צַייט , הָאט זִיא זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען עֶפִּים מִיט אַ קוֹל פוּן גֶעבֶּעט , גְלַייךְ וִויא אֵיינֶער וָואס אִין דֶער קְלֶעהְם . אִיךְ וָועל מִיךְ אַבִּיסִיל בֶּעטְרַאכְטֶען , זִיךְ מְיַשֵּׁב זַיין מִיט דֶער מַאמֶע אוּנ אַייךְ בַּאלְד גֶעבֶּען אַ קְלָאהְרֶע תְּשׁוּבָה .

אַז אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען אוֹיף מָארְגֶען צוּ גָאלְדֶען הָאבּ אִיךְ זִיא גֶעטְרָאפֶען זִיטְצֶענְדִיג אוּנְטֶער דִיא וֶוענְטְלִיךְ לֶעבִּין דֶער מַאמֶע . דִיא אַלְטֶע הָאט מִיךְ אָנְגֶענוּמֶען בַּייא דֶער הַאנְד אוּנ גֶעזָאגְט , אָנְוַויזֶענְדִיג מִיר מִיטִ'ן קָאפּ אוֹיף גָאלְדֶען , אַז זִיא אִיז מְרוּצֶה אָפְּצוּגֶעבֶּען מִיר אִין דִיא הֶענְד אַרַיין אִיהְר טְהַייעֶרֶען בְּרִילַאנְט , אִיהְר שַׁאטְץ , אִיהְר מַתָּנָה פוּן זַיין לִיבֶּען נָאמֶען , נָאר אִיךְ זָאל אָבֶּער וִויסֶען חָאטְשׁ אַ צֶעהְנְטְחֵלֶק פוּן אִיהְר וִויא זִיא טְהַייעֶר צוּהַאלְטֶען , וִויא זִיא צוּשַׁאטְצֶען . דֶערְבַּייא טַאקִי הָאט זִיא צוּגֶעשְׁטֶעלְט אַ פוּנְקְט , אַז אִיךְ זָאל מִיךְ אָפְּזָאגֶען פוּן מַיין שְׁטֶעלֶע , וָוארוּם וִויא פַאר אַ חָשׁוּב אִיךְ בִּין , בִּין אִיךְ דָאךְ פָארְט טַאקִי נָאר אַ מְשָׁרֵת . אוּנ אִיהְר גָאלְדֶענְיוּן אָפְּגֶעבֶּען פַאר אַ מְשָׁרֵת אִיז אִיהְר נִישְׁט לְכָבוֹד , אוֹיךְ נִישְׁט אִיהְר מִשְׁפָּחָה . אִיךְ הָאבּ מִיךְ אַקֶעגֶען דֶעם גֶעשְׁטֶעלְט , אִיהְר אוֹיסְגֶעוִויזֶען וִויא סְ'אִיז נִישְׁט גוּט , נִישְׁט קְלוּג , אָפְּצוּזָאגֶען זִיךְ פוּן אַזַא גִילְדֶענֶער שְׁטֶעלֶע , וָואס טְרָאגְט מִיר פִיל אַיין אוּנ קֶען דָארְט מִיט דֶער צַייט וֶוערֶען אַ מֶענְשׁ וָואס אַ מֶענְשׁ הֵייסְט . אַ סַךְ מְיוּחָסִים הָלֶעבִּין לִיגֶען מִיר אַ מָאל צוּ דִיא פִּיס , זֶענִין מִיר מְקַנֵא אוּנ וֶועלֶען מִיר עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם נָאךְ מֶעהְר מְקַנֵא זַיין . נִישְׁקָשֶׁה אִיךְ בִּין שׁוֹין אִיצְט אַזַא מְיוּחָס וִויא זַייא אַלֶע . נָאר וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז , אַצִינְד אָפּ זָאגֶען זִיךְ אִיז זֶעהְר קְרוּם , אַ גְרוֹיסֶע עֲבֵרָה . לֶעת-עַתָּה אִיז פִיל גְלַייכֶער אִין אַלֶע אוֹפַנִים , אִיךְ זָאל לֶעבִּין אִיסְרִין אִי נָאךְ דֶער חֲתוּנָה טַאקִי וַוייטֶער בְּלַייבֶּען . וָואס מַאכְט עֶס אוֹיס , זָאל זִיךְ דַאכְטֶען אִיךְ בִּין אַ קְרֶעמֶער אוּנ זִיטְ'ץ גַאנְצֶענֶע טֶעג אִין קְלֵייט , אָדֶער אִיךְ בִּין אַ סוֹחֵר אוּנ פָאהְר דִיא גַאנְצֶע וָואךְ אַרוּם . אִין לֵיידִיגֶע צַייטֶען וִויא אוֹיךְ שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב וֶועל אִיךְ מִיר צוּבְּרֵיינְגֶען בַּייא זִיךְ אִין דֶער הֵיים . לֶעת-עַתָּה מוּז זַיין אַזוֹי אוּנ שְׁפֶּעטֶער אִיז דָאךְ גָאט אַ טַאטֶע . מִסְתָּמָא וֶועט שׁוֹין זַיין רֶעכְט .... אַי וָואס , אַייךְ קוּמְט אַלֶץ פִיר פָארְט עֶפִּים מְשָׁרֵת , סְ'אִיז אַייךְ עֶפִּים פְּרִיקְרֶע פַאר דֶער וֶועלְט , נוּא וֶועלֶען מִיר אָפְּמַאכֶען דִיא חֲתוּנָה שְׁטִיל אָהְן רַעשׁ , אָהְן גֶעפִּילְדֶער אוּנ זִיךְ מוּזֶען בֶּעגֶעהְן אָהְן דִיא אַלֶע מְיוּחָסִים . אוֹיךְ מִיר אַוואזְשְׁנֶע זַאךְ ! פוּן וֶועמֶען מֶען הָאט דָא צוּרֵיידֶען !... דֶער שְׁפִּיטְץ אִיז גֶעוֶועזֶען מַיינֶע רֵייד זֶענִין אָנְגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אוּנ מִיר הָאבֶּען גֶעמַאכְט אַ הַאנְדְשְׁלַאג . זֶעה-זְשֶׁע דוּא זָאלְסְט אָפְּהִיטֶען מַיין בְּרִילַאנְט אוּנ חָשׁוּב הַאלְטֶען מַיין קִינְד , מַיין טְהַייעֶרֶע

נשמה

נְשָׁמָה, הָאט דִיא אַלְטֶע נָאךְ אַ מָאל מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אוּנ זִיךְ צוּ-וַויינְט, גָאלְדֶע מִיט שַׁיינְדֶעלֶען הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעוַויינְט גְחָלִיפֶּעט אוּנ אִיךְ בִּין דֶענְסְמָאל גֶעוֶוען אוֹיף דֶעם זִיבֶּעטֶען הִימֶעל פַאר פְרֵייד, וָואס מִיר אִיז גֶערָאטֶען אָפְּצוּמַאכֶען דִיא זַאךְ גְלַאט וִויא אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעוואוּנְשֶׁען.

ל"ג בָּעוֹמֶר אִין אַ שֵׁיינֶעם טָאג בִּין אִיךְ מִיט גָאלְדֶען אִין אֵיינֶעם מִיט דֶער מוּטֶער אוּנ שַׁיינְדֶעלֶען זִיךְ דוּרְכְגֶעפָאהְרֶען נִישְׁט וַוייט אִין אַ דֶערְפֶעל אוּנ פַאר אַ מִנְיָן יוּדֶען דָארְט שְׁטִיל אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט אַ חוּפָּה.

# טז.

דִיא עֶרְשְׁטֶע צַייט נָאךְ דֶער חֲתוּנָה הָאבּ אִיךְ גֶעהַאט מִיט גָאלְדֶען זֶעהְר אַ גוּט לֶעבֶּען, אַלֶע אִין שְׁטוּבּ זֶענִין צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען. אִיךְ בִּין טַאקִי וִויא פְרִיהֶער גֶעוֶוען בַּייא אִיסֶרִין אִין הוֹיז, הָאבּ מִיךְ גֶעהַאלְטֶען אִין אִיהְם אַייזֶענְ־פֶּעסְט אוּנ גֶעאַרְבַּייט אִין מַיין זַאךְ זֶעהְר גֶעשְׁמַאק, נָאךְ אַ סַךְ גֶעשְׁמַאקֶער וִויא אַ מָאל. מִיר אִיז קֵיין רֶגַע נִישְׁט אַרוֹיס פוּנֶם זִינֶען, אַז אִיךְ בִּין אַ בֶּעוַוייבְּטֶער אוּנ בֶּעדַארְף הָאבֶּען גֶעלְד. אִיךְ הָאבּ מִיר גוּט אִיבֶּערְגֶעהַזֶערְט אִין קָאפּ דִיא אַלֶע הִלְכוֹת קְלֵיין־מֶענְשֶׁעלֶע מִיט אַלֶע פֵּרוּשִׁים פוּן ר' אִיסֶרִין, אוֹיךְ מִיט מַיינֶע אֵייגֶענֶע הַגָהוֹת, וָואס אִיךְ הָאבּ דְרִינֶען וִויא אַ לַמְדָן מוּפְלָג אוֹיפְגֶעטָאן שְׁטַארְק שַׂכֶלְדִיג גָאר אַ הֶרִיפוּת. לָאז דִיא וֶועלְט פוּן אִיצְט אָן פִיהְלֶען וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶער לַמְדָן, וָואס פַאר אַ כְּלִי־שְׁלֵמָה, אַ טְשַׁאצְקֶעלֶע אִיךְ בִּין; לָאז זִיא גוּט טַאקִי פִיהְלֶען אַז אִיךְ הָאבּ אַ וַוייבּ, אַז אִיךְ בִּין אַ בַּעַל־הוֹצָאָה אוּנ בֶּעדַארְף הַיינְט אַ סַךְ הָאבֶּען; לָאז זִיא גֶעבֶּען גֶעלְד אוּנ אוֹיסְשְׁטֶעהְן מַיינֶע הוֹצָאוֹת, נִישְׁקְשֶׁה, דִיא וֶועלְט אִיז נִישְׁט קְרַאנְק, דֶער רוּחַ וֶועט זַייא נִישְׁט נֶעהְמֶען! אַזוֹי הָאבּ אִיךְ בַּייא מִיר אִין הַארְץ אָפְּגֶעמַאכְט אוּנ אַרוֹיפְגֶעצוֹיגֶען דִיא מְקָחִים אוֹיף מַיינֶע אַלֶע שְׁטוּקֶעס, וָואס אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק מִיט חֵשֶׁק צוּמַאכֶען. אִיסֶרְס גְבִיר, דֶער בֶּער, הָאט גֶעטַאנְצְט בַּייא אִיסֶרִין אִין דֶער קָאמֶעדְיֶע, אוּנ אִיסֶר אַלֵיין הָאט גֶעטַאנְצְט וִויא אַ בֶּער אִין מַיין קָאמֶעדְיֶע. מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע גֶעהַאט גְרוֹיס שֶׁפַע, דֶער נַארֶעשֶׁער עוֹלָם אִיז צוּ אוּנְז גֶעגַאנְגֶען אוּנְז גֶעצָאהְלְט גֶעלְד אִין טָאג אַרַיין; מִיר הָאבֶּען גֶעמַאכְט גוּטֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אוּנ זֶענִין בֵּיידֶע צוּפְרִידֶען גֶעוֶוען. אִיךְ הָאבּ בֶּעקוּמֶען אַ גְרוֹיסֶען חֵשֶׁק צוּ גֶעלְד, וִויא פִיל אִיךְ זָאל נִישְׁט גֶעוֶוען פַארְדִינֶען אִיז מִיר אַלְץ גֶעוֶוען וַוייניג אוּנ הָאבּ שְׁטַארְק גֶעצִיטֶערְט אִיבֶּער'ן קֶערְבִיל. אִין דֶער הַיים בַּייא מִיר הָאט מֶען גֶעלֶעבְּט זֶעהְר קַארְג, אִיךְ פְלֶעג זֶעהְן אַיינְשְׁפָּארֶען, אַיינְקַארְגֶען וִויא וַוייט נָאר מֶען קֶען אוּנ זֶעהְר בְּרוֹגֶז זַיין אַז פְלֶעגְט אַוֶועקְגֶעהְן אַיין אִיבֶּערִיגֶער גְרָאשֶׁען. דִיא אַלְטֶע פְלֶעגְט

זיך

זִיךְ דַארוֹיף בְּלָאזֶען אוּנ אַ מָאל זָאגֶען, אַז אִיךְ צֶעהל דִיא גְרוֹיסֶּען אִין דֶעם טָאפּ אוּנ פַארְגִין קֵיינֶעם נִישְׁט דֶעם בִּיסֶען. אִיךְ פְּלֶעג מִיךְ צוּרִיק בְּלָאזֶען אוּנ אִיהְר גֶעבֶּען שְׁטֶעכְוֶוערְטְלִיךְ, אַז אוֹיף פְּרֶעמְדֶס אִיז אִיטְלִיכֶער אַ וַותְּרָן, אַז מֶען זָאל מִיךְ אוּמְזִיסְט הָאדֶעוֶוען מֵהֵיכָא־תֵּיתִי וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ קֵיין קַארְגֶער נִישְׁט גֶעוֶוען. גָאלְדֶע פְלֶעגְט אַזֶעלְכֶע וֶוערְטֶער קְרֵיינְקֶען, זִיא פְלֶעגְט אַדְּשׁ גֶעל אוּנ גְרִין וֶוערֶען אוּנ נִישְׁט אֵיינְמָאל נָאר אִיז מַחֲמַת דֶעם צְווִישֶׁען אוּנְז אַרוֹיסְגֶעקוּמֶען אַ רוֹגֶז. ס'אִיז אַ מָאל גֶעגַאנְגֶען אַזוֹי ווַייט, אַז אִיךְ הָאבּ מִיאוּס מִיךְ צוּקְרִיגְט מִיט גָאלְדֶען, זִיא גְרָאבּ בֶּעלֵיידִיגְט, גֶעזִידֶעלְט ווִיא אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְט, בִּין אִין אֵיין כַּעַס אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען פוּנֶם שְׁטוּבּ, אַ שְׁטַארְקֶען קְלַאפּ גֶעבֶּענְדִיג מִיט דֶער טְהִיר, אוּנ אַקֶעגֶען אַ וָואךְ נִישְׁט אַ הֵיים גֶעקוּמֶען. דִיא פְרִיהֶערְדִיגֶע הַיְסֶעם לִיבְּשַׁאפְט מַיְינֶע הָאט אַלְץ וָואס וַוייטֶער וַוייטֶער זִיךְ אָפְּגֶעקִיהְלְט, גָאלְדֶעס שֵׁיין פָּנִים אִיז בַּייא מִיר גֶעוָוארֶען אַ גֶעוֶועהְנְטְלִיכֶע זַאךְ, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין דְרִינֶען גָאר נִישְׁט עֶפִּיס אַזוֹינְס אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן, אַ פָּנִים ווִיא אַלֶע פְּנִימֶער מִיט אַ נָאז, מִיט אוֹיגֶען. גָאלְדֶע הָאט בַּייא מִיר פַארְלוֹירֶען דֶעם חֵן אוּנ אוֹיסְגֶעזֶעהְן פְּרָאסְט אַ וַוייבֶּעל ווִיא אַלֶע וַוייבְּלִיךְ. אִיךְ הָאבּ אִין הַאַרְץ הֲרָטָה גֶעהַאט אוֹיף דֶעם גַאנְצֶען שִׁידוּךְ, צוּ וָואס הָאט עֶס מִיר גֶעטוֹיגְט, הָאבּ אִיךְ בַּייא מִיר גֶעטְרַאכְט, צוּנֶעהְמֶען אוֹיף מִיר אַזַא שְׁוֶוערֶען יָאךְ, אַ גַאנְצֶע גֶעזִינְד, וָואס פְרֶעסֶען מִיר אָפּ דֶעם קָאפּ אוּנ בְּרֵיינְגֶען מִיךְ אוֹיס, נָאר אַ בֵּייזֶע שָׁעָה אִיז אוֹיף מִיר דֶענְסְמָאל גֶעוֶוען, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט פַארְפִיהְרֶען פוּן אַ שֵׁיין פָּנִימֶעל אוּנ אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט דַארוֹיף אַזוֹי פִיל גֶעלְד. אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעחִידוּשְׁט וואו אִיז דֶענְסְמָאל גֶעוֶוען מַיין שֵׂכֶל, מַיין פַארְשְׁטַאנְד, ווִיא קוּם אִיךְ צוּ אַזַא נַארֶעשֲׁקַייט! הָאבּ בֶּערֶעכֶענְט ווִיפִיל דִיא נַארֶעשַׁקַייט הָאט מִיךְ אָפְּגֶעקָאסְט אוּנ מִיט ווִיפִיל אִיךְ וָואלְט אִיצְט רַייכֶער גֶעוֶוען, אַז אִיךְ זָאל זִיא נִישְׁט גֶעוֶוען טָאן. דָאס הָאט מִיךְ שְׁטֶענְדִיג גֶעעֶרְגֶערְט אַזוֹי, אַז אִיךְ פְלֶעג מַחֲמַת דֶעם תָּמִיד זִיךְ קְרִימֶען, קוּקֶען אוֹיף אִיטְלִיכֶען אִין שְׁטוּבּ מִיט אַ פִינְצְטֶער פָּנִים אוּנ הָאבּ נִישְׁט גֶערֶעדְט דָארְט מִיט קֵיינֶעם קֵיין גְלַייךְ וָוארְט. אִין אַ צַייט פוּן אַ יָאהְר צְווַייא אִיז גָאלְדֶע פוּן מִיר גֶענוּג אוֹיסְגֶעשְׁטַאנֶען, זִיא הָאט גֶעהַאט פוּן מִיר דִיא גַאל, נָאר זִיא הָאט אַלְסְדִינְג אַרָאפְּגֶעשְׁלוּנְגֶען אוּנ פְלֶעגְט אֲפִילוּ נִישְׁט הוֹיךְ וַויינֶען, קֵיין פִּיפְּס אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעטָאן.

אִין מִיטֶען דְרִינֶען בֶּעדַארְף זִיךְ גְרָאד טְרֶעפֶען, אַז דֶער גְבִיר, בַּייא וֶועלְכֶען אִיסֶר אִיז גֶעוֶוען דִיא נְשָׁמָה, זָאל גָאר פְּלוּצְלִים אַ שְׁטַארְבּ טָאן; אוּנ דִיא ווִינְטְמִיהְל מוּז בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהְן, דִיא רֶעדֶער קֶענֶען מֶעהְר זִיךְ נִישְׁט דְרֶעהֶען! מִיט דֶעם גְבִירְס טוֹיט וֶוערְד מַיין ר' אִיסֶר אוֹיס נְשָׁמָה, אוֹיס מַאכֶער, אוּנ מִיט ר' אִיסֶרְס אוֹיס-נְשָׁמָה וֶוערֶען וֶוער אִיךְ דָאךְ אוֹיךְ מִמֵּילָא אוֹיס נְשָׁמָה,

אוֹיס

אויס אַלְץ־מִיט־אַנאַנְדֶער. דֶער עוֹלָם הָאט מִיט דֶער צַייט שׁוֹין אוֹיפְגֶעהֶערְט גֶעהְן מִיט בַּקָשׁוֹת צוּ אִיסֶרִין, וָואָרִים עֶר אִיז דָאךְ. שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט גֶעוֶועֶן־קֵיין אַרֶענְדַאר, עֶר הָאט דָאךְ שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט גֶעהַאט דֶעם בֶּער. דֶערְצוּ נָאךְ אִיז אִיהְם שׁוֹין טַאקִי שְׁטַארְק צוּגֶעטְרֶעטֶען דָאס עֶלְטֶער, עֶר אִיז אוֹיסְגֶעוֶועפְּט גֶעוָוארֶען, עֶפִּיס גָאר עוֹבֵר בָּטֵל, גָאר נִישְׁט דָאס פָּנִים, נִישְׁט דֶער שֵׂכֶל, דִיא חָכְמָה, וָואס אַ מָאל. הַיינְט אַז אִיסֶר אִיז אוֹיס חָשׁוּב גֶעוָוארֶען, פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ דָאךְ, בִּין אִיךְ אוֹיךְ אוֹיס חָשׁוּב גֶעוָוארֶען אוּנ שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט גֶעגָאלְטֶען, אַקוּרַאט וִויא אַיין אָפְּגֶערוּפֶענֶע מַטְבֵּעַ. בַּייא אִיסֶרִין בִּין אִיךְ נָאךְ אֲפִילוּ אַלְץ טַאקִי גֶעבְּלִיבֶּען דֶער אֵייגֶענֶער חָשׁוּב אוּנ נִישְׁט אוֹיפְגֶעהֶערְט בַּייא אִיהְם צוּגִילְטֶען, נָאר וִויא בּאלְד אָבֶּער עֶר הָאט מִיר שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט גֶעקֶענְט נוּטְצֶען הָאבּ אִיךְ אִיהְם בֶּעדַארְפְט אוֹיף נַיינְצִיג טוֹיזֶענְט כַּפָּרוֹת, הָאבּ אִיךְ אִיהְם אַזוֹי גֶעהֶערְט וִויא אִין טְשֶׁערְנֶעוִויץ דִיא מְגִלָה. אַזוֹי הָאט דָאךְ מִיךְ גֶעלֶערֶענְט טַאקִי ר׳ אִיסֶר אַלֵיין, אִיךְ הָאבּ דָאךְ דָאס בְּקַבָּלָה טַאקִי פוּן אִיהְם, דָאס זֶענִין דָאךְ זַיינֶע אֵייגֶענֶע וֶוערְטֶער. אִיךְ הָאבּ נִישְׁט לַאנְג גֶעטְרַאכְט אוּנ אָפְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן אִיטֶרִין, וָואס עֶר הָאט בַּייא מִיר אַ פָּנִים גֶעהַאט וִויא אַ נְבֵלָה.

אַ גֶעפֵּגֶרְט בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ מַאכְט אוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁען נִישְׁט אַזַא טְרוֹיעֶרְדִיגֶען, שְׁלֶעכְטֶען רוֹשֶׁם וִויא אַ בֶּעשֶׁעפֶענִיש, וָואס אִיז וִויא גֶעפֵּגֶרְט אוּנ הָאט נָאךְ אִין זִיךְ פָּארְט אַ סִימָן לֶעבֶּען. אִיךְ זָאג עֶס אַקֶענֶען מִיר אוּנ אַקֶענֶען נָאךְ אַ סַךְ אַנְדֶערֶע נְפָשׁוֹת, וִויא אַ שְׁטֵייגֶער אַקֶענֶען. אַיין אוֹיסְגֶעוָוארֶענֶעם בַּעַל טַאקְסֶע, אַיין אָפְּגֶעזָאגְטֶען סְבָארְשְׁטְשִׁיק, אַיין אוֹיסְגֶעמַאכְטֶען כְּלֵי־קוֹדֶשׁ אוּנ אַלֶערְלֵייא מִינֵי אַרָאפְּגֶעוָוארְפֶענֶע קָהָלְס לַייט. מֵילָא אַ פְּגִירָה אִיז חָאטְשׁ אַ פֵּגִירָה, עֶס לֶעבְּט נִישְׁט אוּנ בֶּעדַארְף נִישְׁט קֵיין שׁוּם זַאךְ, יֶענֶע לַייט אָבֶּער, יֶענֶע נְפָשׁוֹת אַז זַייא וֶוערֶען פְּלוּצְלִים אוֹיס אוּנ פַארְלִיהְרֶען זַייעֶר פַּרְנָסָה, אִין וֶועלְכֶער דָאס חִיּוּת זַייעֶרֶע אִיז גֶעהאנְגֶען אַ צַייט מִיט יָאהְרֶען, זַייא גֶעבִּיךְ וֶוערֶען אֶמֶת טַאקִי פְּגִירוֹת, אָבֶּער לֶעבְּעדִיגֶע, צַאפְּעלְדִיגֶע פְּגִירוֹת, וָואס וִוילֶען עֶסֶען, טְרִינְקֶען, חָאטְשׁ אַבִּיכִיל מַשְׁקֶה, אוּנ בֶּעדַארְפֶען אַלְסְדִינְג טַאקִי הָאבֶּען, נָאר וָואס הֶעלְפְט עֶס אָבֶּער, אַז זַייא קֶענֶען זִיךְ נִישְׁט רִיהְרֶען אַז זַייא זֶענִין, לֹא עֲלֵיכֶם, גְרוֹיסֶע בִּיטֶערֶע־קָאלֶעקֶעס, הָאבֶּען דַאכְט זִיךְ אַ מוֹיל, הֶענְט אוּנ פִּיס אוּנ טוֹיגֶען נִישְׁט פוּן דַאנֶען אַהִין!.... דָאס הַארְץ חָלֶעבֶּען רֵייכְט קוּקֶענְדִיג אוֹיף אַזֶעלְכֶע לֶעבְּעדִיגֶע פְּגִירוֹת, אַזֶעלְכֶע שְׁלִימְמַזָלְדִיגֶע, מְחִילָה פַארְשְׁטוּנְקֶענֶע בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ!

אָט אַזַא מִין בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ בִּין אִיךְ גֶעוֶועֶן נָאכְדֶעם אַז אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעטְרֶעטֶען פוּן אִיסֶרִין. אִיךְ הָאבּ נִישְׁט גֶעוואוּסְט וָואס מֶען טְהוּט,

צו וואס

צו־וואס מען נעהמט זיך , ווארים חוץ מיין קליינמענשעלדיגע פרנסה האב איך דאך גארנישט געקענט און צו קיין שום זאך נישט געטויגט. דיא לאגע מיינע איז דענסמאל געווען זעהר א שלעכטע , איך האב געלעבט פונם גרייטען , געביטען קערבליך און געגעסען , און ביא איטליכען קערביל וואס איך האב צובּיטען איז מיר אפגעפאלען א שטיק פלייש , געשטארבען געווארען איין אבר . שטענדיג בין איך געווען אין כעס , האב קיינעם אין שטוב נישט פארגונען דאס לעבען און צו איטליכען בעזונדער זיך געזוכט . ביא איטליכען גראשען , וואס איך האב גאלדען געגעבען אויף דער הוצאה , פלעג איך איהר פארצאפען דאס בלוט , אלין זאגען , וואס וויל מען פון מיר האבען ? איך קען נישט אויסהאלטען אזא געזינד . דיא אלטע האט פון מיר געקייעט דיא ערד , זיא האט זיך פארעסען און האט פאר שברי לב מסוכן קראנק זיך אריינגעלייגט אין בעט אריין. מען האט געזעהן אז עס עקט איהר זיך דאס לעבען, זיא וועט נישט געדויערען לאנג. איך בין זיך מודה , אז איך האב איהר געוואונשען דעם טויט און עס האט מיר אין הארץ הנאה געטאן , וואס באלד וועל איך פטור ווערען פון א פרעסער און דיא הוצאה וועט קליינער ווערען . דעריבער האב איך מיך פארשטעלט , זיך געמאכט קלאמערשט וויא איהר קריינק ריהרט מיך אן ביא דער נשמה , איך בין נאר אויס מענש איך האב נישט געזשאלעוועט אויף קיין דאקטאר , אויף קיין אפטייק , אבי גיכער זיא זאל שוין זיך איבערפעקלען , האב זיא בעדינט וויא א געטרייא קינד , גאנצע נעכט נישט צוגעמאכט איין אויג , איהר אייגנע געבען דיא רפואות און געטראכט דערביא , ווען וועט דער מלאך המות דיך שוין צונעהמען . ביא איטליכען אין שטוב בין איך געהייבען געווארען פאר מיין געטריישאפט , דערפאר וואס איך לייג מיך דא אזוי אוועק און מען האט מיר פארגעסען אלע צרות , וועלכע מען איז פון מיר פריהער אויסגעשטאנען . גאלדע פלעגט מיך אפט טרייבען פון דער מוטערס בעט , איך זאל געהן אביסיל מיך אויסרוהען , נאר זיא האט עס ביא מיר נישט געקענט בשום אופן פועלין , גע דוא האב איך איהר דארויף געזאגט , דוא נעבּיך , געה חלעבין לייג זיך אביסיל צו און איך וועל מיר דא בלייבען אליין , נישקשה . איך דערמאהן מיך איצט מיט שרעק יענע ווינטערדיגע נאכט ווען דיא אלטע איז געלעגען שטארק פארדולט מיט פארגלאצטע אויגען , גערעדט עפּיס נישט צו דער זאך און אין הארץ האט ביא איהר שרעקליך געחריפעט אזוי , אז מען האט געהערט אויף דער גאנצער שטוב , גלייך וויא עמיצער וואלט געזעגען האלץ , גאלדע איז נישט טויט נישט לעבעדיג געזעסען לעבין בעט אויף בינקעל מיט רויטע פארוויינטע אויגען און געבראכען דיא הענד .

שיינדעל'ע

שֵׁיינְדֶעלֶע, דִיא אוֹיסְגֶעבְּלֵייכְטֶע, אוֹיסְגֶעדַארְטֶע, אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְטֶע שֵׁיינְדֶעלֶע לֶעבִּין אִיהְר, הָאט מִיט אַ פִינְשְׁטֶער פָּנִים גֶעקוּקְט אוֹיף דֶער נוֹטָה-לָמוּתְ מַאמֶע, גֶעקוּקְט אוּנ גֶעחְלִיפֶּעט אוּנ חְלִיפֶּענְדִיג זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ פַארְהִיסְטְ. פְּלוּצְלִים הָאט דִיא אַלְטֶע זִיךְ אוֹיפְגֶעזֶעצְט, גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהְרֶע קִינְדֶער אוּנ טִיף פוּנֶם הַארְץ דֶערְלַאנְגְט אַ זִיפְץ. אִיךְ בֶּעט דִיךְ, הָאט זִיא אוֹיף אַ שְׁלַאף קוֹל צוּ מִיר זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען, נָאכְדֶעם אַז זִיא הָאט פְרִיהֶער אָקֶעגֶען אַ מִינוּט שְׁוַוייגֶענְדִיג מִיךְ אָנְגֶעקוּקְט מִיט אַזַא בְּלִיק, וָואס הָאט מִיךְ דוּרְךְ-אוּנ-דוּרְךְ גֶענוּמֶען אִין אַלֶע גְלִידֶער, אִיךְ בֶּעט דִיךְ הָאבּ רַחֲמָנוּת אוֹיף מַיינֶע קִינְדֶער! זַייא בְּלַייבֶּען נֶעבִּיךְ עֶלֶענְט וִויא אַ שְׁטֵיין — יְתוֹמִים אָהְן פָאטֶער אוּנ מוּטֶער, אָהְן אַ קָרוֹב אָהְן אַ גּוֹאֵל... אִיךְ וֶועל רוּהִיגֶער גֶעהְן פוּן דֶער וֶועלְט, רוּהִיגֶער לִיגֶען אִין קֶבֶר אַז דוּא וֶועסְט מִיר עֶם הַיילִיג צוּזָאגֶען אוּנ טַאקִי מְקַיֵים זַיין...
זִיא הָאט ווִידֶער אַ מָאל אַ זִיפְץ גֶעטָאן, אַרוֹיפְגֶעלֵייגְט אֵיין הַאנְד צוּ גָאלְדֶען, דִיא אַנְדֶערֶע צוּ שֵׁיינְדֶעלֶען אוֹיפְן קָאפּ אוּנ זַייא גֶעבֶּענְשְׁט שְׁטִילֶערְהֵייט, קוֹים, קוֹים, וָואס מֶען הָאט גֶעהֶערְט אִיהְר קוֹל. בֵּיידֶע קִינְדֶער זֶענִין צוּשְׁמָאלְצֶען גֶעוָוארֶען וַויינֶענְדִיג אוּנ צוּגֶעפַאלֶען צוּ דֶער מוּטֶער, וָואס הָאט זַייא גֶעהַאלְזְט, גֶעקוּשְׁט, צוּגֶעקְוֶועטְשְׁט צוּ אִיהְר הַארְץ. זִיא אִיז בַּאלְד טַאקִי אָהְן כֹּחַ אַנִידֶערְגֶעפַאלֶען ווִידֶער אוֹיף אִיהְר גֶעלֶעגֶער, זִיךְ אוּמְגֶעקֶעהְרְט מִיט דֶעם פָּנִים צוּ דֶער וַואנְד, אַ חְרָאפֶּע גֶעטָאן — אוּנ אַנְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארֶען אוֹיף אֵייבִּיג... גָאלְדֶע מִיט שֵׁיינְדֶעלֶען הָאבֶּען אַרוֹיסְגֶעלָאזְט אַזַא יָאמֶער אַזַא בִּיטֶער קְלָאג, אַז אַ שְׁטֵיין הָאט עֶס גֶעקֶענְט אֲפִילוּ רִיהְרֶען. אִיךְ הָאבּ פַארְשְׁטֶעלְט דֶעם פָּנִים מִיט בֵּיידֶע הֶענְד אוּנ.... ס'אִיז אַ וֶועהְטִיג, אַ חֶרְפָּה, אַ שְׁרֶעק צוּזָאגֶען — אוּנ עֶפִּים אַ שְׁמֵייכֶעל גֶעטָאן צוּפְרִידֶען, וְוִיא אִיךְ וָואלְט פוּן מִיר אַ שְׁוֶוערֶע מַשָׂא אַרָאפְּגֶעוָוארְפֶען.

דִיא אַלְטֶע, דָאס אִיז גֶעוֶוען לְעֵת-עַתָּה דֶער צְווֵייטֶער קָרְבָּן, וָואס אִיז דוּרְךְ מִיר גֶעפַאלֶען. שְׁפֶּעטֶער אַבִּיסִיל הָאט בֶּעדַארְפְט גֶעהְן נַאנְג אוֹיךְ דֶער דְרִיטֶער קָרְבָּן — דִיא דַארֶע, אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְטֶע שֵׁיינְדֶעלֶע!......

---

## יז.

מִיר אִיז דֶערְנָאךְ שְׁטַארְק נִבְאָס גֶעוָוארֶען צוּזִיצֶען אִין דֶער הֵיים מִיט פַּארְלֵיינְטֶע הֶענְד אוּנ לָאזֶען שִׁימְלֶען דִיא גוּטֶע מַתָּנָה, דָאס שְׁטַארְקֶע נֶעפִיהְל פוּן אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע, וָואס אִיךְ הָאבּ אִין מִיר גֶעהַאט אֵיין עֲבֵרָה חְלֶעבִּין, אַז אַזַא גֶעפִיהְל זָאל פַארְפַאלֶען וֶוערֶען, אַזַא טוּטִיג

מתנה זאל פוילען, ווערען א לעגער סחורה, אין דער צייט אז איך בין נאך יונג מיט אלע קרעפטען אונ וואלט דערמיט געקענט מאכען דאס בעסטע געשעפט, געהן אין גאלד! איז דען נאר, האב איך געטראכט, איין צוויאטשיק, א וועלט אונ ווייטער איז שוין מעהר נישטא קיין אנדערע שטעדט מיט יודען, וואו מיין סחורה זאל האבען איין אפגאנג? — דיא וועלט ברוך השם איז גרוים. עס זענין דא נאך יודישע שטעדט, יודען זענין אומעטום יודען, מיט איין טבע, מיט איין כאראקטער אונ יודישע גבירים זענין אויך דא אהן עין־הרע וויא מיסט, וואס לאזען זיך מסתמא נעהמען אויף דער ארענדע אונ וואס מען קען מיט זייא מאכען דיא שפיל! צו וואס־זשע זאל איך פארוויסטען מיין לעבען, פוילען דא אין דער היים ביז איך וועל אויפעסען מיין ביסיל געלד אונ ליידען דערנאך דחקות, צרות אונ לייד וויא א מאל, וואס אז איך דערמאהן מיך נאך אצינד ציטערט אויף מיר דיא הויט אונ עס שטעלען זיך מיר קאפויר דיא האר? ניין, מען טאהר דא מעהר אזוי נישט בלייבען! כל זמן איך בין נאך יונג אונ האב נאך שיינע עטליכע גילדען מוז איך פרובירען דאס גליק אונ אויף מזל זיך אוועקלאזען.

זייא געזונט! האב איך אין איין שיינעם מארגען געזאגט גאלדען, וואס איז דעמאלט געוועזען מעוברת, אונ בין אוועק אין דער וועלט אריין.

גלופסק איז דער בעסטער פלאטץ, וואס איז מיר באלד געפעלען, זיא איז א גרויסע יודישע שטאדט מיט א סך נאראנים, וואס לאזען זיך פיהרען בייא דיא נעז פון איטליכען בעזונדער אונ איטליכער טראגט נאך דיא נאז זיינע אנטקעגען, שטופט זיך מיט איהר פאראויס, בכדי מען זאל זיא אננעהמען בייא איהם צום ערשטען, ווייל ער מיינט, אז לאזען זיך פיהרען בייא דער נאז איז א חיוב, א יודישע זאך, וואס אנדערש קען עס גאר נישט זיין. גלופסק איז א שטאדט מיט זעהר פיל חברות, מיט אלערהאנד גבאים, מיט אלע מיני כלי קדש אונ מיט אלערלייא שיינע יודען, אונ גאט, וואס ער שפייזט פון דיא גרויסע בעשעפעניש, וויא דיא געהערנערטע בופלאקען ביז דיא אייער פון דיא כנים, שיקט דארט דיא דאזיגע מיני בעשעפעניש אויך צו זייער פרנסה בכבוד. קורץ, גלופסק איז מיר באלד טאקי זעהר געפעלען, אקוראט וויא געוואונשען, זיא איז פאר מיר געוועזען דאס, וואס א שטעהנדיגע זומפיגע בלאטע איז פאר א זשאבע, וואו זיא קען זיך קוואקען אונ צופיהרען אביסיל דיא הענד. דעמאלט בין איך אלט געוועזען א יאהר דרייא, פיער אונ אפשר פינף, זעקס, זיבען אונ צוואנציג. איך האב מיינע יאהרען נישט געצעהלט אונ נישט געוואוסט ווען איך

בִּין גֶעבּוֹירֶען גֶעוָוארֶען , וָוארִים צוּ-וָואס הָאט עֶס מִיר גֶעטוֹיגְט וִויסֶען ?) , גֶעלְד הָאבּ אִיךְ בַּייא מִיר גֶעהַאט אוּנ דַארִיבֶּער אִיז מִיר גְרִינְג גֶעוֶועזֶען בֶּעקַאנְט צוּ-וֶוערֶען מִיט דִיא גְלוּפְּסֶקֶער פַּיינֶע בְּרִיּוֹת . אִיךְ פְּלֶעג תְּחִלַּת זָאגֶען קְלָאמְפֶּערְשְׁט אַז אִיךְ טְרַאכְט דָא מַאכֶען עֶפִּים אַ גֶעשֶׁעפְט , אָבֶּער אִין אֱמֶת אַרַיין הָאבּ אִיךְ גָאר אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אוֹיף מַיין אַרֶענְדֶע , וָוארוּם חוּץ דֶער אַרֶענְדֶע הָאבּ אִיךְ גֶעטוֹיגְט אוֹיף סִים סָאט כַּפָּרוֹת . מַיין גַאנְצֶע כַּוָּנָה אִיז גֶעוֶועזֶען צוּנֶעהְמֶען דָארְט דֶעם גְרֶעסְטֶען גְבִיר אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע אוּנ מַאכֶען מִיט אִיהְם דִיא קָאמֶעדְיֶע וִויא ר׳ אִיסֶר וַוארְגֶער אַ מָאל מִיט זַיין גְבִיר . וִויא אִיהְר וֵוייסְט דָאךְ אִיז דֶער גְלוּפְּסֶקֶער גְבִיר בַּייא זִיךְ זֶעהְר פְּרָאסְט , עֶר הָאט לִיבּ זִיךְ אָפְּצוּגֶעבֶּען מִיט אַלֶע נַארֶעשְׁקַייטֶען אוּנ צוּ-וִויסֶען אַלְכְּדִינְג וָואס קָאכְט זִיךְ בַּייא אִיטְלִיכֶען אִין טָאפּ . אוּנ דָאס אִיז דָאךְ פַּאר מִיר גֶעוֶועזֶען טַאקִי אַזוֹי וִויא אָנְגֶעמָאסְטֶען , אַזֶעלְכֶען וִויא עֶר הָאבּ אִיךְ דָאךְ טַאקִי וִויא אִין לֶעבֶּען אַרַיין בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען . נָאר וִויא אַזוֹי אָבֶּער קוּמְט מֶען צוּ אִיהְם ? וִויא אַזוֹי דֶערְטַאפְּט מֶען אִיהְם אִין דִיא הֶענְד אַרַיין אוּנ מֶען מַאכְט פוּן אִיהְם אַ בֶּער ? דֶערְצוּ , הָאבּ אִיךְ אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן , קֶען מֶען אַנְדֶערְשׁ נִישְׁט קוּמֶען סַיידֶען צוּ-וֶוערֶען אַיין עֶכְטֶער גְלוּפְּסֶקֶער תּוֹשָׁב , אַרַיינְצוּדְרֶעהְן זִיךְ וִויא אַיין אַייגֶענֶער צְוִוישְׁין גְלוּפְּסֶקֶער כְּלֵי-קֹדֶשׁ אוּנ וֶוערֶען מִיט זֵייא פַארְקְנִיפְּט אוּנ פַארְבּוּנְדֶען . אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִכֹּחַ דֶעם שְׁטַארְק צוּטְרַאכְטֶען .

דֶערְוַוייל אִיז אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען אַ הִיבְּשֶׁע צַייט אוּנ אִיךְ בִּין מִיט דֶעם פְּלַאטְץ אַלְץ וָואס וַוייטֶער מֶעהְר בֶּעקַאנְט גֶעוָוארֶען . שַׁדְכָנִים הָאבֶּען מִיךְ נִישְׁט גֶעלָאזְט רוּהֶען אוּנ אַרוּם מִיר זִיךְ גֶעדְרֶעהְט וִויא דִיא בִּינֶען . זֵייא אִיז גֶעפֶעלֶען גֶעוֶועזֶען , אַז אִיךְ בִּין אַיין אַלְמָן , פוּן וַואנֶען זֵייא הָאבֶּען דָאס גֶענוּמֶען וֵוייס אִיךְ אַלֵיין נִישְׁט , פַּאר זֵייא אִיז גֶענוּג גֶעוֶועזֶען דָאס אַלֵיין , וָואס אִיךְ בִּין אַ מַאנְסְבִּיל אוּנ זִיטְץ אַ צַייט אָהְן אַ וַוייבּ , מִסְתָּמָא בֶּעדַארְף אִיךְ אוּנ וִויל חֲתוּנָה הָאבֶּען , אַנְדֶערְשׁ הָאט זֵייא זִיךְ גָאר נִישְׁט גֶעלֵייגְט אִין קָאפּ . דֶערִיבֶּער פְּלֶעגֶען זֵייא מִיךְ בֶּעפַאלֶען וִויא דִיא הֵיישְׁרֶעקֶען אוּנ מִיר אָנְשְׁלָאגֶען שִׁידוּכִים . אִיךְ פְּלֶעג זֵייא צוּהֶערֶען תָּמִיד מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל אוּנ בַּייא מִיר טְרַאכְטֶען , וָואס אַרְט עֶס מִיךְ , לָאזֶען זֵייא זִיךְ רֵיידֶען , ס׳אִיז דָאךְ דֶערְוַוייל גְלַאט גוּט , אַ פַארְגְנִיגֶען צוּשְׁמִיעֶסֶען פוּן כַּלּוֹת , צוּפַארְבְּרֵיינְגֶען דִיא צַייט אִין אַ שְׁמִיעֶס אִיבֶּער שֵׁיינֶע מֵיידְלִיךְ אוּנ נָאךְ דַוְקָא מִיט עֶהְרְלִיכֶע יוּדֶען , וָואס שְׁטֶעלֶען אַרוֹיס זֵייעֶר שֵׁיינְקַייט , זֵייעֶר פַיינְקַייט , וָואס לוֹיבֶּען אָפּ אִין טָאג אַרַיין זֵייעֶרֶע מַעֲלוֹת אוּנ לֶעקֶען פוּן זֵייא דִיא פִינְגֶער מִיט גְרוֹיס חֵשֶׁק אוּנ הִתְלַהֲבוּת . מְהֵיכָא תֵּיתֵי , הָאבּ אִיךְ גֶעטְרַאכְט , לָאזֶען יוּדֶען זִיךְ רֵיידֶען , אֲפִילוּ צוּזֶעטְצְטֶערְהֵייט , וֶועמֶען קֶען עֶס אַרֶען ? . . . דִיא שַׁדְכָנִים הָאבֶּען

דיע־ווייל

דֶערְוַוייל מִיךְ צוּטְרָאגֶען אוֹיף טֶעלֶערְלִיךְ אוּנ מִיט זַייעֶרע רֵייד מִיךְ אַרַיינְגֶעבְּרַאכְט אִין אַ גוּטֶען שֵׁם בַּייא דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאדְט, אַז אִיךְ בִּין שְׁטַארְק רַייךְ, אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט גֶעלְד, אַ יַחְסָן, אַ קְלוּגֶער, אַ בְּרִיָה אַ מֶענְשׁ, אִיךְ זִינְג גָאר מְחַיֶה, דֶערְצוּ בִּין אִיךְ נָאךְ אַ דִימֶענְט, אָהְן אַ גַאל, מִיט אַ יוּדֶעשׁ הַארְץ אוּנ מִיט גִילְדֶענֶע מַעֲלוֹת. — גַאנְץ גוּט, הָאבּ אִיךְ מִיר גֶעטְרַאכְט, רֶעדְט, רֶעדְט יוּדִישֶׁע קִינְדֶער, נַאט אַייךְ אַ טְרוּנְק בְּרַאנְפֶען אוּנ רֶעדְט וִויא וַוייט אִיהְר קֶענְט!... אֵיינֶער פוּן דִיא שַׁדְכָנִים הָאט מִיר צוּלֶעצְט אָנְגֶעשְׁלָאגֶען אַ שִׁידוּךְ, דַוְקָא נִישְׁט מִיט קֵיין גֶעלְד אָבֶער מִיט אַ גְרוֹיסֶען פַיינֶע בְּרִיָה, מִיט אַ בֶּערִיהְמְטֶען יַחְסָן, אֵיינֶער אִין דֶער וֶועלְט.

דֶער גְרוֹיסֶער פַיינֶע בְּרִיָה, מִיט וֶועלְכֶען מֶען הָאט מִיר גֶערֶעדְט, הָאט גֶעהֵייסֶען מִיט אַפִּיערְגָארֶענְדִיגֶען נָאמֶען: ר׳ יוֹסֵף מַארְקִיל ר׳ מָאנִישׁ לֵיבֶּעלֶעס. עֶר אִיז גֶעוֶוען אַיינְגֶעטוּנְקְט אִין גָאלֶע יִחוּס, גֶעשְׁטַאמְט פוּנֶם פַארְצַייטִיגֶען גְלוּפְּסֶקֶער רֶבִּי׳ס גֶעזִינְד, כָּל יָמָיו הָאט עֶר קֵיין הַאנְד אִין קַאלְט וַואסֶר נִישְׁט אַרַיינְגֶעטָאן נָאר פוּן דֶעם יִחוּס זַיינֶעם תָּמִיד זֶעהְר שֵׁיין גֶעלֶעבְּט אוּנ אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען קִינְדֶער. גָאט הָאט אִיהְם גֶעבֶּענְטְשְׁט מִיט אַ סַךְ דַארֶע, שְׁוַוארְצֶע, מִיאוּסֶע מֵיידְלִיךְ, צוּ אַלֶע מַעֲלוֹת נָאךְ גְרוֹיסֶע שְׁלִימְמַזַאלְנִיצֶעס, נָאר עֶר הָאט זֵייא אַלֶע אוֹיסְגֶעבְּרַאכְט, וִויא מֶען זָאגְט, אוֹיפִין לוֹיט. גְרוֹיסֶע נְגִידִים וִויא אַ שְׁטֵייגֶער אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶע מְשָׁרְתִים, פְּלוּצְלִים רַייךְ גֶעוָוארֶענֶע קְלֵיינֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ, פְּלֶעגֶען פָּשׁוּט אוֹיסְגֶעהְן מִיט ר׳ יוֹסֵף מַארְקִיל ר׳ מָאנִישׁ לֵיבֶּעלֶעס זִיךְ מְשַׁדֵךְ צוּזַיין אוּנ זִיךְ אַיינְקוֹיפֶען דוּרְכְדֶעם אִין יִחוּס. קוֹים הָאט זַיינֶע אַ טָאכְטֶער דֶערְלֶעבְּט אַלְט צוּ-וֶוערֶען פֶּערְצֶעהְן, פוּפְצֶעהְן יָאהְר הָאט זִיךְ שׁוֹין גֶעפוּנֶען אוֹיף אִיהְר אַ בַּעלְן, וָואס עֶר אִיז גֶעשְׁווינְד פַארְלָאפֶען אַנְדֶערֶע דֶעם וֶועג, אַרוֹיסְגֶעחַאפְּט דִיא טְהַייֶערֶע מְצִיאָה פוּן זַיינֶע הֶענְד אוּנ נָאךְ אִיהְם גֶעגֶעבֶּען אִין בַּייטִיל אַרַיין. דָאס מֵיידֶעל וֶועלְכֶע מֶען הָאט מִיר גֶערֶעדְט אִיז נָאךְ גֶעוֶוען שְׁוַוארְצֶער, מִיאוּסֶער פוּן אִיהְרֶע אַלֶע אִיבֶּערִיגֶע שְׁוֶועסְטֶער, מִיט אַיין אוֹיסְגֶעוֵוייקְט פָּנִימֶעל, קְלֵיין, דַאר וִויא אַ גְרוֹגֶרֶת דר׳ צָדוֹק, דָאס הֵייסְט, וִויא ר׳ צָדוֹקְס אַיין אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְטֶע פַייג. אִין פַארְגְלַייךְ מִיט גָאלְדֶען הָאט זִיא אַ פָּנִים גֶעהַאט וִויא אַ מַאלְפֶּע אַקֶעגֶען אַ מֶענְשֶׁען. דֶער שַׁדְכָן אָבֶער הָאט אִין אִיהְר קֵיין שׁוּם חִסָרוֹן נִישְׁט גֶעפוּנֶען, בַּייא אִיהְם אִין דִיא אוֹיגֶען הָאט זִיא גֶעהַאט דֶעם יוּדִישֶׁען חֵן. מֵילָא, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַז זִיא אִיז אַבִּיסִיל טוּנְקֶעל, אָדֶער וֵוייס אִיךְ נָאךְ וָואס אַזוֹינְס, נוּא מֵילָא וָואס מַאכְט עֶס אוֹיס? וֶוער קוּקְט אוֹיף אַזֶעלְכֶע נַארֶעשְׁקַייטֶען אוּנ וֶועמֶען בֶּעדַארְפֶען אַזֶעלְכֶע קְלֵיינִיגְקַייטֶען אָנְגֶעהְן? מֵילָא וָואס מַאכְט עֶס אַ יוּדֶען אוֹיס שְׁוַוארְצְלִיךְ צוּ וַוייסְלִיךְ

אביסיל

אַבִּיסִיל, אַלְץ אֵיינְס חָלֶעבְּין! דֶער עִיקָר אִיז דָאךְ דֶער קֶרֶן אַלֵיין, אָט אוֹיף וָואס מֶען בֶּעדַארְף קוּקֶען. אוּנ אוֹיב דֶער קֶרֶן, וָואס אִיךְ גִיבּ אַייךְ דָא פִיר אִיז גוּט, דָאס, דַאכְט זִיךְ, קֶען אַ בְּלִינְדֶער אֶפִילוּ אוֹיךְ אֶנְטַאפֶּען. עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעלַאכְט פוּן דֶעם שַׁדְכוֹנ'ס דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער, פוּנ-דֶעסְטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ הֲנָאָה גֶעהַאט אִיהְם צוּהֶערֶען אוּנ דֶער שִׁידוּךְ אִיז מִיר אַלְץ וָואס וַוייטֶער מֶעהְר אִין קָאפּ אַרַיין. עֶס הָאבֶּען מִיר זִיךְ גֶעעֶפֶּענְט דִיא אוֹיגֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ דֶערְזֶעהְן, אַז דֶער אֵיינְצִיגֶער וֶועג, אוֹיף וֶועלְכֶען אִיךְ קֶען קוּמֶען צוּ מַיין אַרֶענְדֶע אוּנ מַאכֶען אַ גְלִיק אִיז טַאקִי נָאר דוּרְךְ אַזַא מִין שִׁידוּךְ. ר' יוֹסֵף מַארְקִיל ר' מָאנִישׁ לֵיבֶּעלֶעס אִיז דָאךְ אַ כְּלֵי-קֹדֶשׁ, אַ שְׁטִיקֶעל קָאבְּלֶעפֶּעל אַ גַבַּאי אִין אַ סַךְ חֶבְרוֹת אוּנ אִיז זֶעהְר אַיינְגֶעזֶעהְן בַּייא דֶעם גְבִיר וָואס לֵייגְט אוֹיף אִיהְם גְרוֹיס כָּבוֹד אוּנ הַאלְט זִיךְ מִיט אִיהְם עֵצוֹת מִכֹּחַ יוּדִישֶׁע זַאכֶען, הַיינְט אַז אִיךְ זָאל וֶוערֶען זַיינֶער אַיין אֵיידֶעם וָואלְט אִיךְ דָאךְ גֶעוָוארֶען זֶעהְר גְרִינְג דֶעם גְבִירְס נְשָׁמָה, עֶר וָואלְט דָאךְ בַּייא מִיר גֶעטַאנְצְט גָאר אַ וואוּנְדֶער, אִיךְ וָואלְט גֶעהַאט שֶׁפַע, אַרַיין אִין דִיא גְרוֹיסֶע אֲלָפִים אוּנ גֶעלֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ נָאךְ אַ סַךְ בֶּעסֶער וִויא אִיךְ הָאבּ מִיר אַ מָאל פִירְגֶעשְׁטֶעלְט! נָאר אַי וָואס דֶער קֶרֶן? זִיא אִיז דָאךְ מִיאוּס? נוּא מֵילָא בְּאֶמֶת טַאקִי וָואס מַאכְט עֶס אוֹיס! נוּא אַז גָאלְדֶע אִיז שׁוֹין אַ שֵׁיינֶע, מֵילָא וָואס-זָשֶׁע קוּמְט מִיר פוּן אִיהְר שֵׁיינְקַייט אַרוֹיס? אַלְסְדִינְג אִיז גוּט מִיט בְּרוֹיט... אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאהְנְט אִין גָאלְדֶען אוּנ גֶעהַאט גְרוֹיסֶע צָרוֹת, וָואס זִיא הַיינְט מִיר וִויא אַ קָאלְטֶען אוּנ אִיז אוֹיסֶען אוֹיף מַיין נְשָׁמָה. אִיךְ הָאבּ זִיא אִין הַארְצֶען גֶעשָׁאלְטֶען אוּנ גֶעטְרַאכְט וִויא מֶען וֶוערְד אִיהְרֶער פָּטוּר. דֶער שַׁדְכָן הָאט דֶערְוַוייל טַאקִי גֶעטָאן זַיינְס, מִיר אַלְץ גֶעפִּיקְט, גֶעפִּיקְט דֶעם קָאפּ אוּנ גֶעזָאגְט, אַז בְּאָם אִיךְ וֶועל מִיךְ נִישְׁט אֵיילֶען וֶועט אוּנְטֶערְשְׁפְּרִינְגֶען אַיין אַנְדֶער בֶּעלְן אוּנ וֶועט אוֹיסְחַאפֶּען אַזַא גְלִיק, אַזַא כְּשֵׁרֶע מְצִיאָה בַּייא מִיר פוּן דִיא הֶענְד. עֶס וֶועט מִיר דֶערְנָאךְ מְשׁוּנֶה בַּאנְג טָאן. אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֵיידֶען אוּנ דֶער שַׁדְכָן הָאט וִויא אַ בְּרִיָה מִיךְ פְּלוּצְלִים צוּנוֹיפְגֶעפִיהְרְט מִיט ר' יוֹסֵף מַארְקִיל ר' מָאנִישׁ לֵיבֶּעלֶעס, פַאר וֶועלְכֶען עֶר הָאט אָנְגֶעזָאגְט אוֹיף מִיר הָרִים וּגְבָעוֹת אוּנ אוֹיסְדֶערְצֶעהְלְט שְׁבָחִים נָאךְ מֶעהְר וִויא אוֹיף אַ יוּדֶענְס אַ מַצֵבָה. אַלְץ גוּט, אַלְץ שֵׁיין, נָאר דֶער עִיקָר וָואס דֶער מְחוּתָּן הָאט גֶעפְּרֶעגְט אִיז גֶעוֶוען, אִיךְ זָאל נִישְׁט הָאבֶּען פוּנֶם עֶרְשְׁטִין וַוייבּ קֵיין קִינְדֶער. פְרֶעמְדֶע קִינְדֶער אָנְהֵייבֶּען זַיין טַאכְטֶער הָאט עֶר נִישְׁט גֶעוָואלְט בְּשׁוּם אוֹפֶן. אִיךְ הָאבּ אִיהְם פַארְזִיכֶערְט אַז אִיךְ הָאבּ נִישְׁט קֵיין קִינְדֶער, דֶער שַׁדְכָן הָאט אִיהְם פוּן זַיין צַייט אוֹיךְ וֶועגֶען דֶעם בֶּערוּהִיגְט אוּנ אִיהְם גֶעשְׁוָוארֶען בַּייא זַיינֶע

הייליגע

הֵיילִיגֶע נֶאֱמָנוֹת אִי בֵּייא זַיין חֵלֶק עוֹלָם הַבָּא וּכְדוֹמֶה נָאךְ אַזֶעלְכֶע מִינֵי שְׁבוּעוֹת. מִיר הָאבֶּען לְמַזָל גֶעמַאכְט אַ תְּקִיעַת-כַּף אוּנ אָפְּגֶעלֵייגְט דִיא תְּנָאִים אִין אַ קוּרְצֶער צַייט שְׁפֶּעטֶער. אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעשְׁמַאק גֶענוּמֶען פְּרַאבְּטֶען צוּגֶעפִּיגֶען עֶפִּים אַ מִיטֶעל, וִויא אִיךְ זָאל דֶערְוַוייל אִין דֶער דָאזִיגֶער צַייט לוּיז וֶוערֶען פוּן גָאלְדֶען, שַׁא, שְׁטִיל, קֵיין הָאהָן זָאל נִישְׁט קְרֶעהֶן.

אַקֶעגֶען אַ דְרַייא וָואכֶען נָאךְ דֶעם תְּקִיעַת-כַּף אִיז אִין צְוִויאַטְשִׁיךְ אָוֶוענְט-צַייט אַרַיינְגֶעפָאהְרֶען אַ בּוּיד אוּנ זִיךְ אָפְּגֶעשְׁטֶעלְט לֶעבִּין גָאלְדֶעס שְׁטוּבּ. אַ קַאלְטֶע אֶלוּלְדִיגֶע לוּפְט הָאט גֶעוֶועהְט אוּנ אַרָאפְּגֶעבְּלָאזֶען פוּן אַ טְהֵייל בֵּיימֶער דִיא גֶעלֶע בְּלֶעטְלִיךְ, וָואס הָאבֶּען לִיגֶענְדִיג אוֹיף דֶער עֶרְד זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייט גֶעשׁוּשְׁקֶעט צְוִוישֶׁין זִיךְ עֶפִּים זֶעהְר אוּמֶעטִיג אוּנ אָנְגֶעמַאכְט אוֹיפִין הַארְץ אַ מָרָה-שְׁחוֹרָה. פוּנֶם בּוּיד אִיז אַרוֹיסְגֶעקְרָאכֶען אַ מֶענְשׁ, וָואס אִיז פַּאמֶעלִיךְ צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער טְהִיר אוּנ גֶעבְּלִיבֶּען דָארְט אַבִּיסִיל שְׁטֶעהְן מִיט אַזַא מִינֶע, גְלַייךְ וִויא אִיהְם וָואלְט עֶפִּים פְּרִיקְרֶע גֶעוֶוען אָנְצוּנֶעהְמֶען בֵּייא דֶער קְלַיאמְקֶע. דֶער דָאזִיגֶער פָּארְשׁוֹין אִיז גֶעוֶוען טַאקִי אִיךְ מִיט מַיין כָּבוֹד אַלֵיין. בַּיים אַרַיינְקוּמֶען אִין שְׁטוּבּ הָאט מִיר אַ קְלַאפּ גֶעטָאן אִין הַארְץ אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבֶּען שְׁטֶעהְן לֶעבִּין דֶער טְהִיר אָהְן לָשׁוֹן. גָאלְדֶע אִיז אֵיינֶע אַלֵיין גֶעזֶעסֶען אוֹיף דֶער עֶרְד אִין אַ ווִינְקֶעל, אָנְגֶעשְׁפַּארְט דֶעם קָאפּ מִיט דֶעם פָּנִים אַרָאפּ אוֹיף אַ בֵּיינְקֶעל, גְלַייךְ וִויא זִיא הָאט גֶעדְרֶעמֶעלְט אוּנ נִישְׁט בֶּעמֶערְקְט וִויא אִיךְ בִּין אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען. אוֹיפְן פֶּענְסְטֶער הָאט מִיט אַרוֹיטֶען פְלַאם גֶעבְּרֶענְט אַ חֲלֶבְדִיג לֶעכְטִיל, לֶעבִּין אִיהְם אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַ גְלָאז וַואסֶער מִיט אַ שְׁטִיקֶעל לַיינְוֶוענְט. אִיךְ הָאבּ בַּאלְד פַארְשְׁטַאנֶען וָואס דָאס אַלְסְדִינְג בֶּעטַייט אוּנ אִין מִיר הָאבֶּען גֶעקָאכְט פַארְשִׁידֶענֶע גֶעפִיהְלֶען. אִיךְ הָאבּ מִיךְ דֶערְמָאהְנְט אִין מַיין עֶרְשְׁטֶען אַרַיינְקוּמֶען אַהֶער, וִויא פְּרֶעהְלִיךְ, וִויא שֵׁיין דָא הָאט דֶענְסְמָאל אַלְסְדִינְג אוֹיסְגֶעזֶעהְן, וִויא שְׁטַארְק צוּפְרִידֶען הָאט דָא אַ מָאל זִיךְ גֶעלֶעבְּט אַיין אָרְמֶע פַאמִילְיֶע, אַלֶע הָאבֶּען זִיךְ לִיבּ גֶעהַאט, הָאבֶּען גֶעהַאט גוּטֶע הָאפְנוּנְגֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער אוּנ גֶעלֶעבְּט מִיט דֶער הָאפְנוּנְג דֶערְוַוייל זֶעהְר גְלִיקְלִיךְ, פְּלוּצְלִים הָאבּ אִיךְ מִיךְ אַהֶער אַרַיינְגֶעחַאפְּט וִויא אַ קַאטְץ אִין אַ נֶעסְט פוּן גְלִיקְלִיכֶע, צוּפְרִידֶענֶע טוֹיבֶּען אוּנ הָאבּ פוּן אִיטְלִיכֶען גֶעמַאכְט אַיין עֶק. מִיכִיל אִיז עֶרְגִיץ פַארְוָואגֶעלְט, דִיא אַלְטֶע מוּטֶער אוּנ שֵׁיינְדֶעלֶען הָאבּ אִיךְ גֶעטְרִיבֶּען אִין דֶער עֶרְד אַרַיין אוּנ אַצִינְד וִויל אִיךְ אִין גַאנְצֶען אוֹיךְ עֶקֶען מִיט גָאלְדֶען, פַארְוִויסְטֶען אִיהְר אוֹיף אֵייבִּיג דָאס לֶעבֶּען...

אִיךְ הָאבּ גֶעטְאן אַ טְרִיט וַוייטֶער. גָאלְדֶע הָאט וִויא פוּן שְׁלָאף זִיךְ אוֹיפְגֶעחַאפְּט אוּנ מִיךְ אָנְגֶעקוּקְט אַ רֶגַע, עֶפִּים וִויא צוּמִישְׁט. מִיט אִיהְר

בלייד

בְּגְלֵייךְ פָּנִים, אוֹיף וועלְכֶען ס'איז געלעגען אוֹיסגעדרוּקט דיא גְרוֹיסֶע צָרוֹת, וואס זיא איז אויסגעשטאנען, אִי מִיט אִיהרֶע רוֹיטֶע פַאר־שְׁוואָלֶענֶע אויגען, אין וועלכֶע עס האט זיך אָפּגעשפּיגעלְט אִיהר פִינצְטֶער געמִיטְה, האט זיא אין מִיר אוֹיף אַ ווייטֶע דער וועקט אַ מֶענשְׁלִיךְ געפִיהְל פוּן רַחֲמָנוֹת אוּנ אִיךְ האב נִישְׁט ווילענדיג אַ זָאג געטָאן: וואס מאכסט-דוּא גאלדֶע? — אַ טְהַייעֶרֶער גאסט חָלֶעבִּין! האט גאלדֶע מִיט אַ טִיפֶען זִיפְץ זִיךְ אָנגעגְרוּפֶען אוּנ אַוועקגעקעהרט דעם קאפּ, נאךְ אַזאַ לאנגֶע צַייט שְׁווייגען האט ער זיךְ פַארְט דערמאנְט אוּנ אִיז געקוּמֶען מְנַחֵם-אָבֵל-זַיין דעם ווייב! אָט וואס אִיךְ מאךְ. שִׁבְעָה זִיטְץ אִיךְ... אַךְ, שֵׁיינדעלע, שֵׁיינדעלע!... זיא האט עס געזאגט אַזאַ טְרוֹיעֶרְדִיג, אַז עס האט געקענט רִיהרֶען אֲפִילוּ אַ שְׁטֵיין. גאלדֶע! האב אִיךְ ווייטֶער אַ זָאג געטָאן, געמאכט עפּיס מִיט דער צוּנג אוּנ אַלֵיין נִישְׁט געוואוּסְט וואס אִיךְ רֶעדְט. — ווייסְט אוּנ פִינצְטֶער איז מִיר דאס לֶעבֶען, האט גאלְדֶע גערעדְט ווִיא צוּ זִיךְ אַלֵיין, אִיךְ וואלְט מִיר בֶּעסֶער געוואוּנְשֶׁען דעם טוֹיט וועֶן נִישְׁט ער... קוּם, האט גאלְדֶע אוֹיפְ־שְׁטֶעהֶענדִיג פוּן דער עֶרְד געזאגְט שׁוֹין ווייבֶער אַבִּיסִיל, מִיךְ אַרַיינְ־געפִיהרט בַּייא דער האנְד אין סְפַּאלְנִיֶע אוּנְטֶער דִיא וועֶנְטְלִיךְ אוּנ אִיז מִיט מִיר צוּגעגאנגֶען דארְט צוּ אַ ווִיגעלֶע, וואס אִינוועֶניג אִיז געלעגען אַ שְׁלָאפֶענדִיג קִינְד מִיט בֵּיידֶע צוּגעמאכְטֶע הענְטְלִיךְ אוֹיפֶן מַיילְכֶען אוּנ אַ זִיס שְׁמֵייכֶעלֶע אִיז אִיהם צַייטֶענְווייס אִיבֶּערגעפְלוֹיגען אִיבֶּער זַיין פֶּנִימֶעל. אָט צוּלִיבּ וועֶמֶען אִיךְ וויל לֶעבֶּען, האט גאלְדֶע געזאגְט אָנְווייזֶענְדִיג מִיר אוֹיף דעם קִינְד אוּנ דאס פָּנִים אִיז אִיהר דערְבַּייא געוואָרֶען לֶעבֶּעדִיגֶער פְרֶעהְלִיכֶער. דאס קִינד האט פְּלוּצְלִים געעֶפֶענְט דִיא אֵייגלִיךְ · זִיךְ גענוּמֶען זוֹיגען אַ פִינְגֶער, געבֶּעבֶּעט אוּנ געמאכְט קִינְדֶערְשֶׁע אָנְשְׁטֶעלֶען. דִיא מאמֶע האט גאר אָנגעקְוואָלֶען אוּנ פַארְ־געסֶען אין דער מִינוּט אִיהרֶע בִּיטֶערֶע צָרוֹת, גְלַייךְ ווִיא זִיא אַלֵיין אִיז געוואָרֶען אַ קִינְד. קוּק נָאר, זוּהְן, האט זִיא אוֹיף קִינְדֶערְשׁ געֶרֶעדְט צוּם קִינְד, קוּק נָאר וועֶר דָא שְׁטֶעהְט. טְיַא-טְיַא! מִיט לִיבּ דִיר דַיין נאסְט! אָט אִיז דַיין טְיַא-טְיַא, טְיַא-טְיַא!... עס האט אין מִיר פְּלוּצְלִים אָנגעהוֹיבֶּען צוּזִידֶען דאס בְּלוּט, אִיךְ האב דאךְ דעם מְחוּתָּן געגעבֶּען אַ וואָרְט, אַז אִיךְ האב נִישְׁט קֵיין קִינְד אוּנ אַצִינְד זֶעה אִיךְ נאר לִיגְט פאר מִיר דָא אַ קַדִישׁ, וואס טוֹיג מִיר כְּלַל נִישְׁט צוּם עֵסֶק. דאס געפִיהְל פוּן רַחֲמָנוֹת אִיז אין מִיר בַּאלְד אוֹיסגעלָאשֶׁען געוואָרֶען, אִיךְ בִּין געשְׁטאנֶען אָנגעלאָדֶען מִיט אַ בְּרוּגְזְדִיג פָּנִים אוּנ אָנגעקוּקט בַּייז דאס אוּמְגְלִיקְלִיכֶע קִינְד געבִּיךְ, וואס האט אָנגעהוֹיבֶּען צוּמאכֶען פִיסְקְלִיךְ אוּנ זִיךְ שְׁטארְק צוּשְׁרַייגען אַוועקְ-קֶערֶענְדִיג פוּן מִיר דאס קֶעפִּיל.

שַׁא , שַׁא ! הָאט גָאלְדֶע צוּ אִיהְם גֶעמַאכְט , שַׁא נַארֶעלֶע , וָואס הָאסְט דוּא אַזוֹי מוֹרָא פַאר דַיין טַאטֶען ? אוּנ בְּשַׁעַת זִיא הָאט זִיךְ אָנְגֶעבֵּייגֶען צוּם קִינְד הָאבּ אִיךְ אַרוֹיסְגֶענוּמֶען פוּן דֶער בּוּזֶעם-קֶעשֶׁענְיֶע אַ גֶעשְׁרִיפְטְס אוּנ הָאבּ עֶס גֶעשְׁווִינְד אַרַיינְגֶעוָוארְפֶען אִיהְר אִין דִיא הֶענְט אַרַיין מִיט דִיא וֶוערְטֶער:אָט הָאסְט-דוּא דִיר פוּן מִיר אַ גֶט ! . . . . גָאלְדֶע אִיז גֶעבְּלִיבֶּען שְׁרֶעקְלִיךְ צוּמִישְׁט גְלַייךְ וִויא מֶען וָואלְט אִיהְר מִיט אַ דוּבְּנֶע גֶעגֶעבֶּען אִין קָאפּ , זִיא הָאט אוֹיסְגֶעגְלָאצְט אַ פָּאר גְלֶעזֶערְנֶע אוֹיגֶען אוּנ גֶעקוּקְט נִישְׁט צוּרֵיידֶען אַ וָוארְט . הֶער נָאר אוֹיס גָאלְדֶע ! הָאבּ אִיךְ צוּ אִיהְר גֶעזָאגְט , וִויא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז , דוּא בִּיסְט שׁוֹין מֶעהְר נִישְׁט מַיין וַוייבּ , מִיר גֶעהֶערֶען זִיךְ שׁוֹין בֵּיידֶע נִישְׁט מֶעהְר אָן . נָאר אַז דוּא וֶועסְט קַיין נַאר נִישְׁט זַיין , נִישְׁט מַאכֶען דֶערְפוּן קַיין רַעַשׁ אוּנ הַאלְטֶען בַּייא זִיךְ דָאס קִינְד וֶועל אִיךְ דִיךְ מִסְתָּמָא נִישְׁט פַארְלָאזֶען אוּנ וֶועל דִיר צַייטֶענְ־וַוייס צוּשִׁיקֶען עֶפִּיס גֶעלְד . בַּייא דִיא דָאזִיגֶע רֵייד מַיינֶע הָאט גָאלְדֶע אוֹיסְגֶעשָׁאסֶען עֶפִּיס מִיט אַ מְשׁוּנָה ווִילְדֶען גֶעלֶעכְטֶער אַזוֹי , אַז אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט , זִיא אִיז זִיכֶער אַרָאפּ פוּנֶם זִינֶען . דֶער דָאזִיגֶער ווִילְדֶער סִין גֶעלֶעכְטֶער אִיז אִיבֶּערְגֶעגַאנְגֶען דֶערְנָאךְ אִין אַ בִּיטֶער גֶעשְׁרֵייא . אַרוֹיס ! הָאט זִיא אוֹיף מִיר גֶעשְׁרִיגֶען:אוּנ אָנְגֶענוּמֶען דֶערְבַּייא אַ שְׁטָאלְצֶע מִינֶע , דוּא בִּיסְט נִישְׁט וֶוערְטְה אַ רֶגַע צוּבְּלַייבֶּען דָא אִין שְׁטוּבּ וואוּ עֶס הָאבֶּען גֶעלֶעבְּט אַ מָאל עֶהְרְלִיכֶע לַייט , וָואס זֶענִין דוּרְךְ דִיר גֶעגַאנְגֶען פוּן דֶער וֶועלְט . זַייא רוּהִיג , אִיךְ וֶועל אַזַא פָּארְשׁוֹין וִויא דוּא נִישְׁט נָאכְיָאגֶען . ס'אִיז מִיר גָאר אַ חַרְפָּה צוּזָאגֶען וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט פַאר אַ מַאן . מֶעגְסְט דִיר גַאנְץ רוּהִיג חֲתוּנָה הָאבֶּען ! אִיךְ אוּנ מַיין קִינְד בֶּעדַארְפֶען נִישְׁט דַיין הִילְף הָאבֶּען . כָּל זְמַן אִיךְ לֶעבּ וֶועל אִיךְ מִיר נִישְׁקָשֶׁה מִיט מַיינֶע הֶענְד כָּשֵׁר פַארְדִינֶען אוּנְזֶער בֶּעדֶערְפֶענִישׁ , אַרוֹיס פוּן דַאנֶען אוּנ פַארְגֶעס גָאר אַז דוּא הָאסְט עֶרְגִיץ אַ קִינְד ! אַרוֹיס , אַרְרוֹיס ! . . . .

אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁווִינְד מִיךְ אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט פוּנֶם שְׁטוּבּ אוּנ בִּין בַּאלְד סַאקִי בַּייא דֶער נַאכְט נָאךְ אַוֶועקְגֶעפָאהְרֶען .

---

## יח.

דֶער שְׁוֶוער מַיינֶער ר' יוֹסֵף מַארְקִיל ר' מָאנִישׁ לֵיבֶּעלֶעס אִיז גֶעוֶועזֶען אַ טְהַייעֶר שְׁלִיסֶעלֶע , וָואס הָאט גֶעעֶפֶענְט פַאר מִיר אַלֶע טְהִירֶען פוּן דִיא גְרֶעסְטֶע גְלוּפְּסְקֶער פַיינֶע-בְּרִיוֹת אוּנ מִיר עֶנְטְפְּלֶעקְט אַ סַךְ סוֹדוֹת פוּן דֶער גַאנְצֶער כְּנוּפְיָא שְׁטָאדְט-פִיהְרֶער . זַיין יִחוּס אוּנ זַיינֶע זְכוּת

אָבות זֶענִין מִיר בַּייאָנֶעשְׁטַאנֶען צוּנֶעהְמֶען לְסוֹף דֶעם גְלוּפְּסֶקֶער גְבִיר אוֹיף דֶ'ער אַהֶענְדֶע אוּנ וֶוערֶען בַּייא אִיהְם דִיא נְשָׁמָה. וִויא אִיטְלִיכֶען אִיז בֶּעקַאנְט הָאט דֶער גְבִיר פוּן תָּמִיד אָן לִיבּ גֶעהַאט צוּשְׁפִּילֶען אַ רָאלְיֶע, דִיא גַאנְצֶע שְׁטָאדְט, אָרֶעם אוּנ רַייךְ, קְלֵיין אוּנ גְרוֹיס אַלֶע הָאבֶען פַאר אִיהְם גֶעשַׁאפֶּקֶעוֶועט אוּנ גֶעבֶּעטֶען זַיין לַאסְקֶע, נָאר זִינְט אָבֶער אִיךְ הָאבּ אִיהְם גֶענוּמֶען אִין מַיינֶע הֶענְד אַרַיין אוּנ גֶעמַאכְט פוּן אִיהְם אַ בֶּער הָאט עֶר עֶרְשְׁט אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּמַאכֶען אָנְשְׁטֶעלֶען, עֶר הָאט גֶעאַרְבַּייט, גֶעמַאכְט תְּנוּעוֹת אוּנ גֶעטַאנְצְט אַזוֹי וִויא מִיר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט. אִיךְ הָאבּ גֶעמַאכְט מִיט אִיהְם דִיא שְׁפִּיל כְּדַת אִיסֶר וַוארְגֶער וְהַקְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע. יוּדֶען הָאבֶען גֶעגֶעבֶען גֶעלְד, גֶעצָאהְלְט פַאר אַלֶע אָנְשְׁטֶעלֶען אִין טָאג אַרַיין אוּנ אִיךְ הָאבּ בְּחוּשׁ טַאקִי אַרוֹיסְגֶעזֶעהְן אִיסֶרְ'ס וֶוערְטֶער: „אַז אַזַא טְהַייֶער, אַזַא גוּט, אַזַא גָאלְדֶען אוּנ אַזַא נַארֶעשׁ פָאלְק וִויא יוּדֶען זֶענִין אִיז אוֹיף דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט נִישְׁטָא“.... מַיין וְדוּי וֶועט אַייךְ דָא גֶעבֶען צוּפַארְשְׁטֶעהְן אַ מַעֲשֵׂר מִן הַמַּעֲשֵׂר פוּן מַיין דֶרֶךְ אוּנ פוּן מַיין אוֹיפְפִיהְרוּנְג אִין מַיין לֶעבֶען:

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּאִישׁ-קָטֹן וּבְאַרֶענְדֶע וּבְאִמּוּץ הַלֵּב. דָאס הֵייכְט פָּשׁוּט, אִיךְ בִּין גֶעוֶועזֶען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע מִיט אַלֶע פִּישְׁטְשִׁיוּקֶעס. אַ כַּפָּרָה, הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, אַלֶע פַּרְנָסוֹת, אַלֶע מְלָאכוֹת אִין דֶער וֶועלְט. פוּן זֵייא קֶען מֶען אֵייבִּיג נִישְׁט אוֹיפְקוּמֶען, מֶען בְּלַייבְּט דֶערְנִידֶערִיגְט, דֶערְשְׁלָאגֶען, תָּמִיד דָאס כַּפָּרָה-הִיהְנְדֶעל אוּנ נָאךְ אַ נֵס אַז מֶען פֶּגֶרְט חָאטְשׁ נִישְׁט צֶעהְן מָאל אִין טָאג פַאר הוּנְגֶער. בֶּעסֶער, הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט, לָאזֶען אַנְדֶערֶע הָארֶעוֶועָן, פְּרַאצֶעוֶועָן אוּנ דִיא כַּפָּרָה וֶוערֶען, אִיךְ אָבֶער וִויל לֶעבֶען, אוּנ הָאבּ מִיךְ גֶעוָוארְפֶען גָאר אוֹיף אַ נַייֶעם מִין פַּרְנָסָה — צוּהַאלְטֶען גְבִירִים אוֹיף דֶער אַרֶענְדֶע! דָאס הֵייכְט גָארְנִישְׁט טְאן, גָארְנִישְׁט אַרְבַּייטֶען, נָאר אָנְטְשֶׁעפֶען זִיךְ וִויא אַ זְלִידְנֶע אִין רַייכֶע, שְׁטַארְקֶע מֶענְשֶׁען אוּנ דְרֶעהְן, מַאכֶען דִיא קוּנְץ מִיט זֵייא אִין אֵיינֶעם. זֶעהְר אַ גְרִינְגֶע, אַיין אַיינְבְּרַיינְגֶענְדִיגֶע פַּרְנָסָה, וָואס אִיךְ הָאבּ זִיא מְקַיֵּים גֶעוֶועזֶען מִיט אַלֶע אִיהְרֶע פוּילֶע תְּנוּעוֹת אוּנ אִיהְרֶע כַּוָּנוֹת אוּנ מִיט אַלֶע אָפְּשְׁנִיטְצְלִיךְ וָואס אִין אִיהְר שְׁטֶעקְט! דִיא אַרֶענְדֶע מַיינֶע הָאט מִיךְ פַארְפִיהְרְט, מִיר פַארְשְׁטָאקְט דָאס הַארְץ, אִיךְ הָאבּ אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּגְלוֹיבֶען אִין אֶמֶת, אִין אָרֶענְטְלִיכְקַייט, אִין רַחֲמָנוּת, אִין פְרַיינְדְשַׁאפְט אוּנ אִין אַלֶע אַנְדֶערֶע גוּטֶע מֶענְשְׁלִיכֶע גֶעפִיהְלֶען. אִיךְ הָאבּ נִישְׁט מֶעהְר גֶעוואוּסְט נָאר דָאס, וָואס מִיר טוֹיג, וָואס מִיר נוּטְצְט אוּנ גֶערִיסֶען בַּייא אִיטְלִיכֶען, אִי בַּייא אָרֶעמֶע, בַּייא אַלְמָנוֹת אוּנ יְתוֹמִים וִויא וַוייט אוּנ וִויא אַזוֹי אִיךְ הָאבּ נָאר גֶעקֶענְט. אַז אַיין אָרֶעמַאן הָאט פַאר מִיר גֶעוֵויינְט, גֶעגָאסֶען רִיקֶעס

טרעהרען

טְרֶעהְרֶען הָאבּ אִיךְ אִיהְם אַזוֹי פִיל גֶעהֶערְט וִויא דֶעם קָאטֶער . וָואס טוֹיג מִיר דַיינֶע טְרֶעהְרֶען ? פְלֶעג אִיךְ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה טְרַאכְטֶען , גִיבּ בֶּעסֶער גֶעלְד ! תֶּן לִי הָרְכוּשׁ וְהַדְמָעוֹת קַח לָךְ . דָאס הֵייסְט אוֹיף קְלֵיינְ־מֶענְשֶׁעלְדִיג לָשׁוֹן : זְשִׁיד דַאוַואי רָאשִׁי ! אָדֶער הוּנְט , גִיבּ גֶעלְד אוּנ מִיט דִיא טְרֶעהְרֶען דֶערְוָוארְג זִיךְ אַלַיין !...

וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בִּבְּער וּבְבְּלֶענְדֶענִישׁ . אִיךְ הָאבּ גֶענוּמֶען אַ גְבִיר , גָאטְס אַ מִין בֶּעשֶׁעפֶענִישׁ אוֹיף צְוַויא פִּיס מִיט אַ גֶעשְׁטַאלְט וִויא בַּייא אַ מֶענְשֶׁען אוּנ גֶעמַאכְט פוּן אִיהְם אַ בֶּער ! אִיךְ הָאבּ גֶעהַאלְטֶען אִין דֶער סְבָרָא , וִויא ר׳ אִיסֶר וַוארְגֶער נָאךְ בְּדוֹרוֹ הָאט גֶעזָאגְט , אַז אַ נָגִיד אִיז בַּייא יוּדֶען אַ גְרוֹיסֶער כֹּהֵ . אַלֶע אִין דֶער שְׁטָאדְט וואו עֶר וואוֹינְט קוּקֶען אִיהְם אִין מוֹיל אַרַיין אוּנ וִוילֶען אִיהְם אַלְץ פָּאטְרַאפֶּען אִין אַלְסְדִינְג וָואס זַייא טְהוּעֶן . אִין זַייעֶרֶע הַאנְדְלוּנְגֶען צְווִישֶׁן זִיךְ , אִין זַייעֶר מְגַדֵל זַיין דִיא קִינְדֶער אוּנ זַייעֶר לֶעבֶּען בַּייא זִיךְ אִין דֶער פַאמִילְיֶע , אִין זַייעֶר גַאנְצֶען הִילוּךְ וִויא אוֹיךְ אִין זַייעֶר גְלוֹיבֶּען , אִין זַייעֶר פְרוּמְקַייט אוּנ אֱמוּנָה זַאכֶען זֶעהְט זִיךְ בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ אַרוֹיס דֶעם נָגִידְס גוּסְט , זַיין גֶעשְׁמַאק אוּנ זַיין הַארַאקְטֶער . דִיא אַלֶע דָאזִיגֶע הַנְהָגוֹת פוּן עֶפִּיס אַ שְׁטָאדְט , גוּטֶע צִי שְׁלֶעכְטֶע , קְלוּגֶע צִי נַארֶעשֶׁע , גֶעוֶוענְדְט זִיךְ זֶעהְר פִיל טַאקִי אִין דֶעם , וָואס פַאר אַ מִין מֶענְשׁ דֶער דָארְטִיגֶער נָגִיד אִיז . דַארִיבֶּער אַז אִיךְ הָאבּ גֶעשְׁפִּילְט מִיט דֶעם גְבִיר אִין בְּלֶענְדֶענִישׁ אוּנ גֶעמַאכְט נַארֶעשֶׁע הֲוָיוֹת , וָואס הָאט אוּנְז שְׁטַארְק גֶעפַּאסְט צוּם עֵסֶק ; זֶענִין דוּרְךְ מִיר אַ סַךְ טַאקִי פַארְבְּלֶענְדְזְט גֶעוָוארֶען אוּנ הָאבֶּען נֶעבִּיךְ מִיאוּס זִיךְ נַארֶעשׁ גֶעמַאכְט . וָואס מֶעהְר נַארֶעשֶׁער אִיז אַלְץ אוֹיסְגֶעקוּמֶען שֶׁענֶער , יוּדִישְׁלִיכֶער . אַ נַאר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁטַארְק צוּגִילְטֶען , וֶוער שְׁמִיעֶסְט דֶערְצוּ נָאךְ אַיין עַם-הָאָרֶץ , דֶער אִיז גָאר אַרוֹיף אוֹיף אַ הוֹיכֶער מַדְרֵגָה . . . אִיךְ , וֶועה אִיז מִיר , פְלֶעג קוּקֶען אוּנ הֲנָאָה הָאבֶּען פוּן מַיינֶע נַארָאנִים . אִיךְ פְלֶעג אוֹיף זַייא קוּקֶען וִויא דֶער אָקְסֶענְ־הֶענְדְלֶער אוֹיף זַיינֶע אָקְסֶען אוּנ מִיט אַ פְרֶעהְלִיךְ הַארְץ אָפְּשַׁאטְצֶען דֶעם רֶיוַח וָואס מֶען קֶען פוּן זַייא הָאבֶּען .

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בִּגְלַאסֶנֶעס וּבְגַאלַגַאנְסְקֶע הִיהְנֶער . דִיא גְלַאסֶנֶעס אִין דֶער דוּמֶע הָאבּ אִיךְ גִיהַאלְטִין אִין מַיינֶע הֶענְד . זַייא הָאבֶּען גֶעמוּזְט טָאן אַלְסְדִינְג וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעהֵייסֶען , וָואס מִיר הָאט גֶעטוֹיגְט , וַוייל זַייא הָאבֶּען דָאךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט מִיט מִיר אַיינְרַייסֶען אוּנ מוֹרָא גֶעהַאט אִיךְ זָאל זַייא חָלִילָה נִישְׁט אוֹיסְמַאכֶען . זַייא הָאבֶּען זִיךְ גֶעמֶענְט זַיין אֲפִילוּ כָּשֵׁרֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען זַייא גֶעמוּזְט דוּרְךְ מִיר טְרֵפָה וֶוערֶען , אַקוּרַאט וִויא דִיא כָּשֵׁרֶע , גְרוֹיסֶע גַאלַגַאנְסְקֶע הִיהְנֶער וָואס דִיא דַיָנִים נֶעבִּיךְ הָאבֶּען זַייא גֶעמוּזְט אַסְרֶען אוּנ זַייא זֶענִין טְרֵפָה

גְעוואָרֶען נָאר מֵהַאי-טַעְמָא , ווייל אִיך הָאבּ אַזוֹי גֶעהֵייסֶען , ווייל אִיך הָאבּ גֶעהַאלְטֶען בְּלַאט מִיט דֶעם בַּעַל-טַאקְסֶע אוּנ אִיהם הָאט דָאך נִישְׁט גֶעטוֹיגְט , מֶענְשֶׁען זָאלֶען זִיך גְלַאט עֶסֶען אַזֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע הִיהְנֶער וואָס קוּמְט פַאר זַייא אַיין שְׁחִיטָה-גֶעלְד וִויא פַאר קְלֵיינֶע .

וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּדָאנָאסֶען . אִיז אֵיינֶעם נִישְׁט גֶעפֶעלֶען גֶעוועֶן אַמָאל מֵיינֶע הַנְהָגוֹת אִין דֶער שְׁטָאדְט , עֶר הָאט נִישְׁט גֶעקֶענְט צוּזֶעהֶען דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען שְׁווינְדֶעל וויא מֶען פַארְבְּלֶענְדְט דֶעם עוֹלָם דִיא אוֹיגֶען , וויא מֶען פַארְדְרֶעהְט אִיהם דֶעם קָאפּ , וויא מֶען פִיהְרְט אִיהם בַּייא דֶער נָאז . אוּנ מֶען פַארְפִיהְרְט אִיהם בִּיז דֶעם הַאלְז אִין מִיאוּסֶע בְּלָאטֶעס אַרַיין , אַזֶעלְכֶען פְלֶעג אִיך אוּנ מֵיינֶע לַייט פַאר־זָארְגֶען מִיט אַ שִׁיר-הַמַעֲלָה , דָאס הֵייסְט אַ דָאנָאסֶעל , וואָס מִיר פְלֶעגֶען שִׁיקֶען אַהִין וואוּ מֶען בֶּעדַארְף אוּנ אוֹיף אַזַא אוֹפֶן הָאבֶּען מִיר אַ סַך קֵיילֶער פַארְשְׁטָאפְּט.

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּהוּקֶעס-פּוּקֶעס . פָּשׁוּט אִיז פָּשׁוּט אִיך בִּין גֶעוועֶן אַ פָּאקוּסְנִיק , וואָס ווייט אַזֶעלְכֶען אוֹיף דֶער וועֶלְט צוּזוּכֶען . אִיך פְלֶעג מַאכֶען מִיט דֶער רֵייף , צָאפֶּען פוּן דֶער וואַנְד גֶעלְד , מַאכֶען פוּן שְׁנֵייא גָאמֶעלְקֶעס , אַרַיין יֶענֶעם אִין דֶער גַרְגֶרֶת , שְׁטֶעהְן פוּן דֶער־ווייטֶען אוּנ דֶערְלַאנְגֶען אַ בִּיס , מַאכֶען פוּן שְׁוַוארְץ וויים , רֵיידֶען מִיט אַ מֶענְשֶׁען אוּנ פוּן דֶער הֶעלֶער הוֹיט אַרוֹמְשְׁטֶעקֶען אִיהם מִיט פֶּעדֶערֶען , חַאפֶּען פִישׁ פַאר דֶער נֶעטְץ אוּנ מַאכֶען פוּנֶם מוֹיל אַהָאלֶיעוועֶ וּכְדוֹמֶה נָאך אַזֶעלְכֶע פָּאקוּסֶען , וואָס פִינֶעטֶע אֲפִילוּ דֶער בֶּעריהְמְטֶער פָּאקוּסְנִיק אִיז נִישְׁט בִּיכוֹלֶת גֶעוועֶן זַייא צוּמַאכֶען .

וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּוִויבֶּארֶעס . יֶענֶע מַעֲלוֹת וועֶלְכֶע מֶען בֶּעדַארְף הָאבֶּען אִין מֶענְשֶׁען בַּיים אוֹיסְקְלַייבֶען זַייא צוּ עֶפִּיס אַ הִתְמַנוּת , וויא אַ שְׁטֵייגֶער : עֶהְרְלִיכְקַייט , אַ קָאפּ מִיט שֵׂכֶל , אַ מוֹיל אוּנ אַ פֶּען וּכְדוֹמֶה, דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע מַעֲלוֹת , מִיט וועֶלְכֶע מֶען קֶען אַ פָּנִים הָאבֶּען פַאר דֶער וועֶלְט אוּנ פִיל נוּטְצֶען· בְּרֵיינְגֶען דֶער שְׁטָאדְט , זֶענִין פַאר מִיר אוּנ פַאר מֵיין כְּנוּפְיָא גֶעוועֶן גָאר חֶסְרוֹנוֹת . אִיך הָאבּ בֶּעדַארְפְט דַוְקָא אַזֶעלְכֶע , וואָס הָאבֶּען נִישְׁט קֵיין פָּנִים פַאר דֶער וועֶלְט אוּנ קֶענֶען קֵיין נוּטְצֶען נִישְׁט בְּרֵיינְגֶען דֶער שְׁטָאדְט . ווָארִים דָאס וואָס הָאט גֶעטוֹיגְט דֶער שְׁטָאדְט הָאט לַחֲלוּטִין מִיר נִישְׁט גֶעטוֹיגְט . אִיך הָאבּ גָאר בֶּעדַארְפְט הָאבֶּען עֶפִּיס אַ לַאפֶּעטְמִיטְצֶעל , אַ לא-יוּצְלָח , אַ לֶעדֶערְנֶעם דִישֶׁעל , וואָס אִיך זָאל אִיהם בֵּייגֶן וואָהִין אִיך וויל , וואָס פַאר אַ גְרָאשֶׁען זָאל עֶר פַארְקוֹיפֶען זַיין נְשָׁמָה , וואָס עֶר זָאל זִיך שְׁטַארְק מַכְנִיעַ זַיין אוּנ חַנְפֶהְנֶען מִיך מִיט מַיין גַאנְצֶען פֶּעקִיל . אוּנ ווייל דֶער גְלוֹפְּסְקֶער עוֹלָם אִיז דָאך גֶעוועֶן תָּמִיד שְׁטַארְק פַארְנַארֶעשְׁט וויא אַ קְלֵיין קִינְד אוּנ זִיך

נעלאזט

יֶעלָאזְט פִיהְרֶען בַּייא דֶער נָאז , דֶערִיבֶּער הָאט עֶר תָּמִיד בְּשַׁעַת ווִיבָּארֶעס אוֹיף אַ גְלַאסְנֶע אָדֶער אוֹיף אַ רָב וּכְדוֹמֶה אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען יֶענֶעם לַאפֶּענְמִיטְצֶעל , יֶענֶעם טוֹיגֶענִיכְטְס , יֶענֶעם לֶעקִישׁ ווֶעלְכֶען אִיךְ הָאבּ גֶעוואָלְט אוּנ דוּרְךְ ווֶעלְכֶען עֶר פְלֶעגְט דֶערְנָאךְ בֶּעקוּמֶען בױכְוועהְטִיג . ווָאס ווֵייסְט דֶען אַ נַארֶעשׁ קִינְד צוּבֶּערֶעכֶענֶען ווָאס שְׁפֶּעטֶער ווֶעט זַיין ? עֶר אִיז זֶעהְר גֶערֶען צוּפָאלְגֶען אַלְסְדִינְג , אַבִּי מֶען גִיט אִיהְם אַ שְׁמִיר אִיבֶּער דִיא לִיפְּלִיךְ מִיט אַבִּיסִיל ווַיין מֶען רוּקְט אִיהְם אַרַיין אִין הֶענְטִיל אַלֶעקֶעכִיל אוּנ מֶען פַארְשְׁטוּפְּט אִיהְם דֶעם מוֹיל מִיט אַ קְנִישִׁיקֶעל . . . . אַי דֶערְנָאךְ ווֶעט אִיהְם דֶערְפוּן גְרִימֶען אִין בַּייכֶעל אוּנ עֶס ווֶעט אִיהְם בָּאקִים אַרוֹיסְפַּאלֶען , נוּא מֵילָא ווֶעט אִיהְם טַאקִי ווֶעה טָאן . מַיין עוֹלָם , מַיין נַארֶעשׁ קִינְד נֶעבִּיךְ . פְלֶעגְט דָאס קְנִישִׁיקֶעל נִישְׁט בֶּעקוּמֶען , עֶר פְלֶעגְט עֶס שְׁפֶּעטֶער אוֹיסְקְרֵיינְקֶען אוּנ אִיז דוּרְכְדֶעם שְׁטַארְק נֶעבִּיךְ אַרָאפּ פוּנֶם פָּנִים . . . . . .

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּחֶבְרוֹת , בְּהַאפּ-לַאפּ וּבְחַאטֶע פָּאקְרֶעשְׁקֶע . חֶבְרוֹת הָאבּ אִיךְ זֶעהְר לִיבּ גֶעהַאט פַאר דֶעם גְרוֹיסֶען נוּטְצֶען , ווָאס מֶען הָאט פוּן זֵייא . מִתְעַסְקִים אִין אוּנְזֶערֶע חֶבְרוֹת בֶּעקוּמֶען דָאךְ אַ נָאמֶען : בַּעֲלֵי-רַחֲמִים׳ס , כְּלֵי-קֹדֶשׁ . אוּנ צוּ דֶעם דָאזִיגֶען טִיטֶעל פַאלְט זֵייא נָאךְ שְׁטִילֶערְהֵייט צוּ אַיין אָפְּטֶער , זֶעהְר אַ הִיבְּשֶׁער אַ שֵׁיינֶער גְרָאשֶׁען . מַיין שְׁווֶער הָאט דֶערְגְרֵייכְט דֶעם טִיטֶעל דֵייסְטְווִיטֶעלְנֶע טַאינֶע גַבַּאי , דָאס הֵייסְט אַ גַבַּאי , ווָאס חֶבְרָה׳ש גֶעלְד אִיז בַּייא אִיהְם אִין דִיא הֶענְד בְּסוֹד סוֹדוֹת אוּנ קֵיינֶער חוּץ אִיהְם ווֵייסְט נִישְׁט ווָאהִין דָאס גֶעלְד קוּמְט אַהִין . . . אִיךְ בִּין אוֹיךְ אַרַיינְגֶעטְרֶעטֶען אִין אַ סַךְ חֶבְרוֹת אוּנ זִיךְ דֶערְדִינְט צוּם טִיטֶעל נֶאֱמָן , דָאס הֵייסְט אֵיינֶער פוּן יֶענֶע מִינֵי מִתְעַסְקִים , ווָאס מֶען גְלוֹיבְּט זֵייא אוֹיף נֶ אֱ מָ נ וּ ת , אַלְסְדִינְג ווָאס זֵייא טְהוּעֶן אִיז גֶעטָאן אוּנ זֶענִין נִישְׁט מְחוּיָב קֵיינֶעם רֶעכְנוּנְג אָפְּצוּגֶעבֶּען . מִיר הָאבֶּען אַלֶע אִיטְלִיכֶער אוֹיף זַיין שְׁטֵייגֶער גֶעמַאכְט חַאפּ-לַאפּ אוּנ אַלְסְדִינְג אִיז גֶעבְּלִיבֶּען חַאטֶע פָּאקְרֶעשְׁקֶע . . . .

וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּטַאקְסֶע . דִיא טַאקְסֶע , אָדֶער דָאס קֶעסְטֶעלֶע , אִיז דָאס פַּארֶעיפּוּשְׁטֶע , אוּמְרֵיינֶע אָרְט , ווָאס דָארְט פְּלָאדֶען זִיךְ ווַאנְצֶען , טַאראַקַאנֶעס , ווֶערֶעם אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע מִינֵי שְׁרָצִים ; זִיא גִיט בַּייא אוּנְז אַרוֹיס יֶענֶע מִינֵי מֶענְשֶׁעלִיךְ , יֶענֶע מִינֵי שְׁלֶעק , ווָאס עֶסֶען אָפּ דֶעם קָאפּ אוּנ טְהוּעֶן אָן גְרוֹיסֶע צָרוֹת ; זִיא אִיז אַיין אָנְשִׁיקֶענִישׁ , אַ פְּלָאג , ווָאס מַאכְט קַאלֶיע דָאס בְּלוּט , פַארְדַארְבְּט אוֹיךְ דֶעם גֵייסְט , דִיא נְשָׁמָה , אוּנ פַארְגִיפְטֶעט אוּנְז דָאס גַאנְצֶען לֶעבֶּען זִיא אִיז אַזַא גִיפְט ווָאס גֶעהְט דוּרְךְ אוּנ דוּרְךְ אִין אַלֶע אֵבָרִים , אִין אַלֶע יוּדִישֶׁע זַאכֶען , אוּמֶעטוּם לָאזְט זִיא זִיךְ דֶערְפִיהְלֶען אוּנ הָאט אַ חֵלֶק אִין

אלט

אַלֶע צָרוֹת. דורך דער טַאקְסֶע זֶענִין יוּדֶען קְרַאנְק, דַאר, אויסְגֶעמָאגֶערְט אונ לַיידֶען בִּיטֶערֶע שְׁלַאפְּקֵייטֶען, וָואס גֶעהְן אִיבֶּער בִּירוּשָׁה פון דור צו דור, נָאר דֶערְפַאר וָואס זַייא אִיז אוּמְמֶעגְלִיךְ צוּעֶסֶען גֶענוּג פְלַייש — דָאס אַיינְצִיגֶע שְׁפַּייז, וָואס אִיז שְׁטַארְק נֵייטִיג צוּם מֶענְשֶׁעֶנְס גֶעזוּנְט. דורך דֶער טַאקְסֶע גֶעפִינְט מֶען זִיךְ בַּייא אוּנְז תָּמִיד אַיין אוֹיסְרֵייד וִויא צוּבֶּערַייטֶען דֶעם עוֹלָם, אִיטְלִיכֶער גְרָאשֶׁען טַאקְסֶע-גֶעלְד צִיהֶעט וִויא אַ מַאגְנֶעט צוּ-זִיךְ צוּנָאךְ אַ סַךְ יוּדִישֶׁע גְרָאשֶׁעְנְס, בִּיז עֶס וָוערְד פון זַייא אַהִיפְּשׁ בֶּערְגֶעל. דורךְ דֶער טַאקְסֶע שְׁפְּרִינְגֶען הָאפְּטֶעסְוַויים אַרוֹיס אוּנ הָאבֶּען בַּייא אוּנְז אַ קִיּוּם יֶענֶע מִינֵי נְפָשׁוֹת, וָואס פַארְשְׁווִינְדְלֶען דֶעם עוֹלָם מִיט אַלֶערְלַייא נַארֶעשְׁקַייטֶען אוּנ נָאגֶען אִיהְם אוֹיס. עֶס שְׁפְּרִינְגֶען דורךְ אִיהְר ,אַרוֹיס אוּנ הָאבֶּען פון אִיהְר זַייעֶר גַאנְצֶע יְנִיקָה דִיא אַלֶע גָאטְסְכְטְרַאפְּטְשֶׁעס, קָאכְלֶעפֶּעל בַּאסָאקֶעס אוּנ אַלֶערְלַייא מִינֵי בַּעֲלֵי טוֹבוֹת, וָואס נֶעהְמֶען צוּ פָּשׁוּט דָאס חִיּוּת מִיט זַייעֶר גוּטְסְקַייט אוּנ פְרוּמְקַייט, קוּרְץ, דורךְ דֶער טַאקְסֶע בֶּעקוּמֶען אַ סַךְ מֶענְשֶׁעלִיךְ דֶעם כֹּחַ, דִיא שְׁלִיטָה צוּטָאן אַלְסְדִינְג וָואס זַייא טוֹיג אוּנ וָואס זַייא וִוילֶען. אִיךְ אַלֵיין, וֶועה אִיז מִיר, בִּין דָאךְ גֶעוֶועֶן אַיינֶער פון יֶענֶע מֶענְשֶׁעלִיךְ, אִיךְ אַלֵיין פְלֶעג דָאךְ נֶהֱנֶה זַיין פון דֶער טַאקְסֶע אוּנ גֶעהַאלְטֶען פַאר אִיהְר תָּמִיד שְׁטָאל אוּנ אַייזֶען, ווַייל אִיךְ הָאבּ גֶעוואוּסְט דֶעם סוֹד, אַז כָּל זְמַן בַּייא יוּדֶען וֶועט זַיין דִיא טַאקְסֶע וֶועלֶען זַייא בְּלַייבֶּען אִין גָלוּת בַּייא אַזֶעלְכֶע מֶענְשְׁלִיךְ וִויא אִיךְ מִיט מַיין גַאנְצֶער כְּנוּפְיָא, מֶען וֶועט זַייא קֶענֶען הַאלְטֶען אִין דֶער מוֹרָא וִויא קְלֵיינֶע קִינְדֶער, אַרוֹיפְ־פִיהֶערֶען זַייא אוֹיף נַארֶעשְׁקַייטֶען, אוּנ טָאן מִיט זַייא אַלְסְדִינְג וָואס מֶען וִויל. אִיךְ הָאבּ גֶעהַאלְטֶען פַאר דֶער טַאקְסֶע אוּנ דִיא טַאקְסֶע הָאט מִיךְ גֶעהַאלְטֶען אוֹיף דִיא פִּיס. אִיךְ הָאבּ גֶענֶעסֶען אוּמְזִיסְט דָאס שֶׁעהְנְסְטֶע דָאס בֶּעסְטֶע פְלַייש אוּנ דִיא אָרְמֶעלַייט הָאבֶּען גֶעצָאהְלְט טְהַייעֶר אוּנ גֶעגְרִיזֶעט בַּיינֶער, זַייא זֶענִין גֶעוֶועֶן דִיא שָׁאף אוּנ אִיךְ דֶער וָואלְף, אִיךְ הָאבּ גֶעבִּיסֶען, גֶעוָוארְגֶען אוּנ גֶענוּג יוּדִישׁ בְּלוּט אִין מַיין לֶעבֶּען אוֹיסְגֶעזוֹיגֶען....

עַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בְּיִרְאַת שָׁמַיִם וּבְיוּדִישֶׁע גְזֵרוֹת. אַלֶע פַאלְשְׁקַייטֶען מַיינֶע הָאבּ אִיךְ אַרַיינְגֶעלַייגְט אִין דֶער יִרְאָה, עֶס פְלֶעגְט עֶפִּים אוֹיסְקוּמֶען, אַז אַלְסְדִינְג וָואס אִיךְ טְהוּא אִיז נָאר לְשֵׁם שָׁמַיִם, אִיךְ נֶעהְם מִיךְ אָן גָאטְס קְרֵיוִודֶע אוּנ וִויל פַארְהִיטֶען זַיינֶע יוּדֶען, זַייא זָאלִין בְּלַייבֶּען טַאקִי דָאס וָואס זַייא זֶענִין. אוּנ ווַייל פַאר מִיר מִיט מַיין כְּנוּפְיָא אִיז גְלַייכֶער גֶעוֶועֶן יוּדֶען זָאלֶען בְּלַייבֶּען נַאראָנִים, דֶערְשְׁלָאגֶענֶע מֶענְשֶׁען, דֶערִיבֶּער קֶענְט אִיהְר דָאךְ שׁוֹין פַארְשְׁטֶעהְן וִויא מִיר הָאט נִישְׁט גֶעשְׁמֶעקְט יֶענֶע קְלוּגֶע זַאכֶען, וָואס וָואלְטֶען זַייא גֶעקֶענְט דִיא

אויגֶען עֶפֶּענֶען , וִויא שְׁטַארְק אִיךְ הָאבּ , קְלָאמֶערְשְׁט פוּן גָאטֶס וֶועגֶען,
מִיךְ נַארֶעשׁ גֶעמַאכְט אוּנ זִיךְ אָפְּגֶעגֶעבֶּען מִיט אַלֶע קְרֶעפְּטֶען דָאס
מִינְדֶסְטֶע נַארֶעשְׁקַייט צוּדֶערְהַאלְטֶען , וִויא וַוייט פַאלְשׁ אִיךְ בִּין גֶעוֶוען
אוּנ וָואס פַאר אַ מִין טַעַם מַיין יִרְאַת שָׁמַיִם הָאט גֶעהַאט . . . . אִיז
אַ מָאל אָנְגֶעקוּמֶען עֶפֶּיס אַ גוּטֶע זַאךְ אוֹיף יוּדֶען הָאבּ אִיךְ עֶס גֶערוּפֶען
אַ גְזֵרָה אוּנ אַיינְגֶעוֶוענְדֶעט אַלֶע תַּחְבּוּלוֹת אִין אַיינֶעם מִיט מַיינֶע לַייט
דִיא דָאזִיגֶע גְזֵרָה מְבַטֵּל צוּזַיין . יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אַ שְׁטֵייגֶער זָאלֶן זִיךְ
לֶערְנֶען שְׁרַייבֶּען רֶעכֶענֶען בִּכְדֵי צוּפַארְדִינֶען דֶערְנָאךְ זַייעֶר בְּרוֹיט בְּכָבוֹד
הָאט בַּייא אוּנְז גֶעהֵייסֶען אַ גְזֵרָה,יוּדֶען זָאלֶען זִיךְ טְרָאגֶען שֵׁיין אוּנ נִישְׁט זַיין
מֶעהְר בְּזוּי-וּמְבוּזֶה מִיט יֶענֶע קְלֵיידֶער , אִין וֶועלְכֶע זַייעֶרֶע שׂוֹנְאִים
הָאבֶּען פַארְצַייטֶען זַייא גֶעצְוִוינְגֶען זִיךְ אָנְצוּטָאן , הָאט וַוייטֶער גֶעהֵייסֶען
אַ גְזֵרָה. טָאמִיר אִיז דָא אַ סְבָרָא , אַז דִיא טַאקְסֶע זָאל בָּטֵל וֶוערֶען ,
הָאט אוֹיךְ גֶעהֵייסֶען אַ גְזֵרָה . הַכְּלָל אַלְלֶעדִינְג וָואס אוּנְזֶער כְּנוּפְיָא הָאט
נִישְׁט גֶעטוֹיגְט הָאט גֶעהֵייסֶען גְזֵרוֹת . . . דֶערְוַוייל הָאבֶּען מִיר צוּ דִיא
גְזֵרוֹת נִישְׁט דֶערְלַייגְט , פַארְקֶעהְרְט פִיל הָאבֶּען דֶערְפוּן גֶעמַאכְט אַ פַּרְנָסָה
אוּנ לֶעבֶּען זִיךְ דָארְט עֶרְגִיץ . . . גַאנְץ שֵׁיין נָאךְ בִּיז אַצִינְד . מִיר ,
פּוֹשְׁעֵי יִשְׂרָאֵל , מִיר אַ שְׁטֵייגֶער אִיז פוּן לַאפֶּענְמִיטְצְלִיךְ אוּנ יַארְמוּלְקֶעס
נִישְׁקָשֶׁה גֶענוּג גָעלְד אִין קֶעשֶׁענֶיע אַרָאפְּגֶעפַאלֶען .

וְעַל חֵטְא שֶׁחָטָאתִי בִּכְנוּפְיָא וּבְכָל-וָלָךְ ; בְּלֶעקֶען , בְּמַאנִיפַארְגֶעס ,
בְּנַצְחָנוּת , בִּסְבָארְשְׁטְשִׁיקֶעס וּבִסְפְּרַאוֶועטְשְׁנֶע צָענֶעס , בְּעַזּוּת בְּפַאקְטְרֶע-
וֶוען , בִּצְבִיעוּת וּבְצִינַיינֶערִישׁ ; בְּקַאמֶעדְיֶעס , בְּקָהָלְשְׁטִיבֶּעל וּבְקוֹמְמִיּוּת
זָאגֶען ; בִּרְכִילוּת וּבְרַאצְיֶעסְלָאזֶען ; בִּשְׁטוּתִים , בִּשְׁקָרִים , בְּשְׁוִוינְדֶעל ,
בִּשְׁלִישִׁית גֶעלְד , בְּשֵׁייגֶעץ וּבְתְקִיפוּת . דָער פֵּרוּשׁ פוּן דִיא דָאזִיגֶע
אַלֶע זַאכֶען לִיגְט פוּן אוֹיבֶּען אוֹיף , אוּנ אִיךְ פַארְשְׁפָּאר עֶס גָאר
צוּדֶערְקְלֶעהְרֶען .

הַכְּלָל אִיךְ בִּין גֶעוֶוען אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אוּנ הָאבּ דוּרְכְדֶעם
גֶעלֶעבְּט אִין עוֹשֶׁר אוּנ אִין כָּבוֹד . דָעם גְבִיר מַיינֶעם הָאבּ אִיךְ
גֶעהַאלְטֶען אוֹיף דָער אַרֶענְדֶע אוּנ מִיר בֵּיידֶע הָאבֶּען גֶעמַאכְט דִיא
קַאמֶעדְיֶע . אִיךְ בֶּעדַארְף דָא פַאר מַיין גְבִיר זִיךְ נִישְׁט מִתְוַדֶּה
זַיין , עֶר לֶעבְּט נָאךְ אוּנ עֶר וֶועט נָאךְ צַייט הָאבֶּען אַלֵיין זִיךְ
מִתְוַדֶּה צוּזַיין .

---

### יט.

אוֹיבֶּען הָאבּ אִיךְ גֶעזָאגְט אַז בְּטֶבַע בִּין אִיךְ נִישְׁט גֶעוֶוען קַיין
נַאר , קַיין שׁוֹטֶה , אִיךְ בִּין נָאר גֶעוֶוען אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער, אַ פַארְוָואגֶעלְטֶער,

אזוי

אַזוֹי מוּז אִיךְ אַצִינְד בֶּעמֶערְקֶען, אַז כְּפִי עֶס זֶעהְט אוֹיס בִּין אִיךְ אַ-פָּנִים פוּן דָער נַאטוּר אוֹיךְ נִישְׁט גֶעוֶועןאַזוֹי גְרָאבּ שְׁלֶעכְט, נִישְׁט מֶעהְר אִיךְ בִּין גֶעוֶועןפֶערְפִּיהְרְט. דִיא צָרוֹת, וָואס אִיךְ בִּין אַ מָאל אוֹיסגֶעשְׁטַאנֶען פוּן דֶער וֶועלְט הָאבֶּען מִיר פַארְשְׁטָאקְט דָאס הַארְץ אוּנ מִיךְ גֶעמַאכְט שְׁלֶעכְט. אַז אִיךְ הָאבּ גֶעטָאן אַ מָאל אַשְׁרֶעקְלִיכֶע מַעֲשֶׂה-רַע פְּלֶעגְט אִין מִיר דֶערְנָאךְ דוּרְכְלוֹיפֶען עֶפִּיש נִישְׁט קֵיין פְרֶעהְלִיכֶער גֶעדַאנְק, וָואס פְלֶעגְט מִיךְ אוֹיף אַ רֶגַע אַ שְׁטָאךְ טָאן וִויא אַ שְׁפִּילְקֶע. אִיךְ גֶעדֵיינְק אִיסֶר וַוארְגֶער הָאט אַ מָאל צוּ זַיין גוּטֶען בְּרוּדֶער אִין אֵיין כַּעַס גֶעזָאגְט: „מֶען בֶּעדַארְף נִישְׁט קֶענֶען אָנְקוּקֶען אַזֶעלְכֶע לַייט וִויא גוּטְמַאן, יֶענֶע אַלֶע שֵׁיינֶע נְפָשׁוֹת וָואס מַאכֶען בִּיכְלִיךְ. מֶען מוּז אִין תּוֹךְ אַרַיין זַייא הַאסֶען, שְׁפַּייֶען אוֹיף זַייא קְלֶעק אוּנ אוֹיסְוַוייכֶען זַייא וִויא וַוייט מֶען קֶען, אִין זַייעֶרֶע ד׳ אַמּוֹת טָאהְר מֶען נִישְׁט שְׁטֶעהְן, וָוארִים זַייא זֶענִין עֶרְגֶער פוּן פַייֶער, זַייא זֶענִין אַ מָאל אוֹיסֶען אַרַיינְצוּקְרִיכֶען יֶענֶעם אִין דֶער גַרְגֶרֶת אוּנ אָנְצוּטָאן גְרוֹיסֶע צָרוֹת מִיט זַייעֶרֶע בֶּעשְׁרַייבֶּעכְטְסֶען אוּנ שְׁטֶעכֶענְדִיגֶע וֶוערְטְלִיךְ, אַלְץ אָגִיל וְאֶשְׂמַח, קַאלֶעכְטִיג אוּנ שְׁפִּיצֶענְדִיג. דָאס גַאנְצֶע שְׁטִיקֶעל נֵס נָאךְ וָואס דֶער אֵייזֶעל הָאט נִישְׁט קֵיין הֶערְנֶער, וָואס אַזֶעלְכֶע שְׁלִימַזְלֶען הָאבֶּען נִישְׁט קֵיין גֶעלְד, קֵיין הֶעלֶער בַּייא דֶער נְשָׁמָה אוּנ זֶענִין, גֶעלוֹיבְּט אִיז הַשֵּׁם-יִתְבָּרַךְ, גְרוֹיסֶע דַלְפָנִים, וָואס בֶּעדַארְפֶען פָּארְט אָנְקוּמֶען אַ מָאל צוּ אוּנְזֶער גְרָאשֶׁען, זִיסְט וָואלְט מֶען גֶעהַאט פוּן זַייא צוּזִינְגֶען אוּנ צוּזָאגֶען, מֶען וָואלְט חָלִילָה זִיךְ גֶעקְרַאצְט אוּנ פוּן זַייא גֶעלִיטֶען נָאךְ עֶרְגֶער וִויא פוּן דִיא וַואנְצֶען." — עֶס פַארְשְׁטֶעהְט זִיךְ אַז אִיסֶר׳ס דָאזִיגֶע וֶוערְטֶער זֶענִין בַּייא מִיר פַארְרֶעכֶענְט גֶעוֶועןוִויא תּוֹרַת אֱמֶת אוּנ חָאטְשׁ מִיר הָאט הַארְצִיג בַּאנְג גֶעטָאן פַיינְט צוּהָאבֶּען אַזַא מֶענְשֶׁען וִויא גוּטְמַאן, וָואס עֶר אִיז מִיר גֶעלֶעגֶען טִיף אִין מַיין זָעל, נָאר ר׳ אִיסֶרְן הָאבּ אִיךְ דָאךְ גֶעמוּזְט הֶערֶען, וֶוען נִישְׁט וָואלְט דָאךְ מִיר קֵיין סְבָרָא נִישְׁט גֶעוֶועןצוּזַיין אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע, אַיין אַרֶענְדַאר אוּנ וָואלְט נֶעבִּיךְ גֶעמוּזְט וַוייטֶער לַיידֶען צָרוֹת אוּנ קְלֶעפּ אוֹיפֶן פוּד. מַיין פוּס אִיז פוּן יֶענֶער צַייט צוּ גוּטְמַאנֶען נִישְׁט גֶעקוּמֶען, אִיךְ הָאבּ אִיהְם אוּנ אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען וִויא עֶר אוֹיסְגֶעוַוייכְט וִויא אַיין עִפּוּשׁ. אִיז מִיר אַ מָאל צוּ דִיא הֶענְד גֶעקוּמֶען עֶפִּיס אַ מִין פְרָשׁוֹן מִיט דִיא בִּיכְלִיךְ הָאבּ אִיךְ אִין אִיהְם מִיךְ נוֹקֵם גֶעוֶועןוִויא אִין דֶעם עֶרְגְסְטֶען שׂוֹנֵא אוּנ הָאבּ אִים גֶעטָאן שְׁפִּיטְצְלִיךְ וִויא וַוייט נָאר אִיךְ הָאבּ גֶעקֶענְט. „וֶוער דִיא כַּפָּרָה, הָאבּ אִיךְ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה גֶעטְרַאכְט, פַאר מַיין מִינְדְסְטֶען נָאגֶעל, דוּא אַזוֹינֶער אוּנ אַזוֹינֶער, דוּא אָנְהַאפֶּער, דוּא אָנְשִׁיקֶענִישׁ, דוּא פּוֹשֵׁעַ-יִשְׂרָאֵל אֵיינֶער! לִיג אִין דֶער עֶרְד אוּנ בַּאק בַּייגֶעל דוּא אַפִּיקוֹרוֹס אֵיינֶער!" . . . . נָאר אַז אִיךְ בִּין

שוין

שוין גֶעוֶועֶן שְׁטַארְק רַייךְ אוּנ הָאבּ שוין מֶעהְר נִישְׁט בֶּעדַארְפְט מוֹרָא הָאבֶּען אַז אִיךְ וֶועל לַיידֶען בִּידֶעוֶוען, אָט דֶענְסְמָאל הָאט מִיר אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּטְיָאכֶקֶען מַיין הַארְץ, דֶענְסְמָאל פְלֶעגְט מִיר אַלֶץ זִיךְ פִירְשְׁטֶעלֶען דֶער גוּטֶער, דֶער גוּטֶער אוּנ שְׁטִילֶער גוּטְמַאן. אַךְ, וָואס פַאר אַ גוּטֶער, פַאר אַ טְהַייעֶרֶער מֶענְשׁ עֶר אִיז גֶעוֶועֶן! אַךְ, וִויא פְרַיינְטְלִיךְ, וִויא צוּגֶעלָאזְט עֶר אִיז גֶעוֶועֶן צוּ אַלֶע מֶענְשֶׁען! עֶר הָאט מִיךְ לִיבּ גֶעהַאט אוּנ מִיךְ בֶּעהַאנְדֶעלְט נִישְׁט וִויא אַ מְשָׁרֵת! עֶר אִיז גֶעוֶועֶן גֶעבִּיךְ אַיין אָרִימַאן, הָאט גֶעלִיטֶען דַחֲקוּת, פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען וִויא לוּסְטִיג אוּנ צוּפְרִידֶען אִיז עֶר תָּמִיד גֶעוֶועֶן! . . . .

אַ מָאל, גֶעדֵיינְק אִיךְ, הָאט זַיין וַוייבּ נֶעבִּיךְ זֶעהְר גֶעוֵויינְט, ס'אִיז שוין גֶעוֶועֶן נָאהֶענְט צוּ פֶּסַח, אִין גַאנְצֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג אוּנ דָא אִיז נָאךְ אִין שְׁטוּבּ נִישְׁט גֶעוֶועֶן קֵיין סִימָן אוֹיף יוֹם-טוֹב. עֶר הָאט מִיךְ אַרוּמְגֶעשִׁיקְט אַ גַאנְצֶען טָאג מִיט בִּיכְלִיךְ, נָאר קֵיינְער הָאט זַייא אִין דִיא הֶענְד אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעוָואלְט נֶעהְמֶען. אִיטְלִיכֶער צוּ וֶועמֶען אִיךְ הָאבּ אָפְּגֶעטְרָאגֶען קְוִויטְלִיךְ הָאט שְׁטַארְק פַארְדְרֶעהְט דִיא נָאז אוּנ מִיר גִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערְט קֵיין גוּט וָוארְט. דִיא מַאדַאם, דִיא טְהַייעֶרֶע מַאדַאם, זַיין גֶעטְרַייא וַוייבּ, הָאט נֶעבִּיךְ גֶעוֵויינְט אוּנ אִיז גֶעוֶועֶן זֶעהְר פַארְאוּמֶערְט. „אַךְ, הָאט צוּ אִיהְר גוּטְמַאן זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אוּנ זִיא גֶעטְרֵייסְט, זִינְדִיג הָלֶעבִּין נִישְׁט, נְשָׁמָה מַיינֶע, מִיט דַיינֶע טְרֶעהְרֶען! אוּנְז אִיז נָאךְ בֶּעסֶער פוּן אַ סַךְ אַנְדֶערֶע רַייכֶע, מִיר זֶענִין דָאךְ עֶהְרְלִיכֶע לַייט. מִיר הָאבֶּען חָלִילָה בַּייא קֵיינֶעם נִישְׁט צוּגֶענוּמֶען, קֵיינֶעם קֵיין שְׁלֶעכְטְס גִישְׁט גֶעטָאן. מִיר לַיידֶען . . . נָאר פַאר דֶעם אֶמֶת צוּלַיידֶע; אִיז אַ סַךְ בֶּעסֶער אוּנ שֶׁענֶער וִויא פוּן דֶעם שֶׁקֶר גְלִיקְלִיךְ צוּזַיין. זָארְג נִישְׁט, מַיין לֶעבֶּען, זָארְג הָלֶעבֶּען נִישְׁט! גָאט הָאט גֶעהָאלְפֶען, גָאט וֶועט וַוייטֶער הֶעלְפֶען. אַ בְּרֵירָה וֶועט עֶר דֶען הָאבֶּען? מִסְתָּמָא וֶועט עֶר דָאךְ מוּזֶען וִויא ס'אִיז עֶפִּיס אַרוֹיסְהֶעלְפֶען. וָואס נִיצְט מִיר בֶּאֱמֶת צְוַוייא רֶעק מִיט אַ פֶּעלְץ? טְרָאגֶען טְרָאגְט מֶען דַאךְ נָאר אַיין רָאק נִישְׁט קֵיין צְוַוייא, אוּנ דֶער פֶּעלְץ אִיז הָלֶעבִּין אוֹיךְ אִיבֶּערִיג, עֶס גֶעהְט דָאךְ צוּ זוּמֶער, לִיגֶענְדִיג אִין קַאסְטֶען קֶען אִיהְם נָאךְ גָאר דֶער מָאִיל אוֹיפֶעסֶען. אָט חָלֶעבִּין אַבְרַאם פוֹיל זִיךְ נִישְׁט, נֶעהְם טַאקִי בַּאלְד דֶעם פֶּעלְץ מִיט מַיין רָאק אוּנ גֶעה פֶערְזֶעטְץ זַייא, פַארְקוֹיף זַייא, טְהוּא מִיט זַייא וָואס דוּא ווִילְסְט, וֶועלֶען מִיר הָאבֶּען מַצּוֹת אוֹיף פֶּסַח, כַּרְפַּס אוּנ מָרוֹר מִיט אַלֶע זִיבֶּען זַאכֶען".

דִיא דָאזִיגֶע סְצֶענֶע הָאט מִיר תָּמִיד זִיךְ פִירְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶן אַז גוּטְמַאן אִיז גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶועֶן אָהְן גֶעלְד, אִיז דָאךְ אַ-פָּנִים מַשְׁמָעוּת אַז דָאס גְלִיק בֶּעשְׁטֶעהְט נִישְׁט אִין גֶעלְד נָאר גָאר אִין עֶפִּיס אַנְדֶערְשׁ. עֶר הָאט נָאךְ גֶעזָאגְט בְּזֶה הַלָּשׁוֹן: „אוּנְז אִיז בֶּעסֶער

פון אַ סַך אַנְדערע רייבע, מִיר זֶענִין דאך עֶהְרְליכֶע לַייט״. איז מַשְׁמָע אַ פָּנִים, אַז נָאר עֶהְרְליכֶע לַייט זֶענִין גְלִיקְלִיך אונ צוּפְרִידֶען. דֶערְבַּייא אִיז מִיר נָאךְ תָּמִיד גֶעלֶעגֶען אִין זִינֶען וָואס עֶר הָאט אַ מָאל גֶעזָאגְט יַאקָאבְּזָאהְנֶען: ״לַיידָען הַייסְט חַנְפֶּהנֶען, צְווִיַאטְשֶׁען, דָער חוֹנֵף, דֶער צְווִיַאק מוּז תָּמִיד זָא פִּירְכְטֶען, תָּמִיד זִיךְ הִיטֶען אַזוֹי ווִיא דֶער גַנָב״. אִיךְ הָאבּ אָנְגֶעהוֹיבֶּען בֶּעשַׁיינְפֶּערְלִיךְ אַרוֹיסְצוּזֶעהְן ווִיא אֶמֶת, ווִיא רִיכְטִיג זַיינֶע וֶוערְטֶער זֶענִין. גוּטְמַאן הָאט נָאר מִיט דֶעם שֵׂכֶל זַיינֶעם פַארְשְׁטַאנֶען אַז דֶעם חוֹנֵף, דֶעם צְווִיַאק אִיז אַזוֹי שְׁלֶעכְט ווִיא דֶעם גַנָב, וָוארִים זַייא אַלֶע מוּזֶען תָּמִיד מוֹרָא הָאבֶּען אונ זִיךְ הִיטֶען מֶען זָאל זַייא נִישְׁט דֶערְטַאפֶּען, מֶען זָאל נִישְׁט דֶערְגֶעהְן זַייעֶרֶע מִיאוּסֶע זַאכֶען, אונ זַיין תָּמִיד אִין דֶער מוֹרָא, זִיךְ בֶּעדַארְפֶען תָּמִיד צוּבֶּעהַאלְטֶען אִיז עֶפִּיס נִישְׁט אַזאַ גֶעשְׁמַאקֶע זַאךְ. אִיךְ אָבֶּער הָאבּ דָאס אֵייגֶענֶע טַאקִי גֶעפִּיהְלְט בַּייא מִיר אִין הַארְץ, אַז אַ פַאלְשֶׁען מֶענְשֶׁען אִיז עֶפִּיס גְלַאט שְׁלֶעכְט, גָאר אָהְן אַלֶע טְעָמִים. עֶפִּיס קָארְטְשֶׁעט עֶס אִיהְם, עֶפִּיס לִיגְט אִיהְם ווִיא אַ שְׁטֵיין אוֹיף דֶעם הַארְצֶען, עֶפִּיס קָאכְט אִין אִיהְם דָאס בְּלוּט. דָער קָאפּ וֶוערְד אִיהְם שְׁיער נִישְׁט צוּזֶעצְט, עֶר בְּרֶענְט ווִיא אַ פְלַאם פַייעֶר, עֶפִּיס אִיז אִיהְם אֵיינְג דִיא וָועלְט אונ עָר וַוייסְט נִישְׁט זִיךְ וָואהִינְצוּטָאן, עֶר וָואלְט גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוֹיס דֶער הוֹיט אונ פוּן זִיךְ אַלֵיין גֶערֶען גֶעוֶוען צוּאַנְטְלוֹיפֶען עֶרְגִיץ וואו דֶער שְׁוַוארְצֶער פֶּעפֶּער וַואקְסְט, הֶעט וַוייט וַוייט צוּ אַלֶע שְׁוַוארְץ-יָאהְר! — יָא, אִיךְ הָאבּ טַאקִי בְּחוּשׁ גֶעפִּיהְלְט, אַז לַיידֶען הַייסְט חַנְפֶּהנֶען, צְווִיַאטְשֶׁען. אִיךְ בִּין דָאךְ גֶעוֶוען רַייךְ, אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט גֶעלְד אונ בִּין פָארְט נִישְׁט גְלִיקְלִיךְ גֶעוֶוען. אִיךְ פְלֶעג הָאבֶּען בַּייזֶע, בִּיטֶערֶע חֲלוֹמוֹת, עֶס פְלֶעגְט מִיר זִיךְ אוֹיס-דַאכְטֶען אַז אִיךְ הַאלְט אַ חַלָף אונ קוֹילֶע, אִיךְ פְלֶעג הֶערֶען קְרֶעכְצֶען, זִיפְצֶען, הָארְחְלֶען, גוֹסֶען אונ מַיינֶע פָאלֶעס זֶענִין גֶעוֶוען פַארְשְׁמִירְט, פַארְשְׁלוּמְפֶּערְט אִין בְּלוּט. מִיכֶל, דֶער גוּטֶער, דֶער שְׁטִילֶער מִיכֶל פְלֶעגְט מִיר אָפְּט זִיךְ דְרֶעהֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען, טוֹיט בְּלַאס ווִיא דִיא וַואנְד, עֶר פְלֶעגְט אוֹיף מִיר קוּקֶען זֶעהְר בֶּעטְרִיבְּט, מִיר וַוייזֶען אוֹיף דִיא קֵיטֶען אִין וֶועלְכֶע עֶר אִיז גֶעוֶוען גֶעקְאוֶועט אונ מִיט אַ טְרוֹיעֶרְדִיג פָּנִים מִיךְ אַלְץ פְרֶעגֶען: גְוַואלְד, יִצְחָק אַבְרָהָם וָואס הָאסְט-דוּא צוּ מִיר גֶעהַאט? גְוַואלְד, גְוַואלְד יִצְחָק אַבְרָהָם וָואס הָאבּ אִיךְ דִיר גֶעטָאן?! . . . . דִיא אַלְטֶע אונ שַׁיינְדֶעלֶע פְלֶעגֶען אוֹיסְזַאקְסֶען ווִיא פוּן אוּנְטֶער דֶער עֶרְד, בֵּיידֶע פְלֶעגֶען הוּסְטֶען זִיךְ פַארְקִיכֶען, בֵּיידֶע פְלֶעגֶען זִיךְ אַיינְעֶסֶען אִין מִיר מִיט רוֹיטֶע בְּרֶענֶענְדִיגֶע אוֹיגֶען אונ שְׁרַייעֶן: אָט אִיז אוּנְזֶער מַלְאַךְ-הַמָּוֶת! אָט אִיז עֶר דֶער רוֹצֵחַ, דֶער קוֹילֶער! פְּלוּצְלִים פְלֶעגְט פוּן זַייא וֶוערֶען אַ הוֹיפֶען בֵּיינֶער, פוּן דִיא בֵּיינֶער פְלֶעגֶען אַרוֹיסְקְרִיכֶען וֶוערֶעם אונ

גיפטיגע שלאנגען , זיך לאזען צו מיר מיט אפענע מיילער און מיך ביישען שטעכען וויא מיט שפילקעס . . . מעהר פון אלע פלעגט מיך קריינקען גאלדע. זיא פלעגט מיר זיך אויסדאכטען וויא זיא זיצט דערשלאגען פארוויסט , פארמאמערט מיט עפיס א שטיקעל ארבעט אין דיא הענד , זיא שטשאבעט נעהט און צושטעכט זיך דיא פינגער , נאר זיא פיהלט אבער נישט, גיט זיך אפילו נישט קיין קרים , זיא שטשאבעט נעהט אלץ ווייטער וויא א מאשינע און שאקעלט מיטין פוס א שווערע סקריפענדיגע וויג צוזינגענדיג דערביא „אליו-לוליו-ליוליונוא" אויף א משונה אומעטיג קול. דיא וויג אבער איז ליידיג , קיינער איז אין איהר נישטא. גאלדע ! שרייא איך , וואו איז ער ? וואו איז דאס קינד ? גאלדע וויגט און זינגט ווייטער נישט צוריידען מיט מיר קיין ווארט :

אליו-לוליו בידנע קינד ,
ווער איז דער מאמע ווער און ווינד !

איינוועניג אין וויגעלע
ליגט א קלאהר ווייס ציגעלע .
ציגעלע מע ! ציגעלע מע !

ניט-ושע שרייא ניט ושע וויין ,
ביסט דאך עלענט וויא א שטיין .
ציגעלע מע ! ציגעלע מע !

וויסט און פינצטער איז דיין וועלט ,
לייד-ושע שטיל הונגער און קעלט .
ציגעלע מע ! ציגעלע מע !

דארט אין דרויסען הער נאר הער ,
וואיעט א וואלף , ברומט א בער
ציגעלע מע ! ציגעלע מע !

ליידיג , ליידיג איז דאס וויגעלע
נישטא , נישטא מיין ווייס ציגעלע !

אליו-ליוליוא בידנע קינד ,
ווער איז דער מאמע ווער און ווינד !

ביא דיא דאזיגע ווערטער שטעהט גאלדע אויף , בלוטיגע טרעה־רען קאפען איהר פון דיא אויגען , זיא שטרעקט אויס דיא הענד אין אלע זייטען און שרייעט אויף א ווילד קול „נישטא , נישטא מיין ווייס

ציגעלע!" איך לויף אַרויס פונם שטוב שטאַרק צוקאַכט, עס דאַכט זיך מיר וויא וועלף אונ בערען יאָגען מיך נאָך, זייא קנאַקען מיט דיא ציין יונגע ביינדליך אונ איך הער ביטערע קולות פון איין אומ־גליקליך ציגעלע....

דיא דאָזיגע אַלע פינסטערע חלומות אונ ביטערע געפיהלען האָבען מיך היינטיגס יאָהר אַזוי זאַמיטשעט, אַז איך האָב אָנגעהויבען צוקריינקען, איך האָב געפיהלט אַז איך וועל נישט לאַנג געדויערען אונ מיך געחאַפט וויא עס איז אויפצושרייבען מיינע אַלע הנהגות, אַלסדינג וואָס מיט מיר האָט זיך פּאַסירט אונ וואָס איך האָב געטאָן אין מיין לעבען בכדי דאָס זאָל מיר זיין לכפּרת עון. גאָלדען האָב איך לסוף אָנגעשריבען אַ בריעף אין וועלכען איך בין זיך מתודה וויא שלעכט איך האָב אַקעגען איהר געהאַנדעלט אונ בעט זיא רחמים מוחל צוזיין מיינע שווערע זינד. איך שרייב דאָרט אונ בעט רחמים זיא זאָל קומען מיט אונזער קינד, אויב ער איז נאָך דאָ אויף דער וועלט, בכדי איך זאָל זייא מינדליך מחילה בעטען אונ קענען רוהיגער שטאַרבען. נאָר דרינגען איז שוין עטליכע וואָכען אונ גאָלדע איז נאָך נישטאָ! איך בעט אייך רבי, איהר זאָלט פאַר מיר זיך פאַרוועגדען אונ פועלין ביי גאָלדען זיא זאָל מיר מוחל זיין, וואָס איך האָב איהר פאַרוויסט, פאַראומערט איהר גאַנץ לעבען. גאָלדע, ווייסט איהר דאָך, האָט על פּי דין נישט געקענט חתונה האָבען, זיא האָט געלעבט אַודאי אין צרות אין לייד אין דער צייט ווען איך האָב געלעבט אין עושר אונ אין כבוד אונ האָב אין גאַנצען פאַרגעסען זיא אונ דאָס אומגליקליכע קינד, וואָס איך האָב איהר אָנגעוואָרפען אונ פאַרלייקענט אַז איך בין זיין טאַטע. זיא האָט נישקשה געהאַלטען וואָרט אונ מיך אויך פאַרגעסען. זיא האָט מיך דיא גאַנצע צייט, וואָס איך בין פון איהר אַוועק, געלאָזט צורוה אונ ס'איז איר אַ חרפּה געווען צוזאָגען וועמען זיא האָט געהאַט פאַר אַמאַן. גאָלדע איז שטאָלץ, זיא איז אָבער גוט. אַז איהר וועט זיא בעטען פאַר מיר וועט זיא מיר מוחל זיין. זאָגט איהר, אַז יצחק אַברהם איז געווען פאַרפיהרט, ער האָט זיא נישט פאַרשטאַנען צושעטצען, ער האָט געמיינט, אַזוי וויא אַ סך אַנדערע, אַז אַ ווייב איז נישט אַזאַ גרויס יום־טוב, מען האָט מיט איהר זיך נישט וואָס צוצערעמאָניען. זאָגט איהר אַז יצחק אַברהם האָט פאַרן טויט אָנגעהויבען זיא אמת ליעב צוהאָבען, ערשט דענסמאָל האָט ער אָנגעהויבען צופיהלען אַז "אַ ווייב מיט מעלות איז אַ מהייערע זאַך, טהייערער פון דימענטען אונ בריליאַנטען אַ סך".

---

## כ.

דָא, רֶבִּי, הָאט אִיהְר אַיךְ אִין גַאנְצֶען מַיין צַוָאָה פוּן מַיין גְרוֹיס פַארְמֶעגֶען אוּנ עֲשִׁירוּת וָואס אִיךְ לָאז אִיבֶּער, וִויל אִיךְ אַז מֶען זָאל אַזוֹי טָאן: מַיין וַוייבּ זָאל מֶען מְסַלֵק זַיין אִיהְר כְּתוּבָּה מִיט דֶער תּוֹסֶפֶת כְּתוּבָּה, וָואס זִיא הָאט פָּארְמַאלְנִיֶע פוּן מִיר אַרוֹיסְגֶענוּמֶען, דָאס גַאנְצֶע צִיהְרוּנְג לָאז זִיא זִיךְ אוֹיךְ נֶעהְמֶען אוּנ גֶעהְן גֶעזוּנְטֶערְהֵייט. זִיא וֶועט דָאךְ מִסְתָּמָא אַלֵיין נִישְׁט וֶועלֶען בְּלַייבֶּען אִין הוֹיז אוּנ זִיךְ אַוַדַאי אַיילֶען הֶתּוּנָה הָאבֶּען. זִיא וַואקְסְט דֶאךְ פוּן אַזַא הוֹיז, וָואס דָארְט לָאזְט מֶען בְּתוּלוֹת אָדֶער אַלְמָנוֹת נִישְׁט לַאנְג זִיטְצֶען אָהְן שִׁידוּכִים... גָאלְדֶע זָאל נֶעהְמֶען אַזוֹי פִיל וִויפִיל מַיין אִיצְטִיגֶע וַוייבּ, נָאר אַקֶעגֶען דֶעם צִיהְרוּנְג זָאל מֶען אִיהְר דֶערְלֵייגֶען מִיט גֶעלְד. דָאס הוֹיז וָואס אִיךְ זִיטְץ אַלֵיין זָאל גֶעהֶערֶען מַיין עֶלְטֶערֶען זוּהְן, דֶעם בְּכוֹר, וָואס אִיךְ הָאבּ גְעהַאט מִיט גָאלְדֶען, אוּנ וַוייטֶער פוּן מַיין מְזוּמָן קַאפִּיטַאל בֶּעדַארְף עֶר נֶעהְמֶען אַ גְלַייכֶען חֵלֶק מִיט מַיינֶע צְוֵייא יוּנְגְלִיךְ פוּנֶם צְווייטֶען וַוייבּ. בְּאִם מַיין עֶלְטֶערֶער זוּהְן אִיז חָלִילָה נִישְׁטָא אוֹיף דֶער וֶועלְט בֶּעדַארְף אִיהְם גָאלְדֶע יַרְשֶׁהנֶען. דָאס גְרוֹיסֶע גֶעמוֹיֶערְטֶע הוֹיז מַיינְס מִיט אַ קַאפִּיטַאל פוּן 85 טוֹזֶענְט רוּבּל עוֹלְמִית גֶעלְד לָאז אִיךְ אִיבֶּער אוֹיף מִצְוָה-זַאכֶען אַזוֹי: אַזוֹי וִויא אִיךְ וַויים זֶעהְר גוּט, אַז דִיא יוּדִישֶׁע תַּלְמוּד-תּוֹרוֹת טוֹיגֶען לַחֲלוּטִין גָאר נִישְׁט אוּנ הָאבֶּען נִישְׁט קֵיין שׁוּם זִין, מֶען נֶעהְמְט אָרֶעמֶע קִינְדֶער אוּנ מֶען פַארְטְרַייבְּט זֵייא — גָאט זָאל מִיךְ נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר דִיא רֵייד — אִין אַ שְׁטַאל, ווּאוּ זֵייא וַואלְגֶערֶען זִיךְ אִין מִיסְט, אִין בְּלָאטֶע וִויא דִיא קֶעלְבֶּער, מֶען לֶערֶענְט מִיט זֵייא דָארְט נִישְׁט קֵיין וָוארְט, וָואס מֶען בֶּעדַארְף, מֶען מַאכְט נָאר פוּן זֵייא דְרַאבֶּעס, טוֹיגֶענִיכְטְסֶען, אוּמְגְלִיקְלִיכֶע מֶענְשֶׁען, וָואס טוֹיגֶען נִישְׁט שְׁפֶּעטֶער נִישְׁט צוּ גָאט, נִישְׁט צוּ קֵיין לַייט, אוּנ אַזוֹי וִויא אִיךְ וַויים וַוייטֶער אַז דִיא תַּלְמוּד-תּוֹרוֹת קָאסְטֶען נָאךְ יוּדֶען זֶעהְר פִיל גֶעלְד, מֶען רַייסְט דַארוֹיף פוּן טוֹיטֶע אִי פוּן לֶעבֶּעדִיגֶע, מֶען נֶעהְמְט אוֹיךְ פוּן דֶער טַאקְסֶע אוּנ דָאס גֶעלְד גֶעהְט נָאר לְאִבּוּד, עָס פַאלְט אַרַיין שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען אִין דִיא הֶענְד, זֵייא הָאבֶּען הַנָאָה אוּנ אָרְמֶע נֶעבִּיךְ לַיידֶען, זֵייא טְהוּעֶן כָּל הַפַּכְלָנוּת אוּנ הֵייסֶען נָאךְ פַיינֶע מֶענְשֶׁען, גַבָּאִים, בַּעֲלֵי רַחֲמִים'ס, וָואס פַארְזָארְגֶען יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אוּנ לֶעהְרֶנֶען זֵייא תּוֹרָה; דֶעריבֶּער, בִּכְדֵי נִישְׁט צוּלָאזֶען מֶעהְר אַזֶעלְכֶע מִיאוּסֶע זַאכֶען, גִיבּ אִיךְ אַוֶועק מַיין הוֹיז אוֹיף אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה פַאר אָרְמֶע קִינְדֶער. דָארְט זָאל מֶען מִיט זַייא לֶעהְרֶנֶען וִויא עָס גֶעהֶער צוּזַיין אַלְסְדִינְג וָואס אִיז נַייטִיג: יוּדִישׁ, רוּסִישׁ, שְׁרַייבֶּען אוּנ רֶעכֶענֶען, דָאס אַלְסְדִינְג זָאל זַייא

שפּעטער

שְׁפֶּעטֶער צוּנִיטְץ קוּמֶען אִין דֶער וֶועלְט , כָּשֵׁר צוּפַּארְדִינֶען זַייעֶר בְּרוֹיט . דֶערְבַּייא זָאל מֶען דָארְט מַאכֶען אַ שׁוּלֶע פַּאר בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת , וואו מֶען לֶעהְרֶענְט אַלֶערְלַייא מִינֵי מְלָאכוֹת , בִּכְדֵי דִיא לֶעהְרֶענְיוּנְגְלִיךְ זָאלֶען נֶעבִּיךְ נִישְׁט לַיידֶען פוּן דִיא שְׁנַיידֶער אוּנ שְׁנַיידֶערְקֶעס , זָאלֶען נִישְׁט בֶּעדַארְפֶען בַּייא זַייא אַוֶועק זַיין אַ צַייט מִיט יָאהְרֶען אוּנ נֶעבִּיךְ טְרָאגֶען פַּאמֵיינִיצֶעס . אַ רַחֲמָנוּת חָלֶעבִּין , פִיל יְתוֹמִים , לֶעהְרֶענְיוּנְגְלִיךְ , בְּלַייבֶען דוּרְכְדֶעם קַאלִיעקֶעס , אָהְן אַ גַאנְץ בֵּיינְדֶעל נֶעבִּיךְ , אוּנ לְסוֹף עֶרְשְׁט הַייבֶען זַייא נִישְׁט אָן צוּקֶענֶען דִיא מְלָאכָה . דִיא הַכְנָסוֹת פוּן דִיא קְלַייטֶען אִין דֶעם דָאזִיגֶען מוֹיֶער זָאלֶען גֶעהְן אוֹיף אוֹיסְצוּהַאלְטֶען דִיא תַּלְמוּד-תּוֹרָה מִיט דֶער רֶעמֶעסְלֶענִי (בַּעַל-מְלָאכָהִישֶׁע) שׁוּלֶע . אַייךְ רֶבִּי אוּנ דֶעם הֶערְר ג וּ טְ מַ א ן מַאךְ אִיךְ פַּאר פִיהְרֶער,מַשְׁגִיחִים אִיבֶּער דִיא דָאזִיגֶע צְוַייא זַאוֶועדֶענִיֶעס . דֶעם גְרוֹיסֶען פְלִיגֶעל אִין הוֹיף גִיבּ אִיךְ אַייךְ בֵּיידֶע אָפּ פַאר אַדִירָה , אִיהְר זָאלְט דָארְט בֵּיידֶע וואוֹינֶען מִיט אַייעֶרֶע פַאמִילְיֶעס אוּנ גֶעהַאלְט צוּם לֶעבֶּען זָאלְט אִיהְר בֶּעקוּמֶען פוּן דִיא זִיכֶערֶע הַכְנָסוֹת . אִיךְ בֶּעט אַייךְ , רֶבִּי , אַז אִיהְר זָאלְט לְמַעַן הַשֵּׁם וִויא צוּם גִיכְסְטֶען שִׁיקֶען נָאךְ דֶעם הֶערְרן ג וּ טְ מַ א ן קֵיין צְוִויַאטְשִׁיטְשׁ אוּנ אָנְהוֹיבֶּען צוּטָאן דְרִינֶען , וָואס אִיךְ פַּארְלַאנְג דָא . אִיהְר , רֶבִּי , זֶענְט אַ צַדִיק , אַ גוּטֶער , עֶהְרְלִיכֶער מַ א נ ן , אַ סִימָן , אִיהְר זֶענְט דָאךְ אַ גְרוֹיסֶער אֶבְיוֹן . וֶוען אִיהְר זָאלְט וֶועלֶען וָואלְט אִיהְר דָאךְ אוֹיךְ גֶעקֶענְט זַיין רַייךְ אוּנ הָאבֶּען גֶעלְד אוֹיף פְּרָאצֶענְט וִויא אַיין אַנְדֶער דַיָן . גוּטְמַאן אִיז חָלֶעבִּין אוֹיךְ אַ צַדִיק , אַ גוּטֶער , אַ טְהַייעֶרֶער מֶענְשׁ , הָאטְשׁ עֶר גֶעהְט אָהְן אַ הִיטֶעל אוּנ צוּגֶעפּוּטְצְט דִיא בָּארְד . עֶר הָאט אַייעֶר טְהַייעֶרֶען חַארַאקְטֶער . אִיךְ בֶּעט אַייךְ , רֶבִּי , הָאט אִיהְם לִיבּ , עֶר אַייךְ וֶועט זִיכֶער לִיבּ הָאבֶּען , וָוארִים עֶר הָאט לִיבּ אַלֶע מֶענְשֶׁען , עֶר אִיז אַ וַוארְמֶער יוּד , מִיט אַ יוּדִישׁ הַארְץ אוּנ עֶר וָואלְט פַאר יוּדֶען זִיךְ מַקְרִיב גֶעוֶוען , אַזוֹי אֶמֶת לִיבּ הָאט עֶר זַייא . עֶר אִיז נָאר בְּרוֹגֶז אוֹיף דִיא צְוִויַאקֶעס , פַארְפְרוּמְטֶע נְשָׁמוֹת , וָואס גִיבֶּען זִיךְ אוֹיס פַאר פְרוּמֶע כְּשֵׁרֶע יוּדֶען , וַוייסֶען דַאכְט זִיךְ נִישְׁט מֶעהְר וִויא גָאט אוּנ צִיצִית אוּנ שְׁטִילֶערְהַייט טְהוּעֶן זַייא כָּל הַפַּכְלָנוּת , פַארְפִיהְרֶען דִיא יוּדֶען נֶעבִּיךְ אִין דֶער בְּלָאטֶע אוּנ טְהוּעֶן זַייא אָן גְרוֹיסֶע צָרוֹת . רֶבִּי , אִיהְר וֶועט שְׁפֶּעטֶער אַלֵיין אַרוֹיסְזֶעהְן , וָואס פַאר אַ טְהַייעֶרֶער מֶענְשׁ אוּנ אַ וַוארְמֶער , אֶמֶתֶער יוּד גוּטְמַאן אִיז . עֶר וֶועט אַייךְ שְׁטַארְק צוּנִיטְץ קוּמֶען אִין דִיא אַלֶע זַאכֶען , וָואס אִיךְ בֶּעט דָא אַייךְ צוּטָאן . וַוייטֶער , דִיא הַכְנָסוֹת פוּן דֶעם עוֹלְמִית גֶעלְד זָאלְט אִיהְר אִין אֵיינֶעם מִיט גוּטְמַאנֶען גֶעבְּרוֹיכֶען אוֹיף נָאךְ גוּטֶע זַאכֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט , וֶועלְכֶע אִיהְר בֵּיידֶע וֶועט גֶעפִינֶען פַאר נֵייטִיג . אוֹיבּ עֶס וָואלְט אַ סְבָרָא גֶעוֶועֶ

איינצופיה־ע:

אײנְצוּפִיהְרֶען אִין דֶער שְׁטָאדְט עֶפִּיס אַזַא מִין חֵדֶר פַאר אַ סַךְ קִינְדֶער , מִיט אֱמֶת גוּטֶע מְלַמְדִים אוּנ לֶעהְרֶער , וָואס דָארְט זָאל גֶעלֶערֶענְט וֶוערֶען גֶעטְרַייא יוּדִישֶׁע לִמּוּדִים אוּנ וֶועלְטְלִיכֶע זַאכֶען , וָואס דָארְט זָאלֶען דִיא קִינְדֶער זִיךְ אוֹיסְלֶערְנֶען צוּזַיין עֶכְטֶע יוּדֶען אוּנ אוֹיךְ נִיטְצְלִיכֶע , פַארְשְׁטֶענְדִיגֶע מֶענְשֶׁען , אוֹיף אַזַא מִין שְׁטָאדְט-חֵדֶר וָואלְט מִיר זֶעהְר , זֶעהְר נִיחָא גֶעוֶוען אִיהְר זָאלְט אַלֶע יָאהְר גֶעבֶּען אַ גֶעוִויסֶע סוּמֶע פוּן דִיא הַכְנָסוֹת פוּנֶם עוֹלָמִית גֶעלְד , נָאר בִּתְנַאי , אַז אִיהְר מִיט גוּטְמַאנֶען זָאלְט הָאבֶּען דִיא הַשְׁגָּחָה אִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען מִין חֵדֶר . אִיהְר רֶבִּי זָאלְט קוּקֶען אוֹיף דִיא יוּדִישֶׁע לִמּוּדִים , זַייא זָאלֶען גֶעלֶערֶענְט וֶוערֶען פַּיין , מִיט אַ גוּטֶען דֶרֶךְ , אַקוּרַאט וִויא עֶס בֶּעדַארְף צוּזַיין , אוּנ גוּטְמַאן — זַיין זַייט זָאל הָאבֶּען אַיין אוֹיג אוֹיף דִיא אִיבֶּערִיגֶע עִנְיָנִים אוּנ הַשְׂכָּלָה זַאכֶען . אִיךְ ווייס , אַז אַזַא מִין שְׁטָאדְט-חֵדֶר , וָואס זָאל גֶעפִיהְרְט וֶוערֶען דוּרְךְ אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען וִויא אִיהְר אוּנ גוּטְמַאן וָואלְט פַאר יוּדִישֶׁע קִינְדֶער גֶעוֶוען אַ גְלִיק . נָאר אִיךְ ווייס אָבֶער צוּרִיק , אַז ווייל טַאקִי פַאר יוּדִישֶׁע קִינְדֶער וָואלְט אַזַא חֵדֶר גֶעוֶוען אַ גְלִיק , דֶערִיבֶּער וֶועט עֶס אַ סַךְ מִינֵי מֶענְשֶׁעלִיךְ כְּלַל נִישְׁט שְׁמֶעקֶען , זַייא וֶועלֶען אָקֶעגֶען דֶעם זִיךְ אַרוֹיסְשְׁטֶעלֶען , זַייא וֶועלֶען אַרַיינְלֵייגֶען זַייעֶר שְׁמַאדְשְׁטִיק אִין דֶער יִרְאָה , קְלוֹימֶערְשְׁט אִיז אַזוֹינְס עֶפִּיס נִישְׁט יוּדֶעשְׁלִיךְ אוּנ וֶועלֶען זוּכֶען אַלֶע מִינֵי מִיטֶעל אַזֶעלְכֶס נִישְׁט צוּלָאזֶען . פוּן דֶעסְטְווֶעגֶען אִיהְר , רֶבִּי , זָאלְט פוּן אַייעֶר זַייט פְּרִיוֶוען טָאן וֶועגֶען דֶעם אַלְכְּדִיגְ , וָואס נָאר מֶעגְלִיךְ אוּלַי יְרַחֵם , אֶפְשַׁר וֶועט גָאט פָארְט רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף יוּדִישֶׁע קִינְדֶער , זַייא זָאלֶען קְלִיגֶער וֶוערֶען אוּנ זֶעהֶן מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען וֶוער וִויל זֶעהְר רָעָה אוּנ וֶוער זַייעֶר טוֹבָה , וָואס פַאר זַייא אִיז שְׁלֶעכְט אוּנ וָואס גוּט . — אִיךְ וִויל עֶס דֶערְוַויל פַאר זַייא פְּרִיוֶוען אוֹיף מַיינֶע אֵייגֶענֶע צְווייא קִינְדֶער . אִיךְ וִויל אוּנ פַארְלַאנְג עֶס פוּנֶם גַאנְצֶען הָארֶץ , אַז אִיהְר , רֶבִּי , אוּנ גוּטְמַאן בֵּיידֶע זָאלְט אִיהְר לֶעהְרְנֶען מִיט מַיינֶע קִינְדֶער , אִיהְר בֵּיידֶע זָאלְט זַייא מַדְרִיךְ זַיין , בִּכְדֵי זַייא זָאלֶען זַיין יוּדֶען , נִיטְצְלִיכֶע מֶענְשֶׁען אוּנ גֶעפֶעלֶען אִי גָאט אִי לַייט .

דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע פַּאפִּירֶען מַיינֶע , זָאלְט אִיהְר , אֵיידֶער מֶען וֶועט מִיר מַיין רֶעכְט טָאן , פִּירְלַייעֶגֶען דִיא אַלֶע הִיגֶע נְגִידִים , מִיר וֶועט עֶס זַיין אַ כַּפָּרַת עָוֹן אוּנ זַייא אַ מוּסָר . אוֹיב אִיךְ אוּנ מַיינֶע וֶוערְטֶער וֶועלֶען נִישְׁט ווירְקֶען אוֹיף זַייעֶר לֶעבֶּען , זַייא זָאלֶען זִיךְ בֶּעסֶערֶען אוּנ אַוֶועקְוַוארְפֶען זַייעֶרֶע שְׁלֶעכְטֶע , נַארֶעשֶׁע גֵיינְג בַּיים לֶעבֶּען , לְכָל הַפָּחוֹת ווִיל אִיךְ זַייא אוֹיס לֶערְנֶען וִויא צוּשְׁטַארְבֶּען , זַייא זָאלֶען חָאטְשֶׁע שְׁטַארְבֶּען וִויא מֶענְשֶׁען . . . וִויפִיל נְגִידִים אִיךְ הָאבּ

בִּיז אַהֶער בַּייא אוּנְז גֶעקֶענְט זֶענִין בִּיז דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט גֶעבְּלִיבֶּען דָאס וָואס זַייא זֶענִין גֶעוֶוען אוּנ גֶעשְׁטָארְבֶּען אָהְן שֵׂכֶל. הָאבֶּען תָּמִיד אִין זַייעֶר גַאנְצֶען לֶעבֶּען אִין זִינֶען גֶעהַאט נָאר זִיךְ אַלֵיין, נָאר זִיךְ, אוּנ בַּיים טוֹיט אֲפִילוּ נִישְׁט קְלִיגֶער, נִישְׁט בֶּעסֶער גֶעוָוארֶען. לָאזֶען זַייא הֶערֶען מַיינֶע וֶוערְטֶער אוּנ לָאזֶען זַייא אוֹיף מִיר קוּקֶענְדִיג זִיךְ אוֹיסְלֶערְנֶען הָאטְשֶׁע שְׁטַארְבֶּען, אַוֶועקְגֶעהְן פוּן דֶער וֶועלְט וִויא מֶענְשֶׁען . . . שְׁטַארְבְּט, זָאג אִיךְ אַייךְ, גְּבִירִים, שְׁטַארְבְּט, שְׁטַארְבְּט וִויא מֶענְשֶׁען!

מַיינֶע דָאזִיגֶע פַּאפִּירֶען זָאלְט אִיהְר מוֹחֵל זַיין, רַבִּי, דֶערְנָאךְ אָפְּצוּדְרוּקֶען, לָאז דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט וִויסֶען, אַז מִיט רַייכְקַייט אִיז מֶען נִישְׁט גְלִיקְלִיךְ. גְלִיקְלִיךְ אִיז מֶען נָאר מִיט אַ גוּט הַארְץ אוּנ מִיט מַעֲשִׂים טוֹבִים. בֶּעסֶער פַארְשְׁוַוארְצְט צוּ וֶוערֶען אוּנ לַיידֶען אַבִּי זַיין אַ בְּרַאוֶוער, עֶהְרְלִיכֶער מַאנְן, אֵיידֶער צוּהָאבֶּען פוּן פֵייגֶעלְמִילְךְ אוּנ זַיין אַ קְלֵיין מֶענְטְשֶׁעלֶע. דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע פַּאפִּירֶען וֶועט אִיהְר מוֹחֵל זַיין גֶעבֶּען רֶ׳ב מֶענְדֶעלִי מוֹכֵר סְפָרִים, וָוארוּם עֶר ווייסְט שׁוֹין הִלְכוֹת הַדְפָּסָה. אַחוּץ דֶעם פָאהְרְט עֶר אַרוּם אִין גַאנְץ פּוֹילֶען וֶועט עֶר עֶס קֶענֶען אוּמֶטוּם אָפְּזֶעצֶען. פַאר זַיין טִרְחָא דֶערְבַּייא זָאלְט אִיהְר אִיהְם אָרֶענְטְלִיךְ בֶּעצָאהְלֶען, עֶר אִיז דָאךְ גֶעבִּיךְ אַיין אָרֶעמַאן. אִיהְר זָאלְט אִיהְם גֶעבֶּען פוּן מַיינֶע קְלֵיידֶער אַ פָּאר קַאפָּאטֶעס, הֶעמְדֶער, זָאקֶען, הוֹיזֶען וּכְדוֹמֶה אַזֶעלְכֶע קְלֵיינִיגְקַייטֶען, לָאז עֶר גֶעבִּיךְ הָאבֶּען אִין וָואס זִיךְ אָנְצוּטָאן אוּנ אַ פָּנִים הָאבֶּען פַאר מֶענְשֶׁען, לָאז עֶר גֶעבִּיךְ נִישְׁט גֶעהְן אָפְּגֶעריסֶען, אָפְּגֶעשְׁלִיכֶען, פַארְשְׁמִירְט אוּנ אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיבֶּער. פַארְשְׁטוּנְקֶען וִויא אַלֶע אַנְדֶערֶע יוּדִישֶׁע מוֹכְרֵי סְפָרִים. —

---

# כא.

אַז דֶער רָב הָאט אָפְּגֶעלֵייעֶנְט אִין גַאנְצֶען אוּנ אַנִידֶערְגֶעלֵייגְט דִיא פַּאפִּירֶען אִיז צְוִוישִׁין דֶעם עוֹלָם אִין שְׁטִיבֶּעל גֶעוָוארֶען עֶפִּיס אַ קָאכֶענִישׁ. דִיא גְבִירִים זֶענִין גֶעוֶוען שְׁטַארְק אִין כַּעַס. אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעבִּיסֶען פַאר פַארְדְרָאס דִיא לִיפֶּען אוּנ הָאבֶּען גֶעשְׁווִיגֶען אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזוּזְשֶׁעט וִויא דִיא פְלִיגֶען אוּנ אַ טְהֵייל הָאבֶּען גֶעזִיפְצְט אוּנ גֶעאַיקְעט.

— הַא ר׳ חָנָא! הָאט אֵיין נָגִיד זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען אוּנ דֶערְבַּייא אַ שְׁטַארְקֶען זִיפְץ גֶעטָאן, וָואס זִיפְצְט אִיהְר אַזוֹי ר׳ חָנָא?

— טַא-טַא-טַא! הָאט ר׳ חָנָא גֶעמַאכְט אוּנ גֶעשָׁאקֶעלְט מִיט

דֶעם קָאפּ . עֶט , וָואהִין עֶר אִיז פַארְקְרָאכֶען ! הַיינְט גֶעה גְלוֹיבּ מֶענְשֶׁען . דִיא וֶועלְט אִיז שׁוֹין חָלֶעבִּין קֵיין וֶועלְט נִישְׁט . . . אַזַא חַרְפָּה , אַזַא בּוּשָׁה ! אַ שְׁרֶעק , ווִיא אִיךְ בִּין אַ יוּד ! עֶס קוּמְט דָאךְ שׁוֹין טַאקִי הַיינְט אוֹיס , ר׳ בֶּערִישׁ . . . נוּא-נוּא אַזַא מַעֲשֶׂה , אַזַא בּוּשָׁה !

אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אָבֶּער פְרִיהֶער פַארְשְׁטַאנֶען , הָאט ר׳ בֶּערִישׁ גֶעעֶנְטְפֶערְט , וָואהִין דִיא קוּיל פְלִיהְט . מִיר , נַארֶען , הָאבֶּען נָאךְ בֶּעדַארְפְט זִיטְצֶען ווִיא דִיא פֶערְד אוּנ וַוארְטֶען בִּיז דִיא קוּיל וֶועט אוּנְז טְרֶעפֶען , פַאר וָואס זֶענִין מִיר נָאךְ פְרִיהֶער נִישְׁט אַוֶועקְגֶעגַאנְגֶען ? אִיךְ הָאבּ דָאךְ אַייךְ גֶעזָאגְט : ר׳ חָנָא קוּמְט ! וָואס-זְשֶׁע זֶענְט אִיהְר דָא גֶעבְּלִיבֶּען הֶערֶען בִּיז אִין דֶעם סוֹף אַרַיין דִיא אַלֶע שְׁטֶעכְוֶוערְטְלִיךְ . נָאר אָבֶּער צוּרִיק שְׁמִיֶעסֶענְדִיג נוּא מֵילָא ? ! אַוַדַאי אִיז עֶס אַבִּיסִיל נִישְׁט גְלַאטִיק , אַבִּיסִיל טֶערְפֶּקֶע . נָאר צוּרִיק שְׁמִיֶעסֶענְדִיג אָבֶּער , וָואס אִיז אַזוֹינְס דִיא מַעֲשֶׂה ? ! עֶט , מֶען הָאט שׁוֹין אַזֶעלְכֶע זַאכֶען גֶעהֶערְט . נִישְׁט אַזַא גְרוֹיסֶע סַכָּנָה חָלֶעבִּין ! אַוַדַאי לְכַתְּחִלָּה , זֶענְט אִיהְר טַאקִי גֶערֶעכְט , סְ׳אִיז אַבִּיסִיל פְּרִיקְרֶע , עֶס לָאפְּטְשֶׁעט בַּיים הַארְץ , נָאר בְּדִיעֲבַד אִיז . . . עֶט , חָלֶעבִּין , גַארְנִישְׁט . אַ נַאר בְּלַייבְּט אַ נַאר אוּנ דִיא וֶועלְט בְּלַייבְּט אַ וֶועלְט , טַאקִי ווִיא פְרִיהֶער אַ וֶועלְט . . .

"נֵיין , נֵיין , רֶבִּי ! הָאבֶּען עֶטְלִיכֶע נְגִידִים גֶעשְׁרִיגֶען אוֹיף אַ קוֹל שְׁטַארְק אוֹיפְגֶעבְּרַאכְט , אַזֶעלְכְס אִיז נָאךְ נִישְׁט גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען , מֶען זָאל נֶעהְמֶען מֶענְשֶׁען אוּנ זֵייא זָאגֶען אִין דִיא אוֹיגֶען אַרַיין אַזֶעלְכֶע מִינֵי זַאכֶענִישֶׁען ! וָואס שְׁווַייגְט אִיהְר ר׳ חָנָא ? וָואס שְׁווַייגְט אִיהְר ר׳ בֶּערִישׁ , ר׳ פַייבוּשׁ , ר׳ אַהֲא ? ! סְטַייטְשׁ , סְטַייטְשׁ אַזֶעלְכֶע מֶענְשֶׁען , מֶען זָאל נֶעהְמֶען מֶענְשֶׁען ; בָּרוּךְ הַשֵּׁם אָנְגֶעזֶעהֶענֶע , פַיינֶע בְּרִיּוֹת אוּנ מַאכֶען פוּן זֵייא מְהִילָה . . . . לֶעמֶעשֶׁקֶע ! וֶוער הָאט אִיהְם גֶעבֶּעטֶען אַזוֹינְס צוּזָאגֶען ? וָואס גֶעהֶערֶען זִיךְ מִיט אִיהְם אָן אַנְדֶערֶע ? אוֹיף דִיר אַלֵיין זָאג , שְׁרַייבּ חָאטְשׁ צוּזֶעטְצְטֶערְהַייט , אָבֶּער וָואס גֶעהְט דִיךְ אָן יֶענֶער ? מִיר זָאגֶען בְּפֵירוּשׁ : נֵיין , נֵיין ! ר׳ חָנָא , ר׳ בֶּערִישׁ , ר׳ פַייבוּשׁ , זָאגְט , זָאגְט נֵיין , נֵיין ! וָואס אִיז , אִין דֶער קַאשֶׁע וֶועלֶען מִיר זִיךְ לָאזֶען שְׁפַייֶען , אִין דֶער קַאשֶׁע ?"

— נוּא ר׳ מֶענְדֶעלִי , הָאט דֶער רָב צוּ מִיר גֶעזָאגְט , אַוֶועקְ-קֶערֶענְדִיג זִיךְ מִיט אַ קַאלְטֶער מִינֶע פוּן דִיא נְגִידִים אוּנ זֵייא גֶעלָאזְט שְׁרַייֶען , אִיךְ בֶּעט אַייךְ עֶרְשְׁטֶענְס ר׳ מֶענְדֶעלִי , אִיהְר זָאלְט מִיר זָאגֶען וֶוער אִיז אַזוֹינְס בַּייא אַייךְ אִין צְווִיַאטְשִׁיטְשׁ דֶער הֶערְ גוּטְמַאן ? אִיז עֶר טַאקִי אַזַא עֶהְרְלִיכֶער מַאן ? קֶענְט אִיהְר אִיהְם ?

רֶבִּי, האָב איךְ גֶעעֶנְטְפֶערְט, גוטְמַאן גֶעהְט מִיט אַ גֶעפּוּצְטֶער בָּארְד, נָאר אַיין עֶהְרְלִיכֶער מַאן אִיז עֶר טַאקִי.

— גוּא, האָט דֶער רָב גֶעזָאגְט, אַבִּי עֶר אִיז אַיין עֶהְרְלִיכֶער מַאן אַרְט מִיךְ נִישְׁט זַיין גֶעפּוּצְטֶע בָּארְד, מֶען זָאגְט: בֶּעסֶער אַ יוּד אָהְן אַ בָּארְד וִויא אַ בָּארְד אָן אַ יוּדֶען (בַּייא דִיא וֶוערְטֶער האָט דֶער רָב אַ קוּק גֶעטָאן אוֹיף עֶטְלִיכֶע פַּיינֶע לַייט פוּן דִיא נְגִידִים). צְווייטֶענְס בֶּעט אִיךְ אַייךְ, אַזוֹי וִויא אִיהְר זֶענְט אַ צְווִיַאטְשִׁיצֶער זָאלְט אִיהְר טַאקִי מוֹהֵל זַיין פָאהְרֶען אִין אַייֶער צְווִיַאטְשִׁיץ טַאקִי בְּלִי נֶדֶר מָארְגֶען, אִיהְר וֶועט אָפְּגֶעבֶּען דָארְט דֶעם הֶערְרְן גוּטְמַאן מַיין בְּרִיף אוּנ אִיהְם בֶּעטֶען, אַז עֶר זָאל לְמַעַן הַשֵּׁם גִיךְ קוּמֶען אַהֶער צוּפָארֶען, בִּכְדֵי מִיר בֵּיידֶע זָאלֶען בַּאלְד קֶענֶען מְקַיֵים זַיין צַוָאַת הַמֵּת, אוּנ דְרִיטֶענְס, זָאלְט אִיהְר לִיבֶּער הַארְצֶעדִיגֶער ר׳ מֶענְדֶעלִי אָפְּדְרוּקֶען דִיא דָאזִיגֶע אַלֶע פַּאפִּירֶען אִין אַ בֶּעזוּנְדֶער סֵפֶרִיל אוּנ עֶס פַּארְקוֹיפֶען אִין גַאנְץ פּוֹילֶען, פַּאר זֶעהְר אַ וָואלְ־ וֶועלֶען מְקָח, בִּכְדֵי דֶער עוֹלָם זָאל עֶס מֶעהְר קוֹיפֶען. אַייךְ וֶועל אִיךְ מִסְתָּמָא גוּט בֶּעלוֹינֶען.

„קֶען מֶען אַריינגֶעהְן?״ האָט פְּלוּצְלִים זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען אַ קוֹל אוּנ דֶער בַּייא טַאקִי עֶטְלִיכֶע קְלֶעפּ מִיט דִיא פִינְגֶער אוֹיף דֶער צוּגֶע־ מַאכְטֶער טִיהְר, אוּנ אַז דֶער רָב האָט אָפְּגֶעעֶנְטְפֶערְט: „נוּא־נוּא אַריין!״ אִיז אִין שְׁטִיבֶּעל אַריינְגֶעקוּמֶען דִיא רֶבִּיצֶען אוּנ דִיא גֶעכְטִיגֶע אוּמְבֶּעקַאנְטֶע שְׁוַוארְצְהֶענְעוּוִדיגֶע יוּדֶענֶע מִיט דִיא אוֹיגֶען וִויא דִיא קַארְשֶׁען, וִויפִיל מֶענְשֶׁען עֶס זֶענִין גֶעוֶוען אִין שְׁטִיבֶּעל הָאבֶּען בַּייא אִיהְר אַרַיינְ־ קוּמֶען גֶעפִּיהְלְט עֶפִּיס אַ דֶרֶךְ־אֶרֶץ, אוּנ זֶענִין גְלַייךְ אַלֶע מִיט אַ מָאל וִויא פַארְשְׁטוּמְט גֶעוָוארֶען.

גוּט חֶלֶעבִּין, וָואס אִיהְר זֶענְט דָא! האָט דֶער רָב גֶעזָאגְט צוּ דֶער יוּדֶענֶע אוּנ זִיא גֶעבֶּעטֶען זִיצֶען. פְרִיהֶער אַבִּיסִיל, אַבִּיסִיל פְרִיהֶער וֶוען אִיהְר וָואלְט גֶעוֶוען קוּמֶען וָואלְט נָאר גוּט גֶעוֶוען. אִיהְר האָט זִיךְ עֶפִּיס גֶעזַיימְט, וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה, הַא?

— אִיהְר ווייסְט דָאךְ, רֶבִּי, האָט דִיא יוּדֶענֶע בִּנְעִימוּתְדִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ טְרֶעהְרֶען הָאבֶּען אִיהְר זִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט אִין דִיא אוֹיגֶען. אִיךְ האָב דָאךְ אַייךְ נֶעכְטֶען דֶערְצֶעהְלְט מַיין אוּמְגְלִיק, דִיא גְרוֹיסֶע צָרָה, וָואס מִיךְ האָט גֶעטְרָאפֶען. דִיא שְׁטָאדְט האָט אָפְּגֶעגֶעבֶּען מַיין אֵיין אֵיינְצִיג קִינְד, מַיין אֵיין אוֹיג אִין קָאפּ, אוּנ אִיךְ האָב פוּן אִיהְם אַ לַאנְגֶע צַייט שׁוֹין נִישְׁט גֶעהַאט קֵיין בְּרִיעף, אַזוֹי וִויא אִין וַואסֶער אַריינְגֶעפַאלֶען. הַיינְט אִין דֶער פְרִיה אִין אַ שְׁמִיעֶס מִיט מֶענְשֶׁען אִיז גְרָאד צוּרֵייד גֶעקוּמֶען, אַז אֵיינֶער עֶפִּיס אַ הִיגֶער יוּדִישֶׁער סָאלְדַאט אִיז צוּרִיק גֶעקוּמֶען פוּן דֶער קְרִים, פוּנֶם אָרְט, וָואס דָארְט אִיז עֶרְשְׁט

נֶעווע:

געוועזן דיא גרויסע שרעקליכע מלחמה. מיין הארץ האט מיר עפּיס געזאגט, איך זאל מיך זעהן מיט דעם דאזיגען סאלדאט. ביז איך האב מיך צו איהם דערפרעגט וואו ער זיטצט איז אוועק א היבשע צייט. גאט האט געהאלפען, איך האב איהם לסוף אויפגעזוכט. אז איך האב איהם באותות ומופתים געפרעגט אויף מיין זוהן, אויסגעמאלט זיין געשטאלט אונ איהם אנגערופען ביים נאמען, האט דער סאלדאט אויס געשטעלט אויף מיר אפּאר אויגען אונ געבליבען וויא צו מיסט. דער נאך האט ער זיך אנגערופען מיט א זיפץ: "אויב אזוי, קען איך אייער זוהן. דאס הארץ טהוט מיר וועה אנצוזאגען אייך נישט קיין פרעהליכע בשורה. אייער זוהן, אייער זוהן איז געביך — פארוואונדעט, ער האט בעקומען א גרויסע ראנע. איך מיט נאך צוויא סאלדאטען האבען מיר איהם געפונען פאכענדיג מיט דער נשמה אויפן פרייען פעלד צווישין געפאלענע דערהרגעטע סאלדאטען געביך. קוים וואס ער האט געזיפצט. אז מיר האבען נעהענטער צוגעלייגט צו איהם דיא אויערן האבען מיר דערהערט פון איהם עפּיס א פארדומפּפּטע קול, גאנץ שטיל: אך, עס ברענט, עס ברענט! גוואלד, אביסיל, חאטש א טרער וואסער! אונ אז מיר האבען איהם אין מויל אריינגעגאסען אביסיל וואסער, אין גאנצען וויפיל ביא אונז האט דענסמאל זיך געפונען, האט ער אויפגעעפענט דיא אויגען, אונז שארף אנגעקוקט, זיך אנגעטאן א כח אונ מיט אלע קרעפטען ארויסגעלאזט א געשרייא: "שמע ישראל! זא צאריא אי זא אטעטשעסטווא!" (פאר דעם קיסר אונ פאר דעם פאטערלאנד) — הורא! האבען מיר אלע א געשרייא געטאן אונ איהם אויפגעהויבען פון דער פייכטער, פארבלוטיגטער ערד, דיא אויגען האבען איהם באלד ווידער זיך צוגעמאכט. ער איז געוועזן שטארק פארדולט, דאס פנים טויט, בלייך וויא דיא וואנד אונ איינגעשמירט מיט פארבאקען בלוט. מיר האבען איהם געטראגען אויף דיא הענד אונ געבראכט אין לאזארעט אריין. דארט ליגט ער איצט שטארק קראנק, אפּגעשוואכט געביך. פאר מיין אנטקעגאנג אהער בין איך צו איהם אריין, איך האב געוועלט מען זאל מיך צו איהם צו-לאזען, זעהן וואס ער מאכט. מיין הארץ האט עפּיס צו איהם געצויגען, ער איז א פיינער, בראווער יונגערמאן, זיין נאטשאלסטווא איז בעוואוסט וויא ער איז בשעת מלחמה געגאנגען אין פייער, שטארק בעהארצט אונ זיך געשלאגען וויא א לייב צוויא מאל האט ער אפּגעשלאגען ביים שונא אונזער פענדעל אונ דערהאלטען דערמיט דעם כבוד פון זיין פאלק. ביים געזעגענען זיך מיט איהם האט ער מיר איבערגעגעבען דעם אדרעס פון זיין מוטער אונ מיט הייסע טרעהרען אויף דיא אויגען מיך געבעטען,

בָּאם עֶס װעט אַװעקְגֶעהְן אַ הִיבְּשֶׁע צַייט אוּנ פוּן אִיהְם װעט נִישְׁט זַיין קַיין שׁוּם יְדִיעָה, זָאל אִיךְ מוֹדִיעַ זַיין דֶער מוּטֶער אַלְסְדִינְג, װָאס מִיט אִיהְם הָאט זִיךְ פַּאסִירְט. לָאז זִיא בִּידְנֶע נֶעבִּיךְ הָאטְשׁ װִיסֶען, װאוּ אִיהְר קִינְדְס גֶעבֵּיין זֶענִין אַהִינְגֶעקוּמֶען, לָאז זִיא הָאטְשׁ װִיסֶען װִיא אֱמֶת גֶעטְרַייא אִיהְר זוּהְן הָאט בִּיז דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט זִיא גֶעלִיבְּט. יָא, עֶר הָאט מִיר נָאךְ דֶערְבַּייא מִיטְגֶעגֶעבֶּען זַיין פָּאטְרֶעטִיל װָאס עֶר הָאט אוּסְפֵּייעֶט פַאר דֶער מִלְחָמָה בַּייא אַ פָאטְאָהאַגְרַאף פוּן זִיךְ אַרָאפְּצוּנֶעהְמֶען, מִיט דֶער בַּקָשָׁה, אִיךְ זָאל עֶס דֶער מוּטֶער זַיינֶער אִיבֶּערְגֶעבֶּען. — אָט הָאט אִיהְר עֶס!״ אָךְ װֶעה אִיז דֶער מַאמֶע! הָאט דִיא יוּדֶענֶע גֶעבִּיךְ צוּם סוֹף זִיךְ צוּ־װֵיינְט, אָךְ װֶעה אִיז דֶער מַאמֶע, װֶעה אוּנ װִיגַד!

דִיא רֶבִּיצֶען הָאט אוֹיף דֶער יוּדֶענֶע קוּקֶענְדִיג זִיךְ אוֹיךְ צוּ־װֵיינְט. אִין שְׁטִיבֶּעל אִיז גֶעװָארֶען אַ חַשְׁכוּת, אוֹיף אִיטְלִיכֶען אִיז אָנְגֶעפַאלֶען אַ מָרָה שְׁחוֹרָה. עֶס הָאט זִיךְ גֶעגָלוֹסְט עֶפִּיס װֵיינֶען. דֶער רָב הָאט אַ הִיבְּשֶׁע צַייט גֶעשְׁװִיגֶען, מֶען הָאט גֶעזֶעהְן, אַז עֶר גֶעהְט פָּשׁוּט אוֹיס פַאר גְרוֹיס עַגְמַת נֶפֶשׁ, דֶערְנָאךְ הָאט עֶר אָנְגֶעהוֹיבֶּען מִיט דִיא טְרוֹיסְטְװֶערְטֶער:

— גֶענוּג הֶלֶעבִּין אַזוֹי צוּ־װֵיינֶען. גָאט קֶען הֶעלְפֶען אַייעֶר קִינְד זָאל נָאךְ גֶעזוּנְט זַיין! אַוַדַאי אִיז אַיךְ נֶעבִּיךְ נִישְׁט גוּט, נָאר װָאס קֶען מֶען מַאכֶען? מֶען בְּעדַארְף נָאר נִישְׁט פַארְלִיהְרֶען דֶעם בִּטָחוֹן. — זֶעהְט אִיהְר רַבּוֹתַי! הָאט דֶער רָב זִיךְ גֶעװֶענְדֶעט צוּם עוֹלָם, דִיא דָאזִיגֶע יוּדֶענֶע מִיט אַזַא גֶעבְּרָאכֶען גֶעמִיטְה נֶעבִּיךְ, דָאס אִיז . . . . .

״צְדָקָה תַּצִּיל מִמָּוֶת!״ הָאט פְּלוּצְלִים זִיךְ גֶעלָאזְט הֶערֶען פוּן דְרוֹיסֶען אַ מְשׁוּנֶה טְרוֹיעֶרְדִיג קוֹל. דֶער רָב הָאט נִישְׁט אוֹיסְגֶעפִיהְרְט זַיינֶע רֵייד, זִיךְ גֶעלָאזְט גֶעשְׁװִינְד אַרוֹיסְלוֹיפֶען פוּנֶם שְׁטִיבֶּעל אוּנ גֶעבֶּעטֶען אַלֶע װָאס זֶענִין דָא גֶעװֶען, זֵייא זָאלֶען אִיהְם נָאכְגֶעהְן.

אִין דְרוֹיסֶען אִיז גֶעװֶען זֶעהְר אַ גְרוֹיסֶע עֵדָה מֶענְשֶׁען, ס׳אִיז גֶעװֶען אַזוֹי אֵיינְג, אַ שְׁפִּילְקֶע אֲפִילוּ נִישְׁט דוּרְכְצוּ־װַארְפֶען, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ צוּם לֶעצְטֶען קוֹים מִיט צָרוֹת דוּרְכְגֶעשְׁטוּפְּט צְװִישֶׁן אַזַא עוֹלָם הָאבּ אִיךְ דֶערְהֶערְט דֶעם רָבְ׳ס קוֹל, װִיא עֶר זָאגְט עֶפִּיס שְׁטֶעהֶענְדִיג לֶעבִּין דֶער מִטָּה אוּנ בֶּעט דִיא שְׁװַארְצְהֶנֶעװוֹדִיגֶע אוּמְבֶּעקַאנְטֶע יוּדֶענֶע אִין דֶעם נָאמֶען פוּנֶם מֵת, זִיא זָאל אִיהְם מוֹחֵל זַיין. דִיא יוּדֶענֶע אִיז װֵיינֶענְדִיג צוּגֶעפַאלֶען מִיט דֶעם קָאפּ צוּ דֶער מִטָּה אוּנ אוֹיסְגֶעװֵיינְט אִיהְר שְׁװֶער, בִּיטֶער הַארְץ.

— רַבּוֹתַי! הָאט דֶער רָב זִיךְ אָנְגֶערוּפֶען צוּ אוּנְז אַלֶע, דִיא

דאזיגע

דאזיגע יודענע מיט אזא ביטער געמיטה נעביך, דאס איז יצחק אברהם'ס פריהערדיגע ווייב — גאלדע! . . .

---

# כב.

צוריקקומענדיג צום בית-המדרש האב איך געטראפען מיין פערדיל נעביך אין זעהר א שלעכטער לאגע. ווייסע חברה, קונדסים, האבען איהם אויסגעריסען כמעט אלע סטרינגעס, איבערגעלאזט איהם אפשר נאר אקעגען א פערציג. עסען האט ער געהאט מכות, ער איז געשטאנען מיט איין אראפגעהאנגענע אונטערקטע ליפ געקוקט אין ביידעל אויף דיא ספרים און געטראכט. וואס א פערד טראכט קוקענדיג אין ספרים, דאס איז נישט פאר אונזער מוח צופארשטעהן, איך ווייס נישט מעהר, מיינער קוקט און טראכט, לאז זיך זיין האטש פערדיש, אבער אלץ א קוק איז דאך עס פארט . . . . נישט דאס בין איך אויסען. נוא, חכם מיינער! האב איך פריינדליך געזאגט און אנגענומען מיין שלימזלניק ביי דער טשאפרינע, דיר קומט היינט א סך האבער. דוא האסט טאקי געטאן א גרויסע חכמה, וואס דוא האסט מיך געפיהרט קיין גלופסק. דוא האסט מיט דיין חכמה געבראכט א גרויסען נוטצען אי מיר אי דער ליטעראטור. דוא ווייסט, פערד! וואס דוא האסט געטאן? וואס פאר א שיינעם חבור מיר איז אצינד בעשערט דער וועלט ארויסצוגעבען נאר צוא ליב דיר טאקי, צו ליב דיין מוח, וואס האט גראד א נעהם געטאן גלופסק? — פון היינט אן פיהר דוא מיך, חכם מיינער, איך לאז אפ דיא לייצען און לייג פאר דיר אוועק דיא בייטש!

אויף מארגען האב איך מיך גרייט געמאכט מיט אלע נייטיגע זאכען און בין אוועקגעפאהרען קיין צוויאטשיץ.

ארויספאהרענדיג פון גלופסק נישט ווייט פון דער ראגאדקע איז אונטערגעפאהרען א פאטשעט מיט דרייא פערד וויא דיא לייבען. אין וועגעלע אין געזעסען א יודענע, וואס איך האב זיא באלד אויף דער רגע דערקענט. אז איך האב זיא א פרעג געגעבען: זייט-זשע מוחל גאלדע, זאגט וואהין איהר פאהרט? איז דיא פאטשעט ווי א פייל אויסען בויגען אוועקגעפלויגען און צו מיינע אויערען איז, צווישען דיא פארטרא-גענע קולות פונם גלעקיל, דערגאנגען נאר דאס איינציגע ווארט: קרים!

א היים אז איך בין געקומען, האב איך מיך דערוואוסט אין שטאדט, אז גוטמאן איז ארויסגעפאהרען פון צוויאטציץ און מען ווייסט נישט

נִישְׁט וואו עֶרְגִיץ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ הַיינְט. אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעאַיילְט גִיכֶער אָפְּצוּדְרוּקֶען דֶעם דָאזִיגֶען סֵפֶר אוּנ בִּין דָא מוֹדִיעַ, אַז וֶוער פוּן אַייךְ רַבּוֹתַי, וֶועט זִיךְ בֶּעגֶעגֶענֶען עֶרְגִיץ מִיט הֶערְן גוּטְמַאן, אָדֶער וֶוער פוּן אַייךְ וֵוייסְט וואו עֶרְגִיץ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ, זָאל עֶר מוֹחֵל זַיין תֵּיכֶף וּמִיַּד טַאקִי אִיהְם צוּמֶעלְדֶען, אַז עֶר זָאל לְמַעַן הַשֵּׁם וּלְמַעַן הַשֵּׁם וִויא צוּם גִיכְסְטֶען קוּמֶען קַיין גְלוּפְּסְק. טָאמִיר הָאט עֶר נִישְׁט אוֹיף הוֹצָאוֹת זָאל עֶר תָּאמְשׁ פַארְזֶעטְצֶען אַ מַשְׁכּוֹן, נִישְׁקָשֶׁה, אוּנ קוּמֶען, וָוארִים דֶער רָב דָארְט קוּקְט אוֹיף אִיהְם אַרוֹיס, זֵייא זָאלֶען בֵּיידֶע אַיינְפִּיהְרֶען אַ בֶּערִיהְמְטֶע תַּלְמוּד-תּוֹרָה מִיט אַ בַּעַל-מְלָאכָהִישֶׁער שְׁקָאלֶע, אַקוּרַאט וִויא מֶען בֶּעדַארְף אוּנ מְתַקֵּן זַיין דָארְט נָאךְ אַ סַךְ אַנְדֶערְע גוּטֶע זַאכֶען.

יִשְׂרָאֵל בְּנֵי רַחֲמָנִים! הָאט רַחֲמָנוּת אוּנ טְהוּט עֶס צוּלִיבּ אָרֶעמֶע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער! . . . . .

